ב. עפשטיין

# זאנגען אויפן ווינט

ראמאן

פארלאג
י.ל. פרץ
ישראל

1961

ב. אפשטיין / שיבולים ברוח

ב. עפשטיין / זאַנגען אויפן ווינט

פאַרלאַג י. ל. פרץ, תל־אביב, רח׳ אלנבי 31

**B. EPSHTEIN**

**ZANGEN OIFN WINT**

Publishing House I. L. Peretz
31 Allenby Str. Tel-Aviv, Israel

**הילע געצייכנט פון**

**אברהם אַמאַראַנט, קיבוץ מורע**



נדפס בישראל
Printed in Israel 1961

# הקדמה

דער ראָמאַן „זאַנגען אויפֿן ווינט״, וואָס ווערט דאָ איבערגע־ געבן צום לייענער, איז איינער פֿון די ערשטע, און אין אַזאַ פֿאָרנעם — אפֿשר טאַקע דער ערשטער וועגן יידישן קאָלאָניע־לעבן אין אַרגענ־ טינע. די יידישע קאָלאָניזאַציע אין לאַנד פֿון די פּאַמפּאַס שטעלט פֿאָר מיט זיך איינס פֿון די שענסטע קאַפּיטלען אין דער יידישער גלות־ געשיכטע אין די לעצטע דורות, און זי האָט אין איין פּרט געהאַט מער מזל איידער ענלעכע פּרוּוון אין אַנדערע לענדער: עס איז וועגן איר אַ סך געשריבן און פֿאַרעפֿנטלעכט געוואָרן, און הגם דער מאַטעריאַל, וואָס וואַלגערט זיך נאָך אַלץ אַרום אין פֿאַרשידענע אַרכיוון (קודם כל אין די אַרכיוון פֿון „איקאַ״ און אין די ייוואָ־אַרכיוון אין ניו־יאָרק און בוענאָס־איירעס) איז ווייט נישט באַאַרבעט געוואָרן ווי עס האָט געקאָנט און געדאַרפֿט זיין, ווייסן מיר אָבער נישט ווייניק וועגן די דערגרייכונגען און אויך וועגן מפּלות אויף דעם אַ אָפּשניט פֿון יידישער פּיאָנערישקייט. גענוג צו מאַכן אַ פֿאַרגלייך מיט דער יידישער קאָלאָ־ ניזאַציע אין רוסלאַנד, וואָס לויט איר פֿאַרנעם איז זי געווען אַ סך גרעסער, כדי צו פֿאַרשטיין די מעלות פֿון אַרגענטינע; בשעת וועגן דער יידישער קאָלאָניזאַציע אין רוסלאַנד (בפֿרט אין צאַרישן רוסלאַנד אין די יאָרן פֿון סאָוויעטישן רעזשים האָט זיך די סיטואַציע שטאַרק פֿאַרבעסערט) דאַרפֿן מיר זיך באַגנוגענען מיט געציילטע עטלעכע ביכער און מיט אַרטיקלען צעוואָרפֿענע איבער פֿאַרשידענע צייטונגען פֿון מיט לאַנגע יאָרצענדליקער צוריק, — האָבן מיר וועגן דער יידישער קאָלאָ־ ניזאַציע אין אַרגענטינע נישט בלויז גוטע און אויסשעפּלעכע באַריכטן, וואָס נעמען אַרום דעם גאַנצן קאָמפּלעקס (לאָמיר דערמאָנען ווי אַ גוטן ביישפּיל דאָס באַקאַנטע בוך אין דער שפּאַנישער שפּראַך, וואָס

איז אַרויסגעגעבן געוואָרן דורך דער „דאיא" אין יאָר 1939), נאָר אויך ביכער געווידמעטע איינצלנע קאָלאָניעס אָדער באַשטימטע קאָנקרעטע אויפטוען, בפרט אויפן געביט פון דער קאָאָפּעראַטיווער באַוועגונג.

דאָס אַלץ אָבער איז געזאָגט געוואָרן וועגן געשיכטע און וועגן שילדערונגען פון איצטיקן מצב. גאָר אַנדערש זעט עס אויס אויפן געביט פון בעלעטריסטיק. דאָס נייע לעבן, וואָס איז געבויט געוואָרן אויף די פעלדער פון אַרגענטינע און וואָס בעט זיך ממש אַ ליטעראַרישע באַ־אַרבעטונג, האָט כמעט ווי נישט געפונען זיין תיקון ביז היינט. אויב מען זאָל אויסנלאָזן דאָס וווּנדערבאַרע בוך פון אַלבערטאָ גערשונאָוו וועגן די יידישער גאַוטשאָס און נאָך עטלעכע אַנדערע זאַמלונגען דער־ציילונגען און לידער, איז דער גאַנצער שטח געבליבן ביז היינט ווי אַ קרקע בתולה, וואָס וואַרט נאָך אַלץ אויף דער פעדער פון אַ שרייבער.

אָט צוליב דעם דאַרף דער ראָמאַן פון י. עפּשטיין באַצייכנט ווערן ווי אַ וויכטיק ליטעראַריש געשעעניש. דער שרייבער האָט אוודאי אַלע נויטיקע אָביעקטיווע קוואַליפיקאַציעס פאַר אַזאַ מיסיע. זייענדיק אַליין אַ געבוירענער אין אַ יידישער קאָלאָניע אין דער ווייטער פּאַמפּאַ, האָט ער נאָך לאַנגע וואַנדערונגען אין אַנדערע קאָלאָניעס און נאָך אַן אַקטיוו לעבן סיי דאָרט און סיי אין בוענאָס־איירעס, ווי אַ קאָלאָניסט און פירער פון אַ יוגנט־באַוועגונג — געפונען זיין וועג קיין ישראל, בלייבנדיק דאָ ווייטער געטריי צו דער גרויסער אידעע פון באַפרייענ־דיקער אַרבעט אויף פרייער ערד. ער קאָן זיך אָבער גרויסן נישט נאָר מיט די דאָזיקע אָביעקטיווע און וויכטיקע מעלות; נישט ווייניקער וויכטיק איז זיין שרייבערישער טאַלאַנט. שוין אין די פריערדיקע יאָרן האָט ער פאַרעפנטלעכט אַ סך לידער און דערציילונגען, און אויך דער איצטיקער ראָמאַן זאָגט עדות וועגן קינסטלערישע פעיקייטן, וואָס וועלן אים פאַרזיכערן אַ חשוב אָרט אין דער ליטעראַרישער שאַפונג פון איצטיקן דור.

די אויסערלעכע ראַם פון ראָמאַן איז היימיש גענוג פאַר מענטשן וואָס זענען באַהאַוונט אין אַ געוויסער מאָס מיט דער געשיכטע און די פּראָבלעמען פון דער יידישער קאָלאָניזאַציע אין אַרגענטינע. גאָר היימיש איז דער טיפּ פון יידישן פּיאָנער, אַ מענטש שוין אין די יאָרן, מיט

זיין פרוי און דערוואַקסענע קינדער, וואָס קאָן נישט אויסהאַלטן דאָס פּוסטע פאַרמיטלערישע לעבן אין רוסלאַנד און פאָרט קיין אַרגענטינע, כדי אין די וויסטעניש, וואָס האָבן קיינמאָל נישט געפילט די אַרבעטענדיקע האַנט פון מענטש, אויפצובויען מיט ויינע צען פינגער נייע פּאָזיציעס פאַר זיך און פאַרן פאָלק, ווייל ער חלומט וועגן אַ יידיש דאָרף, וואָס דאַרף געשאַפן ווערן דורך אים און דורך אַנדערע. היימיש איז אויך דער טיפּ פון איקאַ־פאַרוואַלטער, אַ מענטש אָן אַ ביסל יידישקייט און יידיש געוויסן, וואָס דער חלום וועגן אַ יידישער קאָלאָניע אינטערעסירט אים ווי דער פאַראַיאָריקער שניי, און דער עיקר פאַר אים איז, אַז יידן זאָלן זיך נישט וואַרפן אין די אויגן און זיך אַטימילירן אַזוי שנעל ווי מעגלעך, און דערפאַר פאַרטיילט ער דעם באָדן, געקויפט פאַר יידישער קאָלאָניזאַציע, מיט אַ ברייטער האַנט צו נישט־יידן. באקאַנט איז דער טיפּ פון אַ קאָלאָניע געשאַפן דורך מענטשן וואָס זענען אַוועק פון איקאַ־באָדן, נישט קאָנענדיק אויסהאַלטן די פּאָליטיק פון די חוצפהדיקע און אַסימילאַטאָרישע פאַרוואַלטערס, וואָס האָבן זיי באַהאַנדלט ווי שנאָרערס. באַקאַנט איז דער טיפּ פון יונגן יידישן שרייבער, וואָס גייט אַוועק קיין בוענאָס־אײרעס און פּרוּווט דאָרט צו מאָביליזירן די עפנטלעכע מיינונג קעגן דער פאָלקס־פיינטלעכער פּאָליטיק פון דער איקאַ־אַדמיניסטראַציע. באַקאַנט זענען די יידישע מיידלעך, וואָס חלומען וועגן אַנטלויפן פון די קאָלאָניעס און חתונה האָבן מיט „גייסטיקע" מענטשן: סטודענטן, אַנגעשטעלטע און אפילו טעלעגראַפיסטן אויף די באַן־סטאַציעס — אַבי נישט מיט יידישע פּויערים. באַקאַנט זענען אפילו די נישט־יידישע טיפּן, אויף וועלכע מיר שטויסן זיך אָן אויף שריט און טריט אין עפּשטיינס ראָמאַן: דער „גאַוטשאָ", צונויפגעוואַקסן מיט זיין פערד, וואָס היט אָפּ מיט זיבן אויגן די טראַדיציע פון פריערדיקע יאָרן; דער גרויסגרונטבאַזיצער, וואָס חלומט וועגן אַ פּאָליטישער קאַריערע און פּרוּווט מיט משונהדיקע מיטלען צו געווינען די סימפּאַטיעס פון אַרגענטינער „עמך"; דער אַריסטאָקראַטישער פאַרקעמפער פון רעכט פאַרן פאָלק: זיין שוועסטער — די שיינע פרוי מיט אַריסטאָקראַטישע מאַנירן, וואָס אויף איר פערד רייט זי איבער די ווייטע אַרגענטינער פעלדער, כדי זיך צו

באַקענען מיט דער באַפעלקערונג און געבן איר חלק אין קאַמף פאַר־פאַרשריט; די פאַרשידענע טיפּן פון נישט־יידישע קאָלאָניסטן: דייטשן, אוקראַינער, אַרמענער א. א. וו. — יעדער מיט זיינע מנהגים און מיט זיין לעבנס־שטייגער, פון וועלכע עס פורעמט זיך אָדער עס וועט זיך פורעמען דאָס אַרגענטינער פאָלק.

אין פלוג אַ באַקאַנט בילד, און פון דעסטוועגן האָט דער מחבר באַוויזן אַריינצוגיסן אין דעם ניי בלוט און שאַפן פון כלומרשט ספּאָראַדישע שילדערונגען, נישט שטאַרק פאַרבונדענע איינע מיט דער אַנדערער, באַשטאַנדטיילן פון אַ גוטן ראָמאַן, וואָס פירט דעם לייענער פון קאַפּיטל צו קאַפּיטל און עפנט פאַר אים אַלץ נייע האָריזאָנטן. עס האָט זיך אים בעיקר איינגעגעבן צו כאַראַקטעריזירן דעם ספּעציפישן קאָלאָריט פון אַרגענטיניער לעבן, וואָס איז אַזוי פאַרשידן פון לעבן אין אַנדערע לענדער. אַלץ איז דאָ דורכגעזאַפּט מיט דער ברענענדיקער אַרגענטינער זון, מיט דער ערד וואָס שרייט נאָך אַ ניי לעבן, מיט דער טיפער שפּאַנישער סענסיוויטעט, וואָס קומט צום אויסדרוק אין די באַציונגען פון מענטש צו נאַטור, סיי פון מענטש צו מענטש (אויך פון געשלעכט צו געשלעכט), מאַכנדיק ממילא דאָס לעבן אינטענסיווער, אויב אפילו די דאָזיקע אינטענסיווקייט האָט נישט קיין גרויסן שייכות מיט פּראַקטישע דערגרייכונגען. דער גאַוטשאָ, וואָס קאָן נישט געמאָלט ווערן אָן זיין פערד; דאָס אַרגענטינער דאָרף־מיידל, וואָס כאַפּט מיט אַ לאַסאָ איר געליבטן (אין איצטיקן פאַל — אַ יידישן); דער יונגער שרייבער, וואָס חלומט אין זיין דאַך־שטיבל אין בוענאָס־איירעס וועגן רעוואָלוציע. די מאַסע מענטשן וואָס קומען זיך צונויף פון די פיר עקן פון דער ווייטער אַרגענטינער וועלט, בראַטן צענדליקער בהמות, פאַרטרינקען מיט ביליקן ווין אָדער מיט הייסער מאַטע, און זינגען זייערע לידער, טאַנצן זייערע טענץ, פאַרגעסנדיק וועגן „מאַניאַנאַ" (מאָרגנדיקער טאָג) — אָט דאָס אַלץ אין דער עפּאָס פון אַרגענטינער לעבן, גרויס אין זיין שיינקייט, גרויס אַמאָל אויך אין זיין שוואַכקייט, אָבער תמיד פאַסצינירנדיק און תמיד אָריגינעל און תמיד טראָגנדיק מיט זיך סימנים פון אַ ניי לעבן.

דאָ פורעמט זיך אויך דאָס נייע יידישע לעבן, ס'איז געבליבן נאָך

די קאָלאָניעס עפּעס פון דער אַטמאָספערע פון יידישן שטעטל אין רוסלאַנד (אויך אַט דאָס שטעטל ווערט גוט געשילדערט אין איצטיקן ראָמאַן), אָבער דאָ איז שוין אַן אַטמאָספערע פון מענטשן, וואָס אַלץ שטאַרקער ווערן זיי פאַרבונדן מיט נאַטור און מיט אַרבעט, פון פּיאָ־נער וואָס דעראָבערט די אַרגענטינער נאַטור, וועט שוין דער וועג נישט פירן צוריק אין שטעטל, אפילו אויב עס וועט זיך ווייטער ענדערן זיין לעבן אָדער דאָס לעבן פון זיינע קינדער; אויך זיין זון, דער רעוואָלוציאָנערער טוער אין רוסלאַנד, וואָס העלפט איצט דעם טאַטן צו דעראָבערן דעם באָדן און צו בויען די ווירטשאַפט, וועט זיך נישט אומקערן צו זיין אַלטער טראַדיציע; אַ ניי לעבן וועט דאָ אַרויס־וואַקסן, אפשר נישט אַזוי ווי דאָס האָט זיך פאַרגעשטעלט אַלבערטאָ גערשונאָווס פאָטער, מיינענדיק, אַז אין אַרגענטינע וועט קומען דער סוף פון יידישן גלות, אָבער אַ לעבן, וואָס וויל מאַכן אַ סוף צום גלות און וועט אים מאַכן, אויב נישט אויף אַרגענטינער ערד, איז אויף דער ערד פון ישראל. עס איז נישט קיין צופאַל, וואָס דאָס אַרגענטינער יידנטום איז אַזוי שטאַרק פאַרבונדן מיטן ציוניזם און מיט דער אידעע פון חלוציות. דעם פּיאָנערס זון אָדער אייניקל וועט שוין געפינען זיין וועג קיין ישראל.

אָט דאָס איז די אַטמאָספערע פון עפשטיינס ראָמאַן. דאָס איז נישט קיין טענדענץ־ראָמאַן אין גראָבן זין פון וואָרט. דער מחבר איז — גערעכטערהייט — נישט קיין גרויסער חסיד פון דער איקאַ־אַדמיניסטראַציע, נישט קיין חסיד — נאָך אַ מאָל גערעכט — פון פוסטן שטאָטישן לעבן אין בוענאָס־איירעס, און אויך נישט — גערעכט צום דריטן מאָל — פון דער סאָציאַלער אָרדענונג אין אַרגענ־טינע, וואָס דאַרף געענדערט ווערן אַדאַנק דעם קאַמף פון די פאַר־שריטלעכע עלעמענטן אין לאַנד. אָבער דאָס קומט צום אויסדרוק נישט אין באַמבאַסטישע פּראָפּאַגאַנדע־רעדעס און עס מאַכט נישט קאַליע דעם ליטעראַרישן ווערט פון ראָמאַן. דאָס איז, אַזוי צו זאָגן, דער דעליקאַטער הינטערגרונט, וואָס קאָן און דאַרף אַקצעפּטירט ווערן מיט אָנערקענונג.

דאָס איז אַ גוט בוך, גוט פֿאַר יעדן לייענער, און דאָפּלט גוט פֿאַר דעם לייענער אין ישׂראל, וווּ די אַטמאָספֿערע לאָזט זיך אין אַ סך הינזיכטן פֿאַרגלייכן מיט דער אַטמאָספֿערע פֿון אַרגענטינע און בפֿרט פֿון דער פּיאָנערישער אַרגענטינע. עס וואָלט צוליב דעם אַוודאי געווען כדאַי צו האָבן אַ גוטע איבערזעצונג פֿון דעם ראָמאַן אין עבֿרית. לאָמיר האָפֿן אַז זי וועט קומען. און לעת־עתּה לאָמיר ווינטשן דעם ראָמאַן אַ סך לייענערס אין זײַן אָריגינעלער ייִדישער שפּראַך. ער פֿאַרדינט דאָס.

פּראָפֿ. אריה טאַרטאַקאָווער

ירושלים, יאַנואַר 1961

אין אָנדענק פון מיין פאָטער

יוסף יודל

וואָס האָט זיין גאַנץ לעבן

געטוליעט זיך צום פעלד

ערשטער קאַפּיטל

# שכנים

דער אַלטער האָט זיך אַרומגעקוקט. פון דאַנעט האָט ער קלאָר געזען די בלוילעכע קייט פון זיך שלענגלדיקע בערגלעך, וואָס האָבן זיך איינגעשלאָסן איינס אינעם צווייטן, און נאָר פון איין זייט האָט זיך איינגעשניטן דאָס פלאַכלאַנד ביזן אין־סוף, ווי אַ לייכטער צוגאַנג צו אַן אָפּגעשלאָסענער וועלט. פון דער ווייטנס האָבן זיך געפּיצלט קליינע שטיבעלעך, וואָס זענען פאַרזייט געווען דורך אַן אכזריותדיקער האַנט און אַזוי איז געווען זייער גורל: פאַראייניזאַמט און דערווייטערט דורך לאַנגע קילאָמעטערס. צווישן זיי האָבן זיך געצויגן אומענדלעכע פּאַשע־לאַנקעס, אויף וועלכע ס'האָבן זיך צעלייגט ריזיקע טשערעדעס פי און שאָף. ווייט, ווייט האָט זיך געשפּיגלט דער בליאַסק פון אַ געזאַל־צענער „לאַגונאַ“ (אָזיערע), און צו מזרח־זייט האָט געמיניעט דער גרינער פלעק פון דער איינציקער „עסטאַנסיאַ“ (גוט). נאָר די הויכע עוקאַליפּטוס־ביימער האָבן זיך געטורעמט אין גרונט פון די בערגלעך און פאַרבאָרגן די וווּנונגען פאַרן מענטשלעכן אויג.

אַרום האָט עס געשמעקט מיט ווילדקייט. דאָס אויג האָט זיך גע־באָדן אין גרויסע שטרעקעס בתולה־ערד, יאָרהונדערטער אַ נישט־באַ־אַרבעטע און אַ באַדעקטע מיט געלבלעכע ווילדע קוסטעס. אין זייער ווייכקייט האָבן זיך געהאָדעוועט טויזנטער שרצים און ווילדע פעלד־עופות. ווו נישט ווו איז געשטאַנען אין מיטן פעלד אַן איינזאַמער „קעבראַטשאַ“־בוים, אַ זכר פון די אַמאָליקע אוראַלטע וועלדער, וואָס זענען דורך די מלחמות אָפּגעברענט געוואָרן.

מיט אַן אָנגעשטרענגטן בליק און אינערלעכן ציטער האָט ער

באַטראַכט די בראשית־פּאַנאָראַמע. דאָ, אין אָט דער ווילדער געגנט וועט ער אַריינקלאַפּן די ערשטע לאַפּעטע און אָנהייבן אַ ניי לעבן. דאָ וועט ער מיט זיינע אייגענע הענט אָנצייכענען אַ נייער וועג פאַר זיך — און נישט נאָר פאַר זיך — דורות וועלן זיך נאָכדעם ציען. ווער קאָן וויסן? דערווייל אָבער גיבן די פעלדער אַרויס פריקרע ווילדע ריחות און דראָען מיטן ווידערשטאַנד־כוח, וואָס ליגט פאַרבאָרגן אין זייער פאַרהאַרטעוועטער קאָרע.

ער האָט געציטערט ווי אַ פרעמדער ווייטער פּיליגרים וואָס דער־גרייכט די אויסגעבענקטע הייליקע טעמפּלען און האָט מורא פאַר זייער שטומער פאַרשלאָסנקייט. דער אַלטער ניאָמע, דער נייער אימי־גראַנט אין אָט דעם פרעמדן לאַנד, האָט אינעם מאָמענט פון אייגענער דערנענטערונג צום אויסגעבענקטן ציל, זיך געשפּירט אָפּהענטיק, פאַר־לאָרן און אָן קוראַזש צו שפּאַנען פאָרויס ביזקל סוף. צי איז עס געווען דער רושם פון דער אומענדלעכער ברייטקייט, וואָס שרעקט מיט איר אומגעצוימטקייט, אָדער אַ שוואַכקייט פאַר די גרויסע אויפגאַבן, וואָס ברענגען איין די קניען?...

האָט ער זיין בליק געווענדעט צו זיינע צווייִ זין וואָס זענען נעבן אים געשטאַנען און באַגלייך מיט אים באַטראַכט די לאַנדשאַפט. געוואָלט האָט ער אין זייער בליק אויפכאַפּן יענץ פייערל, וואָס זאָל אין אים אויך אויפפלאַקערן די לוסט און וואַרעמען זיינע האָפענונגען. אָבער אין זייערע אויגן האָט ער נישט געפונען קיין ברעקל פון עמאָ־ציע; זייער בליק האָט נאָר געמאָסטן די ווייטקייטן.

— נו, קינדערלעך, דאָ וועט זיין אָמבעסטן אויפצושטעלן די שטוב — געוואָלט האָט ער זאָגן „אונדזער שטוב", אָבער די פרעמדקייט פון דער סביבה האָט עפּעס אָפּגעשלאָגן.

די ברידער האָבן געשוויגן. צום סוף האָט דער עלטערער, אַ ווייז טוענדיק צו די בערג, אַרויסגעשטאַמלט:

— סאַראַ מאָדנע שטילקייט, ווי אין די צייטן פון אדם הראשון. סאַראַ ווילדקייט!...

דער פאָטער האָט אַריינגעטאָן די פרייע האַנט אין דעם קורצן גרוילעכן בערדל, אַ לייכטן שמייכל געטאָן און זיך ווי געבעטן:

— אָבער דאָ איז פאַרט דער מיטלפּונקט... דאָ נישט ווייט איז

דער וועג און מ׳זאָגט, אַז אויפן פלאַכלאַנד איז גרינגער צו געפינען וואַסער.

דער ייִנגערער האָט זיך פּלוצעם צעלאַכט:

— וואָס איז דער אונטערשיד? אומעטום דאַרף מען אָנהייבן פון גאָרנישט... כ׳שטעל זיך פאָר ווי די מאַמע וועט זיך פאַרקרימען ווען זי וועט זען ווו מיר האָבן זיך פאַרשטעקט!...

די מאַמע! וואָס האָט ער, דער יונגער זון, צו משפטן וועגן דער מוטער? זיכער איז זי אין זיינע אויגן קליינשטעטלדיק, קליינבירגערלעך, די סוחרטע — אין זיינע אויגן פון אַ רעוואָלוציאָנער. וואָס פאַר אַ מיינונג קאָן זי, די מאַמע, האָבן אין אָנבליק פון אַ וועלט וואָס דאַרף באַשאַפן געשיכטע?... אינעם אַלטנס טיפעניש האָט זיך עפעס אַ ברויז געטאָן און ווי געטריבן פון אַן אינערלעכן דראַנג האָט ער אַ כאַפּ געטאָן די לאָפּעטע און אָנגעהויבן אויסהאַקן די קוסטעס און דערנער. ער האָט מיט אָט דעם אימפּעט געוואָלט מיטרייסן יעדן ברעקל פון נאָך גריזשענדיקן צווייפל. — די ערד האָט געקרעכצט ביים דערשפירן דעם שאַרפן קילן מעטאַל. די דורכגעוועבטע קאָרע מיט וואָרצלען און אָפּגעוויאַנעטע גראָזן האָבן זיך ווידערגעשטעלט דעם ערשטן אָנגריף און טעמפּע קולות האָבן אין דער לופט געוואָרנט און געוועקט די ערד פון איר טויזנטיעריקן שלאָף.

ער האָט נאָכדעם געלאָזן שטעקן די לאָפּעטע אין דער אויפגעגראָבענער ערד, פּונקט ווי די קאָלאָניאַלע דעראָבערער האָבן אינעם איינגענומענעם לאַנד אַריינגעשטעקט דעם צלם. ערשט איצט האָט ער זיך דערפילט ווי אויסגעלייזט פון אַ שווערן יאָך. דער ערשטער שריט איז געמאַכט און ער וועט זיך נישט אָפּהאַלטן צו שפּאַנען ווייטער. זי׳ לאָפּעטע האָט נישט נאָר אָפּגערייניקט די דערנער פאַרן קומענדיקן בנין, אויך די ערשטע צווייפלען זענען אָפּגעשאַרט געוואָרן אָן אַ זייט.

ער איז נענטער צוגעגאַנגען צו די זין און מיט אַ פאַרשטיקט און סאָפּענדיק קול האָט ער צו זיי געזאָגט:

— מיר קאָנען גיין מיט אונדזער אַלטן וועג, אין שטאָט צווישן מויערן; מיר קאָנען לאָזן אָט די ערד אַזוי וויסט ווי זי איז ביז איצט און לאָזן אַנדערע איר אויפצובליען... איר זייט דאָך אָבער יונגע מענטשן און ווער פון אייך האָט דאָך אפילו געשמעקט מיט רעוואָלוציע... פאַר־

וואָס זאָלן מיר נישט פרווון צו זיין די בויער פון אַ יידישן דאָרף? און די מאַמע? נישט געדאגהט, זי וועט ווי יעדע פרוי האָבן אויסדויער און זיך צופאַסן. זייט איר גרייט?...

דער אויסערגעוויינלעכער דערהויבענער טאָן פון זיינע ווערטער האָט אַ ריד געטאָן די ביז איצטיקע גלייכגילטיקייט פון די זין. אָן צו ענטפערן אַ וואָרט, האָבן זיי גענומען די גראָב־אייזנס, אָנגעצייכנט און אויסגעמאָסטן, געגראָבן, גערייניקט און געשוויגן...

און ווען זיי האָבן געענדיקט, האָבן זיי אַריינגעשטעקט אַ הויכן פלאָקן אין דער ערד. ביאָמע האָט אָפּגעריסן אַ שטיק פון אַ זאַק, אָנגעבונדן אָן שפּיץ פונעם פלאָקן און געזאָגט: „מאָרגן וועלן מיר זיך צוריקקערן און פאָרזעצן, געדענקט גוט דעם צייכן, קינדערלעך".

און ווען זיי האָבן מיטן וואָגן געצויגן צום וועג, האָבן די ערשטע פעלד־פייגל זיך אַרויפגעשטעלט אויפן פלאָקן, ווי אויף אַ בייז ווונדער...

אויף צומאָרגנס האָט אַ שפּעטזומער־פרימאָרגן זיך צעלייגט מיט זיינע ריחות און קלאַנגען אויף די שטילע פעלדער. ווו נישט ווו האָט נאָך געפינקלט אַ פאַרגעסענער טוי־טראָפּן צווישן די גראָזן און די שפּילעוודיקע האָזן האָבן אָן פּחד פאַרן פאַרבלאָנדזשעטן הונט זיך געשפּילט אויף די רוקנס פון די קליינע בערגלעך. נאָר צייטנווייז האָבן זיי אָנגעשטעלט די לאַנגע אויערן, זיך אויסגעגלייכט אויף די הינטערשטע פיס און זיך צוגעהערט צו אַ געפּאַר דערנענטערט זיך. דאָס איז אָבער געווען נישט מער ווי אַ צייטווייליקער וויכער וואָס איז אָנגעקומען מיט אַ שטויב־זייל, אַ שושקע געטאָן מיט האַסטיקייט צווישן די קוסטעס, צעטריבן די האָזן און די פייגל און ווידער איבערגעלאָזן אַ שטילקייט ווי אין אַן אויער. פון צייט צו צייט האָט זיך נאָר געהערט דער ווייטער עכאָ פון אַ פאַרליבטן בואי (אָקס) און זיין פאַרבענקטער מרוק; האָט ווי אַן עכאָ זיך געקלערט פון דאָרט, ווו דער הימל פאַלט זיך צונויף מיט די שפּיצן פון די קיילעכיקע בערג.

אין אַט דער פרימאָרגן־שטילקייט האָט זיך אַריינגעריסן אַן אומגעוויינטלעכער געוויש פון שטאָלענע שינעס און נאָכגעלאָזטע ברעטער פון אַן אַלטן וואָגן. גרויע פעלדמייז, וואָס האָבן פאַרלאָזן זייערע נאָרעס און אַרויס אויף אַ פרימאָרגן־שפּאַציר, האָבן אין שרעק געאיילט צוריק צו די באַהעלטענישן. ליאַרעמדיקע סאָוועס האָבן געדרייט די קעפּ און

געשפּריצט פונקען פון די ווילדע אויגן. אויפן געלבלעך זאַמדיקן וועג, וואָס לויפט און שלענגלט זיך צווישן די בערגלעך, האָט זיך באַוויזן די פור, געשפּאַנט אין צוויי ביינערדיקע אַלטע פערד, געלאָדן מיט באַלקנס, צינק־בלעכן, געצייג און קיך־מכשירים, און איבער אַלעמען זענען געזעסן צוויי מענטשן ווי צו וואַכן איבערן ציטערדיקן פאַרמעגן. דער ליאַרעם איז פאַרקלענערט געוואָרן ווען דער וואָגן האָט אָפּגעצייגט פונעם ברייטן שליאַך און פאַרנומען זיך אויפן גראָזיקן באָדן. דאָ איז אַלץ דורכגעשלענגלט געווען מיט שמאָלע קי־סטעזשקעס, וואָס זענען איינגעקאַרבט אינעם פעלד זייט יאָרהונדערטער. דיווייכע גראָזן האָבן איינגעשטילט און אויסגעלאָשן דעם ליאַרעם פון די צעפּאָרענע רעדער.

לאַנגזאַם און פאַרמאַטערט האָבן די פערד געשלעפּט דעם וואָגן. צייטנווייז האָבן זיי אויסגעצויגן די העלדזער צו כאַפּן אַ לאָקנדיק בינטל שמעקעדיקע גראָזן. זיי האָבן זיך אומצוטרוילעך אומגעדרייט ווען דער אָנטרייבער האָט אַ שטאַרקן צי געטאָן פאַר די לייצעס און אָנגעוווּנקען, אַז די רייזע האָט זיך געענדיקט.

קיינער, אויסער דער אַריינגעקלאַפּטער פלאָקן, האָט זיי נישט מקבל פּנים געווען. אָבער איבערן פלאָקן איז געשטאַנען און געפּישטשעט אַ גרויסער פויגל מיט אַ בלוט־רויטן בויך, און נאָך איידער די אָנקומענ־דיקע האָבן באַוויזן אַראָפּ פונעם וואָגן, האָט זיך בליץ־שנעל אַראָפּגעלאָזן אַ שוואַרצער ראָב, מיט אַ האַסטיקן קלאַפּ אַראָפּגעזעצט צום באָדן דעם זינגענדיקן פויגל און צווישן זיינע נעגל אים מיטגעשלעפּט זייט צווישן די בערג.

אַ סוף־זומער־פרימאָרגן אין דער וויסטע. האַק און לאָפּעטע האָבן אויפגעהויבן זייער וואָכעדיקע סימפאָניע, ווי איבערצושטייגן דאָס געזאַנג פון די פייגל — און דער אויף שנעל אויפגעשטעלטער לאַגער פון דער יידישער משפחה, מיט זיין לייוונטענער כאַטע, איז געלעגן אויפן רוקן פון די קליינע בערגלעך, ווי אַ פישער־שיפל אויף די צעליאַרעמטע כוואַליעס פונעם ים.

צווייטער קאַפּיטל

## די ראַנטשאָ פון דאָן קאַסטראָ

אָנגעבויגן צו דער גריוּוע פונעם יאָגנדיקן פערד האָט זיך דער אָנטרייבער כמעט ווי נישט אָנגעזען. דאָס וויכעריש יאָגן זיך ווי פון אַ גרויס געפאַר האָט זיך געשטאַרקט און די פערדישע קאַפּיטעס האָבן געלאָזן הינטער זיך בערג און טאָלן. דאָס איז נישט געווען קיין גע־ווינטלעך רייטן און זוכונג נאָך אַ פאַרלאָרענער קי אָדער שעפּס. ס'איז געווען דאָס געיעג פון אַ בשורה־אָנזאָגער אָדער אַ באַפעל־ברענגער. דער שוים פון דורכגענעצטן פערד האָט שנייאיק געשפּריצט פון זיין מויל און ברוסט און פון ביידע זייטן זענען נאָכגעלאָפן מיט אויסגע־שטרעקטע צונגען אַ האַלב טוץ גרויסע יאָגד־הינט.

ווען ער איז צוגעריטן צו אַ נידעריקער כאַטע האָט ער פאַרקלענערט דעם גאַלאָפּ. דערנעבן האָט זיך געצויגן אַ ריזיקער „קארראל" (הויף פאַר בהמות), וואָס האָט אַרויסגעגעבן שאַרפע מיסט־ריחות. ביים צוים איז געווען אַ נידעריק־געגראָבענער ברונעם. לאַנגע שמאָלע קאָריטעס האָבן זיך געצויגן פון אַלע זייטן און דער וואַסער־איבערפלוס האָט גע־שאַפן גרויסע בלאָטעס. אַן איינציקער „אמבו"־בוים האָט ברייט גע־וואָרפן זיינע געדיכטע שאָטנס און זיינע גרין־בלוילעכע בלעטער האָבן דעקאָרירט די אָרעמע באַלעבאַטישקייט. געציילטע הינער האָבן אַרומ־געפּאַדעט אין די מיסטן. אַ ביסל ווייטער, אויף די רוקנס פון די נאָענטע בערגלעך, האָבן זיך געפּאַשעט גרויסע סטאַדעס פי און שאָף.

געצויגן דורכן רעש פון פערדישע קאַפּיטעס האָט עמעצער זיך אַרויסגערוקט פון דער כאַטע. אַ גרויער אַלטער מאַן מיט אַ טונקל

צעכוואַליעט געזיכט איז לאַנגזאַם צוגעגאַנגען און פלעגמאַטיש זיך דערנענטערט צום פאַרשוויצטן פערד.

ווען דער אַנטרייבער האָט פלינק זיך אַראָפּגעגליטשט פונעם פערד, האָט מען ערשט געזען, אַז ער איז אַ יינגל פון אַ יאָר צוועלף, טונקל אָפּגעברענט, באָרוועס און מיט צעשפּאָלטענע ליפּן פון זון און ווינט. זיינע שוואַרצע אויגן האָבן ווילד און אומרויק געפינקלט. נישט צובינדנדיק דאָס פערד האָט ער האַסטיק זיך אַ וואָרף געטאָן צום אַלטן מאַן און מיט אַ ליאַרעמדיקער שטימע, פאָכענדיק מיט די הענט, ווי צו מאַכן מער איינדרוק, אַרויסגעפּראַלט:

— טאַטאַ, ביי גאָט, כ׳האָב זיי נאָכאַמאָל געזען, זיי שטעלן דאָרטן אויף אַ לאַגער, דאָרטן נעבן בערגל פון „די זיבן פיילן״!

— ווער? וועמען מיינסטו? — האָט דער אַלטער צוגעטראָגן די ביינערדיקע האַנט צו די אויגן ווי צו באַטראַכטן בעסער דעם איבער־ראַשטן זון.

— זיי! זיי! די פרעמדע! די גרינגאָס (גרינגע). ביי גאָט, טאַטאַ, כ׳האָב זיי געזען!

דער אַלטער האָט צונויפגעצויגן די ברעמען, נאָכגעלאָזן די הענט וואָס זענען אַראָפּגעפאַלן ווי צוויי פליגלען און עטוואָס אַראָפּגעבויגן די באָרד צו דער ברוסט. ער האָט אָפּגעהיט די גלייכגילטיקע מינע און אַ פרעג געטאָן:

— ביסטו זיכער, אַז זיי זענען טאַקע געקומען? וויפל זענען זיי?

— ביי גאָט, טאַטאַ, ווי איך האָב אַלץ געזען!... כ׳בין אַרויס־געריטן זוכן דעם אָנהערנערדיקן בואי, וואָס איז נאָך נעכטן פאַרקראָכן אין דער „עסטאַנסיאַ״, בין איך פלוצעם שטיין געבליבן און דערזען אין מיטן פעלד אַ וואָגן און אַרום האָבן זיך מענטשן אַרומגעדרייט. ביי גאָט, טאַטאַ, ווי איך האָב זיך דערשראָקן!

ער האָט גערעדט גיך, גיך, קוקנדיק מיט פינקלדיקע אויגן אויפן פאָטער. באַמערקנדיק דעם ערנסט־גלייכגילטיקן בליק פונעם אַלטן גאוטש איז ער שטיל געבליבן און נאָך אַ רגע פון אומזיכערקייט אַרויס־געשטאַמלט:

— ביסט נישט צופרידן, טאַטאַ, וואָס זיי זענען געקומען, נישט אמת?

די אומגעריכטע שטילע פראַגע האָט אים אַ טרייסל געטאָן. ער האָט אַ רגע באַטראַכט דעם זון און נישט געקאָנט תופס זיין דעם זין פון זיין פראַגע. ער האָט, זוכנדיק אַן אַרויסשפּאַר פאַר זיינע געדאַנקען, אָפּגעווענדט זיין בליק פונעם זון און אים אַנגעהאָנגען אָן די ווייטע בלויע בערג. און ווי אָנכאַפּנדיק צוריק דעם פאָדעם, איז ער גענטער צוגעטראָטן צום זון און אַ וויַיז געטאָן מיט דער האַנט צום בלויילעכן האָריזאָנט:

— זעסטו, מיין זון, אַ צען מייל פון דאַנעט, אָט אין יענער ריכ־טונג, איז אויסגעבויט געוואָרן אַ גרויסע שטאָט, וועלכע דו קענסט נאָך נישט... ווייסטו וואָס עס איז אַמאָל דאָרט געווען? דאָרט האָט מיין זיידע אויפגעשטעלט זיינע אָרעמע ביידלעך. און ווייטער צו דרום ליגט אַ נאָך גרעסערע שטאָט און ווייסטו וואָס עס איז דאָרט ערשט נישט לאַנג געווען? איך אַליין האָב נאָך דאָרט די שאָף געפּאַשעט. הייַנט וועט מען אודאי נישט פרעגן, נישט מיך און נישט דיך, ווו און ווען צו בויען אַ נייעם ישוב. מען בויט שטעט און דערפעד דאָרט, ווו אונ־דזערע שטרויענע וויגעלעך זענען געשטאַנען און ווו דער „אמבו" האָט נאָך פאַר אונדז, קינדער פון דער פּאַמפּאַ, צעלייגט זיינע שאָטנס... ווער וועט זיך היינט רעכענען מיט אים? ווער וועט אונדז פרעגן צי מיר זענען מסכים? האָסטו פאַרשטאַנען, צי ניין?...

און אין אויפרעגונג האָט ער פאַרגעזעצט און שטרענג אים צו־געוואָרפן:

— גרייט מיר צו, קליינער, דעם „מאַלאַקאַראַ", מיר וועלן ביידע צופאָרן באַגריסן די „גרינע". גוטע שכנהשאַפט איז תמיד אַ מצווה, נאָר שנעלער...

און ווען דער זון האָט געטאָן זיין ווילן און צוריק אַוועקגאַלאָפּירט אין אָפענעם פעלד אַריין, איז דער אַלטער מיט לאַנגזאַמע טריט אַריין אין דער נידעריקער כאַטע.

די וווינונג, ווי יעדער טיפּישער משכן פון די פּאַמפּאַ־קינדער, איז געווען טונקל און אומהיימלעך אויפן ערשטן בליק, אָבער ווען מ'האָט זיך צוגעקוקט און צוגעוווינט זיך צו דער אינערלעכער איינריכ־טונג, האָט עפּעס אַ טוכלע היימישקייט אַ ווייע געטאָן, ווי דער פריק־רער ריח אין אַ וואַרעמען הינער־קאָטוך, ווו דאָס פּישטשען פון די הינ־

דעלעך פאַרגיטיקט דעם געֶרוך פון מיסט. די ערדענע ווענט פון דער כאַטע זענען געווען נישט אויסגעווייסט, אָבער ציכטיק אויסגעגלעט. אין אַ ווינקל איז געווען אָנגעהויפט אַ קופּע שאָפענע פעלן און דעקן, וואָס דינען אין די נעכט פאַר געלעגערס אויפן באָדן, ווייל קיין בעטן נוצט נישט דער „גאוטשא“, נישט פאַר זיך און נישט פאַר זיין משפחה. קיין מעבל האָט נישט באַשיינט די כאַטע, בלויז אויסגעהאַקטע פּאָליצעס אין די ווענט און אַ פּאָר נאַפּט־קעסטלעך האָבן געדינט פאַר כלים און קליידער. די קליינע פאַררויכערטע און פון ליים געמאַכטע קיך מיטן לאַנגן קוימען ווערט דורך די טעג און נעכט פון ווינטער נישט אויס־געלאָשן אויף קיין רגע. דאָ ווערט געקאָכט און געוואַרעמט דאָס וואַסער פאַר דער „מאַטע“ וואָס גייט אום ווי אַ ברכה פון מויל צו מויל. אָט דער געטראַנק האָט געדינט פאַר די פרימיטיווע מענטשן נישט בלויז ווי אַ נאַרונג און צייט־פאַרטרייב, נאָר אויך ווי אַ כיבוד אויפצונעמען שכנים און פאַרשמאַכטע דורכוואַנדערער, ווי אַן אַפּעריטיוו און אַ נאָכ־געטראַנק נאָכן געבראָטנס, וואָס קומט צוויי מאָל אין טאָג אויפן שפּיז פונעם איינגעבוירענעם.

אַראָפּגייען אין דער כאַטע האָט מען געדאַרפט דורך ערדענע טרעפּ, וואָס זענען אויסגעשפּרייט און אויסגעגלעט מיט קו־מיסט. פון דרויסן זעט אויס די „ראַנטשא“ אַזוי נידעריק־נעבעכדיק און נאָר פון דער נאָענט האָט מען זי געקאָנט אויסטיילן ווי אַ מענטשלעכע וווינונג. נישט דאָס פעלן פון מיטלען אָדער טעכנישן וויסן האָט אָפּגעהאַלטן אָט די מענטשן פון ענדערן זייער אַרט לעבן, נאָר דער טיפער צובונד צו די אַלטע פירונגען, דאָס קלאַמערן זיך אין די גענג פון די פאַר־לאָפענע דורות און דער פאַרעקשנטער ווידערשטאַנד קעגן די איינפלוסן פון דער פרעמד — אָט יענע איינפלוסן, וואָס צעשטערן לאַנגזאַם דעם האַרמאָנישן צונויפגוס פון דער נאַטור מיט אירע אמתע טרייע קינדער, די גאוטשאָס. און ווי קאָן מען שלום מאַכן מיט דער צייט, ווען זי דערקלערט קריג די סטעפּ־באַוווינער? אויך דאָן כואַן קאַסטראָ האָט פאַרביסן זיך קעגנגעשטעלט יעדע ענדערונג, וואָס האָט ווי אַ זומער ווינט, גנביש, געדראָט און געטרייסלט דעם יוסטן יסוד פון זיין פּאַט־ריאַרכאַל לעבן.

די קאַסטראָס... דער אַזוי קלאָר קלינגענדיקער שפּאַניאָלישער

נאָמען איז בלויז געווען ווי אַ לייכטע דעקאָראַציע צו דער פּולבלוטי־קער גאוטשאָ־משפּחה. זי האָט אירע וואָרצלען געצויגן ביז אין די ווייטע אינדיאַנער צייטן, פון יענע קריגער, וואָס האָבן דאָ געגעסטיקט מיט אַ סך יאָרן צוריק. אָבער אַ צופעליקע אָדער גוואַלדזאַמע בלוט־מישונג ביי דער דעראָבערונג פונעם קאָנטינענט האָט נישט אויסגעמיטן אויך אָט די איינוווינער. צי איז דאָס געווען אַ שטאָלצער „הידאַלגאָ" (ריטער), אַן אומדערשראָקענער „אדעלאנטאדא" (דעראָבערער), אַ קאָמערציעלער אוואַנטוריסט אָדער אַנטלאָפענער קרימינעלער פאַרברעכער — זייער בלוט האָט אומפאַרמיידלעך זיך געקרייציקט מיט די איינגעזעסענע און ס'איז לאַנגזאַם אויפגעקומען די „קריאושא"־גענעראַציע.

אויך כואַן קאַסטראַ, פונקט ווי זיין פאָטער און זיידע, איז געווען אַ פּיצוכטער. אָבער פאַר אים האָבן זיך אָנגעהויבן אָנרוקן שווערע טעג, פון וועלכע זיינע עלטערן האָבן נישט געוווּסט. די פּיסקאַלע פּוסטע ערדן, אויף וועלכע ער און צענדליקער אַנדערע האָבן געפּיטערט די סטאַדעס, זענען איינגעשמעלערט געוואָרן. די גוטבאַזיצער האָבן יעדעס מאָל מער אויסגעשפּרייט זייער זיבן־דראָטיקן צוים און איינגעביסן שטי־קער פון די פּאַשע־פעלדער ווו די אָרעמע „פּועסטעראָס" האָבן געפּיטערט די סטאַדעס און זייערע נידעריקע ראַנטשאָס אויפגעשטעלט.

און פּאַמעלעך האָט זיך צעפּלאָקערט אַ שנאה אין די הערצער פון די איינגעזעסענע קעגן די מעכטיקע גוטבאַזיצער, וואָס האָבן אַליין זייערע טעג און נעכט פאַרבראַכט אין דער הויפּטשטאָט, אָדער אין די קרייזשטעט, געפירט די לאַנד־פּאָליטיק, געשאַפן געזעצן און זיך באַצויגן צו זייערע פּאַכטערס מיט גרינגשעצונג.

איינער פון די באַקאַנטע עסטאַנסיעראָס אין דער געגנט איז געווען אַורעליאָ רוענעס. זיינע גוט אַרומגעצוימטע פעלדער האָבן זיך געצויגן פון דער מערבדיקער פּאַמפּאַ־גרענעץ, העט, העט, ביז די פּואַנער בערג, וואָס מ'קאָן זייערע בלוילעכע שפּיצן אָנזען אין אַ לויטערן טאָג ווען מ'קלעטערט אַרויף אויפן העכסטן בערגל אין דער געגנט.

אַורעליאָ רוענעס האָט אַליין נישט געקענט דעם גאַנצן רחבותדיקן גוט, וואָס איז אים איבערגעגאַנגען בירושה, און וואָס זיינע פאַרוואַלטער האָבן אין זיין נאָמען אויסגעברייטערט. דער זיידע זיינער, כאַסינטאָ רו־ענעס, וואָס איז אַהערגעקומען פון שפּאַניע מיט אַ גרופּע סוחרים און

אַוואַנטוריסטן, ווען דאָס לאַנד האָט זיך נאָך געטרייסלט פון אויפשטאַנדן און אינוואַזיעס, האָט געוואָרפן זיינע אָפענע אויגן אויף אָט די רייכע לאַנקעס, וועלכע האָבן דעמאָלט אויסגעזען ווי איין גרויסער מדבר און בלויז ווו נישט ווּ האָבן זיך געצויגן געדיכטע קליינע וועלדלעך און אין זיי האָבן זיך צונויפגעזאַמלט די רעשטלעך פון די אינדיאַנער, וואָס זענען דערשלאָגן געוואָרן אין די קאַמפן מיט דאַרדאָ־ראָטשאַ. דאָן כאַ־סינטאָ האָט געהאַט אַ שאַרפן סוחרישן חוש און אַן אַריינגעבליקט אין דער ווייטער פערספעקטיוו מיט די אייגנשאַפטן פון אַ ריזיקאַנט. מיט באַקומענע קרעדיטן האָט ער אימפּאָרטירט פון אייראָפּע אַ שיף מיט צוים־דראָטן, איינגעשפּאַנט די אומזיסטע קראַפט פון די אינדיאַנער אויסצוהאַקן די וועלדלעך, צוגרייטן פלעקענער און ער האָט פאַרלייגט פאַרצוימונגען, וואָס האָבן אים פאַרוואַנדלט אין אַ רייכן גוטבאַזיצער. די דעמאָלטדיקע פּראָווינץ־הערשער זענען געווען פאַרטאָן אין בירגער־קריגן אָדער הו־ליאַנקעס און אומבאַמערקט דורכגעלאָזן דעם אופן פון אָריגינעלן רויב.

דאָן קאַסטראָ האָט זיך דערנענטערט צום קליינעם פענצטערל און עס האַסטיק אויפגעפּראַלט ווי צו זוכן אַ צוזאַמענבונד צווישן זיינע מחשבות און דעם רחבותדיקן און מיט ליכט פאַרגאָסענעם דרויסן. זיין גוף האָט געפילט די קילקייט פונעם טוכלען נידעריקן צימער, וואָס איז ביז אַ העלפט געווען איינגעזונקען אין דער ערד, אָבער זיינע פאַרזשמו־רעטע געדיכט־באַברעמטע אויגן האָט ער אָנגעהאָנגען אויף די זון־שטראַלן פון די פאַרמיטאָג־שעהן. די לופט־כוואַליעס האָבן איצט אויסגעזען ווי געטראָגענע צו אַן אומזעבאַרן ים און זיי האָבן דערגרייכט אַ ווייט בערגל, וואָס מיניעט זיך מיט געציילטע ביימער און מאַכט אויפציטערן דאָס האַרץ. דאָרט איז דער קבר פון זיין פאַרשטאָרבענער פרוי. שוין איבער אַ צענדליק יאָר ווי זי האָט אים פאַרלאָזט, און נאָך געדענקט ער יענעם טאָג ווען ער האָט זי אַהין אַוועקגעפירט אויפן גרויסן וואָגן מיט די צוויי הויכע רעדער, וואָס באַוועגן זיך אַזוי לאַנגזאַם. דעמאָלט האָט ער נאָך מער דערשפּירט, אַז ער געהער נישט צו דער וועלט וואָס זאָגט אָן אַזויפיל שינויים. ווען ער איז געבליבן אַליין מיט די קליינע קינדער, האָט אים אין איינעם אַ טאָג באַזוכט אַורעליאַ רוענעס, געקומען איז ער רייטנדיק אויף זיין פייער־שפּריצנדיקן רייט־פערד, און ער האָט אים

פאַרגעלייגט, אַז נאָכן אומגליק זאָל ער זיך איבערציִען אין איינעם פון זיינע גיטער און פאַרנעמען דאָרט דעם פּאָסטן פון אַ וועכטער. ער וועט בלויז אָפּהיטן דעם גאָרטן, אַרומפּאַליען די ביימער, און אַז די קינדער וועלן אויסוואַקסן, וועט רוענעס זיי אויך באַשעפטיקן. דאָן כואַן קאַסטראָ האָט געדאַנקט, אָבער האַסטיק אָפּגעזאָגט. ער האָט בעסער געוואָלט די אָרעמקייט פון זיין כאַטע, וואָס שטייט אין מיטן פעלד, דאָס אַרומקריכן נאָך זיינע אייגענע קי און שאָף, איידער זיצן ווי אַן אַזיל־זקן אויף פרעמדע הייפן און וואַרטן אויף עמעצנס גנאָד.

נישט איין מאָל האָט זיך קאַסטראָ געשטעלט די פראַגע: צי איז דאָן אַורעליאָס איינלאַדונג נישט געווען דורכגעטראַכט מיט ביטערער אויסרעכענונג? זאָל ער נאָר פאַרלאָזן דעם באָדן — און רוענעס וועט פריי זיין תיכף זיך איינצושאַפן אויף אָט די גרויסע שטרעקעס ווו עס פּאַשען זיך קאַסטראָס טשערעדעס. ער האָט נישט איין מאָל נאָכדעם געשטיקט זיין כּעס ווען ער האָט זיך דערמאָנט אָן דעם צעוואַקסענעם אַפּעטיט פון די „עסטאַנסיעראָס“: צי איז זיי אַלץ נאָך ווייניק? וואָס טרייבט זיי אויסצושפּרייטן די דראָטענע אָרעמס און אַרומנעמען די פרייע שטרעקעס?...

ס׳איז גוט באַקאַנט געווען, אַז דער יונגער רוענעס, דער בעל־באָס איבער ריזיקע לענדערייען, האָט געצאָלט אַ נישטיקן שטייער פאַר זיינע גיטער. ער האָט טיילן פון זיינע פעלדער צעשניטן אויף קלע־נערע „טשאַקרעס“ (פאַרמס) און פאַרדונגען זיי צו אָרעמע אַרענדאַטאָרס. פאַר די איינקונפטן האָט ער סיסטעמאַטיש אויסגעקויפט די ליידיקע פּיסקאַלע ערדן, וואָס זענען געלעגן אין שכנות פון זיינע גיטער.

פיל פון די פּאַסטעכער, וואָס האָבן ביז אַהער אומגעשטערט געפיטערט זייערע סטאַדעס אויף די בתולה־פעלדער, צאָלנדיק דער רעגירונג נאָר אַ קליינעם שטייער, האָבן געמוזט אויספאַרקויפן זייערע פי און ווערן פּעאָנען ביי אַורעליאָן, אין די מערסטע פאַלן האָט ער באַקומען אויך זייערע רינדער און שעפּסן און דאָס גאַנצע הויזגעזינד פונעם גאַוטשאָ האָט, ווי אַ דאָפּלטע שטראָף פונעם גורל, פאַרגעזעצט צו פּאַשען אויף די פעלדער זייערע געוועזענע סטאַדעס.

עס זענען אויך געווען עקשנים צווישן די גאַוטשאָס, וואָס האָבן זיך נישט אונטערגעגעבן. מיט בלוט־פאַרלאָפענע אויגן האָבן זיי איינ־

געזאַמלט די משפּחה און די פּי און זיך געלאָזט ווייטער צו דער פּאַמפּאַ־גרענעץ, געצויגן זיך דורך לאַנגע חדשים אין גאַס־רעגן און אין פּאַמפּאַ־שטורעם, ביז זיי האָבן דערשנאַפּט ערגעץ אַ פריי שטיקל באָדן און אויף אַ צייט אַוועקגעלייגט דעם מידן קאָפּ. געווען אַזעלכע, וואָס פאַרן אָפּ־פאָרן האָבן זיי צעשניטן די דראָטן פון דער „עסטאַנסיאַ" און פאַרכאַפּט פערד און שעפּסן. נישט ווייניק פון זיי האָבן שפּעטער געשמאַכט אין די פּראָווינץ־תפיסות לאַנגע חדשים. די צאָל פון די פּרייע „גאַוטשאָס" איז קלענער געוואָרן. צווישן זיי איז געווען דאָן כואַן קאַסטראָ, וואָס זיין יחוס־בריוו אויף אָט די שטרעקעס האָט זיך געשריבן זייט אַ סך יאָרן. ער האָט נישט געקענט קיין אַנדער געגנט אויסער די אָ און ער האָט זיך נישט געקאָנט פאַרשטעלן, אַז ער וועט זי אַמאָל פאַרלאָזן.

פאַרוואָס האָט ער דווקא איצט זיך דערמאָנט אָן דעם גוטבאַזיצער און ער קאָן נישט די אויגן אָפּרייסן פון יענעם באַבוימטן בערגל, וואָס איז איצט אַרומגעזוימט מיט אַ דינעם נעפּל פון היק־כוואַליעס? פון פאָדערשטן טאַש אין זיינע ברייטע הויזן האָט ער אַרויסגעצויגן דאָס לעדערנע טאַבאַק־טאָרבעלע, אַריינגעטאָן צווישן צוויי פינגער דעם פּאַ־פּיראָס־פּאַפּיר, לאַנגזאַם פאַרדרייט און צוגעטראָגן דעם זוים פונעם פּאַפּירל צו דער צונג. ער האָט עס געדאַרפט באַנעצן מיטן געדיכטן שפּייעכץ, ווייל ס'איז אים טרוקן געווען אין מויל. נאָכן אָנצינדן דעם ציגאַרעט מיט אַ האָלצוועשקע, וואָס ער האָט אַרויסגעצויגן פון דער ברענענדיקער קיך, האָט ער פאַרצויגן אין זיך דעם רויך.

נו טאַקע, פאַרוואָס איז ער היינט מער פאַרזונקען אין מחשבות, וואָס ווייען אָן שטילן פּחד און אָפּקלאַנגען פונעם נעכטן? צי דראָט אים ווידער אַ געפאַר? ער האָט אַ מאָל געטאָן מיט דער האַנט ווי אָפּ־צוטרייבן אַ פליג, וועז ס'זענען אים אויפגעקומען אויפן געדאַנק די רייד פון זיין צעשראָקענעם זון. ערגעץ שטעלט מען אויף אַ נייעם לאַגער, אַן אָנזאָג אויף אַ ישוב. מוז ער זיך פילן געטראָפן? נאַרישקייטן. אָבער וואָס עס זאָגט אים אָן דאָס גרינע בערגל — איז שווער צו פאַרשטיין.

די טרוקנקייט אין מויל האָט אים דערמאָנט, אַז ער האָט נאָך נישט געטרונקען די נאָכמיטאָג־מאַטע. די קינדער זענען נישט געווען אין ראַנטשאָ, האָט ער אַליין אָנגעוואַרעמט דאָס וואַסער, אַרויס מיטן

טשייניקל אין האַנט און הינטערן ברייטן בוים האָט ער זיך פאַרטיפט אינעם טרינקען און טראַכטן.

איצט האָט ער זיך דערמאָנט: דער אָנדענק פון זיין פאַרשטאָר־בענער פרוי איז אים אַרויפגעשווומען היינט נישט אינגאַנצן צופעליק. דאָס איז נאָך איינע פון די זאָרג, וואָס ער שלעפּט איצט אויף זיינע פּלייצעס. אינעס, זיין זעליקע פרוי, איז דאָך אייגנטלעך אויך געווען אַ שטיקל „פּועבלערא" (שטעטלדיקע). ער האָט זיך באַקענט מיט איר אין אַ זונטיק, בעת די פערד־געלויפן, און זי האָט זיך אין אים פאַרליבט אויף אַזוי וויט, אַז זי האָט מסכים געווען צו אַנטלויפן פון דער היים ביינאַכט דורכן פענצטער. ער האָט זי אַרויפגעכאַפּט אויפן זאָטל און געטראָגן זיך מיט איר ווי אַ פייל איבער די פעלדער אין דער נאַכט אַריין. דעמאָלט האָט זי זיך געטוליעט צו זיין מענלעך־גרויסן גוף און געוווסט האָט זי, אַז אַ סך פון די גוטע און באַקוועמע זאַכן פון איר לעבן ביי די עלטערן זענען פאַרביי. זי איז אַראָפּ מיט אים אין אַן אומעטיקן „ראַנטשאָ" אויף צו פירן דאָרט אַ לעבן פול מיט ליבע און ליידן. האָט זי ווען עס איז אַרויסגעוויזן חרטה אָדער בענקשאַפט? חרטה זיכער נישט, אָבער אין אירע גרינלעכע גרויסע אויגן (אָט די גרינקייט האָט אים תמיד געצויגן און געשראָקן, ווי די מורא פאַר פאַרוויאַנעטע גרינ־קייטן) האָט ער נישט איין מאָל אַרויסגעלייענט אַ פאַרחלומטקייט. נישט קיין טרויער, פאַרקערט, ער האָט געקאָנט שווערן, אַז זי לעבט עפּעס איבער דערינערונגען, וואָס צינדן אין איר אָן אַ קינדערשע פרייד. בנ, קיין גרינג לעבן האָט זי נישט געהאַט ביי אים. פון וואָס צו שמועסן מיט אים האָט זי אויך נישט געהאַט. זי איז פאָרט געווען אַ געלערנטע, געקאָנט לייענען, אפילו אַמאָל לידער געשריבן און טעאַטער אין שטעטל מיט אַמאַטאָרן געשפּילט.

און ער, דאָן כואַן? אַ קיילעכיקער אַנאַלפאַבעט. פריער, ווייל ער האָט נישט געהאַט קיין מעגלעכקייטן צו לערנען, און שפּעטער, ווען זיין פרוי האָט אים געוואָלט צולערנען, האָט ער זיך קעגנגעשטעלט מיט אַלע זיינע אויפגערייצטע חושים. ער האָט געהאַלטן דאָס לערנען ווי אַ מיטל פונאַנדערשיידן צווישן דעם מענטש און זיין גלייכן. אַזוי ווי נישט יעדער איז תופס אין דער זעלבער מאָס, וועלן דעריבער נאָר ווינציקע פאַרויסגיין, און אָט די וועלן דורך זייער וויסן פאַרשקלאַפן

די איבעריקע. ער האָט אויך נישט איינמאָל אָנגעדייט, אַז די לוסט צו לערנען וועט אָפּרייסן דעם מענטש פונעם באָדן. ווער עס וויל זיין אַ פעלד־מענטש האָט נישט קיין נויטווענדיקייט צו לערנען. דאָס וועט נאָר צונעמען צייט און אים אַריינוואַרפן אין אַ נעץ פון סכנות. דערפאַר האָט ער עקשנותדיק זיך אָפּגעזאָגט צו באַקומען לעקציעס פון זיין פרוי און זיך באַנוגנט מיט אויסהערן די מעשיות, וואָס זי פלעגט פאַר אים פאָרלייענען אין די לאַנגע ווינטער־אָוונטן, וועגן דער געשיכטע פונעם לאַנד, וועגן די גאוטשאָ־העלדן פונעם נאָרד, וואָס האָבן געקעמפט קעגן שפּאַנישן דעראָבערער. ער פלעגט קריצן מיט די ציין, קלעמען די פויסטן און שפּריצן מיט פייער ווען זי פלעגט דערציילן וועגן דראַמאַטישן געראַנגל פאַר דער פרייהייט פונעם לאַנד.

אָבער אינעם קאַמף אַריינצופירן אַ ביסל וויסן און ליכט אין דער ראַנטשאָ האָט אינעס איבערגעוואויגן ווען עס איז געקומען די צייט צו באַשליסן וועגן די קינדער, זי האָט גענומען אויף זיך די פליכט זיי צו לערנען, צוליב דעם, ווייל די נאָענטסטע שול איז געווען צענדליקער קילאָמעטער ווייט פון דאַנעט, און ער, כאָטש קאַסטראָ, האָט נישט געהאַט דעם מוט צופיל איבערצוציען דאָס שטריקל. נאָך אַלעמען — מיט וואָס אַנדערש האָט ער געקאָנט פאַרגיטיקן איר פאַר איר איינזאַמקייט? זאָלן זיי לערנען, כאָטש געוווּסט האָט ער, אַז קיין גוטס וועט עס אויך פאַר זיי נישט ברענגען. ער אַליין האָט אויך ציגעלייגט דאָס אויער בעת אינעס האָט דורכגעפירט די לעקציעס, געפּרוּווט אַליין אויך לשם זעלבסט־הנאה צוקלעפּן אין זיין זכרון אָפּגעריסענע פראַזן, אָבער דעם בליישטיפט אין האַנט האָט ער נישט גענומען. אפילו נישט געלערנט אויסלייגן די חתימה, מיט דער טענה, אַז אויב ער וועט קאָנען זיך אונטערשרייבן, וועט מען קומען צו אים מיט אַלערליי פּאַפּירן. אַזוי איז ער פטור, ער קען נישט און שוין...

די פרוי איז געשטאָרבן פון אַ צוקילונג און פון די פינף קינדער וואָס זי האָט אים איבערגעלאָזן זענען ביי אים געבליבן פיר. דער עלטסטער איז אַוועק אין דער ׳וועלט אַריין נאָכדעם ווי ער האָט אין אַ שיכורן צושטאַנד דערשטאָכן אויף טויט אַ פאַרוואַלטער פון דאָן אורעליאַס עסטאַנסיאַ. ער איז אַנטלאָפן און פון דעמאָלט האָט מען פון אים נישט געהערט. דורכפאָרער האָבן בלויז געוווּסט צו דערציילן,

אַז אַזאַ איינער איז די שרעק פון די אינוווינער אין פּאַטאַגאָניע, און דער אַלטער שטילער גאַוטש האָט זיך צוגעוווינט צום געדאַנק, אַז זיין זון איז אַ גערודפטער פונעם געזעץ.

דער דרייצן־יעריקער טיטאָ, וואָס איז געבליבן גאָר יונג אָן אַ מוטער, האָט זיך געהאָדעוועט ווי אַ „גואַטשאָ" (אַ פּאַרלאָזן קעלבל אָן אַ מוטער). איצט איז ער דער איינציקער און פלייסיקער אָפּהיטער פון דער סטאַדע. ער האָט באַקומען אַ שאַרף אויג, ווי אַן אמתער „טראַפעראָ" (פי־טרייבער), אָפּצומעסטן די גרויסע צונויפגעדריקטע סטאַ־דע און באַמערקן ווען עס פעלט עפּעס. ער האָט געוווּסט די אייגנשאַפט פון יעדער בהמה און האָט ליב געהאַט אומצובלאָנקען דורך די טעג אין ווינט און זון־גלי איבער די פעלדער און זיך יאָגן אין פאַנג נאָך ווילדע פייגל און חיות.

קאַרמען, די עלטסטע טאָכטער, איז שוין איצט נאָענט צו די דרייסיקער. מען האָט זי פון קינדווייז אָן גערופן „לינדאַ", צוליב איר באַזונדערן חן וואָס האָט געשפּרודלט פון איר. זי איז געווען, ווי אַ קאָפּיע פון איר מוטערס געזיכטס־שטריכן און דעם פאָטערס אייגנשאַפטן. נאָר אין די ווינקל־אויסשניטן ביי די אויגן איז געבליבן אַ לייכטער אָבער שאַרפער צייכן פון אינדיאַנער אָפּשטאַם. דער צייכן און דער קעגנזעצלעכער גרינלעכער אָפּגלאַנץ פון די גרויסע אויגן האָבן אָנ־געוויזן אַ כישופדיקן חן פון אַדעלקייט. ווען זי איז קוים פופצן יאָר אַלט געווען איז צופעליק פאַרבייגעפאָרן אַ יונגער שפּאַנישער פרוכט־הענדלער, אָפּגערוט זיך און דער הויף איז פאַרכאַפּט געוואָרן פון די ריחות וואָס האָבן זיך געטראָגן פון די פאַרמאַכטע פרוכט־קעסטלעך. געווען איז דער הענדלער הויך געבויט, מיט ברייטע פאַרצויגענע וואָנצן און פייערשפּריצנדיקע אויגן. ער האָט געזונגען שיינע ציגיינער־לידער און דערציילט גוזמאדיקע מעשיות. נאָכן באַזוך פונעם הענדלער איז קאַרמען אריינגעפאַלן אין אַ מעלאַנכאָליע און ביז איר געלעגן ווערן כמעט ווי נישט אָפּגעטראָטן פונעם הויף. ווען זי האָט שפּעטער געדריקט צו זיך דאָס קינד, די אומגעריכטע פרוכט פון אַ נישט קלאָרן אַקט, האָבן טרערן זיך געגאָסן איבער אירע פאַרבלאַסטע באַקן און ער, דאָן כואַן, האָט זיך אַרומגעדרייט אַרום דער כאַטע, געשאָלטן אָן אויפהער, אָבער לסוף זיך באַרויקט.

די יאָרן זענען געגאַנגען איינטאָניק, ווי דער זומער־קאָליר פון די סטעפּעס. דאָס לעבן אין דער אַלטער ראַנטשאַ איז געפלאָסן אומעטיק און סומנע, און ווי באַהויכט פון אַן אומזעבאַר ווונדער־ווינטל איז אויפגעגאַנגען אינעם פעלד די גראַציעזע רויז, וואָס האָט אַריינגעבראַכט אינעם גרויען משפחה לעבן דעם אַראָמאַט פון אַן עקזאָטיק געווירץ. עס האָט אויסגעזען ווי דער פריער פרילינג זאָל זיך האָבן פאַרקליבן, אַרומגעגאַרטלט די כאַטע און די פעלדער מיט יענעם כישוף, וואָס דערמאָנט די טיפע סודות פון דער נאַטור־שאַפונג.

דאָס איז געווען מיראַ, די איצט דרייצן־יעריקע, דאָס אייניקל פון דאָן כואַן. און ווער האָט איר נישט ליב געהאַט פאַר איר גוטסקייט און חן? איר בייגעוודיק רייף ווערנדיק קערפּערל האָט געשפּרודלט מיט דער גראַציע פון אַ יונגער פּאַלמע וואָס צעשפּרייט לייכט אירע גרינע אָרעמס, גרייט אַרומצונעמען דעם עלנטן וואַגלער. אין איר יונג האַרץ האָט געגעסטיקט אַ טיף רחמנות-געפיל צו חיות. באַזונדערס האָט זי ליב געהאַט צו פאַרברענגען אין די זומער־שעהן פון פרימאָרגן ביי דער קליינער אָזיערע און זיך צוקוקן צום קאַראַהאָד פון די טויזנטער שמעטערלינגען און ווילדע פייגל.

קוקנדיק אויף זיין צעוואַקסן־צעבליט אייניקל האָט דער אַלטער זיך דערמאָנט אָן זיין פאַרשטאָרבענער פרוי, וואָס רוט אויפן צעגרינטן בערגל. אויך אין אירע אויגן, אין די שוואַרצע אויגן פונעם אייניקל, איז אָפּגעהיט געוואָרן דער גרינלעכער אָפּגלאַנץ, וואָס איז, ווי עס זעט אויס, באַשטימט געוואָרן ווי אַ גאָב פון טייערן שמאַראַגד, וואָס קאָן נישט פאַרלאָרן ווערן אין קיין איין דור. איצט האָט ער מער נישט געשאָלטן און געבייזערט זיך, פאַרקערט, נישט איין מאָל האָט ער אפילו שטילערהייט געבענטשט די ווינטן וואָס האָבן אין אַ טאָג צוגעטראָגן אַהער דעם אומבאַקאַנטן סעוויליאַנער פרוכט-הענדלער...

ער האָט זיך געכאַפּט, אַז ער האָט שוין אַריינגעטריפט די לעצטע טראָפּנס פונעם טשייניקל און אַז די מאַטע האָט ער שוין געטרונקען מיט לעבלעכן נודנעם וואַסער, צוליב וואָס די געזאַלצנקייט שפּירט זיך נאָך מער. ער האָט אַ מינוט זיך אָנגעשטרענגט, דערמאָנט זיך אַז ער דאַרף נאָך היינט עפּעס דערליידיקן און זיך האַסטיק אויפגעשטעלט. ער האָט זיך דערמאָנט אָן דעם באַפעל, וואָס ער האָט געגעבן דעם

קליינעם זון און זיך געלאָזט מיט גיכע טריט צו דער כאַטע.

אויף די ענג־געזאָטלטע פערד זענען פאָטער און זון געריטן איבערן סטעפּ. די סטעזשקעס, אויסגעטראָטענע פון די סטאַדעס, האָבן זיך געצויגן אין קרייץ־פלאָנטערס און זיך פאַרלוירן צווישן די ווייכע קוסטעס. די פערדישע טריט, געמאָסטענע, האָבן זיך צונויפגעגאָסן מיט׳ן קלינגען פון דער זילבערנער צוים, און די פעלד־פייגל האָבן צעליאַרעמטע זיך אויפגעהויבן אין דער לופט. באַזונדערס אומרויק זענען געוואָרן די עלעגאַנטע און שרייענדיקע „טערו־טעראַם".

ביידע האָבן זיי געשוויגן. דאָן כואַן האָט נאָך געצויגן פון זכרון שטיקער אָפּגעבלאָסטע געשעענישן, וואָס האָבן געזוכט אַ ריכטיקן צוזאַמענבונד, און ער האָט כמעט ווי נישט געפילט, אַז עמעצער רייט נעבן אים. דער קליינער טיטאָ, זעענדיק פון דער זייט דעם פאָטערס אָנגעשטעלטע גרויע ברעמען, האָט מורא געהאַט אַרויסצוברענגען אַ וואָרט. מיט זיין פּרימיטיוון חוש האָט ער ווי אָנגעטאַפּט אין דער לופט די דערנענטערונג פון אומרויקע טעג און צעטרייסלענדיקע ווינטן, וואָס וועלן אפשר מיטרייסן די רו פון זייער ראַנטשאָ. ער האָט געמאָסטן דעם פאָטערס שטימונג מיט דער מאָס פון די אויסערלעכע געשעענישן. ער, טיטאָ, האָט דאָך נישט איינמאָל געזען די קאַראַוואַנעס, וואָס זענען אַרויס פון אָט דער געגנט און זיך געצויגן צו אַ וויטן ערגעץ. אויף די וועגענער, וואָס זייערע הויכע רעדער דרייען זיך אַזוי לאַנגזאַם און שלינגען גרויסע שטרעקעס, האָבן פאַרבענקטע אויגן געוואָרפן אַ לעצטן בליק אויפן באַליבטן געבוירן־פּלאַץ. ער האָט זיך דערשראָקן פאַרן מאָדנעם צוזאַמענשפּיל פון זיינע געדאַנקען מיט די בילדער פון עבר.

ניין! זיי וועט מען פון דאַנען נישט אַרויסרייסן. זיי זענען דאָך איינגעוואָקסן איינעם אַרום, ווי עס איז די שפּיגלדיקע „לאַגונאָ" צווישן די בערג. צי קאָן מען זי ווען עס איז עוקר זיין? צי קאָן מען אָפּרוקן אָט די קייט פון בערגלעך און זיי צעשיידן ווי מען טיילט פונאַנדער רינגען פון אַן אייזערנער קייט? צי קאָן מען פאַנגען אין די ווינטער־נעכט דעם פּאַמפּעראָ־ווינט און אים אַריבערפירן אין די צפון־געגנטן? אָבער ווען ער איז אין די פּרימאַרגן־שעהן געריטן איך פעלד און זיך אָנגעשטויסן אין דער אומבאַקאַנטער פּאַלאַטקע, וואָס האָט זיך געטוליעט און געפּאַליעט ווי אַ פאַרלאָרן קינד, האָט ער איינגאַנצן אויפגעציטערט,

און געטריבן ווי פון אומזעבאַרע פאַרפאָלגער — זיך צעיאָגט אָן אָפּהאַלט אַהיים.

פון דעסטוועגן האָט ער ווי יעדעס קינד געפלאָטערט און אויס־געקוקט אויף אַ נייעס. אויף אַן ענדערונג אין זיין לעבן, וואָס גייט מיטן טעמפּאָ פון אָקסן־שריט. מיט דערוואַרטונג איז ער געריטן נעבן פאָטער און געווען צערייצט פון דעם, וואָס דאַרף אָט באַלד זיך אַנטפּלעקן. דער דרייצן־יעריקער מענטש איז נאָך געווען אַ קינד, פאַר וועמען אויך די געפאַר אָדער דאָס אומגליק פאַרמאָגן זייער רייץ.

זיי האָבן זיך דערנענטערט צו דער געגנט ווו עס איז אויפגעשטעלט געוואָרן דער לאַגער. פאַר טיטאָן איז נישט שווער געווען צו דערמאָ־נען זיך ווו ער איז אין דער פרי געווען. צי עקזיסטירט נאָך אַ ווינקל אויף אָט די שטרעקעס, וואָס ער זאָל עס נישט קענען ווי זיך אַליין? דאָס זעלבע האָבן אויך אויסגעזאָגט די כאָפּטע הינט וואָס זענען מיט רויטע אַרויסגעהאָנגענע צונגען נאָכגעלאָפן די רייטער און פלוצעם זיך אַ ריס געטאָן מיט אַן אָפּגעהאַקטן בילן. אריבערשפּאַנענדיק אַ קליין באַגראַזט בערגל וואָס איז געווען פאַרזייט מיט קליינע קאָלד־פעלדזן — האָבן זיי זיך געפונען אַ הונדערט שריט פונעם באַלעבטן ווינקל.

די ווייסע פאַלאַטקע צוזאַמען מיט די אָרעמע אינווענטאַר־זאַכן האָבן אויסגעזען אינעם אָפענעם פעלד ווי אַן אַאַזיס אינעם מדבר. צו־געטוליעט צו די קוסטן און צו אירע אייגענע פאַלעס איז זי געשטאַנען אָרעם אָבער פייערלעך אין איר אויסגעבלאַנקטן לבוש, אויסגעוואַשן פון בונטע זון־שטראַלן. אַ טריט ווייטער האָבן צוויי געפּענטעטע פערד געגריזשעט די ווילדע פאַשע און פון יענער זייטביידל האָבן צוויי מענטשן געמאָסטן מיט אַ הילצערנעם טריאַנגל און געקלאַפּט פלע־קענער אינעם באָדן.

דער אַלטער גאוטש האָט האַסטיק אָפּגעשטעלט זיין פערד און מיט אַ ווונק אויך באַפוילן דעם זון אַזוי צו טאָן. ביידע זענען זיי גע־בליבן שטיין אין אַן אָפּוואַרטנדיקער פּאָזע. די הינט האָבן זיך אַ ריס געטאָן מיט אַ האַסטיקן בילן, אָבער האָבן זיך צוריקגעצויגן, ווי זיי וואָלטן מורא געהאַט פאַר אַ נישט דערוואַרטן צוריקשטויס.

די צוויי מענער מיט די רידלען אין די הענט האָבן זיך ראַפּטעם אומגעדרייט און אַ ציטער האָט דורכגעריזלט זייער לייב. וואָס פאַר אַ

מאָדנע דערשיינונג אין די שפּעטע נאָכמיטאָג־שעהן! ווי איינגעוואָקסענע סטאַטועס זענען די רייטערס געשטאַנען אויפן נאָענטן בערגל און די זון־שטראַלן האָבן זיי באַגילט מיט די פאַרבן, וואָס האָבן זיך צוזאַמענ־געמישט מיט דער העל־גרויקייט פון די קוסטעס. בלויז דאָס בילן און רייסן זיך פון די הינט האָט אָפּגעצויגן די געשפּאַנטקייט. איינצייטיק האָבן ניאָמע און דער גאוטש מיט געמאָסטענע געדולדיקע טריט זיך דערנענטערט צו זיך. פון ביידע זייטן האָבן די קינדער זיי נאָכגעפּאָלגט.

דאָן כואַן האָט מיט אַ געבייזער איינגעשטילט די הינט און זייענדיק שוין נאָענט צו די אָנקומענדיקע, האָט ער זיך אויסגעגלייכט, אַראָפּגענומען דעם שוואַרצן ברייט־ראַנדיקן הוט און מיט אַ הויכער שטימע זיי באַגריסט. ניאָמע האָט עפּעס אומזיכער אַ שעפּטשע געטאָן, אויסגעשטרעקט די ציטערדיקע האַנט און זיך פאַרנייגט.

זיי האָבן זיך שטום אָנגעקוקט.

וואָס איז געלעגן אין זייער בליק, אַז זיי זענען ביידע געבליבן אין אָט דער זעלבער רגע צוגעשמידט צום אָרט?

ביידע שלאַנקע, ברוינלעכע. ביידע מיט טונקעלע לעבעדיקע אויגן, וואָס האָבן נאָך נישט אָנגעוווירן דעם יוגנט־גלאַנץ, טראָץ דעם, וואָס אין זייערע שוואַרצע בערד האָט זיך דורכגעריסן די ווייסקייט, ווי פּע־דים באַדעקטע מיט שניי. אַזויפיל ענלעכקייט אין געווען אין זייער געשטעל, פונקט ווי יעדער פון זיי וואָלט אַריינבליקנדיק אין צווייטנס נשמה־טיפענישן דערזען זיך אַליין און די וועלט פון פאַרגאַנגענע דורות.

איינער איז געווען דער ריטער פונעם סטעפּ, דער אָפּהיטער פונעם פרייען לעבן אויף אָט דעם באָדן, ווו די פאַרגאַנגענע דורות זענען באַצוווּנגען געוואָרן דורכן געוואַגטן אַריינדרינגער. דאָס איז געווען אַ גיגאַנטישער געראַנגל אָפּצוהיטן דעם אייגענעם קאָלאָריט, דעם לעבנס־שטייגער, די פרייהייט. אָבער ווער האָט זיך געשראָקן פאַרן לייבן־געברום קעגן אַוואַנסירנדיקן באַצווינגער? ווער האָט אייב־געטריפט דעם אומעט אינעם געזאַנג פונעם איינגעבוירענעם, וואָס ווערט אין די אָוונטן, ביים שיין פון די ברענענדיקע קוילן, דורכגעזאַפּט מיט אַזויפיל בענקשאַפט נאָך פאַרלוירענע וועלטן? איז דאָס די פּאַטאַלע נאָכגיביקייט? אָדער דער צוזיפּמיש פון אַזוי פיל בליץ־מאַגנעטן: מדבר מאָטיוון און רעזיגנאַציע, געראַנגל און פאַטאַליזם?

און אַט דעם בליק האָט איבערגעקרייצט דער מאַטער אָפּשיין פון טונקעלע זיך באַוועגנדיקע אויגן. דאָרט, פון אונטער די גרויע אָפּשטייענדיקע ברעמען האָבן זיי אַרויסגעקוקט צו דער וועלט, תמיד גרייט זיך צוריקצוציען, זיך פאַרזשמורען, כדי נישט אָנצוקוקן די רשעות און די זינד פון דער וועלט. עס איז אין זיי געלעגן דער צער פון דורות, וואָס שרייט נישט מער נאָך יושר. אָט די אויגן האָבן שוין נישט אײנמאָל געזען די פייערדיקע רוט, וואָס לאָזט זיך אַראָפּ אויפן רוקן פון הילפֿלאָזע. זיי האָבן שוין מער נישט געבעטן קיין רחמים ביים פאַרפאָלגער און נישט קיין חסד ביי דעם אייבערשטן.

אַזויפיל פאַרשידנקייט און גלייכצייטיק אַזויפיל נאָענטקייט איז געווען אין די צוויי פּאָר אויגן. נישט די זעלבע געשיכטעס דערציילן זיי, אָבער דער צייכן פון פּיין האָט אָן ווערטער אַרויסגערעדט פון ביידן.

ניאָמע איז אָפּגעטראָטן הינטערוויילעכס און מיט אַ לייכטער האַנט־באַוועגונג איינגעלאַדן די געסט אים נאָכצוגיין. זיי זענען איצט געזעסן ביים אַריינגאַנג פון ראַנטשאָ. רעדן האָבן זיי נישט געקאָנט פריי און צעבונדן, ווייל איינער האָט נישט פאַרשטאַנען דעם צווייטנס לשון. ניאָמע איז געווען אין אַ פאַרלעגנהייט: ווי נעמט מען אויף די געסט? ווייַן האָט ער געהאַט ביי זיך, אָבער ער האָט מורא געהאַט זיי פאַרצולייגן. ער האָט נישט געוווּסט צי אַזוי איז דער מנהג ביי זיי. ער האָט אויך זיך אָנגעהערט און אָנגעלייענט, אַז זיי, די גאַוטשאָס, פאַלן שנעל אַרונטער אונטערן איינפלוס פונעם ווייַן און דעמאָלט... ער האָט זייטיק אַ קוק געטאָן אויף דער שוואַרצע אויסגעריבענער שייד, פון וועלכן עס האָט אַרויסגעקוקט דאָס קרומע הענטל פון אַ לאַנגן מעסער. אַ לייכטער שאָטן האָט פאַרבייגעשוועבט פאַר זיינע אויגן, און ער האָט געזוכט אַ וועג ווי אַזוי צו זיין דער ריכטיקער מכניס־אורח. ער האָט זיך דערמאָנט, אַז מאַטע איז דער געטראַנק, וואָס איז אָנגענומען און באַליבט צווישן די פּאַמפּאַ־מענטשן און מ׳קאָן זיך נישט פאָרשטעלן קיין צוזאַמענקום, אפילו קיין צופעליקן באַזוך, אָן דעם כיבוד פון דער גרינער מאַטע, וואָס ווערט סערווירט צערעמאָניאַל פון מויל צו מויל. און איצט האָט ער געוווּסט אויף זיכער, אַז אָט דער באַזוך פון די שכנים וועט באַשטימען דעם גורל פון זיינע באַציונגען מיט זיי. ער האָט מיט אָנגעשטרענגטע זשעסטן געבעטן זיינע געסט צו־

וואַרטן און אָנגעהויבן מיט די צוגרייטונגען פאַר דער מאַטע־סערווי־
רונג. דערביי האָט ער מיט ציטערניש געטראַכט: „נאָר האַלטן
קאָפּ און נישט פאַרגעסן, חס וחלילה, ווי אַזוי צוצוגרייטן און ווי אַזוי
צו דערלאַנגען"... ער האָט ערגעץ געלייענט, אָדער אפשר האָט מען
אים דערציילט, אַז פאַר דערלאַנגען די מאַטע צו קאַלט, וועלן ז'יי, די
היזיקע, אויפגערעגט און פאַרקרימען זיך מיט אָפענער ווילדקייט: דער־
לאַנגען די ערשטע מאַטע דעם גאַסט איז ממש סכנות נפשות, מ'קאָן
באַקומען אַ מעסער אין זייט...

ער האָט מיט ציטערדיקע הענט צוגעטראָגן די שוימיקע מאַטע
דעם גאַסט. דאָן קאַסטראָ האָט געטרונקען און געשמייכלט מיט אַ דינעם
שמייכל און עס איז שווער געווען צו דערגיין צי איז דאָס געווען פון
שטילער הנאה אָדער פון באַהאַלטענעם חוזק. ער האָט אָבער יעדעס
מאָל אויסגעשטרעקט די האַנט און עטוואָס אונטערגעברומט. ניאָמע האָט
נישט געוווסט צי דאַנקט דער גאַסט פאַר דער משקה אָדער ער וויל
נישט מער. אויך דאָ האָט ער געהערט וועגן פירונגען וואָס מ'מוז אָפּ־
היטן: מען הערט אויף צו סערווירן נאָר דעמאָלט ווען דער גאַסט גיט
דעם ריכטיקן דאַנק בעת ער ענדיקט טרינקען און גיט אָפּ די מאַטע
דעם גאַסט־געבער אין האַנט...

אָן לשון, אָבער אָן אָפּגעהאַקטער שמועס האָט זיך דאָך געפירט.
אין פאַרלויף פון דער צייט וואָס ניאָמע געפינט זיך אין לאַנד
האָבן זיך 'צו זיין צונג, וואָס איז געוויינט געווען נאָר צו יידיש און
אַ ביסל דאָרפיש־רוסיש, צוגעקלעפּט אַ פּאָר שפּאַנישע ווערטער, און
איצט זענען זיי געווען דער שפּיציקער אָנכאַפּ צו פאַרטשעפּען אָט דעם
וואונדערבאַרן שמועס אָן ווערטער און מיט אַזויפיל האַנט־באַוועגונגען.

— פון וואַנעט קומט איר? — האָט דער אַלטער גאַוטש אַ וויין
געטאָן מיט דער האַנט אין דער ווייטקייט אַריין, ווי ער זאָל וועלן דער־
נענטערן די וועלט וואָס צעטיילט זיך פון יענער זייט בערג.

— פון דאָרט, פון... רוסיא — האָט ניאָמע אַ צי געטאָן דעם
אָרעם ווי אַ קרומען בויגן. ער האָט געוואָלט אָנווייזן ווי ווייט יענע
וועלט איז פון דאַנעט.

ער האָט באַמערקט ווי אויפן געזיכט פונעם אַלטן גאַוטש האָט זיך
אַרויפגעצויגן אַ גרימאַסע פון פאַרוווּנדערונג. ווי עס זעט אויס, האָט

ער צום ערשטן מאָל אין זיין לעבן געהערט דעם נאָמען פון יענעם לאַנד. האָט ער זיך געהאָלפן מיט אַ שמייכל און מיט דער אויסגעגלאַנצטער „רעוועוקע" (אַ פון לעדער אויסגעאַרבעטע רוט, וואָס נוצט מער אויסצופיינערן זיך, ווי צו שמייסן דעם רייט־פערד) האָט ער צוגעשמיסן אויפן באָדן און פאַרלעגן געשמייכלט צו ניאָמען.

— יאָ, יאָ, „אַמיגאָ" (פריינד) — האָט זיך ניאָמע ווי צעוואָרעמט פון זיין הצלחה אָנצוקניפּן אַ ריכטיקן שמועס — אַ סך, אַ סך וועלן קומען פון רוסלאַנד אַהער און אַלץ אַרום וועט באַזעצט ווערן...

גאָט! צי האָט דער שכן באמת פאַרשטאַנען יעדעס וואָרט, אָדער אפשר בלויז דעם אינהאַלט? צי גאָר האָט ער נישט אויסגעטייטשט אַלץ קאַפּויער? די טונקעלע געקנייטשטע הויט פונעם גאַוטשאָס פּאָרמעט געזיכט האָט זיך ווי אויסגעגלייכט און באַגאָסן געוואָרן מיט אַ מאָטער גרינקייט, וואָס איז שנעל אָפּגעטראָטן פאַר אַ ציטערדיקער בלייכקייט. און ווידער האָבן זיך באַוויזן די קנייטשן, אָבער מיט מער שאַרפקייט. איצט איז געשטאַנען פאַר אים אַן אַלטער פעלד־מענטש, וואָס איז אָנגעשפּאַנט ווי פאַר אַ געפאַר:

— ווי האָט איר געזאָגט, פריינד? — דער „פריינד" איז אַרויס פון זיינע ליפּן צום קעגנזעצלעכן אויסדרוק פון זיין צאָרנדיק געזיכט.

אויף ענטפער האָט ער שוין נישט געוואַרט. איצט איז געווען קלאָר אַז ער האָט פאַרשטאַנען דעם זין פון ניאָמעס רייד. פון דאַנעט זיין ברויזנדיק געזיכט. די האַפערדיקייט פון ניאָמעס רייד האָבן געטראָפן אין זיין אָנגערייצט האַרץ. האָט ער זיך אויפגעהויבן, פאַרנייגט זיך און געמאַכט אַ קרייז אַרום דער כאַטע ווי צו וועלן בודק זיין איר ריכטיקע בוי. דאַן האָט ער זיך אַרויפגעכאַפּט אויפן פערד, אַריינגעגראָבן האַסטיק די שפּאָרן אין זיינע ריפּן, אַז עס האָט זיך געגעבן אַ שטעל אויף די הינטערשטע פיס און אַ פאָכע געטאָן מיט די פאָדערשטע ווי צו זעגענען זיך. נאָכדעם האָבן זיי זיך צעלאָזט אין אַ ווילדערישן גאַלאָפּ, אין באַגלייט פון דער כאַפּטע צעליאַרעמטע הינט זענען זיי פאַרי שווונדן פון יענער זייט בערגלעך, פון וואַנעט זיי זענען אַזוי געהיימניספול אָנגעקומען. געבליבן איז נאָר דער ווייכער אָפּקלאַנג פונעם פערדישן גאַלאָפּ איבער די גראָזן און קוסטעס.

ווען אַלץ האָט זיך איינגעשטילט און ניאָמע מיטן זון האָבן

זיך שווייגנדיק צוגעשליכטט צום בײדל איז שוין די זון געשטאַנען טיף אַראָפּ צום האָריזאָנט. איצט האָבן אירע שטראַלן צעררײצט און קאַפּריזנע געשטאָכן די אויגן, אָבער זייער גאָלדיקער אָפּשיין איז רחמנותדיק געפאַלן אויף די האַלב־פאַרוויאַנעטע גראָזן. די זענען שוין נישט געגאַנגען צו זייער פריערדיקער אַרבעט. מיט קאַנען וואַסער וואָס זיי האָבן אָפּגעצויגן פונעם פעסל, האָבן זיי זיך אַרומגעוואַשן און דער זון מאיר האָט צעלייגט אַ פייער פון איבערגעפוילטע וואָרצלען.

ניאָמע האָט זיך אַוועקגעזעצט אויף אַ נידעריק קעסטל ביים אַריינגאַנג פון דער פּאַלאַטקע, אַנגעשפּאַרט די עלענבויגנס אויף די קניען. זיינע אויגן האָבן, ווי פאַרבלאָנדזשעטע פייגל, זיך אומרויק צעפלאַטערט איבער די פעלדער. ווי גרויס איז גאָטס וועלט און ווי אָרעם איז אונדזער ווינקעלע — האָט ער זיך געטראַכט ווען ער האָט אַ פיר געטאָן זיין בליק אויפן מאָגערן אינוועטאַר. ער האָט אויפמערקזאַם באַטראַכט ווי דער זון מאַכט צורעכט דאָס פייער און גרייט צו דאָס אָוונט־געקעכטס. ער האָט געזען זיין געדולד און זאָרגפעליקייט און אָפּגעזיפצט: „מיט אים וועט אודאי נישט זיין קיין שוועריקייט, ווער ווייסט אָבער ווי אַזוי הערשל וועט זיך „אַריינפּאַסן"... באַלד אָבער האָט ער זיך געכאַפּט, אַז זיין שווייגן וועט מאירן אודאי נישט אויפמונטערן. „זאָג אים עפּעס, ניאָמע, ער איז מן־הסתם נישט אין קיין געהויבענער שטימונג — איצט, נאָך זייער באַזוך" — האָט ער זיך אַליין אַ טאָרע געטאָן.

— נו, מאיר, ווי געפעלן דיר אונדזערע היינטיקע געסט?

צאַפּנדיק פונעם פעסל דאָס וואַסער האָט מאיר אויסגעדרייט דעם קאָפּ.

— כ'ווייס נישט, טאַטע, אָבער זיי זענען אויס מאָדנע, מיט ווילדע אויגן. זיי מוזן אונדז אוודאי פיינט האָבן.

— פיינט האָבן? פאַרוואָס? ווער האָט זיי אַזוי געלערנט? — ניאָמע האָט זיך כמעט ווי אויפגעשטעלט פון פאַרוואונדערונג — דאָ איז דאָך נישט פאַראַן קיין גלח וואָס העצט קעגן אונדז, זיי ווייסן דאָך אפילו נישט פון וואַנעט מיר קומען און ווער מיר זענען!... פיינט האָבן? צי זענען מיר געקומען אַהער עפּענען אַ קראָם און זיי איבערקליגערן? דאָ איז איין וועלט און איין דלאָניע וועט פירן דעם אַקעראייזן... די

פריקרע נאַגעניש, וואָס איז געבליבן צוגעקלעפּט צו דער נשמה נאָכן באַזוך פון די פרעמדע, האָט זיך ביסלעכווייז אָפּגעטאָן. דאָס פריילעכע צוקנאַקן פונעם פּייערל און די וואַרעמקייט פון די אייגענע רייד האָבן געמאַכט דורכציטערן דעם קערפּער מיט יענעם זיסן שוידער, וואָס מ'פילט בעת די נאַכט עפנט אַ פלעמל־ליכט אין דער ווייטעניש.

דער עצם געדאַנק אַז דאָ וועט דער ייד קיין שענק נישט אויפשטעלן און דער גוי וועט נישט אָפּגעשווינדלט ווערן, האָט אים הנאה געטאָן ווי פאַרן אויספירן אַ גרויסע אָבער שווערע מצווה. אויב אים איז באַשערט אויסצופירן אָט דעם געבאָט, וועט ער זיך נישט דאַרפן רעכענען מיט אַלע דערוואַרטע און אומגעריכטע שוועריקייטן און אויסטראָגן סיי בושת־פּנים און סיי דערהויבונגען.

— יאָ, מיין זון, דאָס איז ערשט דער אָנהייב. דער עיקר איז וואָס מען דאַרף אויפטאָן אינעם מאָרגנדיקן טאָג...

און מאיר, זיין שטילער, צו שטילער, נישט איבערגעשפּיצטער זון האָט אויסגעצויגן זיין אַזוי אויך לענגלעך פּנים און צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ. ער האָט אָבער נישט געוווּסט אויף זיכער, וואָס דער פאָטער מיינט מיטן „אויפטאָן אינעם מאָרגנדיקן טאָג". געוווּסט האָט ער בלויז, אַז דער מאָרגן וועט זיין אָנגעפּיקעוועט מיט אַרבעט.

* * *

ניאָמע ליפּמאַן איז איבערגעטראָטן דעם קאָרידאָר, וואָס פירט פונעם פאַרגאַנגענעם יאָרהונדערט, און אין זיינע מיטעלע יאָרן אַריינגעשפּאַנט צוזאַמען מיט די ברויזנדיקע יונגע אינעם הייַנטיקן יאָרהונדערט, וואָס האָט געוווּסט פון שיידוועגן, אידעען־ברויזונגען און אויסניכטערונגען ביז פאַרצווייפלונג. ער איז געווען דער עדות פונעם געבורט פון קאָנטראַסטן אין יידישן לעבן, קאָנטראַסטן, וואָס האָבן גענעסטיקט אונטער איין דאַך, געוואַקסן אין די קרומלעכע געסלעך און אויסגעפּילפּולט געוואָרן אין די חושכדיקע קלויזן.

אַליין אַ משכיל און אָפּהיטער פון מצוות, האָט ער די טראַדיציע געזען ווי אַ גילדענעם פאָדעם, וואָס בלישטשעט און באַשיינט יעדן נייעם בגד וואָס די צייט ברענגט אַרויס. ער איז געווען אַ פריינד פון די יונגע עס־ער'ן און געטראָגן אויף זיינע ליפּן די ברכה צו די יונגעלייט פון די חובבי ציון־קלייזלעך. באַגייסטערט פון די גרויסע מעשים

פון ווערא פינגער, באַבושקא יעקאַטערינא, גערשוני און אַנדערע, האָט ער אויך מיט בענקשאַפט געלייענט וועגן די אויפטואונגען פונעם באַראָן ראָטשילד און די ביל״ו־לייט. אין די ווינטער־נעכט איז זיין וואַרעמע שטוב געווען איבערפולט מיט יוגנט פון אַלע ריכטונגען, מ׳האָט שטיל געזונגען רוסישע און יידישע אַרבעטער־לידער, מ׳האָט הייס דיסקוטירט און מ׳האָט פאַרגעלייענט די ״הצפירה״, וואָס נאָר ער איז געווען איר איינציקער אַבאָנענט אין שטעטל, אָדער אַ קליין וואַרשעווער יידיש בלעטל.

און טראָץ דעם וואָס אין זיין שטוב האָט עס תמיד געזשומעט מיט יוגנט און פריילעכע געשפרעכן, האָט אים פאַרפאָלגט אַ באַזונדערע מעלאַנכאָליע, וואָס האָט זיך געשפייזט פון אַ טיפער אומצופרידנקייט מיטן אַרט לעבן אינעם קליינעם שטעטל. ער איז אַרומגעגאַנגען ווי אַן אַרויסגעשטויסענער פון געוויינטלעכן גאַנג און פאַרלאָרן די גלייכגעוויכט. דער וואָרעם פון אומרו און צווייפל האָט געגריזשעט און גענאָגט. זיינע אויגן האָבן ווי אין חלום געזוכט ווייטע האָריזאָנטן. יעדער וועג האָט געצויגן און געשראָקן. יעדער טאָג איז געווען ווי אַ פאַרלוירענע וועלט, וואָס איז אַזוי טייער פאַרן מענטש.

זיין פרוי האָט געהאַנדלט אין מאַרק מיט הערינג און פּרוכטן און ער האָט געדונגען סעדער ביי די גויים ווען זיי זענען באַלאָדן מיט צייטיקער פּרוכט. דאָס אַליין, דאָס איינהאַנדלען ביי די דאָרפס־מענטשן די פּרוכט פון זייער מי, בעת די הויפּט־זאָרג פאַרן וואַקסן און בליען איז געפאַלן אויפן פויער, איז געווען געווען אים אַריינצופירן אין שווערע מחשבות. דאָס גאַנצע שטעטלדיקע לעבן, וואָס האָט אַזוי ענג און שמאָל זיך געלייגט ווי לאַטעס אויף אַן אַלטן בגד, איז געווען איין גרויסע סתירה צו דעם גאָט־געבענטשטן אַרום — די צעבליטע נאַטור מיט אירע ברייטע אָפענע לונגען, די דערפער און וועלדער, די טייכלעך און פראָסטע געזונטע גויים. — פאַרוואָס אַזויפיל קעגנזאַצן אין דער ממלכה פון גאָט, וואָס צעטיילט זי מיט אַזאַ שאַרפקייט און אומגלייכקייט? און ערגער פון אַלץ איז געווען וואָס קיינער אינעם שטעטל האָט דאָס נישט פאַרשטאַנען. אָט די פאַרשמייעטע, פאַריאָגטע יידן, וואָס האָבן אין אַ מאַרק־טאָג געהאַלטן די נשמה איז הויפן, זיי, דוקא זיי, האָבן מיט ביטול זיך באַצויגן צו די דעמבענע גויים און

אויסגעלאַכט זיין בענקשאַפט נאָך אַ לעבן פון אַרבעט, פון גיין אין דער נאַטור, ווי אַ פויער.

— הערט נאָר צו, אַ קונץ אַ גרויסע צו זיין אַ פויער: גיין אין פּאַסטעכעס און פּאַשען חזירים? דאָס איז אַן עסק פאַר גויים, מיר אָבער...

דער נישט אַרויסגעזאָגטער „מיר" האָט געקלונגען ווי אַ טויזנט מאָל איבערגעחזרטע זעלבסטאיינרעדעניש פון אויסדערוויילטקייט. וואָס איז דאָס פאַראַ מין אויסדערוויילטקייט צו בראָדזשען אין די שטעטל־דיקע בלאָטעס ווען אַרום ציט זיך אַ גרינע גאָט־געבענטשטע וועלט ביזקל די דאָרפישע הייזער און ווייטער, ווייטער, ווו דאָס אויג דער־לאַנגט מער נישט?

ער פלעגט אַריינבליקן אין די הייליקע ספרים, וואָס דער־ציילן מיט אַלע פאַרשטענדלעכע ווערטער און פאַרהוילטע רמזים וועגן דעם דאָרפישן לעבן וואָס יידן האָבן אַמאָל געפירט אין זייער לאַנד. ער האָט זיי קלאָר געזען פאַר די אויגן, די יידישע פויערים, ווי ער זעט פאַר זיך די געדיכטע שורות פון די פאַרגעלבטע בלעטער פונעם ספר — ווי זיי פירן דעם אַקער אויף די בערג, די גרויסע טשערעדעס מיט די פאַרחלומטע לאַנגהאָריקע פּאַסטעכער, וואָס זענען נישט בלויז געוויינ־לעכע שאָף־היטער, נאָר יעדער פון זיי האָט זיך מגלה געווען ווי אַ נביא און שטראָפער. גאָטס גייסט האָט זיי באַגלייט אין אַלע זייערע וועגן. די שניטערס און קלייבערס זינגען אַ לויב־געזאַנג צו גאָט און ברענגען אויף זייערע אַקסלען די ערשטע פרוכט פון זייער מי צו די טויערן פון ירושלים... ווי לאַנג נאָר מ׳קאָן, האָבן זיינע אויגן פעסט צוגעהאַלטן דאָס טויערל פון יענער וועלט, וואָס ווייזט אים די בילדער פונעם עבר. עפּנסטו נאָר אַ שפּעלטעלע צווישן די וויעס — און עס שפּרינגען אויף די פאַרקרימטע הייזער פונעם שטעטל, און דער מאַרק... אפילו דער שאַרפער ריח וואָס זעצט פון זיין פרויס קליידער, דער ריח פון געזאַלצענע הערינג, ווערט איצט נאָך שאַרפער און איבלט זיין נשמה. און מיט וואָס דערהאַלטן די אַ יידן פונעם ליטווישן שטעטל זייער נשמה, אויב נישט מיטן געזאַלצענעם הערינג און מיט די קאַרטאָפל, וואָס זיי טונקען אינעם ברוינעם ליאָך?...

ער האָט מקנא געווען די פאַרגרעבטע פויערים פון דער סביבה וואָס עס וואַקסן ביי זיי געזונטע קינדער מיט שטאַרקע קערפּערס, וואָס

זיי אָטעמען מיט צעעפּנטע לונגען די פרישע לופט און זאַפּן איין דעם ריח פון צעאַקערטער שוואַרצער ערד, ער האָט מקנא געווען זייערע געזאַנגען וואָס האָבן געקלונגען אין די דערפער בעתן שניט מיט פרייד.

ווען ער פלעגט אין פרילינג־צייט באַזוכן די דערפער, האָבן די סעדער אַרויסגעאָטעמט דעם געמישטן אַראָמאַט פון בליונג און פאַראַ־יאָריקע צעפוילטע בלעטער. ער פלעגט באַזוכן די באַקאַנטע פאַרמעג־לעכע פויערים כדי איינצוהאַנדלען די פאַרטיקע פרוכט פון די ביימער אַראָפּ, און צופרידן געווען וואָס ער האָט אַ געלעגנהייט צו פאַרווילן אפילו אַ קורצע צייט אין דאָרף, אָבער דערביי האָט ער געהאַט אַ ביטער פריקרע געפיל, וואָס ער קומט אויף אַלעם גרייטן כדי מיט זיין געלט אויסקויפן די רייפע פרוכטן, וואָס ווינקען צו אים מיט זייער פאַרבאַר־פרוכטן — ווו ביסטו געווען ווען מ׳האָט געדאַרפט אויסהאַקן די ווילדע שנייען און פרעסט? — האָט ער גערעדט דורך דער שפּראַך פון די געגנער זיס־זויערקייט. „ווו ביסטו געווען אין די ווינטער־טעג, אין די גראַזן און אַרומשנידן די צווייגן? איצט ביסטו געקומען אונדז אָפּהיטן אַז אַ פאַרשייטער קונדס זאָל פון אונדז נישט הנאה האָבן... פיין, פיין...״ אַזוי האָבן זיי געשאָקלט מיט זייערע רויטע קעפּלעך דורך די צווייגן אַרום...

ער האָט געזוכט אַ וועג אויסצוקויפן זיין שולד־געפיל פון אַ גאַנץ יאָר. אין די מערסטע פאַלן איז ער אַליין פאַרבליבן דורך די נעכט צו היטן דעם סאָד. האָט מען אינעם שטעטל אפילו היפש געלאַכט פון אים וואָס אַ ייד אין אַזאַ עלטער, אַ טאַטע פון דערוואַקסענע קינדער, און אַ שטיקל למדן דערצו, זעצט זיך אַוועק צווישן גויים מיט אַזאַ „גויאישער״ הנאה ווי, להבדיל ער זאָל זיצן ביים רבינס טיש... „אַ גויאישע נשמה״ — האָט עמיץ זייטיק אַ שטאָך געטאָן. אָבער אין זיין פאַרטראַכטקייט האָט ער פאַרפעלט צו זען אפילו די לייכטע חוזק־בליקן, וואָס די שטעטלדיקע יידן האָבן אים צוגעוואָרפן.

אין איינעם אַ טאָג האָט ער אפילו אָנגעגורט זיך מיט מוט, פאַר־פירט אַ שמועס מיט זיין באַשען און פאַרגעלייגט איר זיך אָנשליסן צו אַ גרופּע יונגע לייט, וואָס לאָזן זיך בקרוב קיין ארץ־ישראל, כדי צו באַזעצן זיך אין די ווייגערטנער פונעם באַראָן ראָטשילד. ער האָט געפּרוווט מאָלן איר אַן אָנציענדיק בילד וועגן דער שיינקייט וואָס

ליגט אינעם גיין קיין ציון. יציאת הגלות איז היינט צו טאָג אַ גרעסערע מצווה ווי יציאת מצרים. דעמאָלט זענען אַלע יידן געווען פֿאַרזאַמלט אויף איין פּלאַץ, און אַפּהיטן יידישקייט איז געווען גרינגער. און אויך דער פּאַסטעך האָט מיט מער לייכטקייט געקאָנט איינזאַמלען די טשע־רעדע. אָבער היינט ווען מיר זענען צעשפּרייט אויף אַלע וועלט־טיילן און סכּנות לויערן אויף אונדז פֿון אַלע זייטן, מוזן מיר אַליין צואיילן די גאולה. דערפֿאַר איז גערעכט געווען דער גרויסער ווינער יידישער זשורנאַליסט וואָס האָט געדונערט מיט דער שטים פֿון אַ נביא און גע־רופֿן דאָס פֿאָלק צו גיין און איינזאַמלען זיך, און די יידישע גבירים — זיי זאָלן עפֿענען זייערע קאַסעס...

זי, זיין באַשקע, האָט צוערשט געשוויגן. בטבע אַ שווייגערין ווי געוויינטלעך אַ טאָכטער פֿון אַן אַרענדאַר אין אַ פּיצנקעך דאָרף פֿון עטלעכע יידישע משפּחות — האָט זי אים צוגעטיילט כּבֿוד פֿאַר זיין איבערגעגעבנקייט און פֿאַר זיין לומדות. זי האָט דאָס מאָל אויך זיך מיטגעריסן פֿון זיינע רייד און דאָך מורא געהאַט איינצושטימען, האָט זי מיט געוויין אים אָפּגעראָטן:

— גאָט צו דאַנקען, ניאָמקע, קיין פּרנסה פֿעלט אונדז נישט, קינדער וואַקסן אונטער און מ׳דאַרף זיי דערציען צו גאָט און צו לייט. דאָ האָבן מיר פֿריינד און נאָענטע... זיך לאָזן אין אַ וויסט און פֿרעמד לאַנד? אַ פֿרוי טאָר דאָך דאַרטן אַליין נישט באַווייזן זיך אויף דער גאַס. ווילסט, אַז מיר זאָלן פֿאַרעלנט ווערן? פֿאָלג מיך, ניאָמע!...

האָט ער געזען, אַז פֿון רעדן וועט קיין זאַך נישט אַרויסקומען. ער וועט זי נישט פּרווון איבערצייגן מיט שטאַרקע ווערטער. ווער ווייסט וואָס דער גורל פֿאַרבאַהאַלט ערגעץ צווישן זיינע צונויפֿגעלייגטע פֿאַלעס? צי דען מוז ער איינער שלעפּן מיט געוואַלד די גאַנצע משפּחה אויף נייע און אומבאַוווסטע וועגן? ווייטער וועט זיין באַשע טונקען די הענט אינעם הערינג־ראָסל, זיך רייסן אין מאַרק איבער אַ קונה. און ער? ער וועט ווייטער אַרויסשפּאַצירן יעדן פֿרילינג אין די דערפֿער און טאַפּן אין די גויאישע סעדער די פֿאַרטיקע פּרוכט. — — —

דער שטילער אַרום האָט נאָך באַוויזן אויפֿצוכאַפּן אַ לעצט־פֿאַר־לאָרענעם שטראַל פֿון דער זון און זיך אַ שפּיל טאָן מיט אים ווי אַ קעצל מיט אַ שטריקל. פֿון יענער זייט באַרג־קייט האָט דער עכאָ פֿון

אַ צערעוועטן פאַרבענקטן בואַי זיך געקאָלערט ווי אַ ווייטער דונער. אַ מילדע קילקייט האָט פלוצעם אָנגעיאָגט פון דער זייט, וווּ די אָזיערע האָט זיך געשפּיגלט און געטראָגן אַהער שאַרפע ריחות פון זאַלציקער בלאָטע.

דאָס פריילעך־צעפלאַקערט פייערל, נישט ווייט פון דער כאַטע, האָט אָנגעזאָגט די געמיטלעכקייט פון אַ נאַכט־סעודה. דער גערוך פון געבראָטענע קאַרטאָפל האָט זיך צעשפּרייט און אויפגעגאַנגען מיט די קורצע רויך־זיילן. באַלד איז אויך די מאַטע אומגעגאַנגען צווישן פאָטער און זון און געהאָלפן צו שאַפן שטימונג פאַר אַן אָפגעהאַקטן שמועס.

און נאָכדעם האָבן זיי געגעסן אין דרויסן ביים שיין פון אַ קע־ראָסין־לעמפל צוגעבראָטענע קאַרטאָפל און פאַרטרונקען מיט הייסער טיי. דערביי האָט ניאָמע זיך באַמיט צו ציען אָן אויפהער דעם שמועס מיטן זון, ווי ער זאָל מורא האָבן צו לאָזן אין דער שטילקייט אַ פרייען דורכגאַנג פאַר אומהיימלעכע טראַכטונגען, וואָס וועלן זיך אַריינגנבענען אינעם זונס מוח. אין דרויסן איז דערווייל די פינצטערניש געוואַקסן און זיך צעלייגט ווי אַ שוואַרצע געדיכטע דעק. דער מאַטער שיין פון דעם לאָמפּ האָט צעעפנט נאָר אַ שוואַכן ליכט־קרייז און ווייטער אַ פּאָר שריט האָט עס געאָטעמט מיט אומענדלעכער נאַכט, וווּ בלויז דאָס גע־שריי פון די פעלד־חיות און סאָווס האָבן געגעבן צייכנס פון ערדישן לעבן. דער זון האָט איבערגעריסן דעם שמועס, צוגעגאַנגען מיט שטילע טריט צום פלאַץ, וווּ די פערד זענען געווען צוגעבונדן און געקייעט דאָס שמעקנדיקע היי, און צוגעוואָרפן:

— זיי עסן ווי נאָך אַ קרענק. דאָס היי וועט נישט גענוג זיין... נאָר אויף אַ פּאָר טעג... איך וועל צוגרייטן די געלעגערס.

— יאָ, גרייט צו, מאיר. גיי שוין שלאָפן, ביסט אוודאי מיד. איך וועל נאָך דאָ אַ ביסל צוזיצן — עס איז קיל און אָנגענעם. — און יוען דער זון איז אַריין אין דער פּאַלאַטקע האָט ער געפּרוווט ווידער אָנקניפּן דעם פאָדעם צום קנויל מחשבות פון פאַרן עסן.

* * *

דאָס פינפטע יאָר איז אָנגעקומען, און מיט אים די קאָנוווּלסיעס, וואָס האָבן צעטרייסלט די יסודות פונעם צאַרישן רוסלאַנד. איינער נאָכן אַנדערן האָבן זיך געיאָגט די געשעענישן, געיאָגט ווי זאַווערוכעס, וואָס האָבן זיך אָפּגעריסן פון אַ צעכמאַרעטן הימל: די קורץ־אָטעמדיקע

קאָנסטיטוציע, וואָס איז אויסגעפּרעסט געוואָרן ווי אַ חסד־צוקערל; די כוואַליע פּאָגראָמען אין יידישע שטעטלעך, און אַלס עפּילאָג — די רעאַקציע, וואָס האָט זיך צעבושעוועט און געבראַכט צום שטראָמען פון די עמיגראַנטן, וואָס האָבן זיך אַוועקגעלאָזן גנבנען גרענעצן און דורך לאַנגע פּיינפולע רייזעס דערגרייכן די ברעגעס פוןביידע אַמעריקעס.

אויך אינעם שטעטל איז דערגאַנגען דער אָפּקלאַנג פון די גרויסע געשעענישן. פּאַר זיינע אויגן שטייען נאָך די סצענעס ביים אַרעסטירן די אַנטלאָפענע פון די נאָענטע שטעט: גראָדנע און ביאַליסטאָק. ביי אים אין שטוב האָבן זיך אויסבאַהאַלטן צוויי יונגע בונדיסטקעס. פּאָליציי איז געפאַלן אויף זייערע שפּורן, און ער אַליין האָט אין דער פינצטערניש פון דער נאַכט זיי אַרויסגעפירט דורכן זייטיקן וועג הינטערן בית־עולם.

דאָס לעבן אינעם שטעטל, ווי אינעם גאַנצן גרויסן צאַרן־לאַנד, האָט זיך אַ ריר געטאָן ווי דאָס איז אינעם פאַרפרוירענעם טייך מיטן אָנקום פון פרילינג. עס האָט אַ ווייע געטאָן מיט נייע ווינטעלעך, וואָס האָבן געשעפּטשעט אויפן אויער די מעלאָדיעס פון אויסלייזונג. נאָר דאָרט, אין דער ווייטקייט איבער ימים, איז מעגלעך זי צו דערגרייכן. דאָ — די שרעק פאַר פּאָגראָמען, דאָרט — אַ נייע נאָך נישט אויפגעבויטע וועלט; דאָ — אַנטוישונגען און די רוט פון הערשער, דאָרט — דערציילט מען וועגן גלייכהייט צווישן אַלע פעלקער. לעגענדעס האָבן זיך געטראָגן וועגן די ווייטע אַמעריקעס, ווו גאָלד וואַלגערט זיך ממש אין די גאַסן. זיי האָבן צעשפּילט די פאַנטאַזיע ביי די זוכער פון אַ זיכערן ברעג.

דעמאָלט איז פון דער קרייז־שטאָט אַראָפּגעקומען זיינער אַ חבר נאָך פון די קינדער־יאָרן אין חדר. יענער האָט גאָר פרי איבערגעבראָכן דעם הילצערנעם צוים פון שטעטל און אַרויס אין דער ברייטער וועלט. ער איז געוואָרן אַן אַרומפאָרער, און זיך געשטעלט צו דינסט דער געזעלשאַפט, וואָס איז געשאַפן געוואָרן פון אַ גרויסן יידישן גביר און אַריסטאָקראַט, אַ באַראָן, וואָס אַליין האָט ער פון ידישקייט קיין סך נישט געוווּסט, אָבער אין זיין נשמה האָט זיך פונאַנדערגעפלאַקערט אַ באַגער צו העלפן זיינע אָרעמע ברידער, און נישט נאָר סתם צו העלפן, נאָר געוואָלט האָט ער זיי איינוואָרצלען, ווי דעמבעס אין דער

ערד. האָט ער זיינע מיליאָנען צוזאַמענגענומען און אויסגעקויפט אין אַ ווייט לאַנד ריזיקע שטרעקעס באָדן און אָנגעהויבן צו רופן די יידן פון צאַרן־לאַנד זיך צו באַזעצן אויף ערד. — ער האָט אָבער נישט לאַנג באַוויזן עוסק צו זיין מיט זיין לעבנס־ווערק. ער איז שנעל אַוועק פון דער וועלט, און זיין אונטערנעמונג איז אַריבער צו אַ געזעלשאַפט.

אין דער אַרבעט פון אָט דער געזעלשאַפט האָט עס זיין חבר, ישראל פרידלאַנד, זיך אַריינגעוואָרפן מיט לייב און לעבן. ער איז אַרומגעפאָרן אין די שטעטלעך און אין די בתי־מדרשים, דערציילט וואונדער־מעשיות פון יענעם לאַנד, וועלכן ער האָט שוין דריי מאָל באַזוכט און באַגלייט פּאַרטיעס עמיגראַנטן.

אָבער „די אָרעמע ברידער" זענען נישט מיטגעריסן געוואָרן פון זיינע רייד, און מיט זייער וויניק חשק זענען געפאָרן די וויניקע, וואָס האָבן באַשלאָסן צו פּרווון דאָס מזל. די מעשיות פונעם לאַנד פון „די שוואַרצע פּרינצן" זענען באמת געווען שיינע און אָנציִענדיקע, אָבער די נייע וועלט האָט געשראָקן. דאָס „דאָלאַר־לאַנד" איז אַ סך נעענטער געווען און די גרוסן — אָפּטערע. האָט עס געשטראָמט אַהין מיט אויס־וואַנדערער. ווינציקע האָט געצויגן די אויסזיכט צו ווערן אַ יידישער פּויער צווישן האַלב־ווילדע אינדיאַנער און נאָך אַ צוויי חדשימדיקע רייזע צו דעם ווייטסטן דרום־לאַנד.

ווען ישראל פרידלאַנד איז אַראָפּגעקומען אינעם שטעטל, איז ער קודם כל פאַרפאָרן צו אים, צו ניאָמען, זיך אַוועקגעזעצט ביי זיין טיש און פאַרפירט מיט אים אַ תכלית־שמועס. אַ רירעוודיקער מיט ליכ־טיק־לאַכנדיקע אויגן, מיט אַ מונטער קיילעכיק געזיכט, וואָס האָט זיך פאַרענדיקט מיט אַ שפּיציק טאַבאַק־בערדל — האָט ער געוווּסט, ווי אַזוי צו געווינען מענטשלעכן צוטרוי. ער האָט אויך געהאַט די תכונות פון אַ מגיד וואָס ווייסט ווי צו דעראָבערן דעם עולם און אַ דונער טאָן וווּ מ׳דאַרף און אַ קיצל טאָן ס׳זאָל זיך אינעווייניק אויפ־רודערן... האָט מען זיך לאַנג געאַמפּערט און געדונגען, געצעגערט און געראַנגלט, ביז ס׳איז געבליבן, אַז מ׳פאָרט קיין אַרגענטינע. און ווי האָט ער אַנדערש געקאָנט? דאָרט זענען פאַראַן פרייע און ברייטע פעלדער, קיין האַס צום יידן האָט מען נישט איינגעפלאַנצט, חוץ שטיצע פון דער „געזעלשאַפט" וועט ער באַקומען, און אויב ער וויל נאָר, „וועט

מען אים באַזעצן אין אַ שוין געגרינדעטער קאָלאָניע, טאַקע נאָר פון ליטוואַקעס. דאָרט היט מען אָפּ שבת און דער ריח פונעם משאָלענט און געפילטע פיש צעשמעקט זיך אין דער געגנט, אַז אפילו די שוואַרצע אינדיאַנער קריכן אַרויס פון די וועלדער און ווערן געצויגן צו די יידישע פּאַטראַוועס"... אוי, האָט ער געקאָנט צענעמען די פליגל, ישראל־קע! ער האָט אים אפילו צוגעזאָגט: וועט ער נאָר באַווייזן צונויפנעמען אַ גרעסערע גרופּע, וועט ער זיי בלי נדר באַגלייטן...

באַגלייט האָט ער זיי נישט, און די רייזע — בעסער איצט שוין נישט צו טראַכטן וועגן דעם. אַמאָל וועט ער דערציילן אין פריידן, ווי מ'דערציילט פּסח די ניסים פון מצרים. אָבער אין דאָרף פון די ליטוואַקעס מיט זייער שמעקנדיקן טשאָלנט איז ער אויך נישט געשיקט געוואָרן. נאָך זייענדיק אינעם עיפּושדיקן אימיגראַנטן־הויז ביי די ברעגן פונעם מוטנעם לאַ־פּלאַטאַ טייך, האָבן אים באַקאַנטע באַזוכער דערציילט, אַז די ליטוואקעס האָבן זיך דערווייל צעבונטעוועט קעגן דער אַדמיניסטראַציע פון דער „געזעלשאַפט" און אַראָפּ אויף „אייגענער קעסט", אויף נייע ערדן, מחוץ דער אפּטרופּסות פונעם באַראָנס יורשים.

אין יענע טריבע טעג פונעם ווינטער, ווען דאָס אימיגראַנטן־הויז איז געווען איינגעהילט אין געדיכטע נעפּלען און רויך־זיילן פון די אַנקערנדיקע שיפן, האָט ער זיך כמעט טאָג־טעגלעך אַרויסגעלאָזן אויף אַ פּאָר שעה אין רוישיקן צענטער, ווו דאָס ביוראָ פון דער געזעלשאַפט האָט זיך געפונען. ער האָט געוואַרט אויף בריוו פון באַקאַנטע, וואָס האָבן זיך שוין איינגעאָרדנט אין פאַרשידענע קאָלאָניעס, און געוואָלט אַרויסקריגן דעם ריכטיקן, דעם אמתדיקן אמת. אַזויפיל האָט מען דערציילט און אָנגעוווּנקען — וועמען גלויבט מען?

צי האָט ער אויסגעקליבן צו זיין דער ערשטער אָנזאָגער פון אַ יידישן ישוב דאָ, אָדער דער פאַרוואַלטער פון דער צענטראַלער ביוראָ האָט אויסגעאיבט אַ דרוק אויף אים? ער אַליין קאָן נישט קלאָר זיך פונאַנדערקלייבן. פון אָנהייב איז אפשר געווען אַ דרוק, אָבער שפּעטער האָט אים דער געדאַנק אַליין געצויגן און גערופן.

איז ער איצט צופרידן פונעם אויסוואַל?

פון איין זייט — יאָ. ער, דער קליינשטעטלדיקער ניאָמע, דער סעדער־הענדלער מיט זיין פרוי די מאַרק־זיצערן, וועלן זיין, די אָנ־

הייבער פון אַ נייעם יידישן ישוב. ער וועט אויפנעמען די נייע, די וואָס וועלן אומפּאַרזוימט קומען. ער וועט זיי אַנטקעגנטראָגן ברויט מיט זאַלץ.

אָבער וואָס דערוואַרט אים ביז יענעם טאָג, ווען ס׳וועט זיך באַווייזן אויפן וועג די ערשטע פור פון זיין יידישן שכן? מיט וועמען וועט ער דערווייל זיך צוזאַמענרעדן, צוזאַמענלעבן? דאָס קומענדיקע דאָרף איז נאָך פאַרהוילן אין נישט באַקאַנטן מאָרגן און ער, ניאָמע, זיצט דערווייל אַליין אין אַ פינצטערער נאַכט אין מיטן פעלד, אַליין, כמעט אַליין. ווייל וואָס קאָן אים מאירקע, דער שטילער, דער שרעקעוודיקער, העלפן בעת צרה?

אַרויסגערעדט כמעט די לעצטע געדאַנקען אויפן הויכן קול, האָט ער געוווּסט, אַז מאיר שלאָפט שוין אַצינד. פּלוצעם האָט ער זיך דערזען אַליין, אַליין אין מיטן פון דער געדיכטער פינצטערניש, וואָס וויגט זיך ווי אַ שוואַרצער ים, טראָגט זיך אים אַנטקעגן ווי אַ דראָענדיקע וואַנט און פאַרשווינדט — ביז די צווייטע כוואַליע שטייט ווידער פאַר אים, און נישט באַרירנדיק אפילו זיין גוף, טראָגט זי זיך ווייטער, ווייטער.

ער האָט זיך געוואָרפן און געפּרוּווט צוריקשטויסן דעם פּחד, וואָס האָט ווי מיט קילע רייפן אַרומגענומען זיין גוף און געדריקט ביז צום האַרץ. דער מוח האָט אָנגעהויבן צו אַרבעטן שנעל, שנעל, און פאַר זיינע אויגן האָבן זיך צעשפּרונגען אָן אַ שיעור בילדער און פאַרשטעלונגען. ער האָט דאָך בפירוש געלייענט מיט יאָרן צוריק די שרעק־מעשיות וועגן שחיטות, וואָס די האַלב־ווילדע איינגעבוירענע האָבן דורכגעפירט קעגן די ניי־אָנגעקומענע אין זייערע דערפער, וועגן צעשטאָכענע קינדער, פאַרברענטע הייזער, איבערפאַלן און שענדונגען אין די נעכט ווען די מענער זענען ערגעץ אַפּגעפאָרן — דאָס אַלץ האָט ער, ניאָמע, געלייענט און נישט שטענדיק געגלויבט.

אָבער איצט האָט ער זיך דערזען פאַראייניזאַמט אינעם אומענדלעכן סטעפּ. ווער קאָן ערב זיין, אַז אַ צופעליקער נאַכט־וואַנדלער, אָדער אַן אויסגערעכנטער גזלן זאָלן אים מיטן זון נישט פאַרטיליקן און צוּ־רויבן זייער ביסל אָרעמקייט? אפילו קיין האָן איז דאָך נישט פאַראַן, וואָס זאָל אַ קריי טאָן בעת מעשה!

ער האָט זיך דערמאָנט אין פאַרנאַכטיקן באַזוך און געפּרוווט צונויפבינדן דעם אויפגעשטאַנענעם פּחד זיינעם מיטן פריקרען געפיל, וואָס איז אים געבליבן נאָך זייער אַוועקגאַלאָפּירן צווישן די בערגלעך. ווען ער האָט זיך דערזען קעגנאיבער דעם שלאַנקן „גאוטש“ מיט זיינע טיפע שוואַרץ־טרויעריקע אויגן, איז דער פּחד אין אים עטוואָס פאַרקלענערט געוואָרן, ווי ער וואָלט געשפּירט, אַז פון איין זייט איז ער באַשיצט פון בייז.

ער האָט אַ טראַכט געטאָן, אַז דאָס פייערל, וואָס טליעט נאָך מיט רויטלעכן שיין און די גאַז־לאַמטערנע קאָנען צוציען אַ צופעליקן לויערער. ער האָט אַראָפּגעדריקט די קנויט, און פאַרשאָטן מיט אַ הויפן ערד די האָלעוועשקעס.

איצט האָט אַן אַבסאָלוטע פינצטערניש זיך צעלייגט ווי אַ וואַסער־פלוס, וואָס גיט אַ יאָג אָן ביים צעוואַלגערן אַ דאַמבע. ביאָמע איז ווידער געזעסן ביים אַריינגאַנג פון דער כאַטע און געבליקט אין דער טיפער נאַכט אַריין. וואַכזאַם און מיט אָפענע גרויסע אויגן האָט ער געוואַרט, פונקט ווי אַזאַ באַלאָדענע געדיכטע פינצטערניש מוז עפּעס געבוירן...

און די נאַכט האָט זיך פלוצעם צעוויינט. זי האָט זיך צעיאָמערט, ווי צו באַקלאָגן אייך מאָל פאַר אַלע מאָל איר גורל צו טראָגן אין זיך דעם פּחד און די לויערונג, וואָס מאַכן זי פאַרהאַסט. דאָס איז געווען אַ נישט האַרמאָניש צעשויבערט געוויין, וואָס צייטנווייז האָט זיך פון דעם אַרויסגעהערט אַ נאָטע פון היסטערישן לאַכן, צוזאַמענגעפלאָכטן מיטן רחמנותדיקן געיאָמער פון הונגעריקע קינדער. אַלץ האָט איצט אויפגעהערט צו אָטעמען. אפילו די חוצפּהדיקע סאָוועס זענען אַנטשוויגן געוואָרן ווי פון. מורא אויסצוגעבן זייער באַהעלטעניש.

דאָס בלוט איז פאַרקילט געוואָרן אין ביאָמעס אָדערן. טויזנטער מוראַשקעס זענען אים אַרומגעקראָכן איבערן רוקן און ביים גרייכן דעם נאַקן האָבן די האָר זיך צעצוועקלט און געשטאָכן. די ערעקלעכע יאָמער־סימפאָניע איז געווען אַזוי שטאַרק און צוציענדיק, אַז ער אַליין האָט חשק געהאַט אויך מיטצושרייען, בכדי צו פאַרשרייען דעם פּחד און דורך דעם אייגענעם קול זיך אַליין מונטערן. אָבער מער ווי אַן אונטערדריקטן קרעכץ האָט ער נישט אַרויסגעבראַכט. ער איז געבליבן

הילפלאָז, געקוקט אינעווייניק אין דער כאַטע ווי ער וואָלט דאָרט געזוכט הילף. אָבער מאיר איז ווייטער געשלאָפן אָן צו שפּירן וואָס אין דרויסן טוט זיך אָפּ.

דאָס געוויין האָט זיך פאַרשטאַרקט און עס האָבן אָנגעהויבן אויפטויכן אין דער פינצטערניש קליינע, ציטערדיקע, אָבער דראָענדיקע פייערלעך. זיי האָבן זיך אָנגעצונדן און אויסגעלאָשן, אָבער זייער צאָל איז געוואַקסן, און ציטנווייז האָט עס אויסגעזען, ווי שטערן פונעם הימל וואָלטן זיך אַראָפּגעלאָזט אין מיטן פעלד און שפּילן דאָרט אָפּ אַ שדים־קאָנצערט. אָבער פאַרוואָס ווײנען זיי, די שטערן?

ווען עס איז אַריבער אַ שטיקל צייט און דאָס אויער האָט זיך צוגעוווינט צום קלאָג־ליד און דאָס אויג — צום טאַנץ פון די שפּיזלדיקע פלעמלעך, האָט ניאָמע פאַרשטאַנען, אַז די זעלטענע דערשיינונג שפּילט זיך אָפּ אויף אַ היפּשן מהלך פון דער כאַטע, אַז זי וויקלט זיך פונאַנדער אויף איין אָרט ווו די פייערלעך ווערן געטראָגן אַהין און צוריק. דאָס האָט אים אַ ביסל באַרויקט, דער פּחד האָט ביסלעכווייז נאָכגעלאָזן. די סכנה איז קלענער ווען זי קומט נישט פון קיין מענטשלעך וועזן. דאָס איז אים דורכגעלאָפןביים ערשטן קלאָרן געדאַנק. און אַז דאָס געוויק און די פייערן קומען נישט פון קיין מענטשן — איז אים קלאָר געוואָרן נאָך אַ פּאָר מינוט פון אָנגעשטרענגטן צוהערן זיך.

איצט האָט ער געוואָלט פּותר זיין דעם זין פון אָט דער מאָדנער דערשיינונג. איז ער אויפגעשטאַנען פונעם קעסטל, מיט אונטערגעהאַקטע קניען האָט ער זיך אַ שאַר געטאָן פאָרויס, און אָנטאַפּנדיק אין דער פינצטער דעם פּלאַץ ווו די לאָפּעטע איז געשטאַנען, האָט ער זיך אויף די שפּיץ־פינגער אַ לאָז געטאָן פאָרויס ווו די פייערלעך האָבן זיך אָנגעצונדן און געלאָשן זיך ווי דורך אַ כישוף.

אינעם לאַגער פון די נאַכט־קלאָגער איז קענטיק אויך אָנגעפאַלן אַן אומגעריכטער פּחד. ווען ניאָמע האָט אָן איינגעבויגענער זיך צוגעשלייכט נענטער צו די פייערן, איז דאָס געוויין איבערגעהאַקט געוואָרן און די פייערלעך זענען געוואָרן זעלטענער. אינסטינקטיוו ווי אָבגערעגט צו אַ גבורה־טאַט, האָט ער אַ פּאָכע געטאָן מיטן רידל, אויסגעגלייכט דעם רוקן און אַרויסגעלאָזן פון האַלדז איבערראַשנדיקע

קולות. ער האָט געשריגן און געציטערט, פאַרויסגעגאַנגען אין געפּאַכעט בלינד אין דער פינצטערניש.

איצט האָט ער געקאָנט הערן, דורך דער שטילקייט, וואָס איז אַנטשטאַנען, דאָס פונאַנדערלויפן זיך פון צענדליקער חיות, וועלכע זענען זיך דאָ צונויפגעקומען, ווי אויף אַ בית וועד. ס'איז אים קלאָר געוואָרן, אַז די קליינע שפּיציקע פייערלעך זענען געווען זייערע בלישטשענדיקע אויגן אין דער פינצטערניש. דאָס איז אַ קליינע גראָב־חיה, וואָס וואַנדלט אין די נעכט, וויינט ווי אַ קינד, לאַכט מיט אַ ציניש־געלעכטער, און מאַכט אַן אַ חורבן אויף די פּאַשע־פעלדער. ווי האָט ער זיך נישט געכאַפּט דערויף באַלד אין אָנהויב? ער האָט דאָך הערגן דעם עפּעס געלייענט נאָך אויף דער שיף. זעט אויס, אַז די שרעק און איבעררעשונג האָבן לחלוטין פאַרטושט זיינע חושים.

מיט אַן איגנאָרלעכער פאַרשעמטקייט האָט ער זיך צוריקגעקערט צו דער כאַטע. אין דער פינצטערניש האָט ער באַמערקט אַרומדרייען זיך אַ מענטשלעכן שאָטן. ער האָט באַלד דערקענט די געשטאַלט פונעם זון.

— וואָס איז געשען, טאַטע? — האָט ער פאַרשלאָפן אַ פרעג געטאָן — וואָס פאַראַ געשרייען האָב איך געהערט? — און די ציינער האָבן געקלאַפּט צום טאַקט.

— גאָרנישט, מאירקע, — האָט ער אים באַרויקט — אַ כאַפּטע חיות האָט זיך דערנענטערט אַהער, פון די חיות, וואָס וויינען ווי קינ־דער... כ'האָב זיי פאַרטריבן — ער האָט אָנגעצונדן די לאַמטערנע און אַרויסגענומען פון טאַש דעם גרויסן זילבערנעם קעשענע־זייגער:

— אוי, שוין באַלד צוועלף ביינאַכט! — ער האָט אויפגעעפנט דעם מאַטראַץ, זיך צוגעלייגט און איינגעהילט זיך אין דער קאָלדרע.

אין דרויסן האָט זיך די שטילקייט אַרומגענומען מיט דער פינצ־טערניש. די סאָוועס זענען ווידער אַרויס פון די נאָרעס און חוצפהדיק זיך צעשריגן. אַן אומרויק בילן פון וואַכזאַמע הינט האָט זיך געטראָגן פון אַ ישוב, וואָס ליגט צו דרום־זייט פון די קיילעכיקע בערגלעך.

## דריטער קאַפּיטל

# „לא קאָנסעפּסיאָן"

אַזוי האָט געהייסן איינע פון די צענדליקע „עסטאַנסיעס" (גיטער) פון דאָן אָורעליא רוענעס. געלעגן איז זי צו מזרח זייט פון דער ריזיקער זאַלציקער אָזיערע, וואָס ביי אירע ברעגן האָט מען אָנגעהויבן אויפשטעלן קור־אכסניות פאַר רעוומאַטיזם־קראַנקע. זומער האָט דאָ געווימלט מיט געסט, וואָס זענען געקומען זיך אויסקורירן. זיי האָבן זיך געוואַלגערט אין דער „ווונדער"־בלאָטע און זיך געפּייניקט מיט פאַרגעניגן אין די שווער־געזאַלצענע וואַסערן.

אַ באַזונדערע וויכטיקייט האָט געהאַט אַט די עסטאַנסיא צוליבן פאַקט, וואָס די קרובים פונעם גוטבאַזיצער האָבן אַליין פאַרוואַלטעט מיט איר און פון צייט צו צייט האָט אויך דאָן אָורעליא אָפּגעשטאַט קורצע באַזוכן. ביי אַזאַ געלעגנהייט איז שוין פאַר אים וועגס דורכגעפירט געוואָרן אַ פאַסיקע פייערונג. מ׳האָט גע־וואַשן און געשוירן די שאָף, אַרומגערייניקט די פאַרוואַקסענע סעדער, אויפגעקליבן דאָס מיסט פון די הייף און אַלייען, אויספאַריכט די דראָ־טענע צוימען, וואָס האָבן זיך געצויגן מיילן־ווייט. מ׳האָט אויך אַרומ־געריבן און געקאַלכט די ווענט פון דער צענטראַלער געביידע, וואָס איז געבויט געווען אין קאָלאָניאַלן סטיל. אין אַ זונטיק־טאָג האָט מען גע־שאָכטן אַ צענדליק שאָף און אַ פּאָר ביקלעך, געבראָטן זיי שעהן לאַנג מיט דער פעל אויף גרויסע שפּיזן. פאַרענדיקט האָט מען מיט „כאַרטי־כאַס" (אַ מין פערד־געיעג מיט אויפגעכאַפּטע רינגען ביים לויפן) און פאָלקס־טענץ אונטער דער מוזיק פון „גראַמאָפאָן", וואָס דער גוטבאַ־זיצער האָט געבראַכט אַהער ווי אַ בית וווּנדער און עס אָוועקגעשענקט

זיין הויפט־פּאַרוואַלטער פאַר זיין אויסגעצייכנטער ליטונג. ביי אַט די קורצע באַזוכן פלעגט דאַן אַורעליא זיך פאַרמאַכן מיט זיין „מאַזשאָר־דאָמאָ" (הויפּט־אויפזעער) אין קאַבינעט, בודק זיין די חשבונות און פון צייט צו צייט אַריינרופן עמעצן פון די קלענערע באַאַמטע. פון אַט דעם קאַבינעט האָט מען דעמאָלט געקאָנט הערן צייטנווייז אַ ברוסטיק הילכיק געלעכטער אָדער אַ שאַרף בייזערן זיך ביז קללות. די אַרומיקע אין הויף האָבן אויף זייער פּנים אַרויפגעצויגן די גרימאַסע לויט דער שטימונג פונעם פּריץ.

געוועזן איז די עסטאַנסיאַ אַן אמתדיק קעניגרייך אין מיניאַטור. שוין דער זיבנדו"אַטיקער צוים, וואָס איז מיילנווייז געלאָפן איבער באַרג און טאָל, האָט געשאַפן דעם כאַראַקטער פון פאַרשלאָסנקייט. די גרויסע מחנות פי און שאָף, די קלענערע ווילעס פון די פאַרוואַלטער און הונדערטער ראַנטשאָס פון די פּאַסטעכער, דער מאַיעסטעטישער געדריי פון די וואַסער־מילן, דאָס אומאויפהערלעכע אַרומרייטן פון די „קאַפּאַטאַסן" (אויפזעער) און „טראַפּעראָס" (פי־טרייבער), די גרויסע שעכטהייזער, וואָס האָבן באַזאָרגט די אַרבעטער און פּויערים מיט פליישׁ, די קעז־פאַבריקן און ציגעלניעס — דאָס אַלץ האָט געשאַפן דעם אויפזען פון אַ זעלבשטענדיקער מלוכה.

אין סאַמע צענטער פון דער עסטאַנסיאַ, אין אַ כמעט נישט באַוווינטער געגנט, איז געשטאַנען די באַן־סטאַנציע. די זשאַווערנדיקע שינעס האָבן זיך געשלענגלט איבער ווילד־באַגראָזטע בערגלעך. ביי דעם סטאַנציע האָבן געוווינט דער שעף, זיין געהילף, אַ טרעגער און אַ שענקער. אַ גאַנצע וואָך איז דאָ טויט־שטיל און לאַנגווייליק ווי אין אַ מאָנאַסטיר. בלויז איין מאָל אין וואָך לויפט דאָ דורך די באַן און ברענגט אַ גרוס פון דער ווייטער וועלט. דעמאָלט קומט מען זיך צונויף פון דער גאַנצער געגנט און די סטאַנציע פאַרוואַנדלט זיך אין אַ טרעף־פּונקט. אויך אין די הייסע זומער־מאָנאַטן, ווען מ'ענדיקט דאָס דרעשן די תבואות אויף די פעלדער, ציען זיך אַהער קאַראַוואַנעס פורן געלאָדענע מיט זעק. די פורן מאַכן דורך צענדליקער קילאָמעטער אין זאַמדיקע וועגן און געדיכטע בלאָטעס און ברענגען די תבואה, כדי זיי אָנצולאָדן אין די וואַגאָנעס. דעמאָלט רוישט עס אויף דער באַן־פּלאַטפאָרם: טרעגער, אין די בלויזע ווייסע גאַטקעס, טראָגן מיט פלינקייט די זעק פון די

וועגענער אויף דער וואָג, פון דער וואָג אין די וואַגאָנעס אַריין, און דערביי שטייט דער אַגענט פון דער תבואה־פירמע, שטעכט מיט אַ מע־טאַלענעם פּראָבע־שטעכער אין די זעק און איז בודק צי די תבואה איז פון דער ריכטיקער קוואַליטעט. די טרעגער זענען פילבאַרע און קאַפּריזנע. שפּירן זיי אויפן אַקסל אַ שווערן זאַק ווי געוויינלעך, גיבן זיי מיט רוגזה אַ שלידער דעם זאַק אויף דער שטיינערנער פּלאַטפאָרם און ער ווערט צעפּלאַצט. די קערנער צעשיטן זיך אויפן באָדן און ביים פויער רינט דאָס בלוט פון האַרץ, אָבער ער פאַרקלעמט די ציין און שווייגט: נאָר נישט אָנהייבן מיט די טיוולאָנישע „טשאַנגאַרינעס" (זעק־טרעגער).

און פונקט אַנטקעגן דער סטאַנציע שטייט די קליינע נידעריקע שענק, אַ געבויטע פון ליים און שטרוי און אפילו פון אינעווייניק נישט אויסגעקאַלעכט. די איינגעבוירענע רופן די שענק „פולפעריא". דאָ באַ־קומען די פּעאָנען און די פּאַכטערס זייערע הויז־באַדערפענישן און קליי־דונג פאַר צעטלען, וואָס ווערן אונטערגעשריבן פון די פאַרוואַלטער. אָבער דער עיקר דינט אָט די פולפעריא אַלס זאַמל־פונקט אין די זונ־טיקס און יום טוב־טעג ווען די איינוווינער קומען זיך דאָ צונויף, לאָזן זיך וווילגיין ביים רויטן ביליקן וויין, דערציילן זיך די משונהדיקסטע געשיכטעס און אָפט פרווון זיי אויס דעם שפּיץ פונעם שאַרפן „פאַקאָן" (לאַנגן מעסער מיטן געשניצטן הענטל) ביי אַ מינדסטער באַליידיקונג אָדער אויס נקמה פאַר אַן אויסגעכאַפּטער ליבע...

צווי זאַכן פון אַ היסטאָרישן ווערט זענען אָפּגעהיט געוואָרן אין דער גרויסער עסטאַנסיא פון דאָן אַורעליאַ רוענעס. די ערשטע איז געווען פון גרויסער וויכטיקייט פאַר דער לאַנד־געשיכטע און איר מוזיי — דער שטאַלץ פון דער סביבה. פון די קאָלאָניאַלע צייטן איז דאָ פאַר־בליבן און גוט אָפּגעהיט געוואָרן אַ געמויערטע פעסטונג פון וואַנעט די סאָלדאַטן פון דאַרדאָ־־ראָטשאַ האָבן געפירט דעם קריג קעגן די פאַר־ביסענע פאַרטיזאַנער פון די אינדיאַנער רעשטן, וואָס זענען געשטויסן געוואָרן מער צו דרום. דער „פאַרטין" (קליינע פעסטונג) האָט געהאַט אַלע אַטריבוטן פון אַ פאַרטיידיקונגס־פּאָסטן אין יענע צייטן: אַ פעסט־געבויטער טורעם, אַרומגעצאַרטלט מיט די פיסקעס פון אַ צענדליק קאַ־נאָנען. אין די הייסע זומער־טעג האָט זיך געדאַכט, אַז זיי רויכערן נאָך

אַצינד נאָך זייער לעצטן שאָס, וואָס האָט אָפּגעהילכט מיט אַ פּופצן יאָר צוריק. אַ שריט ווייטער פונעם טורעם איז געשטאַנען אַ שטאַנג מיט אַ הילצערן שטיבעלע — אַ וואַך־פּאָסטן אויסצושפּירן די געגנט. פון דער ווייטנס האָט ער אויסגעזען ווי אַ טויבנשלאַק. גאָר נאָענט צוגעטוליעט צו דער פעסטונג, איינגעהויקערט און אויסגעוואַשן פון די רעגנס, האָט זיך גענידערט אַ קליינע ראַנטשאַ, דורכגעלעכערט און צע־שאָקלט, אָבער אָנגעהאַלטן איר קלאָרע פאָרעם פון די אַלטע צייטן און אַריינגעפירט אין אַ וועלט פון פאַרשווונדענע שאָטנס. זי איז געווען שטרענג אָפּגעצוימט מיט שטעכיקע דראָטן און אָנגעלענט אויף דרענג־לעך. די קלענסטע באַרירונג וואָלט געבראַכט איר צעפאַלונג. די גאַנצע פעסטונג איז געווען אַרומגעצוימט מיט אַ הויכער דראָטענער וואַנט און זעלטן ווען האָט מען געעפנט דעם שווערן אײַזערנעם טויער. די משפּחה רוענס האָט אין איר תחום אָפּגעהיט אָט די פעסטונג און נישט נאָכגע־געבן די פאָדערונגען פונעם נאַציאָנאַלן מוזיי פאַר געשיכטע, איבער־צוגעבן אים די השגחה איבער אָט דער היסטאָרישער איבערבלייבעניש.

אויך די צווייטע רעליקוויע איז זאָרגפעליק אָפּגעהיט געוואָרן פון דער רוענס־דינאַסטיע. דאָס איז געווען דער ערשטער הויכער וואָגן, מיט וועלכן דער גרינדער פון דער עסטאַנסיאַ איז צוריק מיט צענדליקער יאָרן אַריינגעפאָרן אין דער געגנט. דער וואָגן, אַ צעפרע־סנעטער פון אַלטקייט און האָלץ־ווערעם, האָט איצט געפונען זיין רו אין אַ ספּעציעלער געביידע ביי די גרויסע שייערן און געדינט ווי אַ דערמאָנונג, אַז דער פּרימיטיווער וואָגן מיט זיינע הויכע רעדער און פעלדז־צודעק האָט אין יענע דעראָבערונג־טעג געשפּילט אַ גרויסע ראָל. אַ פאָטאָגראַפיש בילד פונעם זעלבן וואָגן און נעבן אים דער ערשטער פון דער רוענס משפּחה איז געהאָנגען אינעם הויפּט־זאַל פון דער געביידע.

בעת אַ וויכטיקער פייערונג האָט מען תמיד אַרויסגעפירט דעם וואָגן אין הויף און אים באַשאָטן מיט ווילדע בלומען, וועלכע זענען געוואַקסן ביי די וועגן, וואָס די זעלבע פור האָט אין יענע טעג אויס־געטראָטן. דעמאָלט האָט זי אויסגעזען ווי אַ הונדערט־יעריקע אויסגע־פּוצטע זקנה, וואָס שמייכלט מיט אַ מאַט־טויטן שמייכל, בעת מ׳ווייזט איר דעם יונגן נחת און מ׳פאַרגעסט נישט אין איר.

דער הויפּט־פּאַרוואַלטער פון „קאָנסעפּסיאָן“ איז געווען אַ נאָענ־

טער קרוב פונעם אייגנטימער. אַ פּעסטגעבויטער, ברייטפּלייציקער און מיט לאַנג־פאַרדרייטע וואָנסן, וואָס האָבן באַשאָטנט זיין קנאַכיק געזיכט — איז זיין ערנסטער בליק תּמיד פאַרזונקען געווען אין חשבונות און ווירטשאַפט־פּלענער. ער איז געווען אַ מיטליעריקער, נישט פאַרהייראַט און זיין מענעריש־שטאַלצער גוף, אַנגעצויגן אין געפּאַסטע אַנצוגן און געפּוצטע שטיוועלעך, האָט געצויגן דאָס האַרץ פון נישט איין יונג מיידל און ווייבל אין דער עסטאַנסיאַ. זיין איינציקע אַמביציע איז געווען צו פאַרגרעסערן די ווירטשאַפט און העכערן די הכנסות. דערפאַר האָט אים דאָן אורעליאַ געשעצט און אים מוחל געווען, ווען ער האָט נישט גע־ענטפערט צייטנווייז צו דער זאַך און זיך טיילמאָל אויך פאַרקאַפּריזנע־וועט. „אַלטער בחור — האָט ער אים צוגעוואָרפן — האָב שוין חתונה, אַלטיטשקער, און מיר וועלן האָבן אַ ווייב"... דער גוטבאַזיצער האָט אים אַ העפטיקן קלאַפּ געטאָן איבער דער פּלייצע און זיך פאַרגאַנגען אין אַ היסטערישן לאַכן, אַזש די טרערן זענען אים געררונען איבער די נאַכגעלאָזענע אויגן־טאַרבעלעך.

וואָס וויל ער אייגנטלעך פון אים, פון דאָן כעראַנימאָ? צי האָט ער עפּעס פאַרבאַהאַלטענע כוונות, דער באַלעבאָס זיינער, וואָס ער דער מאָנט אים יעדעס מאָל וועגן חתונה האָבן? צי מיינט ער אפשר וויקטאָ־ריאַן? אויב ער טראַכט אין אָט דער ריכטונג, האָט ער אַ קיילעכיקן טעות, דער פוקס!

וויקטאָריאַ איז געווען דאָן אַורעליאָס שוועסטערקינד, אויך פון אַ רייכער אַדעליקער משפּחה. צוליב אַן אומגעלונגענער ליבע און אַנ־טוישונג האָט זי פאַרלאָזן די שטאָט און אַ נדר געטאָן אַהינצו זיך נישט אומקערן. עס האָט לאַנג נישט גענומען און זי האָט זיך איינגעלעבט אין דער נייער דאָרף־סביבה. נישט אַזוי לייכט איז עס געגאַנגען. וויסנ־דיק איר הויכן אָפּשטאַם, האָבן די אַרבעטער און באַאַמטע זיך געפילט אומבאַקוועם און נישט פריי ווען זי האָט זיך געפּרוּווט דערנענטערן צו זייער סביבה, צוזאַמענקונפטן און אפילו בעת די שפּילן. שפּעטער האָבן זיי ביסלעכוויז אַנגעוווירן דעם דרך־ארץ און חזוק געמאַכט פון איר. סיי ווי איז די דיסטאַנץ געשטאַנען ווי אַ גרויע וואַנט צווישן זיי.

זי איז געווען אין די אָנהייב־דרייסיקער יאָרן, עלעגאַנט, און אַן אַדעליקייט האָט אַראָפּגעשיינט פון איר אויסגעבלייכט געזיכט. די טונ־

קעלע ראַמען אַרום אירע בלוילעכע טיפע אויגן האָבן דערמאָנט אין אַ לויערנדיקן וואָלקן אויפן בלויען האָריזאָנט. די דין־פּאַרשפּיצטע נאָז האָט אָנגעוויזן אַ לייכטע שטרענגקייט און געמאָנט דיסטאַנץ דווקא אין די מאָמענטן פון אירע פּרוּוון צו דערנענטערונג. זי האָט זיך אויסגעצייכנט אין רייטן. די קונסט האָט זי געלערנט נאָך אין דער הויפּטשטאָט, ווו זי פלעגט זונטיק אַרויסרייטן אין די פּאַלערמאָ־וועלדער. דאָ האָט זי באַגלייט איר רייטן איבער די רחבותדיקע פעלדער מיטן באַזונדערן געשריי, וואָס איז אייגן פאַר די גאַוטשאָס, ווען זיי טראָגן זיך אויף די פליגלען פון עקסטאַז. דאָס געשריי הייבט זיך אָן גראָבלעך צעצויגן און ענדיקט זיך מיט אַ דינעם קוויטש, וואָס קאָלערט זיך ווי דער סוויסשטש פון אַ צעפּאַכעטער רוט. אַזוי פלעגט זי צוואַלעווען אין גאַלאָפּ איבער די צענדליקער וועגן און סטעזשקעס פון דער עסטאַנסיאַ. זי האָט באַזוכט די שייערן, ווו די מאַיס־קלייבער האָבן געוווינט אין סעזאָן־צייט, צוגעהערט זיך צו זייערע גוזמאות און צום גיטאַרע־שפּיל, וואָס האָט אַוועקגעטראָגן די ליבע־לידער אין סטעפּ.

אַ סך האָבן קרומלעך געקוקט אויף איר מאָדנער אויפפירונג, וואָס איז נישט געווען אין איינקלאַנג מיט איר אַדל־אָפּשטאַם. אויך דאָן כעראָנימאָ האָט איר וועגן דעם נישט איינמאָל אָנגעדייט. זי האָט אים שאַרף אָפּגעענטפערט, אַז איר פּאָזיציע פון אַ „גראַנד־דאַמע" האָט זי שוין לאַנג פאַרזעצט אויף אווענידאַ קינטאַנאַ אין דער הויפּטשטאָט, אַהער איז זי געקומען זיין ווי יעדער טראַפּערא, און אויב איר אַרט עס נישט, באַדאַרף ער אודאי איר יחוס נישט אָפּהיטן...

נאָך אַזאַ שאַרפן ענטפער האָט ער מער זיך נישט אומגעקערט צו דעם ענין. אין זיין בחורישער אָפּגעזונדערטקייט האָט ער אויך נישט באַמערקט, אַז זי איז נישט אין גאַנצן גלייכגילטיק צו אים. זיכער האָט איר אימפּאָנירט זיין קרעפּטיקער גוף און זיין ערנסט־מענלעך פּנים.

ווי יעדער איינגעבוירענער פון שפּאַנישן אָפּשטאַם, איז ער ביים טרינקען דעם ביטערן טראָפּן שנעל אַריינגעפאַלן אין שכרות. ער האָט אָבער געקענט זיין אייגענע שוואַכקייט און זיך געהיט פון אָפּטערן טרינקען, כדי נישט צו פאַרלירן דעם איינגעקויפטן פּרעסטיזש ביי די מענטשן פון דער עסטאַנסיאַ. איינמאָל ביי אַ פייערונג, ווען ער איז גע־

ווען בגילופין, האָט ער זיך אָװעקגעלאָזן אין אַ דרייענדיקן װאַלס מיט וויקטאָריאַן, און בעת מעשה האָבן זיינע קרעפּטיקע אָרעמס, ווי אָנגעצויגענע רייפן, געדריקט איר פּולן און נאָכגעביקן קערפּער. די אַקאָרדן פון דער מוזיק האָבן זיך שוין איינגעשטילט און ער האָט נאָך פּאָרגעזעצט צו דרייען זיך מיט איר. ווען דער אימפּעט איז איינגעשטילט געוואָרן, האָט ער דערשפּירט איר צעהיצטן קערפּער און אין טונקעלן ווינקל פון זאַל איר אָפּגעדריקט אַ לאַנגן שטאַרקן קוש, בעת די פּריילעכע געסט האָבן אַפּלאָדירט און געלאַכט דורך ציינישע געשרייען.

פון דעמאָלט אָן מיידט זי אים אויס, וויקטאָריאַ, און ער אַליין ווייסט נישט און געדענקט נישט די סיבה פון איר אַנטלויפן, יוען זי באַגעגנט זיך מיט אים אויג אויף אויג. גלייכגילטיק איז זי אויך איצטער צו אים נישט געוועזן, אָבער זיין אויפפירונג צו איר בפהרסיה האָט זי טיף געקרענקט און באַליידיקט.

איינמאָל איז צו אים דערגאַנגען אַ וויץ, וואָס האָט זיך פאַרשפּרייט איבער דער עסטאַנסיאַ און אים עטוואָס אויפגערעגט, אָבער גלייכצייטיק — אים אינערלעך געשמייכלט.

אין איינער פון די יאַטקעס האָבן אין די פרימאָרגן-שעהן זיך פאַרזאַמלט די פי-טרייבערס, וואָס האָבן געבראַכט די „שטיקלעך" צום שעכטן. דער עלטסטער צווישן זיי, דאָן סעבאַסטיאַן, האָט ווי זיין שטייגער זיך צעלאָזט אין אַ שמועס וועגן די פרויען אין דער סביבה און וועגן זיינע דערפאָלגן אין „זיינע" יאָרן. זיין פאַרמעטן גרין-גלאַנציק געזיכט פול מיט שטופּלען האָט זיך אָנגעהויבן ווי אויסציען און די נאָזלעכער זיך ברייט פונאַנדערשפּרייטן, ווי ביי אַ הונגעריקער בהמה, וואָס דערשפּירט פון יענער זייט צוים דעם ריח פון גרינער פאַשע... אין זיינע רייד האָט ער אויך פאַרטשעפּעט וויקטאָריאַן און צוגעוואָרפן:

— די דאָזיקע גרויסשטאָטישע „טאָריאַ" (אַזוי האָט מען זי פאַרקירצט גערופן) האָט שוין לאַנג געדאַרפט דעם ריכטיקן „טאָראָ" (בואי). עס איז נאָר אַ פראַגע ווער עס וועט דער ערשטער אַריבערקלעטערן דעם צוים... — אַ צעטרייסלענדיקער געלעכטער האָט זיך צעטראָגן איבער אַלע ווינקעלעך פון דער עסטאַנסיאַ, און ווען ער איז דערגאַנגען צו דאָן כעראָנימאָ, האָט ער זיך אָפּגערופן צו זיין נאָענטסטן געהילף:

— פאַר זיין חוצפּה איז ער ווערט אַרויסגעוואָרפן צו ווערן ווי

אַ הונט, אָבער עס קומט אים אויך אַ פּרעמיע פאַר זיין פּעפּערדיקייט...

נישט געקוקט וואָס די פּאַרוואַלטער האָבן זיך באַצויגן צו וויק־טאָריאַס דערשיינען מיט אומצוטרוי, האָט זי דאָך באַוויזן אַריינצוברענגען אַ רייע ענדערונגען אינעם לעבן פון די ערד־מענטשן. זי האָט געעפנט אַ שול פאַר די שוואַרץ־אָפּגעריסענע קינדער פון די פּעאָנען, געהאָלפן איינאָרדענען מיט גלאַנץ די אָרטיקע פייערונגען. די שול האָט אָבער מער ווי צוויי קלאַסן נישט פאַרמאָגט. האָט אַ קינד געענדיקט דעם צווייטן קלאַס, איז עס צוריק אַריין אין ערשטן און אַזוי האָט זיך עס געצויגן. דער עיקר — די קינדער זאָלן זיצן אויף דער שול־באַנק, נישט אַרומוואַלגערן זיך אויף די וועגן און נישט אַרומשלאָגן זיך. אויף דער שול־באַנק האָט מען געקאָנט זען זיצן זיבן־יעריקע קינדערלעך צוזאַמען מיט פופצן־יעריקע צעוואַקסענע שוין אַנטוויקלטע יונגען און פריילינס.

און ווען עמעצער פון די טראַפּעראַס האָט אַזוי דורך־אגב דער־ציילט, אַז ער אַליין האָט געזען אַן אויפגעשטעלטן לאַגער אין דער אומגעגנט פון די „זיבן פיילן", האָט וויקטאָריאַ זיך געוווּנדערט פאַר־וואָס זי האָט עס פריער נישט אַנטדעקט און באַשלאָסן, אַז ביי דער ערשטער געלעגנהייט וועט זי אַהין אַוועקגאַלאָפּירן.

פערטער קאַפּיטל

## אַ שענק אין גויאישע הענט

אָנהייב האַרבסט, אין אַ שפּעטן נאָכמיטאָג, ווען דאָס קילע ווינטל פון די ווייטע בערג שניידט דורך די בגדים און גריזלט מיט ליכטן ציטער דאָס לייב, האָט זיך אויפן זאַמד־וועג, וואָס לויפט מיילנווייז ווי אַ געטרייער הונט נאָכן רייטער, געטראָגן זיך אַן אַלטע פור און זיך דערנענטערט צו דער באַן־סטאַנציע. די פערד האָבן שווער געסאַפּעט נאָך דער לאַנגער און פאַרמאַטערטער רייזע. דער ווייסער שוים האָט געשפּריצט פון די צעהיצטע מיילער ווען זיי האָבן מיט קענטיקן אומ־געדולד זיך אַריינגעריסן אינעם אָפּענעם פּלאַץ באַשטימט פאַר פורן און רייטערס — אַ ריזיק־רונדער שטח, וואָס ביי זיינע ראַנדן זענען געווען

איינגעגראָבענע סלופּעס מיט אײַזערנע רינגען. אַזאַ סלופּ אויף צובינדן די רייט־פערד בעת דער באַזוכער גייט אַרײַן אין שענק אַרײַנכאַפּן אַ כוסע, אָדער ער כאַפּט זיך אַרײַן אין דער ראַנטשאָ פון אַ באַקאַנטן אויף אַ שמועס און מאַטע־טרינקען — פעלט נישט ביים פּראָנט פון דער איינגעפונדעוועטער געבײַדע אינעם גוט ביז די פּאַרוואָרפנסטע כאַטעס פון די פּי־טרייבערס. מ׳רופט עס „פּאַלענקע״ און אינעם עפּאָס פונעם גאוטשאָ פאַרנעמט ער נישט ווינציקער אָרט ווי די „פּולפּעריאַ״ (שענק) אָדער די „טשיריפּאַ״ (אַ לעדערנער שערץ וואָס מען טראָגט ווי אַ באַפּוצונג אין די יום־טוב־טעג).

דער פּלאַץ איז שוין געווען פאַרפולט מיט רייט־פערד און וועגענער. אַהערצו האָבן זיך געטראָגן געשרייען און געלעכטערס פון דער באַנענטער שענק. דאָס געבראַזג פון אָנגעשלאָגענע גלעזער האָט עדות געזאָגט, אַז אין דער שענק איז דער סעזאָן אין אמתן ברען.

ווי נאָר ניאָמע האָט באַוויזן צוצובינדן די פערד, האָט זיך עפּעס אַ ריר געטאָן אין שענק און ער האָט דערפילט אויף זיך צענדליקער אויגן, וואָס האָבן דורך פאַרגאַסנקייט און רויך־וואָלקנס זיך ברייט צעעפנט ווי צו באַשיידן אַ וווּנדער־דערשיינונג.

דער אָדלער קען יעדן שפּאַלט פון די בערג־פעלדזן, און יעדער שענקער — זיינע געסט. ער מוז זיין אַ מענטשן־קענער, ווי אַ פוקס נאָכשפּירן זייער יעדער באַוועגונג, וואָס קאָן טיילמאָל ברענגען אויף אים אומגליק און פאַרניכטונג. ער קען די ברויטגעבער, וואָס טרינקען אָן אויפהער און הערן זיך צו וואָס אַנדערע דערציילן; ער קען די וואָס טרינקען טראָפּנווייז און אַליין רעדן זיי פּאַר פּייער און וואַסער; ער ווייסט גענוי ווען מ׳קאָן פאַרטרויען צו פאַרזויפן זיך ביזקל סוף און ווען מ׳דאַרף ביים דריטן כוס ווייזן די קליאַמקע. דאָס האָט ניקאַלקאַ אַווערטשענקאָ געוווּסט אויסגעצייכנט און אין אַט דער פרעמדער סביבה געשאַרט פאַרמעגנס פון די מענטשלעכע שוואַכקייטן. ער האָט מאַנעווורירט מיט זיין פּראָסטן איינגעבוירענעם שכל און די נידעריקע שמוציקע שענק ביי דער שטילער באַן־סטאַנציע איז געווען פאַר אים זיין גאָט און זיין ווייב — וואָס אָן ביידן האָט ער זיך אויסגעצייכנט איינגעאָרדנט. זיין אויער איז שוין געווען צוגעוווינט צו די גוזמאדיקע מעשיות און שמוציק־נאַקעטע וויצן וואָס טרייבן ביז צו פאַרגעסונג און

דערוועקן אַ קרענקלעכן דראַנג צו פּוסטער דינגעניש און צו מעסער־געפעכטן.

ווי אַ יאַגד־הונט, וואָס דערפילט אין דער לופט דעם שפּור פון אַ וואַלד־חיהלע אויף אַ נאָענטן וועג, האָט דער שענקער דערשמעקט אין דרויסן אַ נישט געוויינטלעכן באַזוכער. די גרויע שמאַלציקע איי־געלעך האָבן דורכן קליינעם פענצטערל זיך אַ ריס געטאָן ווי צו אַ בייז וווּנדער: אַ קורץ־בערדלדיקער ייד אין אָט דער געגנט? ער איז אַרויס פון הינטער דער סטויקע, אפילו די קאַסע נישט פאַרהאַקט ווי געוויינטלעך, און צוזאַמען מיט די שכורע געסט איז ער אַרויס פון דער שענק.

צוגעבונדן די פערד צום „פּאָלענקע" האָט ניאַמע זיך אויסגע־דרייט און באַטראַכט דעם אָרום. אַ בליאַסק פון דער נאָענט־אונטערגיי־ענדיקער זון האָט פאַרגאָסן זיין געזיכט מיט אַ פּורפּור־רויטקייט און דאָס לייכטע ווינטל האָט זיך אַריינגעכאַפּט צווישן זיינע קליידער. צווישן דער גרופּע נעבן דער שענק איז אַדורך אַ שאָרך, ווי אַ ווינט צווישן טרוקענע בלעטער. ווער עס האָט דעם ברייטן „טשאַמבערגאַ" (ברייט־ראַנדיקן הוט) פאַררוקט אַרונטער דעם נאַקן, ווער עס האָט אים איינ־גאַנצן אַראָפּגעצויגן פון קאָפּ. איינער האָט מיט דער לעדערנער „רע־וועגקע" (אַ קורץ ברייט בייטשל וואָס דינט פאַרן גאַוטש, ווי דער האַנט־שטאָק פאַרן אַריסטאָקראַט) געקלאַפּט איבער די ברייט־פאַלדיקע הויזן, אַן אַנדערער איז געשטאַנען מיט צעעפנטע אויגן און די גראָבע פינגער פאַררוקט אין דעם זילבערנעם פאַס צוזאַמענגעהעפט מיט מטבעות פון אַלע מאָסן און אָנגעהאָנגען מיט גרויסע און געשניצטע מעסערס. די קנאָכיקע ראַזירטע פּנימער האָבן אויסגעדריקט פאַרוווּנ־דערונג און די רויטע שכורע אויגן זענען געוואָרן פאַרכמורעט דורך אויפגייענדיקע רויכלעך:

— אָך, סאַראַ מאָדנער „פּאָראַסטעראָ" (דורכרייזנדיקער), קוקט נאָר אָן ווי די פּאָלעס פון די לאַנגע קליידער שאָקלען זיך!...

— ווען נישט די קליידער, איז ער אין גאַנצן ענלעך צו מיין פעטער פון דער עסטאַנסיע „ראַסאַלעס"! כאַ־כאַ־כאַ...

— און דער וואָגן זיינער — פּונקט ווי די אַלטע „טשאַטאַ" אין דער עסטאַנסיע, כי־כי־כי...

— פון וואַנעט זיך אַראָפּגעיאָוועט? און צוליב וואָס?...

— גאָרנישט ווי אַ היגער... זיכער אַן אויסלענדער, אַ גרינער פון דער שיף אַראָפּ...

— גיי, וואָס ווייסטו! די אויסלענדער קומען נישט אַהער מיט אַזעלכע וועגענער. זיי קומען מיט דער באַן, ווערן באַלד רייך און פאָרן אַוועק אין לאַקירטע קאַרעטעס. דאָס מוז זיין אַן ערד־אַרבעטער פון ערגעץ ווו...

איבערגעהאַקט דעם שמועס האָט דאָס מאָל ניקאָלקאַ. ער האָט זיך אַרויסגעדרייט פון צווישן זיינע געסט, מיט אַנגעצויגענע עלנבויגנס געשפּאַנט פאָרויס, פאַרלייגט די הענט אויף די לענדן און מיט אַ ברוסטי־קער שטימע אַ געשריי געטאָן:

— העי, דו, יידל! ווי קומסטו אַהער?...

ניאָמע האָט זיך האַסטיק אַ צאַפּל געטאָן און אויסגעדרייט דעם קאָפּ. פּונקט אין דעם מאָמענט האָט ער זיך געלאָזט צום לײדיקן וואָק־זאַל־הויף. דאָס געשריי פונעם אוקראַאינער האָט אים דערמאָנט דאָס וואָיען ביינאַכט פון די רויב־חיות. דאָס זידלוואָרט, פון וועלכן ער איז אַנטלאָפן טויזנטער מיילן, האָט אים אויך דאָ אָנגעיאָגט! צי איז נאָך פאַראַן אַ ווינקל אויף דער ערד ווו מ׳וועט נישט הערן מער דאָס זידל־וואָרט, וואָס איז נישט מער ווי דער פּשוטער נאָמען פון זיין פאָלק: ייד?

איצט האָט ער, ביים אויסדרייען זיך צום שענקער אויסגעזען דער־שלאָגן און איינגעבויגן. ער האָט צוגעלייגט די דלאָניע צו די אויגן ווי צו זען קלאָרער: איז דאָס נישט קיין איבערבלייבעניש פון אַ בייזן חלום? עס איז דאָך נישט געווען קיין ברעקל פון צווייפל: צו רוי און פלײשיק איז פאַר אים דערשינען דאָס געזיכט פונעם אוקראַאינער, די ראַקן־וואָנצעס האָבן זיך צעוויגט איבער די רויטלעך־שמאַלציקע באַקן און זיך נאָך מער צעטרייסלט, ווען ער האָט די שוואַרצלעכע ליפּן צעעפנט:

— העי, דו, ייד, פאַרוואָס ענטפערסטו נישט? ווי אַזוי האָסטו זיך אַהער דערטראָגן?

דאָס גאַנצע בלוט איז ניאָמען אַנגעלאָפן אינעם בלאַסן געזיכט, אָבער באַלד איז עס ווידער אָפּגערונען און די בלאַסקייט האָט אַנגע־

ווייעט אויף אים אַ חלשות־געפיל. די קניען האָבן נישט נאָכגעגעבן, אָבער ער האָט זיך באַמיט אויסצוגלייכן דעם קערפּער און, ווי ער זאָל שטיין פאַר אַ גורלדיקן עקזאַמען, האָט ער אַ שריט געטאָן צום גוי געמאַכט:

— פאַר אַלעמען האָסטו פאַרגעסן די פּירונג פון דיין געבוירן־לאַנד... ווי איז דיין נאָמען?... סטעפּאַנקאָ, וואַנקאָ? האָסטו אויך אין רוסלאַנד, צי אין אוקראַינע באַגעגנט אַ דיאַדקע און נישט באַגריסט צום אַלעם ערשטן?... זאָג, ווי קומסטו אַהער?

ניאָמעס כאַכלאַצקע לשון האָט קענטיק ווייכער געמאַכט די אָנ־גרייפערישקייט פונעם גוי. ער האָט אַ צי געטאָן די לאַנגע וואָנסעס און זיך באַלעקט ווי אַ קאָטער, וואָס האָט דערשנאַפּט ערגעץ אין אַ לאָך אַ פאַראיינזאַמט מייזל:

— אַליין בין איך פון אַ דאָרף נעבן האָמעל, וואָרט... ווען איז דאָס געווען... שוין גאַנץ לאַנג, אויסגעוווען אויך אין סיביר... אויך אין אָדעס... אוי, איז דאָס אַ שטאָט! דאָ בין איך אַ שענקער... געפעלט דיר נישט?

ניאָמעס אויגן זענען גרעסער געוואָרן. אַ ליכט, דאָס מאָל נישט פון פאַרגייענדיקע שטראַלן פון דער זון, נאָר אַרויסגעהעלט פון זיין דאָרן קערפּער, האָט אים איבערגעגאָסן און באַשיינט דאָס געזיכט. ער האָט אפילו נישט אומגעקוקט זיך אויף דער גרופּע שיכורע מענטשן און נישט אויפן אוקראַאינער גוי. ער האָט אויסגעשטרעקט די הענט צו די הייכקייטן און צו זיך אַליין געשעפּטשעט:

— ברוך השם — שהחיינו, וקיימנו... געלויבט דיין נאָמען, וואָס איך האָב זוכה געווען צו אַזאַ צייט. יידן קערן זיך אום צו דער ערד און די גוים ירשענען זייערע פּרנסות...

דערזען ווי דער פרעמדער שטרעקט זיינע הענט צום הימל און ווי זיין גוף ציט זיך אויס לענגער, ווי ער זאָל זיך וועלן אויסשיילן פון זיינע לאַנגע קליידער אַוועקצופליען אין די קלאָרע וויטקייטן פונעם רוים — האָבן די גאַוטשאָס נאָך ברייטער צעעפנט די אויגן, מיט ציטער־דיקע פינגער אַראָפּגעצויגן די היט און קיין וואָרט נישט אַרויסגע־בראַכט. אַזוי זענען די געשטאַנען ביז דער אומבאַקאַנטער גאַסט האָט פאַרשעמט און מיט איילנדיקע טריט זיך געלאָזט צו דער באַן־פּלאַטפאָרם.

אָבער דער אוקראַינער שענקער איז נישט איבערראַשט געוואָרן פון ניאָמעס דביקות. ווידער האָט אין זיין זכרון אויפגעטויכט די באַקאַנטע סצענע פונעם שטעטל ווען אין אַ זונטיק האָבן די קאַפּאָטעס פון די איבערגעשראָקענע יידן זיך געטרייסלט בעת זיין דערשיינען אויפן מאַרק. האָט ער מיט הנאה געשמייכלט און צוגעוואָרפן צום אָפּ־טרעטנדיקן יידן.

— העי, יידל! וואָס אַנטלויפסטו פון מיר? וואָס האָסטו אַזוי גע־גלאָצט מיט די אויגן צו דיין גאָט? אויך דאָ איז ער נישטאָ, נישטאָ, ברודערל. דערהרגעט, ווי איר האָט אונדזערן אוועקגעלייגט... העי, לויף נישט! דאָ וועסטו די קריסטלעכע ברידער נישט באַשווינדלען...

אָפּגעכאַפּט, ווי אַרויסגעוואָרפן ביזן לעצטן שטיין, האָט ער זיך אומגעקערט אין שענק אַריין בהלה׳דיק, ווי ער זאָל אין אָט דער צייט האָבן פאַרלוירן די טייערסטע פאַרדינסטן. פון כעס האָט ער אַ שטויס געטאָן אַ געשטופּלטן שיכורן יונג און זיך אויף אים אָפּגעריסן:

— דו! האָסט אויסגענוצט די צייט און אַריינגעכאַפּט נאָך אַ כוסע, האַ? ווייסטו כאָטש, אַז דאָס איז ריינער קאַניאַ? מיינסט, אַז דאָס איז דאָס שמוציקע וואַסער וואָס דו זשליאָקעסט אַ גאַנצע וואָך? שיכורע חיה, דו!

* * *

אויפן נייעם וואָקזאַל, וואָס איז געווען צו עלעגאַנט פאַר אַזאַ פאַרוואָרפן אָרט, איז געווען אַ קליינע באַוועגונג. אַן אַלטער וואַגאַבונד האָט פאַרלייגט זיינע באָרוועסע פיס הינטער זיך און געדרימלט אויף דער איינציקער באַנק. דורך דעם קליינעם אָפענעם פענצטערל האָט זיך געטראָגן אַ הויכער שמועס צווישן דעם שעף און דעם טעלעגראַפיסט. דער איינציקער טרעגער האָט זיך אַרומגעדרייט מיט דער פאַרלאָשענער ליולקע אין מויל און באַטראַכט יעדן אָנקומענדיקן מיט ווייכע בלויע אויגן. אַנטקעגן די מאַגאַזינען אויפן אָפענעם פעלד איז געשטאַנען אַ ליידיקער וואַגאָן פאַר פּי־לאָדונג און נעבן אים — אַ גרויסע קופּע אויסגעברענטע קוילן.

ניאָמע האָט זיך פאַררוקט אויפן ווייטסטן עק פון פּלאַטפאָרם און מיט ציטער געוואַרט אויפן ערשטן צייכן פון דער באַן. אָט די באַן וועט אַהערברענגען זיין משפחה און דורך דעם וועט ער פאַרענדיקן דעם ערשטן קאַפּיטל פון אַ לאַנגן געראַנגל מיט זיך און מיט דער

וועלט. וואָס דערוואַרט אים ווייטער? איז איצט דער מאָמענט זיך אַוועק־צולאָזן אין די פאַרנעפּלטע וואָלקנס פונעם מאַרגנדיקן טאָג? זיכער נישט. אָבער די נייע וועלט איז דאָך אַרומגענומען מיט אַזאַ סודותדיקן שלייער. וואָס ליגט הינטער אים?

ער האָט מיט אַ באַזונדערער כוונה זיך איצט אַריינגעטאָן אין מחשבות וועגן זיין נחלה, וועגן די פערד. ער האָט עס אומיסטן געטאָן בכדי צו פאַרטרייבן די בייזע דערשיינונג פונעם אוקראַאינער, וואָס שטייט אין זיין שענק און פאַרשיכורט דאָ די אומוויסנדיקע פויערים. ער האָט געוואָלט פאַרטרייבן די געשטאַלט פונעם שענקער, אָבער דער צוזאַמענ־בונד צווישן גוי און שענק האָט ווי אַ גוטער געטראַנק געגערט מיט ווייכקייט זיין נשמה. צי איז דאָס אַ צייכן פון דער צייט, אָדער אַ רמז פאַר אים, ניאָמען, און פאַר אַלע יידן וואָס קומען און וועלן קומען אַהער זיך באַזעצן?...

און וואָס וואָלט מענדעלע מוכר ספרים געשריבן וועגן אַזאַ מין דערשיינונג? אָדער פייערבערג? צי ספּעקטאָר? נישט קיין קלייניקייט! ער, ניאָמע פון מיכאַלאָווקע, גראָבט די ערד און דער אוקראַאינער גוי האַלט די שענק!...

אָבער דאָס עצם זיצן דאָ אויפן רויען באָדן דערוועקט אין אים ווידער אַ ים פון ספקות און ציטערנישן. ער האָט נאָך קיין צורקע נישט געעפנט אין דער ערד, באַוויזן בלויז אויסצוטרינקען אַ שעפל וואַסער פונעם פרעמדן ברונעם, און שוין האָט ער אָנגעהויבן שפּירן די ערשטע אומהיימלעכע בליקן פון די וואָס זיצן דאָ פאַר אים. — סיי די פון ימי בראשית און סיי די, וואָס האָבן פונקט ווי ער אָנגעשלאָגן ווי אימיגראַנטן אין אָט די געגנטן, שיקן צו אים קילע בליקן און ער אַליין קאָן נישט פאַרשטיין זייער באַדייטונג און שורש. צי טרייבט ער עמעצן אַרויס פון אָט דער ערד? און — נישט נאָר ער אַליין וועט דאָ זיצן... וואָס וועט דעמאָלט זיין?

ער האָט באַטראַכט די רעלסן וואָס ציען זיך צו די נישט באַ־קאַנטע ווייטקייטן. די ברייטקייט פון די פעלדער, דער גרויער סוד וואָס זיי טראָגן אין זיך, און צווישן זיי די האַלב פאַרראָסטעטע רעלסן וואָס פירן צו דער גרויסער וועלט — פילן אָן דאָס האַרץ מיט בענקשאַפט. וועלן אָט די שינעס ברענגען אַהער נאָך און נאָך יידן אויפצובויען אַ

גרויס דאָרף, מיט אַ שול, מיט אַ שיל, מיט אַ סך ידישע קינדער? וואָס פאַר אַ פּרייז וועט ער באַצאָלן ביז זיינע אויגן וועלן עס זען?

ערשט איצט האָט עס אָנגעהויבן צו ווערן רוישיקער אויף דער סטאַנציע. דער צוג וואָס לויפט דורך דאָ איין מאָל אין וואָך איז אַן איבערלעבונג פאַר די מענטשן אין דער סביבה און נישט יעדער וועט אַזאַ געלעגנהייט דורכלאָזן. ווער עס קומט אָפּשיקן אָדער אָפּנעמען בריוו, ווער עס דאַרף אַ פּאָר טאָן צו דער נאָענטער סטאַנציע וואָס ליגט מער ווי אַ שעה רייזע, ווער עס זוכט צו כאַפּן דורכן וואַגאָן-פענצטער אַ שמועס מיט די רייזנדיקע אָדער קויפן אַ ציטונג, ווער עס זוכט אַ תירוץ פאַראיינוועגס אַריינצוכאַפּן אַ כוסע אין דער פולפעריע און יוער עס קומט זיך באַגעגענען מיט באַקאַנטע אָדער כאַפּן אַ לייכטן פלירט מיט די יונגע שוואַרץ-חנוודיקע מיידלעך פון דער עסטאַנסיא.

ס'איז אַ זונטיק-טאָג און די באַוועגונג איז באַזונדערס אינטענסיוו. די רייט-פערד זענען אויסגעצירט איגעם שענסטן שפּאַן מיט קאָלירטע זאָטלען און באַגילטע צוימען. די יונגע זענען אויסגעפּוצט אין די טונקעלע זונטיק-קליידער און באַגאָסן מיטן שאַרפן ביליקן פּערפום, וואָס פאַרשמעקט די לופט ביזקל איבל. פון די נאָענטסטע פעלד-גע־ביידעס שפּאַצירן אַהער די יונגע מיידלעך אין געבלימטע לאַנגע קליידער ענג-געשנורטע ביי די דינע טאַליעס, די שוואַרץ-גלאַנציקע צעפּ פאַר־וואָרפן אויפן רוקן און פאַרפלאָכטענע מיט רויטע סטענגעס און בלומען וואָס וואַקסן ביי די וועגן. מיט אַראָפּגעלאָזטע בליקן פון די געדיכט־באַברעמטע אויגן שפּאַצירן זיי גרופּעסוויז, איינגעשלאָסן האַנט צו טאַליע, און לאַכן שטיל. אויף די צוגעוואָרפענע קאָמפּלימענטן און גלייכווערטלעך פון די יונגען, וואָס שטייען ביים טיר פון שענק, לאַכן זיי די מיידלעך, ענטפערן אָפּ כלומרשט בייז, דרייען זיך ווידער אום, און ווידער פאַר־ביי דער שענק.

עמעצער האָט מיט אַן אויסגעשריי אַ וויוו געטאָן אין דער ווייט־קייט און אַלע האָבן זיך אַ לאָז געטאָן צום וואָקזאַל, וואָס איז אין איין רגע פאַרפולט געוואָרן מיט אַ גרויסן עולם. דער איבלדיקער גערוך פון איבערגעברענטן וויין האָט זיך צונויפגעמישט מיטן שאַרפן ריח פון פּערפום אויף שוויסיקע נישט-געוואַשענע קערפּערס. דער אָנגענעמער

לייכטער אָנוויי פון פּודער אויף די געזיכטער פון די יונגע מיידלעך האָט פאַרפירעריש אַ צי געטאָן.

אַלעמענס בליקן האָבן געקלעפּט אין דער ווייטקייט. צווישן די בערגלעך און לאַנקעס האָט זיך געשלענגלט דער לאַנגער צוג. אָט איז ער דערשינען, פאַרשוווּנדן און באַלד ווידער אַרויסגערוקט זיין שוואַרץ־רויכערנדיקן קאָפּ, שיטנדיק שטיקער וואָלקנס, וואָס דאָס פאַרנאַכט־ווינטל האָט אונטערגעכאַפּט און אויפגעלייזט אין די הייכן.

אַ שאַרף־וואָרנדיקער פייף — און שווער סאָפּענדיק, מיט פאַר־שטויבטע וואַגאָנען און סקריפּנדיקע רעדער, האָט זיך דער צוג אַריינ־געשלייכט. דער רעש איז געשטיגן און אויסגעשרייען האָבן פאַרהילכט די לופט. פאַרשלאָפענע און פאַרשטויבטע פּנימער האָבן זיך באַוויזן אין די וואַגאָן־פענצטערלעך און אַנדערע פּאַסאַזשירן זענען אויסגע־שטיגן, אויסגעגלייכט די ביינער און געכאַפּט אויפן הויכן קול אַ לייכטן שמועס. אויף איין רגע איז פאַרשוווּנדן די גרויסע דיסטאַנץ צווישן דעם אַ ווינקל און דער ווייטער וועלט. די נאָך סאָפּענדיקע באַן האָט אַריינ־געבלאָזן דעם אָטעם פון יענע מקומות, ווו פריינד און באַקאַנטע לעבן אויס זייערע טעג. דאָס איז געווען אַ קורצער גרוס, און ווייל ער איז קורץ און וועט באַלד פאַרשוווּנדן, איז מען איבערגעפאַלן דעם שליח, דעם גרוס־טרעגער אויסצונוצן יעדע מינוט פון זיין ווייַלן.

ניאָמע האָט מיט גרויס שווערקייט געשפּאַרט זיך דורכן געדרענג פון דער מאַסע און אָן אַן אָטעם געלאָפן פון די פענצטער צום אַרויס־גאַנג. ער האָט זיך אָנגעשלאָגן אָן טונקעלע לאַכנדיקע געזיכטער, פון וועלכע עס האָט געשלאָגן דער זויערלעכער גערוך פון ביליקן וויין. זינט ער האָט געוואָלט אויפשטייגן אויף אַ וואַגאָן, האָט זיך אָן ענג־געשלאָסענע גרופּקע פון צעליאַרעמטע יונגע מיידלעך אַריינגעשטעלט ביים טרעפּל און ער האָט זיך קוים אַרויסגעשאַרט פון דער כאַליאַסטרע. ער האָט געהערט הינטער זיך דאָס פריילעכע לאַכן פון די יונגע פרויען וואָס האָבן אָנגעוויזן אויפן מאָדנעם פרעמדן באַזוכער.

אַ שטיק פון האַרצן איז אים אַראָפּ ווען ער האָט ענדלעך דערזען אויסשטייגן זיין באַשען און דערהערט דעם פריידיקן אויסגעשריי פון די קינדער. איצט האָט ער ראַפּטעם זיך אָנגעקלאָזט אַנטקעגן זיי, צונויפגענומען די וואַליזעס און געפּעק, און ווען ער איז שוין געשטאַ־

נען אויפן שטייניקן באָדן פון וואָקזאַל אַרומגערינגלט פון דער משפחה, האָט ער ערשט דערשפּירט אינעווייניק אַ מאָדנעם צופּן און אַ לייכטע אויפלייזונג אין די גלידער. ער האָט אַרומגענומען די פרוי, די קינדער, זיי געקושט, און ווי ער וואָלט זיך דערנאָך געשעמט פאַר אָט דעם פּלוצעמדיקן אויסברוך פון נישט געוויינטלעכע געפילן, האָט ער ווי באַלד אומגעדולדיק אונטערגעיאָגט צו דער פור.

און אין דרויסן, ביי דער פור וואָס איז געשטאַנען אַנטקעגן דער שענק, האָט ער פון דער זייט אַ בליק געטאָן אויף דער משפחה און אַ שמייכל האָט זיך באַוויזן אויף זיינע באַוואַקסענע ליפּן. ער האָט זיך אַליין פאַרגליכן צו אַן ערשט טיטולירטן סערזשאַנט, ווען מ'האָט מיט עטלעכע נישט דערפאַרענע סאָלדאַטן איבערגעלאָזן אַליין אויף אַן אומבאַקאַנטן פראָנט: גיי פיר דיין מלחמה! האָט ער זיך אינערלעך צו־געטריבן און אָפּגעמאָסטן ווידער אַ מאָל די משפחה ווי מ'שאַצט אָפּ דעם ווערט פון אַ לייב־גוואַרדיע.

זיין בליק איז געפאַלן אויף באַשען, זיין פרוי. זי איז ערשט אַריין אין די פערציקער יאָרן. אָבער דער עול פון יאָרן פון דאגות און פון פרנסה האָט נישט פאַרמיטן אויסצוקריצן זיין צייכן. אירע עטוואָס איינ־געפאַלענע באַקן האָבן עדות געזאָגט אויף אַרויסגעצויגענע צייט און אַ באַזונדערער אומעט איז געלעגן אין אירע גרויסע טיפע אויגן. זיי און די נאָך שוואַרצע האָר פון איר עטוואָס לענגלעכן קאָפּ זענען געווען איבערגעבליבענע חן־סימנים פון אַ צעבראָכענער כלי. זי האָט זיך ביים גיין אַ ביסל געוואַקלט און געפּלאָנטערט צווישן אירע לאַנגע קליידער, ענג פאַרשנורטע און פאַרצויגענע ביז צום האַלדז. דאָס שפּאַנען מיט אומזיכערע טריט איז אויך געקומען פונעם לאַנגן צוג־וועג, וואָס האָט איינגעוויגט און איינגעשלעפערט די פיס.

אויסער דעם צווייטן דערוואַקסענעם זון זענען דאָ געווען די קינדער וואָס זענען צוזאַמען מיט דער מוטער אַהערגעקומען פון דער שטאָט. מירעלע, דאָס 12־יעריקע מיידל מיט די גאָלדענע לאָקן, איז נישט געווען פיל נידעריקער געוואַקסן פון איר פופצן־יעריקן ברודער, שלום, וואָס איז געווען אָנגעטאָן אין אַ דיקן לעדערנעם רעקל און מיטן וואָלענעם היטל אויפן קאָפּ האָט ער אויסגעזען ווי אַן אויסגעוואַקסן קינד פאַר דער צייט. בלויז די קליינע פינף־יעריקע רוזשקע האָט זיך

עפּעס נישט אַריינגעפּאַסט צווישן די דערוואַקסענע קינדער. אירע גרויסע שוואַרצע אויגן האָבן געהאַט דעם אָפּגלאַנץ פון דער מוטערס חן און די שוואַרצע צעפּעלעך פאַרוואָרפן אויפן נאַקן האָבן זיך געטרייסלט און געפאַליעט מיט איר פעסטן אַנטשלאָסענעם טריט. אויף די קליינע פיסעלעך האָט זי געטראָגן שטיוועלעך. ווער עס האָט נאָר אַ בליק געטאָן אויף איר האָט געמוזט אַ שמייכל טאָן און גוטמוטיק באַטראַכטן איר שטאָלץ־פאַרריסן נעזל. אויך אין דער עלטער היים איז רוזשקעלע געווען דאָס „פּעפּערל" פונעם געסל.

איצט האָט ער אויך געוואָרפן אַ בליק אויפן צווייטן זון זיינעם, הערשל, אָדער ווי מען האָט אים גערופן אין זיין קרייז: גריגאָר. ער איז געווען אַ בחור אין די אָנהייב־צוואַנציקער, אַ שטילער און געמאָסטע־טענער און מיט שווערקייט האָט ער זיך אַריינגעלאָזט אין אַ שמועס. קאָן זיין אַז דערפאַר האָט אים זיין קרייזל אויסגעקליבן אויסצופירן די געפערלעכסטע אַרבעטן און די פאַרבאָרגנסטע קאָנספּיראַציעס. ער האָט געוווּסט ווי אַזוי מיט דער גרעסטער קאָלטבלוטיקייט זיך אַרויסצודרייען פון לויערונגען. עס האָט נישט געהאָלפן, וואָס די מוטער האָט נישט איינמאָל געבעטן רחמים, ער זאָל היטן זיין יונג לעבן. מיט זיינע אייגענע הענט האָט ער דורכגעפירט אַן אַטענטאַט קעגן אַ פאָליציי־קאָמענדאַנט פון דער קרייז־שטאָט און אין דער פינצטערניש פון דער נאַכט זיך אויסבאַהאַלטן אין די גרויסע וועלדער פון דער געגנט. נאָכ־דעם האָט ער זיך אַריינגעשטעלט אין שטוב ווי ס׳וואָלט גאָרנישט געווען, נישט גערעדט וועגן דער געשעעניש, כאָטש אַלע אין שטוב האָבן געפילט זיין שייכות צו דער פּאַסירונג. שפּעטער, ווען ער האָט זיך צעשיידט מיט זיינע ס. ר.־ניקעס און געוואָלט אָנהויבן לערנען אויף אַ פרייען קורס צוזאַמען מיט אַ קרייז חברים, זענען געקומען שטאַרקע פּאָליציי־פאַרפאָלגונגען, און אַז דער פאָטער האָט מודיע געווען וועגן זיין גרייטן זיך קיין אַרגענטינע, האָט ער אויך זיך אָנגעשלאָסן, כאָטש דאָס איז געווען אַן איבעררעשונג פאַר דער גאַנצער משפחה. אַלע האָבן געמיינט, אַז ער וועט אויסקלייבן צו בלייבן אין וואַרשע לערנען.

די באַן איז שוין אָפּגעפאָרן נאָך אַ לאַנג־צעצויגענעם געזעג־נונגס־פּייף, די באַזוכער האָבן זיך צעשאָטן איבער אַלע וועגן און ריכ־

טונגען, און די משפחה האָט זיך אויסגעזעצט אויף דער פור, אויף די פעקלעך און קאַסטנס. אַלע האָבן מיט פרעמד־אויסגעגלאָצטע אויגן נאָכגעקוקט ווי זיי דערווייטערן זיך פונעם אָפּשטייג־פעלד און עמעצער האָט אפילו לאַכנדיק געפאָכעט מיט דער האַנט צום געזעגענען זיך. אויך אויף דער שוועל פון שענק האָט זיך באַוויזן דער אוקראַינער, וואָס האָט די גאַנצע צייט דורכן פענצטערל נאָכגעקוקט ווי די פאַמיליע איז אָפּגעפאָרן. ווען ער האָט שוין די פור מער נישט געזען, האָט ער אַרויסגעלאָזן אַ קללה, אַ שפּיי געטאָן און זיך צוריקגעקערט אין דער שענק אַריין, וואָס האָט זיך דערווייל ווידער אָנגעפילט מיט באַזוכער.

אָבער נאָך בייזער וואָלט דער גוי געוואָרן ווען ער וואָלט אין דעם מאָמענט געזען דאָס שיינענדיקע געזיכט פון ניאָמען. הערשל האָט גענומען די לייצעס אין האַנט אַריין און ניאָמע האָט פאַרפירט אַ שמועס מיט דער פרוי.

שמועסנדיק מיט באַשען האָט ער נישט אַראָפּגענומען די אויגן פון הערשלען, געוואָלט אַרויסלייענען פון זיין ערנסט געזיכט עפּעס וואָס זאָל פאַר אים באַשיידן זיין צוקונפט. נאָך זייענדיק אין שמוציקן אימיגראַנטן־הויז האָט ער מיט חשק געלערנט די שפּאַנישע שפּראַך און קורץ נאָכן אָנקומען אין לאַנד אָנגעהויבן לייענען ביכער אין דער לאַנדס־שפּראַך. דאָס האָט געגעבן אַ קלאָרן אָנדייט אַז ער, הערשל, וועט אויפן ברעג זיך צעשיידן מיט דער משפחה און אין דאָרף נישט גיין. אויך דאָ איז געשען דאָס קאַפּויערע און ער האָט זיך אָנגעבאָטן צו באַגלייטן דעם פאָטער צוזאַמען מיט מאירן בעת זיין ערשטן באַזוך אויפן פעלד. דעמאָלט, אין אָנבליק פון דער סטעפּ־אומענדלעכקייט און די ווייטע בערגלעך, האָט ניאָמע אַזוי געציטערט און אין האַרצן גע־בעטן גאָט אַז אויך הערשל זאָל באַאיינפלוסט ווערן פון דער בראשית־פּאַנאָראַמע און מיטהעלפן אויפצושטעלן זייער היים אין פעלד.

פאַרוואָס דווקא האָט ער אַזוי געפלאַטערט איבער הערשלס באַשלוס און נישט אויף מאירס? נו, דאָס איז גאָר קיין פראַגע נישט. הערשל קאָן ווערן דער הויפּט־אָנשפּאַר פון דער אונטערנעמונג, מיט זיין ווילן, מיט זיין קלאָרן שכל און מיט זיין חוש פאַר געפאַרן. פאַר־וואָס דווקא געפאַרן? נו, יעדע אונטערנעמונג איז פאַרבונדן אויך מיט געפאַרן... מאיר? ער וועט זיכער מיטמאַכן מיט אים דעם לאַנגן וועג

ביזקל סוף. אָבער ס׳איז אים אין גאַנצן נישט קלאָר וואָס עס וועט זיך דער בייטראָג זיינער. ער איז דאָך אַזאַ צונויפגעפּלאָכטענער אין זיך אַליין, אַנגעזאַפּט מיט פּחד פאַר אַ פרעמד אויג, קאָן מיט קיין פרעמדן קיין וואָרט נישט אויסריידן און פאַררוקט זיך תמיד אין אַ ווינקל בעת די שטוב איז פול מיט געסט. בלויז איין פריינד האָט ער און אים איז ער איבערגעגעבן: דאָס פידעלע. ווען קיינער איז אין שטוב נישטאָ צעוויגט ער זיך אין די פאַרשידנסטע ניגונים און זיין נשמה באַהעפט זיך מיטן שוועבן פונעם סמיטשיק. אינעם שטעטל זענען געוועזן אַזעלכע, וואָס האָבן אָנגעדייט, אַז אין דעם תמימותדיקן זון ליגט פאַרבאָרגן אַ גרויסער טאַלאַנט, אָבער אַזוי ווי ער האָט גוט געקענט דעם כאַראַקטער פונעם זון האָט ער נישט געטראַכט אים צו שיקן לערנען ערגעץ. אפילו צו דער שטעטלדיקער קאַפּעליע האָט ער זיך נישט געוואָלט אָנשליסן. ער האָט תמיד געוואָרט די שטילקייט זאָל אַרומנעמען די שטוב און דעמאָלט האָט ער אין אַ פאַררוקטן צימער זיך פונאַנדערגעשפּילט ביז ער האָט דערהערט טריט און אויפגעהערט...

ס׳איז שוין געווען טונקל, ווען די פור האָט דערגרייכט דעם צענטראַלן וועג. הערשל האָט געטריבן די פערד קאָנאַקנדיק מיט דער בייטש אין דער לופטן. ער האָט די אונטערגעיאָגט, כדי מען זאָל נישט קומען אַהיים שפּעט אין דער נאַכט אַריין. די רעדער, וואָס זענען אויסגעטריקנט געוואָרן פון די שפּעט זומער־היצן, האָבן געגרוישט מיט די נאָכגעלאָזטע שינעס. דער וועג איז געווען אַ זאַמדיקער און דאָס כראָפּען פון די לויפנדיקע פערד האָט אַריינגעבראַכט אַ היימישן אָטעם אין דער נאַכט אַריין. פון מערב־זייט איז אויפגעגאַנגען אַ רויטע פולע לבנה.

פּלוצעם האָבן די פערד אָנגעשפּיצט די אויערן און פאַרלאַנגזאַמט זייער לויפן. דער שמועס אויפן וואָגן איז איבערגעריסן געוואָרן און די קינדער האָבן זיך נענטער צוזאַמענגעדריקט.

ס׳האָט אָנגעיאָגט דער גערויש פון אַ גאַלאָפּירנדיק פערד און ס׳איז דערשינען דער הויכער שאָטן פון אַ רייטער. אַ פרויען־שטימע האָט מיט אַ קלאָרער שטרענגקייט אַריינגעשריגן אין דער טונקעלער נאַכט אַריין:

— סאַלוט!! ווער זייט איר, פריינד?...

דער פּחד האָט אַ ביסל נאָכגעלאָזן ביים דערהערן די שטימע

פון אַ פרוי. פריער האָבן די לייבער געשווידערט, ווי עס וואָלט אַנגע־יאָגט אַ געשפּענסט. איצט איז די שרעק לאַנגזאַם איבערגעבערענט גע־וואָרן אויף נייגעריקייט. הערשל האָט אָפּגעשטעלט די פערד אַזש די פור האָט צוליבן האַסטיקן אָפּהאַלט זיך אַ שטאַרקן טרייסל געטאָן. הערשל איז אָפּגעשטיגן אויפן באַגראָזטן וועג, ווו די רעדער־שליאַכן זענען געווען באַדעקט מיט טיפן זאַמד. ער האָט זיך דערנענטערט צו דער אומבאַקאַנטער רייטערין. איר מיט שווייס אָפּגעגאָסן פערד האָט געטופּעט קאַפּריזנע מיט די קאָפּיטעס,׳ געהויבן אַרויף און אַראָפּ מיטן יונגן טראָציקן קאָפּ און די זילבערנע קייטלעך פונעם ציימל האָבן זיך צעקלונגען. צוליבן דרייען זיך פונעם פערדישן קאָפּ האָט הערשל נישט געקאָנט זען גענוי דאָס געזיכט פון דער רייטערין. ער האָט אָבער ווידער דערהערט איר שטימע און דאָס מאָל עטוואָס מילדער:

— העי, פריינד! פון וואַנעט קומט איר, און וווּהין?...

און נאָך איידער הערשל האָט באַוויזן זיך פונאַנדערקלייבן און אַ זאַמל טאָן ווערטער פון דער שפּראַך וואָס ער האָט זיך איינגעשאַפּט, האָט ניאָמע צוגעוואָרפן אויפן קול איין און איינציק וואָרט:

— אַ קאַסאַ! (אַהיים)

אין דעם איינציקן שפּאַנישן וואָרט האָט ער אַריינגעלייגט אַזאַ באַטעמטקייט וואָס איר ריכטיקע הנאה האָט ער, נאָר ער געשפּירט,

— אַהיים? און ווו געפינט זי זיך אייער היים?... איך קען גוט די געגנט!...

אויף אַזויפיל זיך אַריינלאָזן אין אַ שמועס אויף אַ פרעמדער שפּראַך האָט ער נישט געוואַגט. סיי ווי האָט הערשל אַ שטוינענדיקן בליק געטאָן אויפן פאָטער גאָר אויבן איבער די פּעקלעך פאַר זיין האָפערדיקן אַריינוואַרפן זיך אינעם שמועס.

דערווייל איז די פרעמדע פרוי צוגעריטן צום וואָגן ווי אָנצו־קוקן פון דער נאָענט דעם מאַן וואָס האָט אַריינגעשריגן דאָס איינציקע וואָרט אינעם רוים אַריין. דערנאָך האָט זי באַטראַכט דעם יונגנמאַן וואָס איז געשטאַנען ביים וואָגן. אין שוואַכן שיין פון דער אויפגייענ־דיקער לבנה האָט זי באַמערקט, אַז ער האָט נישט קיין נייגונג צו רעדן אָדער צו פרעגן. האָט זי זיך אָפּגערופן:

— מיין נאָמען איז וויקטאָריאַ, פון דער עסטאַנסיאַ לאַ קאָנ־

סעפּסיאָן... איר וועט פאָרן און איך וועל אייך באַגלייטן. איר ווייסט ווּהין? עס מאַכט נישט אויס, די נאַכט ווערט קלאָרער און איר וועט אָנקומען, ווילט איר?...

— גוט — האָט הערשל קורץ אַרויסגערעדט און אַרויפגעשפּרונגען אויפן וואָגן.

וויקטאָריאַ איז געריטן אין אַ גלייכער ליניע ביים ראַנד פונעם וועג און נישט איבערגעיאָגט די פערד פונעם וואָגן מיט דער שווערער משא. די שקאַפּעס האָבן געפילט דאָס עלעגאַנטע גאַלאָפּירן פונעם אַדעליקן יונגן פערד, האָט זיך אין זיי אויפגעוועקט די לוסט צו בריקעווען און די אַמביציע נישט אַדורכלאָזן. וויקטאָריאַ איז די גאַנצע צייט געווען נאָענט צום וואָגן און ביים רייטן האָט זי אונטערגעפייפט אַ טאַנץ־מעלאָדיע. ס'האָט זיך געדאַכט, אַז די נאַכט־פייגל אויף די צוים־שטאַנגען ענטפערן אויף איר פייף מיט אַ צערייצטן געשריי אין דער נאַכט אַריין. אין איר גאַלאָפּירן איז ווידער געלעגן דאָס גוטע געפיל פאַר נייע זאַכן וואָס קומען און וויקלען זיך אויס. איר פּנים איז עטוואָס צעפלאַמט געוואָרן און די אויגן האָבן געשניטן דעם שליאַך וואָס האָט זיך געצויגן פאָרויס צווישן בערגלעך און קליינע טאָלן. ביים אַריינפאָרן אין זייער טיפקייט איז אָנגעלאָפן אַ קילע כוואַליע און געמאַכט אויפציטערן דאָס לייב.

זי האָט זיך דערוווּסט, אַז די משפּחה קומט איצט פון דער הויפּטשטאָט, האָט זי כמעט ווי אָפּגעשטעלט דאָס פערד. זי האָט אָבער באַלד מיט די שפּאָרן אַ קיצל געטאָן צווישן זיינע ריפּן און זי איז שוין ווידער געווען ביים וואָגן:

— אַך, ליבע מענטשן! דאָס איז אַ שטאָט ווו די זון גייט קיינמאָל נישט אונטער! אַפילו אין דער פינצטערניש פון דער נאַכט איז זי אין גרויסע ליכט! איר זייט דאָרט לאַנג געווען? האַ? נאָר זעקס מאָנאַטן? ווי זעט זי אויס אין אייערע אויגן?... מען מוז קענען איר צויבער, כדי איר מער נישט צו פאַרגעסן... אָבער איך וועל מער אַהין נישט פאָרן, כאָטש עס בענקט זיך... פופצן שעה מיט דער באַן, נישט מער...

ווער האָט פאַרשטאַנען איר ווידוי, וואָס דער עיקר אינהאַלט איז אויפגעכאַפּט געוואָרן דורכן ווינטל אין קילן אָוונט? זי האָט באמת

נאָר געערדט פאַר זיך. אַנגערעגט פונעם פרישן אַנווי וואָס די מענטשן האָבן איצטער אַראָפּגעבראַכט פון איר געבוירן־שטאָט צוזאַמען מיטן נישט פאַרהיילטן ווייטיק פון איר אייגענער טראַגעדיע.

נאָך עפּעס האָט זי געוואָלט פרעגן און נישט געוואָגט: ווער זענען זיי און פון וועלכן לאַנד? עס איז געגאַנגען אַן אומאויפהערלעכער שטראָם פון אימיגראַנטן פון די פאַרשידנסטע לענדער. אַ טייל פון זיי איז געקומען אַהער אין דער געגנט און זיך אַ וואָרף געטאָן צו די פאַרשידנסטע פּרנסות: קורצע און פעסט־געבויטע וואסקעס האָבן איינגעהאַנדלט פערד און וואָגן, אַרומגעפאָרן איבער די עסטאַנסיעס און פאַרקויפט פּרוכטן; טערקן און אַרמעניער זענען מיט געשטריקטע קוישן און גאַלאַנטעריי־סחורות אַרומגעגאַנגען צופוס, שפּעטער האָבן זיי זיך אויך דערשלאָגן צו אַ קליין פּורל; יונגע דייטשן האָבן זיך אָנגעהויבן באַוויזן גרופּעסווייז מיט זייערע משפּחות און זיך באַזעצט אין די מאָגערסטע ווינקעלעך פון די פּרייע באָדנס; ענגלישע באַאַמטע און אינזשענירן האָבן זיך באַזעצט לענגאויס די באַן־סטאַנציעס און אויס־געבויט זיך פיין געפּאַרבטע ווילעס מיט רויטע דאַכעלקעס, וואָס האָבן מיט זייער נייעם סטיל חוצפּהדיק זיך אַריינגעשניטן אין דער אַרומיקער איינטאָניקייט; טעמפּעראַמענטפולע סיציליאַנער האָבן געעפנט נידעריקע „פאָנדאָס" (רעסטאָראַנען) אין די אויפגעקומענע פאַראיינזאַמטע שטעט־לעך, אַרום וועלכע עס האָט אָנגעהויבן צו דרייען זיך דאָס געזעלשאַפט־לעכע לעבן אין דער פּראָווינץ. אויך פון רוסלאַנד — דערציילט מען אין דער גרויסער שטאָט — האָט אָנגעהויבן צו ציען זיך אַ פילקאָ־לירטער שטראָם פון אימיגראַנטן: דייטשן פון ווייטע רוסישע געביטן, פּויערים פון אוקראַינישע דערפער און אַזעלכע וואָס קומען פון רוס־לאַנד, אָבער זיי זעען אויס אין גאַנצן אַנדערש און האַלטן זיך באַזונדער. אַ טייל פון זיי קליידט זיך אויסטערליש און פרעמד. מ'זאָגט אַז די זקנים לאָזן זיך וואַקסן לאַנגע בערד. אָבער דער וואָס זיצט אויפן וואָגן האָט אַ קורץ־געשוירן בערדל, וואָס דערמאָנט אַ שפּאַנישן דעראָ־בערער... זי האָט אַ טרייב געטאָן דאָס פערד מיט די שפּאָרן, ווידער זיך אויסגעגלייכט מיטן יאַגנדיקן וואָגן. זי האָט זיך עטוואָס אָנגעבויגן צו דער משפּחה ווי אַנצוכאַפּן זי מיט איר בליק ביים לבנה־שיין און דערגייין צי זי האָט נישט געמאַכט קיין טעות.

— איר זייט... כודיאס (יידן)? בלויז דער „זייט" האָט באַוויזן אַרויסצוגליטשן זיך פונעם האַלדז און איז באַלד מטושטש געוואָרן אינעם רויש פון די רעדער. די פראַגע איז געבליבן איר אייגענער קנין. זי האָט נאָך מער פאַרצויגן די ליפּן ווי נישט אַרויסצורופן אין דער נאַכט אַריין אַן אויסגעטראַכטן שד...

אָבער זי איז אַלץ איינס זיכער געווען אין איר השערה, וואָס זי האָט נישט געוואָלט באַשטעטיקן מיט נישט דעליקאַטע פראַגעס. דער נאָמען „כודיאַ" האָט געקלונגען פרעמד ווי אַ קלאַנג, וואָס קומט פונעם טונקעלן קאָנוועגט, אין וועלכן זי האָט זיך דערצויגן אַ ריי יאָרן. דאָרטן האָבן די שטרענגע און ציכטיק־אָנגעקראָכמאַליעטע שוועסטער אָפּט דערמאָנט דאָס וואָרט מיט אַ באַזונדערן טאָן און אַ קיל־שאַרפער בליק האָט דערביי געבלאַנקט אין זייערע אַלטע אויסגעלאָשענע אויגן. די פאַרקרימטע ליפּן, ווי נאָך אַ נישט געשמאַקן ביסן, האָבן געפּלאַפּלט: „די גאָטס־מערדער", „די לעסטערער", די פאַרוואָגלטע נשמות". איינע האָט אפילו זיך אויסגעדריקט: „דעם טיחולס־קינדער".

דעמאָלט האָבן די שיפּענדיקע רייד פון די שוועסטער געווירקט לויט זייער באַגער. אָבער עס איז גערעדט געוואָרן וועגן אַ פאָלק, וואָס מ'קאָן אפילו נישט ווייזן ווו עס געפינט זיך און ווו ס'איז זייך לאַנד. אַ פאָלק? אַ לאַנד? אויף דעם האָט קיינער נישט אָפּגעשטעלט זיך און קיינער האָט נישט דערציילט. זי געדענקט נאָר, אַז ווען ס'איז אויסגעקומען דורכצוואַרפן אַ פּאָר ווערטער וועגן יידן, איז עס געווען פאַרבונדן מיט דעם נישט פאַרגעבנדיקן עפּיזאָד פון גאָט־פאַר־ניכטונג און מיט דער פאַרעקשנטער אָפּגעפרעמדקייט צו זייך חסד. אין די אויגן פון די שילערינס האָבן זיי אויסגעזען ווי נישט קיין מענטש־לעכע ברואים, ווי נישט קיין באַטייליקטע אין דער מענטשלעכער ציוויליזאַציע.

דעמאָלט האָט זי אפילו נישט געטראַכט אַ מאָל צו באַגעגענען עמעצן פון אָט דער מאָדנער ראַסע. אָבער ווען זי האָט געענדיקט די רעליגיעזע שול און אַריין אין דער נאָרמאַל־שול מיטן געדאַנק שפּעטער פאַרצווזעצן סאָציאַלע וויסנשאַפטן, האָט זי באַגעגנט אַ יונגנמאַן, וואָס האָט זיך שפּעטער אַרויסגעוויזן פאַר אַ זון פון יענעם פאָלק.

אין יענעם אָוונט האָט איר איינציקער ברודער זי איינגעלאַדן

אין זיין לערן־קאַבינעט און פאַרגעשטעלט פאַר אַ יונגן ברייטפּלייציק; בחור מיט שאַרפע שטריכן אויפן טונקעלן געזיכט. אַ פּאָר ליכטיקע גרויע אויגן האָבן אַרויסגעפינקלט פון אונטער דעם אַרויסגערוקטן שטערן און געדיכטע אָנגעשפּיזטע ברעמען. דער שאַרפער איינשניט איבער די דינע ליפּן האָבן דערמאָנט איינגעהאַלטענע חכמה און גע־מאָסטנקייט פון אַ דערפאַרענעם מאַן.

אין יענע טעג איז זי געוווינט געווען פאַרגעשטעלט צו ווערן אין איר ברודערס געזעלשאַפט. אוסוואַלדאָ רוענעס מארין האָט געהאַלטן ביי ענדיקן אַדוואָקאַטור און ער איז געווען דער צענטער פון אַ גרופּע אַקאַדעמיקער און פרייהייטס־קעמפער, אין יענע יאָרן, בעת עס האָבן אָנגעהויבן בלאָזן נייע ליבעראַלע ווינטן אין דער אויפגעוואַכטער רע־פּובליק. ער האָט נישט ליב געהאַט דעם נאָמען „רוענעס" און גערופן זיך אויף דער מוטערס נאָמען „מארין", וואָס האָט אים דערמאָנט די אויסגעאיידלטע פרוי פון אַדעל און צניעות אין קעגנזאַץ צו דער געלט־גייציקייט און ברוטאַלער כיטרעקייט פונעם פאָטער. דער מוטערס נאָמען איז פאַר אים געווען ווי דאָס ווייכע גאַז־ליכט, וואָס פאַלט אין די אָוונטן אויפן ברענענדיקן קאַמין און וואַרעמט די נשמה. אין זיין זכרון איז שטענדיק געבליבן איינגעוועבט די דינע פיגור פון דער מוטער ווי זי שוועבט אויף די דיקע טעפּיכער, וואָס שלינגען איין דעם שאָרך פון אירע טריט. אירע שטילע געשפּרעכן מיט די קינדער און מיט די דינסטן האָבן געאָטעמט מיט ווייכקייט און מעלאַדישקייט.

און דער פאָטער? איצט האָט זי נאָך דעם חשבון מיט אים נאָך נישט פאַרענדיקט. אפשר ווען ער וועט אַראָפּקומען פון פּאַריז און זיך דערמאָנען אין גורל פון דער משפּחה און פון פאָטערלאַנד. וועט ער נאָך ווען עס איז צוריקקומען?

דעמאָלט, אין ברודערס קאַבינעט, איז דער הויך־געבויטער יונ־גערמאַן אויפגעשטאַנען פונעם פּלושענעם פאָטעל, אַראָפּגעצויגן די הענטשקע פון האַנט און זיך אַ נייג געטאָן צו איר. ער האָט לייכט אָנגענומען איר אויסגעשטרעקטע האַנט און זיך פאָרגעשטעלט:

— צו אייער דינסט, גנעדיקע פרייליין, מאוריסיאָ ליפּאַווין...

— מיין פריינד — האָט דער ברודער געשמייכלט — אַ יונגער שרייבער... ער קומט פון די יידישע קאָלאָניעס אין ענטרע־ריאָס...

זי האָט נישט אויפגעשווידערט און די האַנט נישט אַרויסגעריסן. זי איז אפילו בלאַס נישט געוואָרן. זי האָט די „טייוול־הערנער" אויף זיין הויכן שטערן נישט געזוכט... דער גאַנצער שלייער פונעם קאָנ־ווענט־נעפל, די פאַרקרימטע אויסגעגלאָזטע בליקן פון די „שוועסטער" איז ווי אָפּגעטרעטן אויף יענער זייט וואַנט. זי האָט אויך אָנגעהויבן עטוואָס פאַרלוירן צו שמייכלען, געקוקט דאָ אויפן טעפּיך, דאָ אויפן ברודער און אַרויסגעשטאַמלט:

— וויקטאָריאַ רופנס מאַרין... פון ענטרע־ריאָס? נאָך נישט געווען דאָרט... זענען דאָרטן פאַראַן קאָלאָניעס פון?...

איצט, ביים גאַלאָפּירן איבערן וועג, נעבן דעם וואָגן פון די ידישע אימיגראַנטן, האָט זי דערפילט אַ פּלוצעמדיקע אָפּגעריסנקייט. ווי קומט זי אַהער אויף די פאַרוואָרפענע וועגן ביים עק פון איר קרובס עסטאַנסיאַ? וואָס איז אייגנטלעך דער זין פון איר אַרומיאָגן זיך דורך טעג און נעכט אין אַ וועלט וווּ מ׳פאַרשטייט זי נישט, וווּ זי אַלייך הייבט אָן צו פאַרגעסן איר אייגענעם איך. זי האָט דאָך באמת געוואָלט פאַרגעסן די פאַרגאַנגענע טעג. וואָס יאָגן זי נאָך אויף די פאַרשטויבטע וועגן. וואָס איז איר פּלוצעם איינגעפאַלן זיך נאָכצושלעפּן נאָך דער פור פון די אָרעמע פרעמדע אימיגראַנטן? זיי, די פרעמדע, האַלב־פאַר־לוירענע, פאָרן צו זייער היים. זיי פאָרן ערגעץ צו אַ קליינעם ווינקל. זיי וויסן דעם וועג, אפילו ווען זיי זענען דאָ נייע און גרינע. און וועלכער איז איר וועג? היינט? און מאָרגן? זי האָט באַמערקט ווי איר פערד בלייבט הינטערשטעליק, האָט זי אַ דריק געטאָן מיט די שפּאָרן און אַוועק פאָרויס, לאָזנדיק הינטער זיך די פור.

זיי זענען אָנגעקומען. אַ שטילקייט איז געווען ווי דער אָוונט וואָלט מיט פאַרכאַפּטן אָטעם געוואָרט אויף דער געבורט פון אַ וועלט. מ׳האָט נישט געהערט קיין הונט געביל ווי עס איז דער שטייגער אין אַ דאָרפישן ישוב ווען עמעצער דערנענטערט זיך. אַ פּאָר שריט ווייטער איז אויסגעוואַקסן, ווי אַן אויסגעוויקלט טוך פון דער ווייסער לבנה, דאָס בלאַנקע ביידל, עס האָבן אַ פלאַקער־געטאָן די ציטערדיקע פלע־מלעך פון אַ צעלייגטן שייטער. מאיר איז אַרויס פונעם ביידל און גע־שפּאַנט אַנטקעגן דער אָנקומענדיקער משפחה. זיין דאַרער גוף האָט איצט, ביים שיין פון דער לבנה, זיך אויסגעצויגן מיטן אייגענעם שאָטן

און עס איז שווער געווען אויסצוטיילן ווער פון זיי בײדע גייט פאָרויס.

וויקטאָריא איז געבליבן אויפן פערד פון דער װײַטנס. די משפחה האָט אָפּגעלאָדן דעם וואָגן בעת עמעץ האָט אויסגעשפּאַנט די פערד. די שטימעס פון אַ פרעמדער שפּראַך האָבן אויפגעלעבט די גאַנצע סביבה. דינע קינדערשע שטימעלעך האָבן זיך צעטשוויטשערט ווי די נאַכט וואָלט זיי אין גאַנצן נישט אָנגעגאַנגען. איצט האָט זי אַליין נישט געוווּסט וואָס צו טאָן מיט זיך. אַראָפּ פון פערד און זיך אָנבאָטן זיי צו העלפן? איז דען איר הילף דאָ נייטיק? זי האָט געפילט איר איבעריקייט. איצט, ווען די משפחה האָט זיך צוזאַמענגעדריקט און וועט זיך וואַרעמען איינס אָן אַנדערן, האָט זי פאַרשטאַנען, אַז איר אַנוועזנדיקייט וועט נאָר שטערן. ווי געזעגנט מען זיך? פאַרלאָזן זיי אָן „אַ גוטע נאַכט״? אויך דאָס איז איר נישט קלאָר געווען בעת זי האָט געזען ווי מ׳האָט ממש אין איר פאַרגעסן. אין צאַנקענדיקן שיין פונעם גאַז־ליכט און ביים אַריינגאַנג פונעם ביידל דרייען זיך אַרום דאָפּלטע שאָטנס, פלעכטן זיך איין און יאָגן איבער איינער דעם צווייטן, ווי אַ מוראַזשקע־נעסט אין לבנה־שיין. און קיינער וואַרפט אפילו נישט קיין זייטיקן בליק צו איר בעת זי בייגט אָן איר ענג־געגורטן קערפּער צום זאָטל און איז נישט מער ווי אַ צוקוקער. זי האָט אָנגעלענט דעם קאָפּ צו דער לאַנגער גריווע פונעם פערד, אַ הייזעריקלעכן שעפּטשע געטאָן צווישן זיינע אָנגעשטעלטע אויערן און דאָס פערד האָט אַ ציי געטאָן פאָרויס. זי האָט איינגעבויגן דאָס ציימל, אַז דאָס פערד זאָל מיט זיין האַסטיקן טופּען נישט שטערן דער משפחה אין איר ערשטער נאַכט אויפן באָדן. און ערשט עטלעכע הונדערט שריט פונעם לאַגער האָט זי אַ קלעם געטאָן מיט די שפּאָרן צווישן די פייכטע ריפּן פונעם רייט־פערד, וואָס האָט ווי אַ וויכער זיך צעיאָגט איבער די באַגראָזטע פעלדער.

אינעם ביידל האָט מען איצט פאַרענדיקט די אָפּלאָדונג־אַרבעט. אַרום די ווענטלעך זענען געווען אָנגעהויפט פּעקלעך און בעטגעוואַנט. הונגער און מידקייט האָט אַלעמען באַהערשט. האָט מען אַלץ איבער־געלאָזן אויף מאָרגן, אויסגעזעצט זיך אויף נידעריקע קעראָסין־קעסטלעך אַרום דעם צעלייגטן פייער און אָנגעהויבן די ערשטע נאַכט־סעודה אין דער נייער היים.

ווען ניאָמע האָט געהאַלטן מיט בידע הענט דאָס הייסע גלאָז און מיט הנאה געזופט די טיי, האָט ער זיך פּלוצעם דערמאָנט אין דער אומבאַקאַנטער באַגלייטערין. ער האָט זיך אַ ריס געטאָן פונעם אָרט און אַוועק איבער די ערשט אויסגעטראָטענע סטעזשקעס. ער האָט אָבער נישט געזען קיין זכר און קיין שאָרך פון אַ לעבעדיק וועזן, חוץ די צווייַ שקאַפּעס, וואָס האָבן געגריזשעט די פּייכטע גראָזן און געשנאָרכט מיט הנאה נאָכן אויסגעלייזטן יאָך.

ער האָט זיך צוריקגעקערט מיטן געפיל פון איינעם וואָס האָט פונע געזען עמעצן, ער האָט כלל נישט תופס געווען דעם זין פון איר רייטן ביים וואָגן. אָבער ווי איז אים נישט איינגעפאַלן זי איינצולאַדן, ווי עס איז די פירונג אין אָט דעם לאַנד, צום אַריינגאַנג פונעם ביידל? נישט קיין וווּנדער דעריבער וואָס זי האָט זיך באַליידיקט און זיך אָפּגעטראָגן.

פאַר יוצא־וועגן האָט ער נאָך געמאַכט אַ לייכטן אומקרייז און זיך צוגעשלייכט צום פייער. געטאָן האָט ער עס אויף די שפּיץ־פינגער ווי נישט צו שטערן אַן אייגן־אויסגעחלומטע אידיליע. הערשל איז געלעגן אויסגעצויגן אויפן גראָז, וואָס איז נאָך פאַרבליבן נעבן ביידל, דעם אייבערשטן טייל פונעם גוף אָנגעלענט אויפן קעסטל און שטיל, שטיל, מיט זיין באַריטאָן־שטים, אויסגעברומט אַ ליד פון אַ קליינשטעטלדיק מיידל, וואָס באַוויינט איר גורל: איר חתן, אַ רעוואָלוציאָנער אין דער גרויסער שטאָט, ווערט דערשטאָכן בעת אַ דעמאָנסטראַציע. זיין פאַרבלוטיקט העמד כאַפּן אויף די אַרבעטער און הענגען עס אויף אַ שטאַנג. די בלוט־פאָן פלאַקערט איבער די גאַסן און דעמאָלט שווערן אַלע אַרבעטער נקמה, נקמה ביז אויסלייזונג.

ער האָט געזונגען שטיל, כמעט אָן פּאַטאָס, ווי דאָס ליד פאַרלאַנגט. אַלע איבעריקע משפּחה־לייט זענען געלעגן אויפן גראָז און זיך צוגעהערט צום געזאַנג ווי צו אַן עכאָ פון אַ שוין פרעמדער וועלט.

ווען הערשל האָט געענדיקט זינגען, האָט ער זיך געווענדעט צום פאָטער מיט אַזאַ טאָן ווי זיי וואָלטן זיך פון פריער צוזאַמענגערעדט:

— נו, זי איז אַוועקגעפאָרן, וואָס?...

— יאָ — האָט ניאָמע שטיל געענטפערט — מיר האָבן פאַר־

בעסן אונדזער פליכט אין אַט דעם לאַנד. אַ שאָד, מ׳טאָר נישט זיין נאָכגעלאָזן. זי וועט אָבער זיכער צוריקקומען.

ניאָמע האָט אָנגעהויבן פּלאַנירן דעם מאָרגנדיקן טאָג און די אומצייליקע אַרבעטן וואָס שטייען פאָר. זיינע רייד זענען פּלוצעם איבער־געריסן געוואָרן פון אַן אויפגעפּראַלטן געיאָמער וואָס האָט זיך דער־טראָגן אַהער פונעם אָפענעם פעלד. ער האָט געשפּירט דעם ציטער, וואָס איז דורכגעלאָפן איבער אַלעמענס לייבער, האָט ער אַ שמייכל געטאָן און באַרויקט:

— ס׳איז נישטאָ וואָס מורא צו האָבן... דאָס זענען נאָר קליינע פעלד־חיות.

שפּעט נאָך האַלבער נאַכט, ווען אַלע זענען שוין געשלאָפן, האָט באַשקע אים לייכט אַ טאָרע געטאָן. פון דרויסן האָט זיך געהערט דער אָפּקלאַנג פון אַ וויברירנדיק פידל־שפּילן...

פינפטער קאַפּיטל

## אויפאַקער פון דער רויערד

די טריבע האַרבסט־טעג האָבן זיך געצויגן אײנטאָניק ווי די גרויקייט פון די פעלדער. דער קילער ווינט האָט געפּאַטשט מיט אומ־היימלעכע לאַפּעס און אויסגעטשוכעט די משפּחה פון איר גאַסט־שטי־מונג, געטריבן זי צו פאַרטראַכטן זיך וועגן די קומענדיקע טעג.

אין צענטער זענען געשטאַנען צוויי אויפגאַבעס: צוטרעטן אויפ־צובויען די שטוב אָדער אָנהייבן אַקערן.ביידע זאַכן זענען אומפאַר־מיידלעך, ביידע דאַרפן דורכגעפירט ווערן מיט די אייגענע הענט. אין די דיסקוסיעס האָט ניאָמע פאַרטיידיקט זיין שטאַנדפּונקט:

— אַ שטוב? זיכער איז עס וויכטיק. אַ דאַך איבערן קאָפּ וועט אונדז געבן זיכערקייט. אָבער אונדזער צובונד צו דער ערד וועלן מיר דערגרייכן ביים אַריינשטעקן דעם אַקעראייזן און באַזיגן דעם מדבר וואָס שרעקט אונדז כסדר... אויסער דעם וועט עס אונדז געבן די

מעגלעכקייט צו שטעלן זיך פעסט און פאָדערן אַז ס׳זאָלן קומען נאָך יידן, ס׳זאָל ווערן אַ ישוב, אַ יידישער...

און אַנטקעגן די אָ רייד האָט מען געפּרוווט אים אָפּשלאָגן:

— אָבער ווי לאָזט מען אַ גאַנצע משפחה, און נאָך מיט קליינע קינדער דערצו, איבערווינטערן אין אָט דעםביידל? צי מוז מען באמת דורכמאַכן אַלע פּלאָגן?

אָבער מיטן כוח פון זיין באַגער צו זען אָט דעם באָדן אויפֿגעריסן דורכן אַקער איז אים געלונגען אויסצופירן, און מ׳האָט באַשלאָסן אָנהייבן מיטן פאַראַקערן און דערנאָך וועט מען זען וואָס מ׳קאָן טאָן אויף צו פאַרלייכטערן די וווינונגס-באַדינגונגען.

ס׳איז געווען אָן ערב פּסח-פרימאָרגן און די ערד איז נאָך פייכט געווען פון אַ צוויי טאָגיקן ווייכן האַרבסט-רעגן. דער פרימאָרגן האָט זיך אויפגעפּראַלט מיט בונטע שטראַלן פון דער אויסגעוואַשענער זון. פון די לאָנקעס האָט אָנגעהויבן צו זעצן אַ דינע פּאַרע ווי אַ וואָלקן וואָלט געזעצט פון דער ערד-טיפעניש. די גאַנצע משפחה האָט זיך געפונען אין פעלד און אויסגעקוקט דאָס אָנקומען פון הערשלען וואָס איז געפאָרן ברענגען דעם אַקער-אייזן פון דער נאָענטער „עסטאַנסיא״ וואָך מער האָט מען אויסגעקוקט דעם פאַרוואַלטער פון דער „גרזעלשאַפט״, וואָס האָט צוגעזאָגט בייצוזיין די צערעמאָניע ווי מען פירט אַריין דעם ערשטן אַקער-אייזן אין דער נייער קאָלאָניע. ניאָמע האָט געוווּסט, אַז פון דער היינטיקער הצלחה הענגט אָפּ זיין גורל און דער גורל פונעם אָרט, וואָס דאַרף דינען ווי אַ מקום-מקלט פאַר אַ סך יידן. זיין דערפאָלג וועט אפשר דערנענטערן דעם קץ און אויב ער וועט געפינען חן אין די אויגן פונעם „שררה״ — ווער ווייסט וואָס דער מאָרגן קאָן געבוירן? אַלץ ליגט דאָך אין זייערע הענט, די ערד און די צוקונפט.

נעכטן האָט ער באַזוכט אַ ווייטן שכן, אַ סאַראַטאָווער דייטש, וואָס געפינט זיך דאָ זייט צוועלף יאָר. ער האָט צייטווייליק געדונגען שטחים ביי דער „גרזעלשאַפט״, ביז עס וועלן קומען די גרופּעס יידן צו באַזעצן זיך. ביי אָט דעם דייטש, וואָס וווינט פון דאַנעט צוועלף קילאָמעטער, און ווו זיי נעמען איצט וואַסער צום טרינקען, האָט ער עס נעכטן געפּרוווט אויספרעגן זיך וועגן אַלע כללים פון אייגנשאַפטן און פירן דעם אַקער-אייזן און נאָך אַנדערע זאַכן.

איצט איז ער געשטאַנען צוזאַמען מיט זיין משפחה און געוואַרט אויף דער אויסגעבענקטער שעה. אַ פּאָר הונדערט שריט פון דאַנעט מיניעט זיך די לייוונטענע וווינונג און די אָרעמע באַלעבאַטישקייט איז צעוואָרפן איבערן פאַרצוימטן הויף. פונעם נידעריקן קוימען זעצט אַ היימישלעכער רויך און זאָגט צו פריש געקאָכטע שפּייז און געבעקס.
עמעצער האָט אינעם האַריזאָנט אויסגעטיילט דאָס אָנקומען פונעם וואָגן מיטן צוגעטשעפּעטן אַלטן אַקער־אייזן. העגט האָבן זיך צעפּאָכעט אין דער לופטן און פריידיקע געשרייען האָבן זיך דערהערט:
„אַט קומט ער שוין!" „ס'אַראַ שיין פלוגעלע", „נו, וואָס שלעפּט ער זיך אַזוי?". הערשל איז אַריינגעפאָרן מיטן וואָגן און צו אים צו־געטשעפּעטן קליינעם אַקער־אייזן, וואָס איז געווען רויט געפאַרבט, מיט צוויי פאַרזשאַווערטע שניידמעסערס. אַלע האָבן זיך געקלעפּט צו דער כלי ווי צו אַ וווּנדער וואָס וועט ענדערן מעשי־בראשית און יעדער האָט געפונען פאַר פּאַסיק צו זאָגן מבינות. עס האָבן זיך דאָ צוזאַמענ־גענומען אַ פּאָר שכנים וואָס זענען איינגעלאַדן געוואָרן אַהער צוליב זייערע ערשטע באַציונגען מיט דער משפּחה. עס איז אַהער געקומען דער באַלעבאָס פונעם אַקער־אייזן און ער האָט מיט אַ ראַשיק, נישט פאַרשטענדלעך לשון, וואָס האָט זיך דורכגעזיפּט דורך די איינציקע ציין אין מויל, ווי דער ווינט דורך אַ צעלעכערטן דאַך — אויפגעקלערט ווי אַזוי אומצוגיין זיך מיטן אַקער־אייזן און ווי אַזוי מ'דאַרף מיט אים מאַנעווורירן. קיינער האָט אים אָבער נישט פאַרשטאַנען.
עס זענען אויך געקומען אַהער דער דייטשער שכן מיט זיין געפּאַקטער „מודער" (מוטער־פרוי). זי איז געווען אָנגעטאָן אין לאַנגע, קאָלירטע און פאַלדיקע קליידער. זיי האָבן אויך מיטגעבראַכט זייערע קלענערע קינדער, וואָס זענען אומגעלאָפן אין פעלד ווי קליינע היי־מישע חיהלעך. די אַ דייטשע פויערים האָבן שוין געהאַט אַ לאַנגע טראַדיציע פון ערד־אַרבעט נאָך אין רוסישן סאַראַטאָוו און דער „פאַדער" האָט געהאַלטן פאַר אַ מצווה צו קומען און אַרויסווייזן זיין בקיאות ווי אַזוי מ'רייסט אויף די בתולה־ערד. אַהער האָט אויך אָנגעשלאָגן עפּעס אַ נייגעריקער דורכפאָרער, וואָס איז נישט בייגעשטאַנען דעם חשק צו זען עפּעס אַ נייע צערעמאָניע, און אויך צולייגן אַ שטיקל עצה.
און עס זענען אויך אָנגעקומען געסט פון אַ באַזונדערן מין:

איבער אַלעמענס קעפּ האָבן זיך צעפליגלט „גאוויאטאס״ (פעלד־פייגל) און צעשווומען זיך איבערן רוים. אַט די פייגל באַטן אָן זייער אומ־באַצאָלטע הילף דעם פויער: ווי נאָר מ׳פירט אַרויס דעם אַקער־אייזן אויפן פעלד, נאָך איידער מ׳קערט איבער די ערשטע פרישע גרודעס, קומען זיי צופליען און וואַרטן אויף די ווערעם, וואָס דאָס מעסער שטויסט אַרויס ביים עפענען דעם אינגעווייד פון דער פייכטער ערד. אויך איצט האָבן זיי זיך שוין באַוויזן צוזאַמען מיטן אַקער־אייזן. זיי האָבן דערוייל זיך צעשאָטן אין קלענערע גרופּקעס, געמאַכט לאַנגע אומ־קרייזן ביזקל די בערגקייטן און זיך צוריקגעקערט אין איין פאָרמאַציע ווי פּאַר אַ פּאַראַד.

אין דער געגנט האָט מען שוין איצט נישט באַאַרבעט דעם באָדן מיט קיין אָקסן. פערד זענען געווען לרוב און פּאַר אַ שיבוש האָט מען זיי איינגעהאַנדלט. די פלינקע און זאָרגלאָזע „טראַפּעראָס״ (פּי־טרייבער) האָבן פון צייט צו צייט זיך אַוועקגעלאָזן גרופּעסווייז אין די טיפענישן פון די פּאַמפּע־וועלדער אָדער אַוועק אין די צפון־געגנטן און געבראַכט צוטרייבן הונדערטער אומגעצוימטע פערד, זיי אַריינגעיאָגלט אין פּאַר־צוימטע ענגע שטרעקעס און זיך אָפּגעגעבן מיט דער פּראָפּעסיע פון איינאיבן די צעיושעטע ווילדע פערד. דאָס פערד איז געוואָרן דער אומפאַרבייטלעכער געהילף פונעם פויער און דער „גאוטש״ האָט גע־פלעגט דאָס פערד, ווי די הייס־געליבטע פרוי, וואָס ער האָט בדרך־כלל אַרויסגעכאַפּט פון פאָטערס הויז אין דער נאַכט־פינצטערניש. די וועגענער, קאַרעטעס, שנייד־מאַשינען און אַקער־אייזנס זענען געשלעפּט געוואָרן פון אומצאָליקע פערד און דער מינדסטער פויער, וואָס האָט דאָ באַאַרבעט זיינע הונדערט העקטאַר, האָט געהאָדעוועט אַ סטאַדע פון 40 פערד.

ווען הערשל האָט אָפּגעטשעפּעט דעם פלוג פונעם וואָגן, האָט דער אומבאַקאַנטער דורכפאָרער, אָן צו זשענירן זיך אפילו, זיך צוגע־שלייכט צו די פערד און זיי אָנגעהויבן איינצושפּאַנען, צורעכט געמאַכט די טאָרמאָזן פונעם אַקער און פאָרגעלייגט אָפּצושניידן די ערשטע צורקע. דער דייטש האָט נישט אַרויסגענומען די פּיפּקע פונעם מויל און זיך צעשריגן אויפן דורכוואַנדערער:

— דומער קערל, דאַנערוועטער, מ׳מוז איינעס צייכן מאַכן... עס ברינט ניקס...

און ווען דער דורכוואַנדערער און אַלע אַרומיקע האָבן נישט פאַרשטאַנען זיינע שיפּענדיקע רייד, האָט ער זיך אַ לאָז געטאָן צום הויף, אויפגעזוכט אַ לאַנגן שטעקן און אַ צעריסענעם זאַק און צונויפ־געשטוקעוועט אַ נעבעכדיקע פאָן. ווען ער איז צוריקגעקומען האָט ער־מיט איר געפאָכעט:

— פאַרשטייען זי, מיינע הערשאַפטן... נאָך דיזע פאַנע פאָלגט דער אַקער נאָך...

איצט איז געווען קלאָר. ער האָט זיך אַרויסגעוויזן ווי אַ פיינער צערעמאָניאַל־מייסטער און אונטערפירער. די פאָן האָט באַדאַרפט דינען ווי אַ צייכן אָפּצושניידן אַ צורקע אין אַ גלייכער ליניע.

ניאָמע האָט אָבער נישט געקאָנט באַשליסן אָנצוהויבן דאָס אַקערן איידער דער „פאַרוואַלטער" וועט אָנקומען. נישט אַזוי די־פגיעת הכבוד האָט אים געאַרט. ער האָט ביים אויפרייסן די קאָרע פון דער רויער ערד געדאַרפט אָנדייטן דאָרט ווו מ׳דאַרף, אַז עס איז געקומען די צייט צו שאַפן אַ גרעסערן יידישן ישוב, אָט יענעם ישוב פון יידישע פויערים, וועגן וועלכן ישראל פרידלאַנד האָט אַזוי מאַלעריש דערציילט. דאָס איז דאָך דער עיקר זין פון זיין זיצן אַליין מיט דער משפחה אין דער האַלב־וויסטער געגנט.

אָבער די קאַרעטע האָט זיך נישט באַוויזן און אַ פאַרשעמטקייט איז אויפגעגאַנגען אין ניאָמעס געמיט. עס האָט אים אָנגעהויבן צו איבלען ווי נאָך אַ נישט באַטעמטן עסן און ער האָט אויסגעמיטן צו באַגעגענען הערשלס בליק. פאַרוואָס דווקא הערשלס? ווידער האָט ער נישט ווילנדיק פאַרבונדן דאָס אַקערן און דאָס זייען, דאָס שניידן און דאָס בויען מיט הערשלס גרייטקייט און זיין רצון. טראָץ זיין שווייגן און זיין נישט אָנטייל נעמען אין די פּלענער און וויכוחים וועגן מאָרגנ־דיקן טאָג, האָט ער אים געזען אויסוואַקסן ווי אַ זיכער־קאָלומנע, אויף וועלכן מ׳קאָן אַרויפלאָדן די געגאַרטע צוקונפט. עפּעס אַזאַ מאָדנעם פאַרגעפיל האָט ער, ניאָמע, געהאַט און אַרויסגעצויגן דווקא פון הערשלס שטילקייט.

און ווען ס׳איז פאַרביי אַ גאַנצע שעה און דער פאַרשטייער פון

דער „גערזעלשאַפט" איז נאָך נישט דערשינען, האָט ניאָמע נישט געקאָנט מער בלייבן שטיל. זיין אומזיכער שטאַמלען און זיין אומשפּאַנען מיט אָפּגעהאַקטע שריט האָט גוט פאַרשטאַנען און אויסגענוצט דער פרעמדער דורכגייער וואָס האָט באַזונדערס געקלעפּט זיך צו הערשלען און די גאַנצע צייט אים געגעבן צו פאַרשטיין די תורה פונעם אַקער־איזן. עס איז נישט קלאָר געווען צי הערשל האָט זיין שנעל און זיפּנדיקן לשון אויפגעכאַפּט ווי געהעריק. ער האָט אָבער צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ און אַליין מאַנעווורירט מיט די הענטלעך און צײנר־עדלעך פונעם אַקער־איזן.

איצט האָט דער פרעמדער אַראָפּגעלאָזן די הענטלעך פון די שנייד־מעסערס, און נאָך אײדער עמעצער האָט אים באַוויזן אָפּצוהאַלטן, האָט ער מיט דער בייטש אַ פייף געטאָן אין דער לופט. די פערד האָבן זיך דערשראָקענע אַ ריס געטאָן פונעם אָרט און מיט ווילדן אימפּעט געצויגן זיך פאָרויס ווי צו באַפרייען זיך פון אַ פּלוצעם אָנגעלייגטן יאָך. די מעסערס פונעם אַקער־איזן האָבן נאָר אַ רגע געקראַצט די באַגראָזטע קאָרע, ווי הינטישע ציין וואָס זוכן די ווייכע טייל פון אַ פּאַנג. איצט האָט מען דייטלעך געהערט דאָס געמיינזאַמע קרעכצן פון דער ערד און פונעם אַקער. די אַנוועזנדיקע האָבן מיט אַ פאַרכאַפּטן אָטעם נאָכגעקוקט ווי דער אַקער־איזן זינקט אַריין אַ מינוט אין דער ערד ווען ער שלאָגט אָן אַ ווייכן טייל און שפּרינגט אַרויס ביים אָנשלאָגן זיך אין די וואָרצלען פון אַ קוסט. אָט די שפּיל איז אָנגעגאַנגען עטלעכע צענדליק מעטער און צום סוף האָט די ערד גובר געווען אינעם צוזאַמענשטויס: די מעסערס זענען סוף־סוף געבליבן פאַרשטעקט אינעם באָדן, דער געשפּאַן האָט זיך איבערגעריסן און די פערד האָבן באַפרייטע זיך אַ צי געטאָן מיט לוסטיקייט אינעם פעלד. די מעסערס פונעם אַקער האָבן אפילו נישט באַוויזן איבערצוקערן און אויסלייגן די ערשטע סימעטרישע גרודעס.

אין דעם מאָמענט האָט עמעצער אויסגעשריגן: „אַ קאַרעטע קומט אָן!" — דאָס איז געווען דער פאַרוואַלטער וואָס האָט מיט זיין געשפּאַן זיך דערנענטערט.

איצט האָבן אַלעמענס אויגן זיך אַ ווענד געטאָן אין דער ריכטונג פונעם אָנקומענדיקן גאַסט. ניאָמע האָט זיך אַ כאַפּ געטאָן און

אויסגענוצט די פּאָר מינוטן ביז אָנקומען פונעם פּאַרוואַלטער און אַרויסרייסנדיק די שטריק־לייצעס פון די הענט פונעם פאַרשעמטן גאַסט, האָט ער צוגעאײַלט די פערד צום איינגעזונקענעם פלוג און שנעל־שנעל, מיט ציטערדיקע פינגער, צוגעקייקלט די אײַזערנע שפּיל־האַרטשיקעס, צוגעבונדן די לייצעס צום פלוג און מיט אַ פּאַראיבלדיקן קוק, אָפּגעמאָסטן דעם פרעמדן ווי איינער זאָגט:

— דו, מיש זיך נישט אַריין אין פרעמדע געשעפטן, זעסט דאָך, אַז דו מאַכסט קאַליע!

דערווייל איז אָנגעקומען די קאַרעטע וואָס איז געשפּאַנט געווען מיט צוויי ברוינע גלייך־געוואַקסענע און געזעצטע פערד. די קאַרעטע האָט געבליאַסקעט מיט איר שווארצן לאַקיר און בלויז די רעדער זענען געווען באַדעקט מיט שטויב און רעשטלעך פון פאַרטריקנטער בלאָטע, וואָס איז צוגעקלעפּט געוואָרן ביים דורכקרייצן די אומצייליקע זומפּן אויפן וועג. ווען די קאַרעטע איז געבליבן שטיין און פון די נאַסע נאַזלעכער פון די פערד האָט געזעצט אַ וואַרעמע פּאַרע, איז פון דער קעלניע אַראָפּגעשפּרונגען אַ טונקל הויטיקער קוטשער מיט אַ הויכן צילינדער און ווייסע הענטשקעס און געאײַלט צו עפענען די באַגלאָזטע טיר פונעם פאַעטאָן. פונעם שטיגל האָט אַראָפּגענידערט אַ הויכגעוואַק־סענער מאַן מיט קורץ־געשוירענע בלאָנדע וואָנצעס און אַ קליין בערדל. די צוויי שאַרפע אויסשניטן אַרום זיין מויל האָבן אַרויסגעזאָגט באַ־זאָכטקייט און צוגעגעבן אַ מין באַזונדערע שאַרפקייט דעם רונדן גע־זיכט. די גרויע אויגן האָבן מיט אַ פאַרשנדיקער רויקייט געוואַנדערט פון פנים צו פנים. עס איז געלעגן עפּעס אין זיין שטאָלענעם קוק וואָס האָט באַאומרויקט בעת ער האָט אָפּגעמאָסטן זיך מיטשמועסער. ניאָמע האָט תמיד געטראַכט בעת זיין שמועסן מיטן פּאַרוואַלטער, אַז אַזאַ מין קוק בויערט דורך און דערגרונטעוועט זיך צו יעדער באַהאַלטע־נער מחשבה און אפילו ווייטער פון דעם. דערפאַר האָט ער געציטערט און געבעטן טיף אין האַרצן, אַז דער פּאַרוואַלטער זאָל אויך מיטן „דורכבויערן" דערגרייכן צו זיינע טיפסטע מחשבות און אים העלפן!...

איצט האָט ער געאײַלט אים אַנטקעגן און אַלע איבעריקע האָבן אים געמאַכט אַ וועג. ער האָט אים דערלאַנגט די האַנט און באַגריסט מיט אַ ברוך־הבא. נאָכדעם איז אונטערגעקומען דער דיקער דייטש

און מיט שוועריקייט זיך פאַרנייגט, אַז די פּיפּקע אין מויל האָט כמעט אַנגערירט זיין הויכן קיילעכיקן בויך. ער האָט אויך אַראָפּגעצויגן זיין ווייכן הוט און אים געפּאָכעט איבער זיין אייגענעם רוקן בעת דעם קאָפּ האָט ער געבויגן און גענייגט זיך:

— גוט מאָיען, מיין הער! גוט מאָיען, מיין הערשאַפט!...

דער דאַרער אויסגעצוואָגענער שפּאַניאַל פון דער „עסטאַנסיא" האָט אויף שנעל אָפּגעזופט אין איין אָטעם: „אווע מאַריא פוריזימא, סאַלוטע (פרידן)" און דער אומבאַקאַנטער דורכרייזנדער האָט אויך נישט פאַר־פעלט בייצוטראָגן מיט זיין קוויטשנדיקן קולכל: גוען דיא, פּאַטראָן, ביענווענידאָ סעאַ" (גוט מאָרגן, באַלעבאָס, זייט ווילקאָמען).

דער פאַרוואַלטער האָט יעדן באַגריסט מיט אַ שאָקל מיטן קאָפּ און בלויז ניאָמען האָט ער דערלאַנגט די האַנט. ער האָט אַ וואַנדער געטאָן מיט זיין גרויען בליק איבער די אַרומיקע און געוואַלט, זעט אויס, אַרויסקריגן אויף קלאָר ווער עס זענען דאָ די משפּחה־לייט און ווער עס איז דאָ צופעליק צו באַזוך. ער האָט אַ לייכטן שמייכל געטאָן ווי צופרידן פון זיין אייגענער וויטזיכטיקייט און באמת האָט ער אויסגע־טיילט ניאָמעס הויזגעזינט. דעמאָלט האָט ער באַשקען געשענקט אַ שמייכל:

— גנעדיקע פרוי — האָט ער אַרויפגעלייגט זיין האַנט אויף איר דאַרן אַקסל — זאָגט מיר די ריכטיקע וואַרהייט... זייט איר צופרידן אויף דיזן נייעם פּלאַץ?...

זי איז געווען אַ ביסל צעמישט סיי פון דער פראַגע און אויך פון זיין דייטשמערישער אויסשפּראַך. האָט זי אַ ווײַלע אין גאַנצן גע־שוויגן און דערנאָך אַ קוק געטאָן אויף ניאָמען.

ער איז געווען צופרידן וואָס באַשקע האָט איצט איבערגעלאָזן דעם ענטפער פאַר אים. ער האָט גוט געוווּסט, אַז אָט די כיטרע דיפּלאָ־מאַטן פרעסן אַרויס דורך זייטיקע אומשולדיקע פראַגן דאָס וואָס זיי פאַרלאַנגען נאָר. און אַזוי ווי מ'קאָן נישט וויסן דעם ציל פון זיינע פראַגן, מוז מען היטן צווישן די ציין יעדע תשובה און זי גוט דורכ־זיפּן. גוט, וואָס באַשקע פאַרשטייט אַן עסק!

— מיין הער! — האָט ער זיך אויך באַמיט אַריינצוברעקן דייטשע ווערטער — אַלץ איז גוט און וווּנדערבאַר, אָבער איין זאַך פעלט אונדז: ס'זאָל דאָ ווערן אַ ידישער ישוב, און וואָס שנעלער, מיין הער!

דער פּאַרוואַלטער איז נישט געווען צופרידן פון ניאָמעס אַריינ־מישן זיך און ער האָט אים אָפּגעשטעלט פונקט דעמאָלט ווען זיין עקסטאַז האָט אָנגעהויבן צו קלעטערן באַרג אַרוף:

— אַנטשולדיקט מיר, סעניאָר ניאָמע. איך האָב די פראַגע געשטעלט אייער פרוי און זי דאַרף מיר ענטפערן. אייך זע איך אָפּט אין מיין אָפּיס און הער אָפּט אייערע טענות. איך בין נישט געקומען אַהער ווידער זיי צו הערן. אייער פרוי וויל איך הערן, ווי זי שפּירט זיך, וויל איך וויסן... דאָס איז אַלץ.

אַ נישט אָנגענעמע שטילקייט איז געהאָנגען אין דער לופט. ניאָמע האָט זיך געפילט געקרענקט און באַשקע איז רויט געוואָרן, אָבער ווייטער געשוויגן. צום סוף האָט זי פאַרשטאַנען, אַז פון איר הענגט אָפּ אַ סך.

— וואָס קאָן מען זאָגן? אַ פּאָר מאָנאַטן ווי מיר זיצן דאָ און דערווייל האָבן מיר פון אונדזער פראַצע קיין ביסן ברויט נאָך נישט געגעסן...

— אָבער מיר וועלן עסן צו דער זעט! — האָט ניאָמע נישט אויסגעהאַלטן און ווידער זיך אַריינגעמישט — און אויך אָפּצאָלן ביזן לעצטן גראָשן פאַרן חסד וואָס איר און די „געזעלשאַפט" טוט מיט אונדז און שטעלט אונדז אויף די פיס.

איצט האָט דער פאַרוואַלטער אויסגעביטן די אָנגעצויגנקייט אויף אַ מער האָפערדיקן טאָן. עס קאָן זיין, אַז ער איז באַווירקט געוואָרן פונעם רויקן און שפּילעוודיקן רויכל, וואָס האָט געשפּאַרט פונעם ערשט־אויסגעבויטן גרויען אויוון ביים ביידל און פון דער אויסגעשטעלטער מאַגערער באַלעבאַטישקייט אינעם אַרומגעצוימטן הויף. זיין זעלבסט־זיכערקייט איז שוואַכער געוואָרן ווען ער האָט זיך באַגעגנט מיט הערשלס ברוינע אויגן, וואָס האָבן געהאַט דעם זעלבן אויסדרוק ווי פון דער מוטער, אָבער אין זיי איז געלעגן די רויקייט ווי פון נאָך אַ שטורעם. בעתן וויכוח האָט הערשל געצויגן פון די קוסטעס לאַנגע טרוקענע שטרויעלעך און געקייט ווי ער וואָלט געהאַט דערפון אַ באַזונדערע הנאה.

נישט אויסגעהאַלטן הערשלס בליק, האָט דער פאַרוואַלטער זיך אַ קער געטאָן צום געשפּאַן און זיך דערמאָנט צוליב וואָס ער איז

אייגנטלעך אַהער אַראָפּגעקומען:

— אַלץ איז גרייט, זע איך, און ווער וועט אים פירן?

הערשל האָט אַ שפּאַן געטאָן פאָרויס. איצט איז געקומען זיין ריי צו ווייזן דעם שרה, אַז דאָ איז נישט קיין פראַגע פון באַרימעריי. זעענדיק ווי זיין זון גרייט זיך צו פירן דעם אַקער האָט ניאָמע נישט געקאָנט באַשליסן ווי צו האַנדלען. ער איז געווען זיכער, אַז הערשל וועט אויסהאַלטן דעם נסיון, אָבער אין אים האָט אויפגעפלאַקערט אַ באַגער אַליין מקיים צו זיין די ערשטע מצווה פון עבודת בראשית. דער זון וועט אָן צווייפל מצליח זיין, אָבער וואָס וועט עס זיי ביידן געבן? ער, וואָס פיבערט די גאַנצע צייט צו זען די ערד אַ ברוין אויפגעהויבענע דורך די שאַרפע מעסערס פונעם אַקער־אייזן, ער אַליין דאַרף עפענען די ערד, ער אַליין דאַרף פאַרזייען די ערשטע קערנער.

דאָך האָט ער געציטערט ביים געדאַנק, טאָמער וועט זיך עפּעס ווידער אָפּרייסן אין מיטן און ער וועט בלייבן פאַרשעמט אין די אויגן פונעם פאַרוואַלטער. ער איז פריער צוגעגאַנגען צו די פערד און זיי גענומען גלעטן די האַריקע רוקנס. דערביי האָט ער אַ שאַרפן קוק געטאָן אין דער זייט ווו הערשל איז געשטאַנען און זיך פאַרהאַלטן ווען ער האָט דערזען ווי דער פאָטער איילט זיך צום אַקער־אייזן.

ווי נאָר ער האָט אַ נעם געטאָן די לייצעס האָבן זיך די פערד אויסגעגלייכט, אָנגעצויגן דעם שפּאַן, איינגעפּעסטיקט די קאָפּיטעס אינעם באָדן און אַלע פיר פערד האָבן צוזאַמען אַ צי געטאָן פאָרויס. דאָס מאָל האָט די פאַרשטיינערטע ערד נאָכגעגעבן מיט אַ טיפן קרעכץ און גרודעס האָבן אָנגעהויבן פאַלן און קייקלען זיך איבערן באַגראָזטן באָדן. ניאָמע האָט געצויגן די לייצעס, נאָכגעלאָפן דעם פלוג און געמוטיקט די פערד מיט אַן אומאויפהערלעכן געשריי. די בייטש האָט ער אַוועקגעוואָרפן און מיט דער פרייער האַנט געפירט דאָס הענטל פונעם אַקער, אַז ער זאָל נישט אַרויסשפּרינגען פון דער צורקע. אַזוי האָט ער אָפּגעאַקערט אָן שום שטערונג אַ פּאָר הונדערט מעטער.

און ווען ער האָט זיך אומגעקערט הינטערוויילעכטס און דערזען ווי די ערד איז איצט געלעגן אָן אונטערגעגעבענע, האָט ער אָפּגעווישט דעם שווייס מיטן אַרבל און מיט אַ קלאַפּנדיק האַרץ זיך צוריקגעקערט צום פּלאַץ ווו די פאַרזאַמלטע האָבן געוואַרט.

דער פּאַרוואַלטער האָט זיך דערנענטערט, אויסגעשטרעקט זיין האַנט און לאַנג געדריקט ניאָמעס לאַנגע פינגער וואָס זענען שוין באַדעקט געווען מיט מאָזאָליעס:

— ווי אַן אמתער פויער, בראַוואָ! אויף אייערע הענט האָט איר שוין באַוויזן צו פאַרזייען מאָזאָליעס. דאָס איז אַ גוטער סימן.

— מיר וועלן נאָך זייען עפּעס אַנדערש אויך — האָט ניאָמע באַשיידן געשמייכלט.

— איך צווייפל נישט אין דעם, איר געפעלט מיר.

פון דעם קאָמפּלימענט איז ניאָמען באַפאַלן אַ שוואַכקייט, ער האָט זיך אָבער געהאַלטן קאַלטבלוטיק און זיך באַמיט צו שמייכלען. ער האָט פאַרשטאַנען, אַז עס איז נויטיק אַ שטיקל איבעררייס, האָט ער איינגעלאַדן אַלע געסט אויף אַ גלעזל טיי. אָבער איידער די געסט האָבן געענדיקט פונעם אָרט, האָט ער אַרויסגעצויגן פונעם לאַנגן ראָק אַ פלאַש בראַנפן און מיט אַן איינציק גלעזל אַלעמען מכבד געווען. מ׳האָט זיך געווונטשן און געבענטשט. דער פרימאָרגן האָט איינגעזאַפּט דעם קלאַנג פון פאַרשידענע שפּראַכן און דאָס גערויש פון קינדערשטימען וואָס האָבן פריילעך זיך צעשאָטן איבערן הויף.

ווען ער האָט באַגלייט דעם פּאַרוואַלטער צו זייער ביידל אין הויף האָט זיך ניאָמע ווידער דערמאָנט דעם גאַסטס פראַזע: „איר געפעלט מיר". ווער איז ער, אַז ער זאָל דאַרפן נושא־חן זיין, און צוליב וואָס? און וואָס איז אייגנטלעך די אויפגאַבע פון אָט דעם אָנגעשטעלטן פון דער „געזעלשאַפט"? ער דאַרף דאָך דורכפירן דעם ווילן און די צוואה פונעם גרויסן באַראָן, וואָס האָט געשענקט זיין פאַרמעגן, אַז יידן זאָלן לערנען פעלד־אַרבעט און בויען דערפער. צי איז ער, ניאָמע, עפּעס אַ הויז־חיה, וואָס נויטיקט זיך אין דער גנעדיקייט פונעם פּריץ? און די „געזעלשאַפט"? וואָס איז איר ראָל אין אָט דעם גאַנצן ענין? וויפל ווילנס און מיינונגען פלאָנטערן זיך צווישן דעם חלום פונעם באַראָן און דער שטרעבונג פונעם יידן וואָס וויל גיין אויף ערד?

די און נאָך שווערע פראַגן האָבן זיך אים געפּלאָנטערט אין מוח, און ווען ער האָט אפילו פאַרגעזעצט דעם שמועס מיטן פּאַרוואַלטער וועגן זיינע פּלענער פאַרן מאָרגנדיקן טאָג, האָט די ביטערקייט נישט נאָכגעלאָזן. ביים געזעגענען זיך האָט ער זיך ווידער אָנגענומען מיט מוט:

— עס וועט שווער זיין צו זיצן אַליין צווישן גויים. איז פאַראַן אַ נאָענטע מעגלעכקייט, אַז ס'זאָלן קומען נאָך יידן? — ער האָט אַליין נישט געפילט ווי זיין שטים איז אָנגעפילט געוואָרן מיט געבעט.

— מיר וועלן זיך באַמיען — האָט דער פאַרוואַלטער לאַנגזאַם געצויגן די ווערטער — עס איז געוועדנעט אין די יידן אַליין. ערשטנס, דאַרפן זיי פריער באַשליסן צו קומען אין לאַנד אַריין — און נאַכער — צי עס איז זיי כדאי צו פאָרן אַהער אין פעלד...

— יאָ, דאָס איז באמת ריכטיק. און איר, איר פון אייער זייט וועט אונדז העלפן?

— איך פערזענלעך? — האָט ער אַ ביסל געצעגערט און אַרויסגעשטעלט דעם פוס אויפן טרעפּל פון פאַעטאָנדל — איך וועל אייך זאָגן דעם אמת: וועלן קומען יידן און זיך וועלן באַזעצן דאָ — ביז איך נישט דאַקעגן. אָבער אַזוי ווי די פראַגע שטייט איצט אַ ביסל אַנדערש, וואָלט איך אייך געגעבן אַן עצה פון אַ פריינד: צו וואָס ווידער שאַפן אַ געטאָ? דאָ איז אַ נייע וועלט און מענטשן קומען אַהער פון אַלע לענדער, איז וואָס פעלט אייך? זענען דאָך מיר שוין וויט פון די אַלטע באַגריפן. דערווייל לעבט זיך צונויף מיט די שכנים, לערנט פון זיי און שיידט זיך נישט אָפּ. דאָ איז אַ נייע וועלט.

„דאָ איז אַ נייע וועלט"... און אַ מנין אויף שבת? און אַ יאָרצייט? און אַ יידיש וואָרט מיט אַ יידיש אות? און די קינדער? חופה וקידושין? האַ?...

אָבער ער האָט גאָרנישט געזאָגט. דערווייל האָבן די ווייס־באַהענטשקעטע הענט פונעם קוטשער צוגעמאַכט די טיר און דער פאַרוואַלטער האָט זיך איינגעאָרדנט אויפן ווייכן זיץ־פּלאַץ. ער האָט נאָר באַוויזן צוואַרפן:

— אויב איר ווילט אַ יידישע צייטונג, וועל איך אייך אויסשרייבן, אַן געצאָלט, און פיש אויף שבת איך, געפילטע פיש... האַ? כאַ־כאַ־כאַ!

די קאַרעטע האָט זיך דערווייטערט וויגנדיק זיך אויף אירע ווייכע רעסאָרן.

ווען ניאָמע האָט זיך אויסגעדרייט צום הויף האָט ער דערזען נעבן זיך הערשלען, וואָס האָט די גאַנצע צייט זיך צוגעהערט צום קורצן

שמועס און איצט האָט ער מיט פרעמדע און שטאָל־קאַלטע אויגן נאָכ־געקוקט די אָפּפאָרנדיקע קאַרעטע.

— אויך אים וועלן מיר בייקומען, הערשל — האָט ניאָמע צו אים אַ זאָג געטאָן.

אָבער דער זון איז געווען פאַרטאָן אין אַן אַנדערער וועלט. ער האָט כמעט אָן אייגענער קאָנטראָל אַרויסגערעדט:

— יענע קאַרעטע איז אויך געווען אַזוי שוואַרץ־לאַקירט, ווי מ׳וואָלט אַ טויטן געפירט. פּאַף! זי איז געפלויגן אין דער לופט אַריין — צוזאַמען מיט די פיר שוואַרצע פערד... געדענקסטו, טאַטע? ווען איז דאָס געווען?...

ניאָמע האָט אים נישט געענטפערט, כאָטש ער האָט גוט גע־וווּסט ווען און ווו דאָס איז געווען. ער האָט הערשלען אָנגענומען פאַרן אָרבל, אים אַ ציִ געטאָן און געזאָגט:

— קום הערשל, מיר וועלן אויסשפּאַנען די פערד. אויף היינט וועט זיין גענוג. אַבי דער אָנהויב איז געמאַכט...

### זעקסטער קאַפּיטל

## שאַטנס בלאָנדזשען אין דער נאַכט

ס׳איז אָנגעקומען דער יום־טוב פסח און די איינציקע יידישע משפחה האָט אים אויפגענומען אַ פאַראיינזאַמטע אין פעלד, אָבער אַ צוזאַמענגעשלאָסענע, ווי אָפּצושלאָגן די פרעמדקייט דורך אַ ביסל פייער־לעכקייט און צערעמאָניע. דער פאַרוואַלטער האָט צוגעשיקט מצות און שאר פּראָדוקטן און דער סדר איז דאָ אָפּגעריכט געוואָרן אין אַ קילן האַרבסט־אָוונט. ניאָמע האָט מיט אַ באַזונדערס פייערלעכן ניגון אויס־געזונגען דעם „עבדים היינו" און די בני־משפחה האָבן מיט התמדה אונטערגעהאַלטן. זייערע שטימען האָבן זיך געטראָגן אין דער אויסגע־בלייכטער נאַכט, דערציילנדיק די איבערגעחזרטע לעגענדעס פון שקלאַ־פעריי און באַפרייונג. אפילו דער געיאָמער פון די שאַקאַלן און דער געשריי פון די סאָוועס איז דאָס מאָל אָפּגעהאַקטער געווען. עס האָט זיי זיכער געשראָקן די שטאַרקע ליכט וואָס האָט זיך היינט געריסן

פּאַסנוויית אין דער נאַכט. די וואַרעמע געפּילטע פיש האָבן פאַרשמעקט די וווינונג און דער זיס־זויערלעכער ווײַן פון ראָזשינקעס, וואָס באַשקע אַליין האָט געשטעלט, האָט געקיצלט דעם גומען און געקלעפּט די אויגן־לעפלעך. די מידקייט האָט אַלעמען באַהערשט און נאָך איידער מ׳האָט אפילו באַוויזן אָפּצוראַמען דאָס געשיר, און ווי נאָר דער קלייי־נער זון האָט אויפגעזוכט דעם אפיקומן און באַקומען דעם שמייכלענדיקן צוזאָג פונעם פאָטער: „אַ קילאָ ניס“ — זענען די קינדער אַוועקגעלאָפן אויף די געלעגערס.

באַשקע האָט זיך צוגעשפּאַרט צום טיש אײַנגעוויגנדיק דעם האַלב־גרויען קאָפּ אין אירע אויסגעאַרבעטע אָרעמס און אײַנגעדרעמלט אויפן טיש. ניאָמע און הערשל זענען געבליבן זיצן אויף די אויסגע־בעטע סדר־פּלעצער. ניאָמע האָט אויפגעעפנט אַ פּאַק יידישע און העב־רעישע צײַטונגען, וואָס ער האָט באַקומען פון אויסלאַנד און זיי זענען אים איבערגעשיקט געוואָרן דורך דער „געזעלשאַפט“ אין דער הויפּט־שטאָט, ווו ער האָט איבערגעלאָזן זײַן אַדרעס.

ער האָט פונאַנדערגעוויקלט דעם פּאַק צײַטונגען, זיי דורכגע־בלעטערט אויבנאויפיק און אונטערגעזיפצט מיט אַ שטילן זיפץ. הערשל האָט זיך פאַרטיפט אין אַ שפּאַניש לערן־ביכל און האָט פון צײַט צו צײַט געוואָרפן אַ בליק צום פאָטער, געזוכט אים מיט די אויגן פונקט דעמאָלט ווען ער איז געווען פאַרדעקט מיט אַ צעעפנטער צײַטונג.

— עס שמעקט מיט מלחמה... גאָט זאָל אונדז באַשירמען — האָט ניאָמע נישט געקאָנט מער דערשטיקן זיך אָנגעזאַמלטן צער — פון יענער זײַט ים שאַרפט מען שוין די שווערדן... פאָניע גנב זאָל נאָר די מפּלה קריגן...

— מלחמה? ווער וועט געווינען פון דער מלחמה? — האָט הערשל זיך כמעט ווי אויפגעשטעלט פון אויפרעגונג — דער אַרבעטער און פאָלקס־מענטש — זיכער נישט. נאָר די געווער־פאַבריקאַנטן און פעלקער־אונטערדריקער קאָנען זיך ווינטשן דעם קריג.

— קאָן זײַן, אַז דו ביסט גערעכט, מײַן זון — האָט ניאָמע זיך אָפּגערופן אַ צופרידענער צוליבן עצם שמועס וואָס איז אָנטשטאַנען — אָבער זע וואָס מ׳שרײַבט פון פּאַריז: „דער גרויסער פראַנצויזישער אַרבעטער־פירער, זשאָן זשאָרעס, איז דערשאָסן געוואָרן צוליב זײַן

אַקטיווער קעגנערשאַפט פון פראַנקרייכס באַטייליקונג אין קריג וואָס באַדראָט אייראָפּע"... עק וועלט! דאָס וואָרט פון די אמת־זאָגער ווערט פאַרטרונקען אין בלוט. וואָס וועט זיין מיט אונדזער וועלט אָן די ליכטיקע גייסטער? און די יידן אין אייראָפּע? ווי אין אַ פאַסטקע וועלן זיי איינגעקלאַמערט ווערן...

הערשל איז אויפגעשטאַנען פונעם פלאַץ און לייכט אַ ציי געטאָן די צייטונג פונעם פאָטערס האַנט אַרויס. געפּירט דעם בליק אויף די אָפּ־געדרוקטע שורות און ס'האָבן זיך אים אַ וואָרף געטאָן אין די אויגן די קעפּלעך פון די צייטונגען און דער אַדרעס: „וואַרשע" — ער האָט פאַרשמורעט די אויגן און זיך דערזען אויף טויזנטער מיילן, מענטשן גייען אַליין אָדער ווערן געפּירט צום טויט... וועט דאָס אַלץ זיין אַן אומזיסטער קרבן? און אפשר וועט דער שטורעם אָדער די בלוט־באָד אָפּווישן דאָס רשעות פון דער וועלט?...

— איך האָב אינעם שפּאַנישן לערן־ביכל געלייענט אַ קלוג גלייכווערטל — האָט ער זיך געווענדעט צום פאָטער און אים צוריק־געגעבן די צייטונג — דאָרט שטייט „עס איז נישטאָ קיין גוטס וואָס זאָל דורך שלעכטס נישט קומען"... עמעצער וועט מוזן דעם פּרייז באַצאָלן...

— יאָ, יאָ, — האָט דער פאָטער צוגעשאָקלט מיטן בערדל — עס זאָל נאָר נישט אויסגיין צו יידישע קעפּ. מיר וועלן זיין דאָס ערשטע כפּרה־הינדל...

הערשל האָט געשוויגן. אַמאָל פלעגט ער דיסקוטירן מיטן פאָטער וועגן דער יידישער פראַגע און אָפּגעשלאָגן זיינע ענגע דלת־אַמותדיקע קאָנצעפּיעס וועגן פאָלק און זיין היסטאָרישער מיסיע. איצט האָט ער קיין האַרץ נישט געהאַט צו באַנייען דעם שמועס. און פאַרוואָס לייקענען? ער האָט אויך מער נישט געפלאַמט אין ברען פון אַמאָליקע דיסקוסיעס. אין אים איז בלויז געבליבן אַ הויפן נאָך וואַרעמער אַש און נישט מער. זייט דער פאָטער האָט אים מיט אַ פּאָר יאָרן צוריק פאַרגעוואָרפן, אַז די „אויפגעקלערטע" וועלט איז מסכים צו „שמירן די רעדער פון דער רעוואָלוציע מיט יידיש בלוט", האָט ער זיך פשוט געשעמט צו־ריקצוקערן זיך צו אָט דער טעמע. אויסער דעם האָט ער זיך איצט דערמאָנט אינעם פאַרוואַלטער פון דער געזעלשאַפט, וואָס וויל איינ־

קנעלן מיטן פאָטער, אַז ער זאָל דאָ זיין דער „אַוואַנגאַרד״ פון אַסימילאַציע און פעלקער־אויסמישונג. ביי אים, דעם פאָטער, איז דאָס אַ זייער פּילנדיקער פונקט און יעדער ווינק קאָן אים ווי טאָן.

— וואָלטן מיר וואָס מער ידן געקאָנט אַהער אַריבערברענגען

— האָט ער פּלוצעם געצויגן ווייטער דעם פאָדעם איגעם פאָטערס ריכטונג — זיי וואָלטן פשוט אויסגעמיטן די בלוט־באָד...

— יאָ, אָבער אונדזערע ידן האָבן אַ חוש פאַר געפּאַר נאָר דעמאָלט ווען עס איז שוין צו שפּעט — האָט ניאָמע אַ קרעכץ געטאָן

— און וואָס וועט זיין פונעם חלום פון באַראָן? און וואָס וועט זיין פון אונדזער דאָרף?...

— דער אָ, ווי רופט מען אים? ער וועט זיך פרייען... זיינס אויספירן... מישט זיך אויס מיט די גויים... וואָס פאַראַ גויים! אַ גרויסע קולטור זייערע!

ניאָמע האָט אים מיט פאַרוווּנדערונג אָנגעקוקט:

— דו מיינסט, הערשל, אַז ער טראַכט עס ערנסט? כ׳מיין, מירן בלייבן דאָ אַליין, איין יידישע משפחה צווישן אַזויפיל גויים!?...

— איך ווייס נישט, טאַטע, אָבער ער געפעלט מיר גאָרנישט, אַט דער אָנגעשטעלטער, נישט ער און נישט זיין געשטעל. ער איז דאָך אַליין ווייט פון ידן... הער מיך צו, טאַטע, אַ ביסל האָב איך זיך שוין דערוווּסט וועגן אים און ס׳איז כדאי, אַז אויך דו זאָלסט וויסן מיט וועמען דו וועסט האַנדלען: דער פאַרטרעטער פונעם גרויסן באַראָן אין אונדזער געגנט, אַגראָנאָם ערנסט לעווענטאַל, איז אַ געשוווירענער אַסימילאַנט און האָט חתונה געהאַט מיט אַ גויע... איצט פאַרשטייסטו שוין דעם מיין פון זיין „אויסמישן זיך״? נישט בלייבן אַליין אויפן יאַריד. ער וויל פאַרוואַנדלען זיינע אייגענע מעשים אין אַן אידעע, פאַרשטייסטו?

— פון דעסטוועגן איז שווער צו טראַכטן, אַז ער מיינט עס ערנסט. דער ציל פון דער „געזעלשאַפט״ איז דאָך צו שאַפן יידישע ישובים, ווי קאָן ער האַנדלען אַנדערש?

— דער ציל, טאַטע, איז די שפּיץ פון די נאַראָנים, וואָס מ׳דער־לאַנגט זיי ווען עס איז שוין קאַליע געוואָרן — האָט ער ווידער גע־נומען אין האַנט אַרייך דאָס שפּאַנישע לערן־ביכל — דער געשמאַקער

ביסן איז דער היינט... אַ גאַנץ לעבן קאָן מען אַוועקגעבן און דער ציל בלייבט אַלץ ווייט פונעם אויג... איך האָב דעם איינדרוק, אַז דער סעניאָר לעוועטאַל זעט פאַר זיך כּלל נישט קיין ציל. און אויב יאָ, איז עס זיכער נישט דער ציל וואָס דו מיינסט.

ער איז אויפגעשטאַנען פונעם פלאַץ און זיך געמאַכט אַ וועג צווישן די בעטן. צוגעגאַנגען צום וואַרעמען איוועלע און אַ טאָפּ געטאָן דעם טשייניק:

— ווילסטו עפּעס טרינקען, טאַטע? אפשר אַ מאַטע?...

— זאָל זיין, איך בין באמת דורשטיק.

זיי האָבן געטרונקען און געשוויגן. זיך צוריקקערן צום פריער־דיקן שמועס האָט קיינער פון זיי נישט געהאַט קיין חשק. הערשל האָט זיך פּלוצעם אָפּגערופן:

— זאָג מיר, טאַטע, ווי האָסטו זיך אַזוי שנעל צוגעוווינט צו אַזאַ מאָדנעם געטראַנק?

— צו דער מאַטע? איך וועל דיר זאָגן דעם אמת, אין אָנהייב, ווען איך האָב געזען ווי מ'פירט דאָס רערל פון מויל צו מויל האָט עס מיך געעקלט. אָבער זעט אויס, אַז עס ליגט אין דעם אַ שטיק רגילות, ווי איינגעוואַקסן אין דער נאַטור פון די היגע מענטשן. איך זע אָט דעם געטראַנק, די גרינע און ביטערע מאַטע, ווי אַן אויספילערין פון צוויי וויכטיקע אויפגאַבעס: דער היגער מדבר־קלימאַט פאָדערט אַ פאַר־גיטיקונג פאַרן אויסגעוואַלגערטן גוף, און פאַרוואָס לייקענען? האָסטו געשפּירט די ווירקונג פון דער מאַטע נאָך אַ טאָג שווערער אַרבעט אין פעלד און אויפן פרייען ווינט? דער געדאַנק אַליין וועגן דער שווי־מיקער מאַטע פּילט אָן מיט דערמוטיקונג...

— און וואָס איז די צווייטע פונקציע? — האָט הערשל אים איבערגעריסן.

— וואַרט, מען קאָן דאָך פרעגן: צוליב דעם מוז מען עס פירן פון מויל צו מויל? צי קאָן מען עס נישט פאַרפאַרען און טרינקען ווי געוויינלעכע היימישע טיי? ווי עס זעט אויס איז עס נישט אַזוי פּשוט. דאָ פּילט די מאַטע אויס די פונקציע פון היימישקייט, פון געזעלשאַפט־לעכקייט; איך וואָלט אפילו צוגעגעבן: פון אַ געמיינזאַמער שפּראַך אָן ווערטער. דאָס לעבן דאָ איז טרויעריק, פאַרוואָגלט און סקוטשנע. די

מאַטע איז אַ מיטל צו פאַרלענגערן דעם שמועס, צונויפזאַמלען שכנים, מונטערן פאַר אָפּטע טרעפונגען. נישט קיין טיי און נישט קיין קאַפע וועלן דערפילן אָט די וויכטיקע פונקציע. דאָס איז עפּעס אַנדערש...

— איך זע, טאַטע, אַז דו ווערסט ביסלעכווייז דער אידעאָלאָג פון דעם גאוטש...

— דאָס איז נאָך נישט אינגאַנצן, הערשל — האָט ניאָמע אַ צי געטאָן ביז דעם לעצטן טראָפּן פון דער מאַטע — איך האָב אפילו אויסגעפונען, אַז די מאַטע וואָס גייט אום פון האַנט צו האַנט און מויל צו מויל, איז אַ מיטל אויך פאַר איבערבעטן זיך, פאַר פאַרווישן ברוגזן. אָט, אפילו ווען איך ווערטל זיך דורך מיט דער מאַמען, ווערט אַלץ ווי אָפּגעווישט און פאַרגעסן ווען מיר נעמען די מאַטע צו הילף. זעסטו, עס ליגט אין איר נישט קיין קליינער כוח...

שפּעטער האָבן זיי דעם שמועס אַרויסגעפירט אויף אַ ביסל יום־טוב זכרונות פון אַמאָל. נאָענט צו האַלבער נאַכט האָט אָנגעהויבן בלאָזן אַ שטאַרקער ווינט און גראָבע רעגן־טראָפּנס האָבן גענומען קלאַפּן אויף די שיפּע דאַך־בלעכן פון דער ראַנטשאָ. באַשקע האָט זיך בהלהדיק אויפגעכאַפּט און אויסגעשטאַרצט די אויגן.

— גאָרנישט, גאָרנישט, באַשקע! — האָט ניאָמע זי באַרויקט

— דער ווינטער דערנענטערט זיך. אַ קאַפּריזע וועלט. ביי אונדז דאָרט גרינט און בליט איצט, און דאָ...

דער ווינט האָט זיך געשטאַרקט און דער רעגן איז כמעט ווי איינגעשלונגען געוואָרן אינעם שטורעם, וואָס האָט זיך צעבושעוועט. די דאַך־בלעכן האָבן געקרעכצט און ס'האָט זיך געדאַכט, אַז אָט, אָט וועט די ראַנטשאָ אויסטאָן איר שוואַך צוגעזעצט היטל און דער שטורעם מיט די קילע גרויסע טראָפּנס וועלן זיך אַהער אַריינרייסן ווי נישט געבעטענע געסט. איצט האָבן אַלע שטובּיקע זיך אויפגעכאַפּט פונעם שלאָף און הערשל האָט אויסגעזוכט אַ לאַנגן שטריק, פאַרצויגן אַ פּעטליע צום איינציקן באַלקן, וואָס איז איבערגעצויגן אינמיטן דעם דאַך און וואָס די בלעכן זענען צו אים צוגעטשוועקלט. ער האָט די עקן פונעם שטריק צוגעבונדן צו זיין קערפּער און געוואַרט. ווי נאָר דער ווינט האָט אַ טרייסל געטאָן דעם דאַך האָט ער אָנגעצויגן דעם שטריק צו פאַרהאַלטן זיין אַוועקפליען. דער דאַך האָט ווי אַ ווילד פערד זיך

געריסן און איז דאָך געבליבן צוגעטשוועקלט. ניאָמע איז צוגעטראָטן נענטער צום אָנגעצויגענעם קעמפּענדיקן זון און אויך צוגעלייגט זיין האַנט אים צו הילף. אַ ווײַלע האָט ער באַטראַכט זיין אַטלעטישן געשטעל. אַרומגעגאַרטלט מיטן דיקן שטריק, האָט ער אויסגעזען ווי אַ גריכישער מאַטראָז, פון די וואָס ער האָט אין די בילדער פון מעשה־ביכלעך אַזוי אָפט געזען. דער שפּריצנדיקער „גויאישער" כוח פונעם זון האָט אויף אים אַ ווייע געטאָן מיט פרעמדקייט און ער האָט צוריקגעצויגן זיין האַנט פון דער שטריק.

ער האָט געשפּירט אַ נויטווענדיקייט עפּעס צו זאָגן; האָט ער זיך גראָד איצט דערמאָנט:

— זאָג מיר, הערשל, פון וועמען האָסטו געהערט די מעשה וועגן דעם פּאַרוואַלטער, אַז ער האָט אַ גויאישע פרוי?

הערשל האָט אַ שמייכל געטאָן, זיך אַרומגעקוקט און צוגעגעבן:

— איך וועל דיר אַן אַנדער מאָל דערציילן, טאַטע... איך בין בײַ אים געווען אויף אַ באַזוך, בײַ אים אין ביוראָ.

— טאַקע? און צוליב וואָס?

— אויך דאָס וועל איך דיר אַ צווייט מאָל דערציילן. יעדנפאַלס, נישט וויכטיק...

איצט האָט עס אין דרויסן אַ שטאַרקערן ריס געטאָן. ערגעץ האָט אַ קאָלער געטאָן אַ דונער און אַ שטילקייט האָט זיך צום סוף צעלייגט איבערן רוים. ווען ניאָמע האָט געעפנט די טיר האָט פון דרויסן אַ יאָג געטאָן די קעלט. דער רעגן האָט אויפגעהערט און צווישן די שטיקער שוואַרצע וואָלקנס איז אַרויסגעשווומען די פולע לבנה. איר ליכט האָט אָנגעשלאָגן אין די וואָלקנס, וואָס האָבן אַרויסגעשיקט אויף די פעלדער אָפּגעריסענע שאָטנס, און געשווומען מיט דער שנעלקייט פונעם אָפּטרעטנדיקן ווינט. די שאָטנס האָבן אָנגענומען פאַנטאַסטישע געשטאַלטן פון ריזיקע חיות און רויב־פייגל.

די שאַקאַלן האָבן זיך ווידער צעיאָמערט און ניאָמע איז צוריק אַרײַן אין דער כאַטע ווו די וואַרעמקייט פון מענטשלעכע קערפּערס און די ברענענדיקע פּליטע האָבן דערוועקט בטחון און אינערלעכע פרייד.

די אויסגעפאַלענע רעגנס האָבן צעווייקט די ערד און פאַרלייכ־

טערט דאָס אויפֿאַקערן פּונעם באָדן. ביסלעכווייז זענען גרויסע שטרע־קעס איבערגעגאַנגען פֿון גרוי־גרינקייט צו אַ שוואַרצן און ברוינלעכן אויסבעט. די נאַסע טעג האָבן אָפּגעשלעפּט דאָס בויען די וווינונג און די משפּחה איז געצוווּנגען געווען איבערצווינטערן אין דער פּאַלאַטקע, וואָס מ׳האָט צוגעגרייט פֿאַרן ווינטער־קלימאַט. מ׳האָט איבערגעלייגט דעם דאַך מיט צינק־בלעכן, פֿאַרלייגט זיי מיט שטרוי און ערד, די קעלט זאָל זיך נישט דורכרייסן, און אינעווייניק אויסגעגראָבן דעם באָדן און אַ דריי ערדענע טרעפּלעך אַראָפּצונידערן אין דער כאַטע. איצט איז די וווינונג ממש געווען ווי די טיפּישע ראַנטשאָס פֿון די איינגעבוי־רענע, סיי צוליב איר נידעריק־נעבעכדיקן אויסזען פֿון דרויסן, און סיי צוליב איר אינערלעכער אויסשטאַטונג. בלויז די באַלעבאַטישקייט האָט אַ ביסל אַנדערש אויסגעזען. אָנשטאָט געלעגערס אויף שאָפֿן־פֿעלן זענען דאָ געשטאַנען הילצערנע גרויסע בעטן, אָנגעהויפּטע מיט פֿערענעס פֿון פּוך און דין־געפּליקטע פֿעדערן. באַזונדערס האָט זיך געוואָרפֿן אין די אויגן די גרויסע שאַנק מיט ספֿרים און ביכער צווישן ניאָמעס בעט און דעם גרויסן פּירקאַנטיקן קופֿערט, וווּ עס זענען אָנגעפּראָפּט געווען אַלע בגדים: די שבתדיקע קאַפּאָטע, ווייסע העמדער מיט אָנגעקראָכמאַ־ליעטע ברוסט־טיילן, קאָלירטע פֿאַטשיילעס, לייך־האַנטעכער, ירושהדיקע צירונג־שאַכטלעך און די פֿאַרשידנסטע קיישעלעך און פֿאַרוויקלטע פּאַ־פּיר־פּעקעלעך, פֿון וועלכע עס האָט געשמעקט מיט נאַפֿטאַלין און אַ ביסל טוכלעקייט.

אין די קאַלטע טעג און אין די שבתים איז מען געזעסן ביי דער רויכערנדיקער קליינער פּליטע, אין וועלכער עס האָבן געטליעט די פּלעמלעך פֿון אויסגעברענטע קאָרטשעס און קיזיק־פּלעצלעך. אַ וואַרעמע טוכלעקייט האָט געפּאַרעט פֿון די פייכטע ווענט און די שעהן האָבן זיך געצויגן אין שטילע משפּחה־שמועסן אָדער אין פֿאַרלייענען די מעשה־ביכלעך פֿון שמ״רן צי פֿון דינענזאָן.

און ס׳האָט געטראָפֿן, אַז אַ דריבנער איינטאָניקער און קאַלטער רעגן האָט זיך פֿאַרצויגן אויף עטלעכע טעג אָן אויפֿהער. דער ווינט האָט געשמיסן דאָס וואַסער גלייך אין דער וווינונג וואָס די קרומע טיר האָט נישט באַוויזן צו פֿאַרהאַלטן. אַ גליטשיקייט האָט זיך פֿאַר־צויגן איבער דער ערדענער פּאָדלאָגע און פֿון די טרעפּלעך זענען שטי־

קער געפאַלן. די ווענט האָבן אָנגעהויבן שימלען און גרויסע גרינע זשאַבעס זענען אַרומגעקראָכן איבער די בעטן און אויפן באָדן. ביינאַכט זענען זיי פאַרקראָכן אין די אָפענע לעכער, געבליקט אויפן לאָמפּ־שיין מיט אויסגעשטאַרצטע אויגן און געקוואַקעט מיט די פולע אָנגעבלאָזענע גאָמבעס.

די נאַסקייט און די פרעסט האָבן אויך אָפּגעשלעפּט דאָס גראָבן אַ ברונעם און אַ פּאָר מאָל אין וואָך האָט מען געדאַרפט ברענגען פעס־לעך מוטנע און געזאַלצענע וואַסער פונעם שכנס ברונעם, פון טאַראַטאַ־ווער דייטש, וואָס האָט געוווינט עטלעכע קילאָמעטער פון דאַנעט. יענער ברונעם איז שוין זיין יאָרן נישט גערייניקט געוואָרן און פונעם וואַסער האָט זיך געשפּירט דער איבלדיקער ריח פון איבערגעפוילטער שטיי־ענדיקער בלאָטע און דערטרונקענע פייגל.

וואָס טיפער מ׳איז אַריין אינעם ווינטער אַלץ ברויזנדיקער האָט די נאַטור זיך צעשטורעמט. באַזונדערס האָט מען עס געשפּירט דאָ, אינעם אָפענעם פעלד, ווו קיין בוים און קיין צוים האָבן נישט אָפּגעהאַלטן די זאַווערוכעס. די שאַרפע ווינטן האָבן טאָג און נאַכט גע־בלאָזן פון די דרום-געגנטן, אַריינגעטריבן אין די לעכער לעבעדיקע באַשעפענישן. גרויסע סטאַדעס פּי זענען אַרומגעקראָכן איבער די ווענט און לאַנקעס און נישט געפינענדיק קיין שוץ-ווינקל זענען זיי אַוועק־געפאַלן פאַרפרוירענע און איינגעזונקענע אין די קאַלוזשעס.

אין איינער אַזאַ נאַכט האָט הערשלען אויפגעוועקט פונעם שלאָף אַ העפטיק טופּען אַרום דער כאַטע. נישט וועלנדיק אָנמאַכן אַ גערויש האָט ער זיך שנעל און שטיל אָנגעטאָן אין דער פינצטער און זיך גע־קליבן אַרויסשטעלן דעם טראָט אויפן ערדענעם שוועל. ער האָט אָבער דערהערט אַ שטיל שעפּטשען פון אַ ווינקל אַרויס:

— וואָס איז, הערשל? האָסט אויך געהערט טריט אין דרויסן?...

דער טאַטע איז אויך געלעגן מיט אָפענע אויגן און זיך איינ־געהערט אין די אומהיימלעכע טריט אין פינצטערן דרויסן.

הערשל האָט נישט געענטפערט, נאָר אַ פּאַכע געטאָן אין דער פינצטערניש מיט דער האַנט ווי אַ צייכן, אַז ער זאָל נישט אָנמאַכן קיין רעש. ער איז אַריבער די שוועל, פאָרזיכטיק צוגעמאַכט די טיר און געבליבן אין מיטן דער צעבושעוועטער נאַכט. די דריבנע רעגן־

טראַפּנס זענען אַראָפּגעפּאַלן נישט אין גלייכער ליניע, נאָר געדרייט און געשמיסן פונעם ווינט, ווי דינער שניי האָבן זיי געביסן דאָס געזיכט. ווען הערשל האָט זיך צוגעווינט צו דער שטעכיקער פינצ־טערניש און זיך איינגעבויגן נידעריק צום באָדן, האָט ער אויסגעטיילט אַ מחנה זיך אומדרייענדיקע געשטאַלטן וואָס האָבן זיך דערווייטערט אין אַ קרייז און געיאָגט פונעם ווינט. לויטן שטילן קרעכצן זייערן, כראָפּען און מרוקען האָט הערשל דערקענט, אַז אַ סטאַדע בהמות האָט זיך אַהער דערשלאָגן פונעם סטעפּ און זיי זוכן אַ שוץ־ווינקל קעגן דעם בייסנדיקן ווינט. איצט האָבן זיי זיך צוזאַמענגעדריקט נעבן קליינעם בלעכענעם שייער ווו דאָס היי איז צוזאַמענגעלייגט פאַרן ווינטער, גע־צופּט פונעם סטויג אַרויס און זיך איפּעריק געשטורקעט מיט די הערנער, געפּירט אַ קאַמף פּאַר אַ שטיקל פאַרשטעלט פּלאַץ און אַ הויפן שמעקעדיקן היי. אַ ריזיקער בואי, וואָס זיין גרויסלייביקייט האָט אפילו די פינצטערניש נישט באַוויזן צו פאַרבאַרגן, האָט מיט זיין פעטס־פאַרגאָסענעם קאַרק זיך געריבן אין אַ ווינקל פונעם שייער, וואָס האָט געקרעכצט און זיך געהוידעט. נאָך אַ רגע און ער צעשיט זיך מיט זיין שטרויענער מאַסע ווי אַ קאָרטן־שטיבל אין די הענט פון אַ קינד.

הערשל האָט אויפגעהויבן אַ שטיין און אָנגעהויבן פונאַנדער־טרייבן די פי, אָבער נישט לייכט איז דאָס אים אָנגעקומען. ער האָט געוווסט, אַז ער מוז ווי צום שנעלסטן באַפרייען דעם הויף פון אָט די אומגעבעטענע נאַכט־באַזוכער, אויב נישט, וועט דאָ פאָרקומען אַן איבער־קערעניש. די שוין דערוואַרעמטע בהמות האָבן אפילו נישט געטראַכט פון פאַרלאָזן זייער נייע אכסניה. אָבער די שרעק פאַרן זיך דער־נענטערנדיקן מענטש און די שאַרפע שטיינער־קלעפּ האָבן זיי בהלהדיק דערווייטערט אויף אַ מינוט. מיט אַ בעטנדיקן מרוקען האָבן זיי זיך ווידער דערנענטערט צום שייער, אָבער דאָס מאָל מיט חשד און צו־ריקגעצויגן. הערשל האָט זיך דערנענטערט צום אָקס וואָס האָט זיך נישט גערירט פון אָרט און פאַרגעזעצט זיין קראַצן זיך און וואַלגערן די שייער־וואַנט. ער האָט נאָר געטרייסלט מיט זיין פעטער פעל ביים דערשפּירן די שטיינער וואָס זענען ווי פיילן געפאַלן אויף זיין גוף. הערשל האָט מיט פאַרקלעמטן רוגז זיך דערנענטערט צו דער גרויסער

חיה און אויפגעהויבן דעם שטעקן וואָס ער האָט געפונען אין וועג. דער אָקס האָט זיך אויפגעהערט אַ ווײַלע צו קראַצן, אויסגעשטאַרצט אין דער פינצטער אַ פּאָר גרויסע אויגן און אַרויסלאָזנדיק אַ קורצן ברום האָט ער זיך אַ וואָרף געטאָן מיט אימפּעט קעגן באַלעסטיקער. דאָס איז געשען אויגנבליקלעך און הערשל האָט אפילו נישט באַוויזן אָפּצוטרעטן הינטערווײַלעכס. ער האָט ממש דערשפּירט די קעלט און אימה וואָס די שווערע משא האָט אויף אים אָנגעיאָגט. ווי דורך אַ קאָשמאַרן חלום האָט ער דערהערט אַן אײַליק פונאַנדערלויפן זיך פון די בהמות און ווען עס האָט אויף אים אַ הויך געטאָן דער שאַרף־גע־דיכטער ריח און הייסער אָטעם פונעם אָקס, האָט ער נאָך באַוויזן אַרויסצולאָזן אַ געשריי, וואָס איז אויסגעלאָשן געוואָרן דורך אַ שטאַרקן קלאַפּ.

דער אומגעריכטער געשריי אין דער נאַכט אַרײַן האָט ווי אַ גע־פּאָר־סיגנאַל אויפגעוועקט די משפּחה. די טיר איז אויפגעפּראַלט גע־וואָרן און דער נעבעכדיקער שײַן פון דעם קעראָסין־לאָמפּ האָט זיך אַ ריס געטאָן אין דער נאַכט אַרײַן איבער די פעלדער. לאַנגזאַם זענען אַרויס, האַלב אָנגעטוענע און ציטערנדיקע פאַר קעלט, ניאָמע און די קלענערע קינדער. מ׳האָט נישט פאַרשטאַנען וואָס עס איז פאָרגעקומען און ווו הערשל געפינט זיך. נאָך אַ קורצן זוכן און רופן אין דער נאַכט אַרײַן האָט מען אים אויפגעהויבן אַ פאַרחלשטן פון דער בלאָטע אַרויס, ווו ער איז געלעגן נעבן דעם היי־שײַער. ניאָמע האָט אַ נעם געטאָן הערשלען אויף זײַנע אַקסלען און אים פאַרזיכטיק, מיט וואַקלדיקע טריט, אַראָפּגעטראָגן אינעם כאַטע־קעלער. ער האָט מער געציטערט פאַרן געדאַנק. פון אַן איבערפאַל, ווי פאַרן גורל פונעם זון, וואָס ער האָט געשפּירט ווי זײַן האַרץ קלאַפּט אין אים. ווען ער האָט אים אויסגע־צויגן אויף זײַן געלעגער און אויפגעריסן די פאַרברודיקטע קליידער האָט מען קלאָר געקאָנט זען צוויי בלוי־רויטלעכע צייכנס אויפן בויך און צעקראַצטע לאַנגע צייכנס אויפן געזיכט, פון וועלכע עס זענען גערונען דינע ריטשקעלעך בלוט.

אַ שטיל געוויין פון דער מוטער און אַ העשען פון די קליינע קינדער האָט אָנגעפילט דאָס צימער מיט אומענדלעכן פּחד. נאָכדעם ווי מ׳האָט הערשלען אײַנגעריבן די וווּנדן מיט וואַרעמען ספּירט און

קאַנפּער און פֿאַרבאַנדאַזשירט מיט לײַנענע האַנטעכער, האָט ער גע־עפֿנט די אויגן און זיך אַרומגעקוקט. ניאָמע האָט נישט אַראָפּגענומען פֿון אים דעם בליק און מיט אומגעדולד זיך אַליין געפֿרעגט: „זענען דאָס געווען באַנדיטן״?... אָבער ווי אומגעדולדיק ער איז געווען, האָט ער דאָך געוואַרט, אַז דער זון זאָל זיך אויסשטשוכען. הערשל האָט גע־קוקט מיט פֿײַכטע אויגן צום פֿאָטער און אַרויסגעלייענט זײַנע מחשבות.

— די אָקסן, דעם הויף געוואָלט איבערקערן... געוואָלט פֿאַר־טרייבן זיי...

איצט האָט ניאָמע אַ האַסטיקן טראָט געטאָן צום אַרויסגאַנג און מאיר איז אים נאָכגעגאַנגען. ביי דער טיר זענען זיי געבליבן שטיין און דורך דעם לאַנגן ליכט־פּאַס אָפּגעמאָסטן די נאַכט. ווייט, ווייט, ווו דער ליכט־שפּיץ האָט דערגרייכט צו אַ קליינעם בערגל, האָבן זיך דורכגעריסן די אָפּטרעטנדיקע קי ווי אײַלנדיק אויסצומיידן אַ פֿאַר־דינטע שטראָף. איינס נאָך איינס האָבן זיי אַריבערגעשפּאַנט דעם גאָל־דענעם פּאַס און פֿאַרשלונגען געוואָרן אין דער פֿינצטערניש. צום סוף איז אויך דערשינען דער שווערלײַביקער אָקס וואָס האָט זיך געאײַלט מיט די קורצע פֿיס און אַרויסגעלאָזן קורצע ברומענדיקע קולות, גלייך ווי ער זאָל זיך בעטן מ׳זאָל אים נישט איבערלאָזן אַליין דעם לעצטן אין דער נאָענטקייט פֿון די מענטשן...

— אָרעמע בהמות — האָט מאיר אויסגערופֿן — איך אַזאַ ביטערן ווינטער וואָגלען זיי אַרום אין דרויסן. אַ מאָדנע פּירונג דאָ, בהמות האָבן נישט קיין שטאַלן...

— און מענטשן קיין וווינונגען, האָסטו פֿאַרגעסן צוצוגעבן — האָט ניאָמע אונטערגעכאַפּט. מאיר האָט נישט געענטפֿערט מער. אין זײַן שטענדיקער פֿאַרביטערונג און אײַנגעשלאָסנקייט האָט ער גוט געפֿילט, אַז דער פֿאָטער נעמט אים נישט אָן ווי אַ וויכטיקן גורם אין אַלץ וואָס ער טוט און פּלאַנעוועט, כאָטש ער באַמיט זיך אויך אים אַרײַנצופּלעכטן אין יעדן שמועס פֿון דער משפּחה. דערפֿאַר האָט ער איצט נישט תופֿס געווען צי דער פֿאָטער מיינט עס ערנסט אָדער ער איראָניזירט.

— נו, קום, וואָס ביסטו דאָרטן שטיין געבליבן? ווילסט פֿאַר־פֿרירן ווערן, צי וואָס? — האָט אים ניאָמע אַ צי געטאָן פֿאַרן אַרבל. און ווען זיי האָבן אַראָפּגענידערט פֿון די טרעפּלעך האָט ער צוגעגעבן:

— דאַנקען גאָט וואָס מיר זענען נאָר אָפּגעקומען מיט דעם. וואָס וואָלט געווען ווען מ׳פֿאַלט אונדז איבער, אַזוי, אין אַזאַ נאַכט? מיין נישט, אַמאָל איז מען צווישן חיות זיכערער.

הערשל איז שוין געלעגן מיט אָפֿענע אויגן. עס האָט געזעצט אַ שאַרפֿער ריח פֿון ספּירט און קאַנפֿער. פֿון די מאַסאַזשן איז ער געווען פֿאַררויטלט און געשוויצט. די צעשויבערטע קרויזן האָבן פֿאַרשאָטן זיין שטערן און אַ לייכטער קרעכץ האָט באַגלייט דאָס שווערע אָטעמען.

אַ פֿאַרוויינטע איז די מוטער געזעסן איבערגעבויגן איבערן היל־צערנעם געלעגער, און געלייגט אים הייסע קאָמפּרעסן אויף די אָנגע־שוואָלענע בלויע פֿלעקן פֿון פּנים. דאָס איז געווען אַ מין אונטערגע־דריקט שלוכצן באַגלייט פֿון אַן אויסטערנהן זיך מיט זיך אַליין, ווען ס׳איז איר שווער געווען אַרויסצושטעלן דאָס פּעקל טענות צו דער וועלט, צו איר נאָענטער וועלט.

ניאָמע האָט זיך געמאַכט ווי ער הערט נישט. ער האָט געשוויגן און געשפּירט, אַז עס איז גוט וואָס זי רעדט זיך אַראָפּ פֿון האַרצן. דאָס איז נישט פֿון היינט, און נישט צוליב דער נאַכט־געשעעניש. ער האָט נישט איין מאָל געהערט איר קרעכצן אויפֿן געלעגער דורך די נעכט און געוואָרט, אַז זי זאָל ווען עס איז אויסגיסן וואָס עס ליגט איר אויפֿן האַרצן. ער האָט אפֿילו געוואָלט, אַז עס זאָל געשען און ער זאָל האָבן אַ געלעגנהייט מיט איר, נאָכדעם ווי די ביטערקייט וועט זיך אויסלאָזן, כאַפּן אַן ערנסטן שמועס וועגן זייער צוקונפֿט. ער האָט עס געהאַלטן ווי אַן אומפֿאַרמיידלעכקייט. נאָך אַלעמען איז ער געווען דער איינציקער, וואָס האָט באַשלאָסן מיטן גאַנצן האַרצן צו גיין מיט דער משפּחה צווישן גויים און וואַרטן. ווי לאַנג? — ביז אַ יידישער ישוב וועט סוף כל סוף דאָ געבויט ווערן. אויף אים ליגט עס אויסצו־טראָגן אַלע נישט אָנגענעמע דערשיינונגען און שטיין פּנים אל פּנים מיט יעדער לאַגע. דערפֿאַר האָט ער אפֿילו געווונטשן, אַז זי זאָל זיך גוט אויסוויינען, די טרערן וועלן אָפּשווענקען די אָנגעזאַמלטע פֿאַר־דרוסן און דער צער וועט פֿאַרשווינדן ווי דער שטורעם פֿון דער היינ־טיקער נאַכט. זיכער וועט מאָרגן אויפֿשטיין אַ זוניקער ווינטער־טאָג, וואָס וועט געבן מוט ווייטער צו טראָגן דאָס פּעקל זאָרגן.

די קליינע קינדער זענען אַנדרעמלט געוואָרן, אָבער די דער־

וואַקסענע האָבן שוין קיין אויג נישט צוגעמאַכט. יעדער איז געווען פאַרזונקען אין דער וועלט פון אייגענע מחשבות און פון צייט צו צייט האָט באַשקע געמאַכט אַ וואַרעם גלאָז טיי. מיטן פאַרטאָג האָבן זיך די צוויי הענער פונעם שטייג צעקרייט און דער פאַמפאַ־ווינט האָט נאָכגעלאָזן. דעמאָלט זענען אַלע איינגעזונקען אין אַ באַרויקנדיקן שלאָף, נאָכדעם ווי הערשל איז איינגעשלאָפן און אויפגעהערט צו קרעכצן.

ווען ביאַמע האָט זיך אויפגעכאַפּט האָבן דורך די שפּאַרונעס פון דער טיר זיך אַריינגעריסן די ערשטע שטראַלן פונעם נייעם טאָג.

דער רעגן האָט זיך אָפּגעשטעלט און דער טאָג האָט זיך גע־וואַרעמט מיט לעבלעכע זון־שטראַלן, וואָס האָבן נישט גובר געווען דעם ווינטער־אָטעם. די קלעפּיקע בלאָטע האָט געשטערט יעדע נאָר־מאַלע אַרבעט און מ׳האָט זיך באַנוגנט מיט די נויטיקסטע צוריכטונגען. די נידעריקע כאַטע האָט געלאָקט מיט איר פייכטער וואַרעמקייט און די שטענדיקע נאַכט־ריחות, וואָס האָבן נישט באַוויזן זיך אויסצולופ־טערן, האָבן אין אָט די טעג געהאַט אַ באַזונדערע צוציונג ווי דאָס איינגנורען זיך פון אַ מענטשלעכן קערפּער אין זיינע אייגענע אויס־געוואַרעמטע גערוכן.

פאַרנאַכט־צו איז אַראָפּגעקומען אַ גאַסט: וויקטאָריאַ איז גע־קומען צו רייטן אויף איר ברוין־רויטלעכן פערד, וואָס האָט, נישט קוקנ־דיק אויף דער גליטשיקייט, געצויגן דעם פריילעכן קאָפּ און אונטער־געטאַנצט מיט גאווה. ווען זי איז אַריין אין דער כאַטע און געטראָפן הערשלען אין בעט מיט אַ האַלב־פאַרשוואָלן געזיכט, האָט זי בהלהדיק זיך אַ ווענד געטאָן אויף רעכטס און לינקס און געבעטן מ׳זאָל איר דערציילן וואָס דאָ איז פאַרגעקומען. און ווען מ׳האָט איר סוף־סוף, האַלב אויף שטום־לשון, איבערגעגעבן וועגן דער נאַכט־פּאַסירונג, איז זי ממש אויפגעשפּרונגען, ספק התפעלותדיק און ספק מיט באַדויערונג אויסגערופן:

— אָרעמער יינגל, פּאברעסיסאָ, ביים בואי אויף די הערנער געלעגן, אַך, אָרעמער גרינגאָ!... (גרינער).

דאָס איז געווען דער אויסברוך פון שטראָם רייד וואָס איז אַזוי אייגן די געמישטע ראַסע פון שפּאַניאָלן און הי־געבוירענע, דער באַ־גער קודם כל אויסצוגיסן אין איין אָטעם אַלץ פון געפיל וויברירט

אין ווערטער, אפילו ווען זיי האָבן צווישן זיך נישט קיין לאָגישן צוזאַמענבונד. וויקטאָריאַ האָט זיך געפּרייט מיט יעדער געלעגנהייט און יעדער געשעעניש וואָס זאָלן איר ברענגען אָפּפרישונג אין דער רוטינע פונעם אייגן אַרויפגעצויגענעם גלות.

— אָרעמער ייִנגל, און אַ דאָקטאָר האָט איר נישט געבראַכט?

— האָט זי פאַרזאָרגט אַ בליק געטאָן צו ניאָמען — אפשר זאָל איך צוגאַלאָפּירן צו דער באַן־סטאַנציע און טעלעגראַפירן אין שטע־ל אַריין?...

ניאָמע האָט געזען איר פאַרזאָרגטקייט און נישט געוווּסט וואָס אייגנטלעך זי וויל פון אים. אירע גרויסע טונקל־גרינע אויגן האָבן ווייך געקוקט פון אונטער די לאַנגע וויעס און די שוואַרצע ראַמען אַרום די אויגן־לעכער האָבן אויסגעזאָגט נישט געוויינלעכע איבער־לעבונגען. דער ווינט פונעם קילן נאָכמיטאָג האָט אָנגעצויגן אַ בלוי־לעכע ראָזיקייט אויף אירע דין־בלייכע באַקן. אין איר ווען איז גע־לעגן עפּעס פון קינדישער שפּילעוודיקייט און דער אויסגעצייטיקטער רייץ פון אַ שטאָטישער דאַמע. ניאָמע האָט נישט געקאָנט תופס זיין, וואָס אייגנטלעך עס טוט אַזאַ פּרוי דאָ אין דער וויסטע, און וואָס איז דער מיין פון אירע באַזוכן ביי זיי, ביי דער יידישער משפחה.

דערווייל האָט הערשל פאַרפירט אַ שמועס מיט איר, אויסנוצנדיק דאָס ביסל שפּאַניש וואָס ער האָט מיט אַזויפיל התמדה געלערנט אין זיין פריערער צייט. פון צייט צו צייט האָט ער געגעבן צו פאַרשטיין דעם אינהאַלט פון אירע פראַגן און רייד. די גרעסטע טייל פון אירע רייד האָט זי געווענדעט אין איין ריכטונג: וואָס טראַכטן זיי צו טאָן און פון וואַנעט קומען זיי? זי האָט איר בליק נישט אַראָפּגענומען פון ניאָמען, ביז זי האָט לאַכנדיק זיך געווענדעט צו הערשלען: „זאָג דיין פאָטער, אַז ער איז אַזוי ענלעך צו אַ שפּאַנישן אַדעליקן, כמעט ווי אַ „קאָנקיסטאַדאָר“ (דעראָבערער) מיט זיין שפּיציקן בערדל...“

ווען הערשל האָט איבערגעגעבן אירע רייד אין יידיש האָט ניאָמע זיך אַ ביסל פאַרשעמט און ווי פאַר זיך געזאָגט:

— אָדער מיר זענען געגליכן צום טייוול אַליין, אָדער מען מאַכט פון אַ יידן אַ גאַנצן גאָט... — און אויפן קול: זאָג איר, הערשל, אונדזער כוונה איז צו באַהערשן די וויסטע און איינצוצוימען די ווילדע ווינטן. דאָס אַלץ.

דערוויל האָט באַשקע צוגעגרייט אַ מאַטע, און ווען וויקטאָריא האָט דערזען דעם מכשיר, איז זי ווידער אַריינגעפאַלן אין התפעלות:

— האַ, האַ, גאַנצע קריאַזשעס, מײַנע גריבינקעס! אפילו מאַטע טרינקט איר שוין! — זי איז צוגעגאַנגען צו באַשקען און אַרויסגענומען דאָס טעפּעלע פונעם רערל — איצט וועל איך אײַך אויסלערנען ווי מען מאַכט דאָס בײַ אונדז: אָנשיטן די „זשערוואַ“ (צע־מאָלענע מאַטע־בלעטער) ביז אַ העלפט פונעם טעצל, אָנצאַפּן אַ ביסל כמעט קאַלט וואַסער און אָפּציען עס מיט אַ שפּיי, אָט אַזוי, איצט ווען דאָס וואַסער ווערט וואַרעמער, דאַרף מען אָנהייבן סערווירן ביז דאָס וואַסער ווערט הייס. הייס אָבער נישט קאָכעדיק. דעמאָלט פאַרלירט עס דעם טעם און דעם שוים וואָס גיט צו דעם ריכטיקן אַראָמאַט. איר פאַרשטייט? האָט די מאַטע אַ גוטן און שמעקעדיקן טעם איז אויך דאָס לעבן פולער און דיין מיט־מענטש — סימפּאַטיש און דערטרעג־לעך. איז די מאַטע שוימיק און ביטערלעך שאַרף, דערפילסטו דעם ריכטיקן זין פון דעם לעבן אין סטעפּ.

זי האָט אַזוי גערעדט אָן אָפּהאַלט און דערבײַ אפילו נישט אָפּגעגעבן זיך אַ רעכנונג, אַז מען פאַרשטייט זי נישט. בלויז הערשל האָט אויפמערקזאַם נאָכגעפאָלגט מער אירע באַוועגונגען ווי איר פֿי־לאָזאָפישע דעפיניציע וועגן אַ געטראַנק וואָס איז דאַכט זיך אַזוי פשוט און דאָך... ווי ריכטיק אירע רייד פאַלן זיך צונויף מיט דערווירקלעכקייט! נאָך אַ פויזע האָט זי פאַרגעזעצט:

— מײַן ברודער, דאָרט אין שטאָט — הו, הו! ער איז אַ גרוי־סער דעמאָקראַט. ער האָט אַמאָל געזאָגט: „אויב עמעצער האָט אַמאָל געצווייפלט אין דער דעמאָקראַטיע וואָס איז אײַנגעוואָרצלט אין אונ־דזער פאָלק, זאָל ער נאָר אַ קוק טאָן ווי אַזוי מ׳טרינקט די מאַטע אין שטאָט און דער עיקר אין דאָרף, פון מויל צו מויל און פון דאַנעט — פון האַרץ צו האַרץ. יעדער פאַרשידנקייט פאַלט זיך פונאַנדער“... האַ, ער האָט אַ ברייטן קוק, דער ברודער מײַנער... אַמאָל וועט איר אים קענען...

און דערמאָנענדיק דעם ברודער איז אויף איר אָנגעפאַלן אַ לײַכטער טרויער. די שפּילעוודיקייט פון אירע ווערטער זענען ווי אַוועק מיטן ווינט. שאָטנס האָבן זיך אָנגעצויגן און צעלייגט אויף איר גע־

זיכט און אַ זיפץ האָט אַרויסגעקוועלט פון איר ברוסט וואָס איז געווען פאַרצויגן מיט אַן ענגן זשאַקעט.

איצט האָט זי מיט איר אָפּגעקילטן בליק באַטראַכט אַלע ווינ־קעלעך פונעם קעלער־ראַנטשאָ. די ענגשאַפט, די צונויפגעדריקטע גע־לעגערס, די ביכער־שראַנק, די טוכלע וואַרעמקייט און דער גליענדיקער אָפּשיין פונעם פייער וואָס האָט געקנאַקט אינעם אייוועלע — אָט די נישט געוויינלעכע אַטמאָספערע פון גאוטש מיטן ספּעציפישן אויסזען פון דער משפחה, וואָס איז ערשט אַראָפּ פון דער שיף — האָבן אין וויקטאָריאַן דערוועקט אַ געפיל פון פאַרוואורף צו זיך אַליין: און זי? מיט וואָס פילט זי אויס די אַזוי טייערע טעג און יאָרן פון דער יוגנט? איצט האָט זי געזען אין קרומען ליכט איר אויסגעווילטן וועג. צי איז פאַראַן עפּעס אַ ציל פאַר איר אָדער פאַר אירע מיטמענטשן אין אָט דער סביבה, ווען זי הערט די מעלאַנכאָלישע לידער, וואָס ווערן געזונגען אין די שייערן דורך די מאַיס־קלייבער? און וואָס פאַראַ אויפגאַבע דערפילט זי מיט איר גאַלאָפּירן איבער דעם סטעפּ? דאָ האָט זיך צוזאַמענגעדריקט אַ פאַרצווייגטע פרעמדע משפּחה, פאַר וועל־כער עס שטייט אַ באַרג מיט זאָרגן ווי אַזוי איינצונעמען דעם באָדן און בויען אַ שטיקעלע היים. ווער זענען זיי אייגנטלעך?

— איר זייט כודיאָס צי רוסאָס? — האָט זי פלוצעם אַ פרעג געטאָן הערשלען — פון וואַנעט קומט איר?

הערשל האָט אַ ווײַלע אַ טראַכט געטאָן בכדי צוצוגרייטן אַ טרעפלעכן ענטפער:

— ביידע זאַכן — האָט ער געשמייכלט — סיי ייִדן און סיי רוסן...

ווי קאָן דאָס זיין? זי האָט עס נישט פאַרשטאַנען און הערשל האָט ריכטיק געוווּסט דעם מקור פון איר צעמישטקייט. נאָך זייענדיק אין שטאָט האָט ער תופס געווען דעם פאַטאַלן טעות וואָס מישט צונויף באַגריפן וועגן אָפּשטאַם פון פעלקער. די ערשטע ייִדן וואָס זענען געקומען אַהער, האָבן, וויסנדיק אויף קלאָר דעם געפיל פון ווידערווילן קעגן דאָס וואָרט „כודיאָ", זיך דערקלערט אַלס „רוסן". און פון דאַנעט דער בילבול־המוחות ווען דער היזיקער דאַרף זיך פונאַנדערקלייבן צווישן ריכטיקע רוסן און „רוסאָס" וואָס טראָגן בערד און רעדן אַ שפּראַך, וואָס האָט נישט קיין שייכות צו רוסיש.

— יאָ, מיר זענען יידן וואָס קומען פון רוסלאַנד — האָט ער באַמיט זיך איר אויפצוקלערן ביזן סוף — פונקט ווי עס זענען דאָ דייטשן אין רוסלאַנד.

זי האָט זיך באַנוגנט מיט זיין לעצטער דעפיניציע, כאָטש ער איז נישט געווען זיכער צי זי האָט באמת תופס געווען זיין אויפקלערונג.

דערנאָך האָט זי אים אויסגעפרעגט וועגן די פלענער אין דער צוקונפט. פון זיינע קורצע ענטפערס האָט זי בלויז געקענט אויסטייטשן, אַז די משפחה איז דערוויל עלנט און אַן פּראַקטישע אָנווייזערס אין זייער אַרבעט. אויך איצט האָט זי נאָכגעקלערט צי עס וואָלט נישט געווען פון איר זייט לאָגיש אָנצווועגדן איר איינפלוס און איר קוזינס מיטלען אויף העלפן אָט דער משפחה אין איר איינוואָרצלען זיך. ווען זי האָט עפּעס וועגן דעם אָנגעדייט, האָט איר הערשל איבערגעזעצט דעם פאָטערס ענטפער:

— מיר זענען פאַרבונדן מיט אַ געזעלשאַפט וואָס האָט אונדז אַהער געבראַכט, זי דאַרף זאָרגן פאַר אונדז... נאָר זי אַליין...

דעמאָלט האָט וויקטאָריאַ אַ בליק געטאָן דורך דער אָפענער טיר און געזען ווי די אונטערגייענדיקע שטראַלן האָבן זיך צעלייגט איבערן האַלב פאַרוואָלקנטן הימל. זי האָט זיך אויפגעהויבן, זיך צע־זעגנט און צוגעגעבן:

— איך וואָלט אייך געראַטן איבערצופירן דעם קראַנקן אין דער עסטאַנסיאַ. דאָרט קאָן מען באַלד אָנקומען צו אַ דאָקטאָר. דאָ איז ענג און נישט באַקוועם. מאָרגן וועל איך שיקן אַהער די קאַרעטע...

הערשל האָט אָנגעשטעלט אויף איר זיינע שוואַרצע אויגן און אַ שאָקל געטאָן מיט קאָפּ: — „אַ דאַנק, כ׳וועל פאָרן אַהין געזונטערהייט״...

ווען זי איז אַרויס פון דער כאַטע און מ׳האָט דערהערט דעם טעמפּן גאַלאָפּ פון אַוועקאיילנדיקן רייטער, האָט באַשקע אַ זאָג געטאָן:

— זי וויל אונדז מיט עפּעס בייהילפיק זיין. זעט אויס — אַן אידעלע נשמה.

— יעדנפאַלס איז זי די איינציקע, וואָס וויזט אונדז ביז איצט אַ פריינדלעך פּנים. לאָמיר האָפן, אַז זי וועט נישט קאַליע מאַכן. הילף איז דאָך נישט שייך. יעדער לויט זיינע כוחות. דער עיקר זענען די כוונות.

מאיר, וואָס איז די גאַנצע צייט געזעסן אין אַ ווינקל צונויפגעקאָרטשעט אין זיך, ווי ער וואָלט געוועןאַן איינגעוואָקסענער חלק פון דער טונקעלער וואַנט, האָט מיט אַ נישט־פאַרשטעלטן אומצוטרוי אַ זאָג געטאָן:

— אויב זי וועט אונדז נישט ברענגען קיין צרות. היינטער אַזעלכע מאַסקעס ליגן אָפטמאָל טייוולאָנים...

הערשל האָט אַ שמייכל געטאָן מיטן אַנגעשוואָלענעם געזיכט, פאַרזשמורעט די אויגן, ווי נישט נאָכצוגעבן דעם אָנגרייפנדיקן שלאָף, און געענטפערט:

— נישט געפערלעך, מאיר, מ'דאַרף נישט איבעריק נאָכטראַכטן. ווי אַזוי די זאַכן קומען, אַזוי דאַרף מען זיי אויפנעמען...

* * *

דער ווינטער האָט נאָכגעלאָזן פון זיין שטייפקייט. ניאָמע איז אַרויס אין פעלד און געשפּאַנט ביי דער זייט פונעם גרינעם פּאַס וואָס ער האָט באַוויזן צו באַאַרבעטן אינעם ערשטן יאָר. אָט די איינטאָניקע גרינקייט האָט זיך איינגעשניטן אין דער אַרומיקער גרויקייט פון ווילדע גראָז, ווי אַ לאַנג־דינער וואָלקן אינעם בלויען הימל. דער באַאַרבעטער טייל איז געווען שמאָל און לאַנג, זיין לעצטן ברעג האָט מען כמעט נישט געזען און ער איז געווען פאַרפלאָנטערט אין אַ געדיכטן צודעק, וואָס האָט כמעט דערגרייכט ביז צו די קני. דער טראָט פונעם ליטווישן יידן האָט באַקומען אַ מין יוגנטלעכע שפּילעוודיקייט. נישט לייכט איז אים צוגעגאַנגען דאָס אַקערן, דאָס פאַרזייען. איצט איז ער אויפן האַלבן וועג צו דער ערשטער הצלחה אויפן ווייצן־פעלד. ער האָט נישט געהאַט קיין שום פּראַקטיק קעגנצושטעלן זיך דער פאַרעקשנטער נאַטור, קיין גרונט־וויסן, ווי מ'גייט צו באַאַרבעטן דעם באָדן: די נייטיקע טיפקייט פונעם אַקערן, דאָס צערייסן די גרודעס מיט די הילצערנע באַרענעס, דאָס אָנשטעלן די זיי־מאַשין, דאָס מעסטן די פייכטקייט פאַרן פאַרזיי און נאָך און נאָך אַנדערע וויכטיקע ידיעות פון דער לאַנדווירטשאַפטלעכער טעכניק.

און דאָך האָט ער יעדן טאָג אָפּגעהאַלטן אַ זיג איבער דער

נאַטור און זיך דערנענטערט צו זיין געגאַרטן ציל. דער פראָסט אין די פאַרטאָגן האָט דעמאָלט געבריט און פאַרגלאָזט די ערד, אָבער אין האַרץ האָט געברענט דער באַגער צו זען זיך אַרומגערינגלט מיט פריש־אויפגעגאַנגענע לאָנקעס. האָט דער אַקער געריסן מיט ווילדן קרעכץ די האַרטע צעלינע און מיט יעדן טאָג איז דער באָדן איבערגעפּאַרבט געוואָרן אין איבערגאַנג־קאָלירן: פון גרויקייט צו ברוין־איינטאָניקייט און שפּעטער — גרינע רייען, וואָס האָבן ווי פון איבער דער נאַכט אַרויס זיך צעצויגן מיט לייכטע נאָדלען. אויך דאָס פאַרזייען איז נישט געווען קיין פשוטער אַקט. ער איז געשטאַנען פאַר דער ברירה: אָנגורטן דעם זאַק מיט קערנער אויף זיינע אַקסלען, שפּרייזן מיט געמאָסטענע שריט און צעוואַרפן צווישן די פינגער די גאָלדענע קערנער אויפן אויסגעבעטן געלעגער. אין אָט דער פאָרם פון זייען ליגט עפּעס אַן ענגע פאַרבינדונג צווישן דעם זייער און דער ערד, צווישן די פאַר־זייטע האָפענונגען און דעם שניט וואָס דערנענטערט זיך. אָבער לעצטנס האָט מען אָנגעהויבן זייען מיט מאַשינען וואָס צעשפּרייטן די קערנער גלייך אינעם באָדן, אין געמאָסטענע רייען און סימעטרישע מרחקים. די טעכניק האָט אָנגעהויבן צו שפּאַנען זייט ביי זייט מיטן פויער און ער האָט נישט געקאָנט אָפּזאָגן איר הילף. ער האָט באַקומען אויף באָרג אַ שוין פאַרעלטערטע זיי־מאַשין און געשפּאַנט מיט פיר פערד. האָט ער געצויגן אין אַ גלייכער ליניע נאָך די צייכנס פון די רעדער, באַגלייט פון האַרץ־ציטערניש: טאָמער נאַרט אים די מאַשין אָפּ? טאָמער צו געדיכט, און אפשר צו שיטער?...

איצט האָט ער געהאַט אַ גרונט צו דערקוויקן דאָס האַרץ און טונקען דאָס אויג אין די וויגנדיקע כוואַליעס פון דער תבואה; אַ לייכט ווינטל האָט אַ בלאָז געטאָן און ביאָמען האָט זיך אויסגעוויזן, אַז אַ קליין וואָלקנדל איז פאַרבייגעשוווּמען און זיך אויפגעלייזט אין די הייכן. אַ שטילער אומעט האָט גענאָגט אויף דער נשמה, ווי אַ קליי־נער פלעק אויפן האָריזאָנט ערב אַ שטורעם, וואָס מיניעט און צי־טערט אויף דאָס האַרץ.

און וואָס ווייטער? די סביבה איז פרעמד און גויאיש. די אומ־באַשטימטקייט צי ס׳וועט יאָ אָדער נישט אויסוואַקסן דאָ אַ ידישער ישוב האָט געמאַטערט און געמאָנט. דאָרט, אינעם היים־שטעטל, איז

זיך שטוב געווען דער צענטער פאַר טרעפונגען און וויכוחים. דאָ איז אַלץ גרוי און מאָנאָטאָן און דאָס לעבן גייט ווי צווישן פאַר־שיקטע, ווו מ׳דאַרף אָפּקומען אַ נישט פאַרדינטע שטראָף. די ערשטע חדשים איז מען געווען פאַרטאָן און פאַריאָגט דורכצורייסן די שטרויכ־לונגען. איצט ווערט דער חלל ליידיק און אימהדיק, פאַר אים און פאַר דער משפּחה צוגלייך. ווען עס פעלט אַ שבתדיקער מנין, ווען דער מאַרק מיט די קונים, ווען די ברויזנדיקע יוגנט און די פאַר־נאַכטיקע שפּאַצירן אויסערן שטעטל. און די שטילקייט געבוירט די שווערע בענקענישן און די אומזיכערקייט, דערמאָנט די גליקן פון מצרים. וואָס שווערער דער מדבר איז, אַלץ שטאַרקער ווערן די טענות צו גאָט און זיין פּאַסטעך. און דער פּאַסטעך איז ער, ניאָמע, וואָס האָט געפירט זיין הויזגעזינד אַהער...

דער פאַרוואַלטער פון דער „געזעלשאַפט" האָט תמיד זיין גרייטן ענטפער: „די נייע ווילן אַהער נישט קומען. זיי האָבן גערן די שטאָט אָדער די שוין באַזעצטע קאָלאָניעס. מ׳דאַרף האָבן געדולד. דערווייל לעבט זיך איך מיט די שכנים"!

די שכנים! ער האָט נאָך נישט באַוויזן צו קומען אין ריכטיקן קאָנטאַקט מיט זיי און ווייסט אַליין נישט וואָס עס מיינט זיך איינ־לעבן. דאַרף ער זיי זוכן און זיך אַריינשטעלן אין זייער אָרט לעבן? אויב יאָ, מיינט דאָך דאָס צו פאַרלירן דעם אייגנטלעכן זין פון זיין זיצן דאָ! און דווקא איצט, בעתן שפּאַנען ביים ראַנד פון גרינעם פעלד, האָט אים אָנגעהויבן צו עגבערן אַ פרעמדער געדאַנק, ער האָט אים נישט געקאָנט אָפּטרייסלען ווי אַ זלידנע פליג: צי האָט ער רעכט געהאַנדלט ביים אַראָפּברענגען אַהער אין דער איינזאַמקייט די משפּחה אָן שום זיכערקייט, אַז ס׳זאָל ווערן אַ ריכטיקער ישוב?

זיכער האָט עס נישט קיין זין צו זיצן ווי אַ ישובניק, אַן איינ־ציקער, צווישן די גויים. עס איז נאָך דערטרעגלעך צו זיין אַ ישוב־ניק ווען אַ טראָט נאָר פונעם דאַרף ליגט דאָס יידישע שטעטל. דאָן קאָן מען זיך אַריינכאַפּן אויף ימים־נוראים און אָפּטרייסלען די גויאיש־קייט פון אַ גאַנץ יאָר.

און אָט — פאַראַקערט און פאַרזייט. שטיל און פאַרבייגייענדיק. באַלד וועט אָנקומען דער שניט. געזייט מיט וויי און מיט טרערן. וועט

דאָס שניידן זיך מיט געזאַנג? וואָלטן דאָ וויניקסטנס געווען אַ צען ייִדישע משפּחות, וואָס פאַראַ פרייד וואָלט געווען ביים בינדן די ערשטע סנאָפּעס! צוזאַמען וואָלט מען אַרויס אין פעלד מיט געזאַנג, בילדער וואָלט מען צעשיקט איבער דער ברייטער וועלט: נאַט און זעט, נאָך אַן איבער־רייס פון צוויי טויזנט יאָר בינדן ייִדן ווידער סנאָפּעס אין פעלד, נישט קיין קלייניקייט! ווי וועט עס באמת צוגיין? אָן צערעמאָניעס, גרוי, פאַרזאָרגט. באַשקע וועט אונטערזיפּצן, מאירס שטילשווייגן וועט ווייטער גאָרנישט זאָגן און הערשלס בלייבן דאָ וועט ווייטער זיין פאַרהילט אין אַ סוד.

אָבער צו וואָס איז ער, הערשל, געווען אויף אַ באַזוך ביים פאַרוואַלטער? ניאָמע האָט נישט איין מאָל באַשטימט צו כאַפּן אַ שמועס מיט הערשלען וועגן דעם און שטענדיק אָפּגעלייגט. הייַנט איז, דאַכט זיך, דער פּאַסי־קער טאָג. ער וועט פּרווון.

דער פאַרזייטער פּאַס האָט זיך געענדיקט און ניאָמע האָט זיך דערזען נישט ווייט פונעם הויפּט־וועג, וואָס פירט צו דער באַן־סטאַנ־ציע. אַרום הערשט אַ שטילקייט און נאָר צייטנווייז דערטראָגט זיך אַהער דאָס באַקאַנטע מרוקען פון אַ פאַרליבטן בואי. פון דאָרטן טראָגט זיך דער אָפּגעריסענער קלאַנג פון אַ לעבן וואָס פליסט צווישן די בערגלעך. פון דער ווייטנס האָבן געמיניעט די קאַכל־דעכער פון דער עסטאַנסיע און מ׳האָט קוים אָנגעזען די פליגל פון די ווינט־מילן, וואָס ציען אַרויף דאָס וואַסער פאַר די פּועסטעראָס (פי־היטער).

איצט האָט ער פאַרגעסן אין זיינע טרויעריקע געדאַנקען און מיטן בליק אַרומגענומען דעם ברייט־צעעפנטן פּייזאַזש. זיין באַאַר־בעטער פּאַס איז איצט געווען ווי אַ פינקלדיקער שמאַראַגד אין דער גרויקייט פון דער רוי־ערד. ער האָט זיך אויסגעדרייט און אָנגעהויבן שפּריזן מיט איילנדיקע טריט ביים צווייטן ראַנד פונעם גרינעם טעפּיך. פּלוצעם איז ער געבליבן שטיין און פאַרנומען אַ גערויש, וואָס האָט זיך דערטראָגן צו זיינע עמפּינדלעכע אויערן. ער האָט זיך אומגעדרייט און צוגעלייגט די האַנט צום אויער ווי אויפצוכאַפּן בעסער דעם קלאַנג און זיין באַשייד. דאָס איז געווען דאָס גוט באַקאַנטע גערויש פון אַ לאַסט־וואָגן אין אַ צעפּאָרענעם צושטאַנד. באַלד האָט זיך טאַקע באַ־וויזן, לאַנגזאַם אַרויפגעדראַפּעט זיך אויפן בערגל, אַן אָנגעלאָדענע

פור מיט שטוב־בעבעכעס און העט אויבן — מענטשלעכע קעפּ. צוויי מאָגערע פערד האָבן געצויגן דעם וואָגן מיט פאַרמאַטערטע שריט.

ער האָט אַ ציטער געטאָן. צי קומט נישט אומדערוואַרט די ישועה? צי איז דאָס נישט אַ צוגעטראָגענע מתנה פונעם פּאַרוואַלטער, וואָס וויל אים איבערראַשן? ער האָט געוואָלט זען אַ גליקלעכן צייכן אין דעם, וואָס אינעם פרימאָרגן ווען ער איז אַרויס אין פעלד, ווו די תבואה גייט אויף, ווערט מקוים זיין באַגער צו זען אָנקומען דעם ערשטן קאָלאָניסט. ער האָט אפילו נישט דערלאָזן דעם געדאַנק, אַז דאָס קאָן אַנדערש זיין.

און באַפרייט פון יעדן שמץ צווייפל, האָט ער זיך, כמעט לויפנ־דיק, אַוועקגעלאָזן אַנטקעגן די אָנקומענדיקע און איינגעחזרט אין גאַנג די ברוך־הבא־פראַזן, וואָס זאָלן האָבן אַ ווירקונג. אַ שאָד נאָר, וואָס ער איז ווייט פון דער כאַטע! ברויט און זאַלץ וואָלט ער זיי אַנטקעגנ־געטראָגן...

אָבער ווען ער האָט זיך דערנענטערט צו דער פור און באַ־טראַכט די רייזנדיקע, איז זיין פרייד אויסגעריבנען ביזן דנאָ פון זיין נשמה. ער האָט שוין געזען קלאָר, אַז דאָס איז נישט קיין יידישע משפּחה. די פאַרמאַטערטע און טונקל־הויטיקע געזיכטער זייערע און דער קורצער שמועס אין אַ גרייזיקן רוסיש געמישט מיט אַ פּאָר טערקישע פראַזן, האָבן אים אַרויסגעפירט פון זיין ביטערן טעות. דאָס איז געווען אַן אַרמענישע משפּחה, וואָס האָט זיך איבערגעוואַלגערט איבער קאַווקאַזער בערג און פאַרוואָגלט געוואָרן אַהער אין אָט דער געגנט.

אין איינעם אַ טאָג האָבן די באַגעגנט אַ בכבודיקן הער, וואָס פאָרט אין אַ לאַקירטער בריטשקע. ער האָט זיי פאַרגעלייגט צייט־ווייליק צו באַזעצן זיך אויף דעם באָדן מיט וועלכן ער פאַרוואַלטעט. נו, פאַרשטייט זיך, אַז זיי האָבן מיט פרייד זיך אָנגעכאַפּט אין פּאָר־שלאָג און טאַקע איצט פאָרן זיי פאַרנעמען דייער ווינקל און אויסבויען אַ דאַך איבערן קאָפּ. דערווייל האָט ער, דער יונגער אַרמענער מיטן מידן אָפּגעצערטן געזיכט און שוואַרצע אויגן, זיך אויסגעפרעגט ווי אַזוי אַרום צו דערגרייכן דעם באָדן וואָס ליגט, לויט די אָנווייזונגען פונעם הער פון לאַקירטן עקיפּאַזש, נישט ווייט פון דער איינציקער

לאגונא (אָזיערע). ער איז דאָך בכלל דאָ נישט געווען, דאָס ערשטע מאָל ווי ער געפינט זיך דאָ... דערביי האָט ער אונטערטעניק אָנגעבויגן דעם קאָפּ מיט די אויסגעשטאַרצטע שלייפן און געזאָגט: „מיר וועלן זיין גוטע שכנים, נישט אמת?" און געדאַכט האָט זיך ניאָמען, אַז דער אַרמענער ברענגט אַ גרייטן גרוס פונעם פּאַרוואַלטער...

איצט האָט ניאָמע נישט געוווסט צי זאָל ער בייז זיין צוליב דער אויסגעוועפּטער, פּאַרפלויגענער אילוזיע, אָדער אַרויסווייזן מיט־געפיל די פּאַרמאַטערטע און ווי עס זעט אויס אויך פּאַרהונגערטע נפשות. וואָס איז זייער שולד אויב זיי קומען אַהער און זוכן זייער ברויט אויפן באָדן וואָס ליגט אומבאַוווינט און וואָס אנשי שלומנו איילן זיך נישט צו פּאַרנעמען? צי איז אפשר אַ קליינע מצווה זיי צו העלפן? ער האָט זיי אָנגעוויזן מיטן פינגער און מיט פּאַרשידענע צייכנס ווי אַזוי זיי דאַרפן פּאַרקירעווען דעם וואָגן און ער האָט זיי אפילו איינגעלאָדן צו באַזוכן זיין הויז, ווי נאָר זיי וועלן זיך איינאָרדע־נען. נאָכדעם האָט ער זיך צעזעגנט מיט זיי און די פור האָט זיך ווייַ־טער אָוועקגעטרייסלט אויפן גראָזיקן וועג.

שפּעטער, מיטאָג־צייט, ווען ער איז געזעסן אין קרייז פון דער משפחה, האָט ער זיך און זיי געשטעלט די שטענדיקע נאָגנדיקע פּראַגע:

— ווער איז שולדיק אין דעם וואָס דער באָדן, באַשטימט פּאַר יידן, ווערט באַזעצט דורך דייטשן און אַרמענער?

— ווער ס׳איז שולדיק? — האָט הערשל כמעט טראַציק אים צוריקגעענטפערט מיט אַ פּראַגע — די ערד וועט בלייבן אין גויישע הענט, אויב יידן וועלן זי נישט באַאַרבעטן. פּאַראַן אַזאַ מין נישט געשריבענער געזעץ וואָס איז שטאַרקער פון אַלע אָנגענומענע. אויסער דעם, דער הער לעווענטאַל...

— ווילסטו אפשר אָנדייטן, אַז דער פּאַרוואַלטער איז אַן אָפענער קעגנער פון אויפצושטעלן אַ רייך יידישע קאָלאָניע? — האָט ניאָמע האַסטיק זיך אַ הייב געטאָן פונעם זיץ־פּלאַץ און אפילו אויפגעהערט צו עסן. — מיינסטו, אַז ער האָט זיינע סיבות דערצו?

הערשל האָט אַ רגע געשוויגן. ער האָט געצעגערט צו פסקענען וועגן אַזאַ פּראַגע. דאָס באַרירט דאָך די גאַנצע וועלט פון חלומות און האָפענונגען, אויף וועלכער דער פּאָטער האָט געבויט זיין קומען

אַהער. ער האָט אָבער אויך פאַרשטאַנען, אַז דווקא אין אָט דעם מאָ־מענט, ווען דער פאָטער טרעט צו מיט דער גאַנצער זיכערקייט צו בויען די נייע היים, דאַרף ער קלאָר וויסן וועלכע שטרויכלונגען עס קאָנען אַרויסשפּרינגען אין וועג.

— האָסט מיר אַמאָל צוגעזאָגט — האָט ניאָמע ווי געשטויסן אים אין דער ריכטונג פון זיינע מחשבות — דו ביסט געווען אויף אַ באַזוך ביי דעם פאַרוואַלטער פון דער „געזעלשאַפט". צי איז נישט געקומען איצט די העכסטע צייט, דו זאָלסט עפּעס וועגן דעם דערציילן?

— יאָ, די העכסטע צייט — האָט ער איבערגעחזרט דעם פאָ־טערס רייד. ער האָט אַ פיר געטאָן אַ שנעלן בליק איבער דער גאַנצער משפחה וואָס איז געזעסן ביים טיש — יאָ, איצט וועל איך עס דערציילן צוליב צוויי סיבות: ערשטנס, וועט איר אַלע פרעגן, וואָס עפּעס, מיט וועמענס רעכט בין איך געגאַנגען אָפּשטאַטן דעם באַזוך, און צווייטנס — צוליב מיין מיינונג וואָס כ'האָב זיך געשאַפן פון אָט דעם שמועס מיטן הער לעווענטאַל...

זיבעטער קאַפּיטל

## אינעם בוידעם־שטיבל פון מאוריסיא ליפּאָווין

נאָך איידער הערשל האָט אַהערגעבראַכט פון דער הויפּטשטאָט די משפחה אויפן רוף פונעם פאָטער, וואָס האָט געשריבן אַ קאַרטל, אַז די „שטוב" איז פאַרטיק און גרייט, האָט ער גע׳האָט די אומגעריכטע געלעגנהייט צו באַגעגענען און באַקענען זיך מיטן יונגן שרייבער פון די יידישע קאָלאָניעס, מאוריסיא ליפּאָווין, אָדער ווי ער פלעגט זיך אונטערשרייבן „ליפּאַקאַ".

אין דער קליינער אַרבעטער־ביבליאָטעק, אין חושכדיקן געסל פונעם פּאָרט־קוואַרטאַל, ווו עס הערט זיך טאָג און נאַכט דאָס מעלאַנ־כאָלישע פייפן פון די שיף־סירענעס, האָט ער זיך אָנגעשטויסן, ביים בלעטערן די עטלעכע הונדערט ביכער, אויף אַ קליין העפטל דער־ציילונגען, וואָס האָבן שוין ביי די ערשטע זייטלעך געמאַכט אויף אים

אַ געוואַלדיקן איינדרוק. פון די דערציילונגען האָט זיך געטראָגן דער שאַרפער ריח פון שוואַרצער ערד צוזאַמען מיטן אָטעם פון סאָציאַלן שטורעם. ווען ער האָט איבערגעלייענט דאָס ביכל פון טאָוול ביז טאָוול, האָט ער דערשפירט אַ מין נאָענטקייט צום מחבר, ווי ער וואָלט מיט אים שוין דורכגעמאַכט אַ שטיק וועג. פאַר אים האָבן זיך אויפגעדעקט די ערשטע סימנים פונעם גרעאַנגל צווישן די יידישע פויערים און די פאַרטרעטער פון דער „געזעלשאַפט" אין די קאָלאָניעס.

האָט ער זיך געווענדעט אין אָן אָוונט צום באַברילטן גוטמוטיקן ביבליאָטעקאַר און געבעטן זיין עצה ווי אַזוי צו באַקענען זיך פערזענ־לעך מיטן מחבר. יענער האָט אים האַסטיק און אָן אויפגעשיינטער דערציילט, אַז דעם נאָענטסטן שבת צונאַכטס וועט ער טאַקע, דער יונגער ליפּאָווין, לייענען אַ פאָרטראַג אינעם פאָדער־זאַל פון דער ביבליאָטעק, וואָס איז באַשטימט געווען פאַר פאַך־פאַרזאַמלונגען, רע־פעטיציעס פון דראַמאַטישן קרייז און פאָרטראַגן. דער ביבליאָטעקאַר האָט אים טאַקע באַלד אַריינגעשטעקט אַ מיט דער האַנט געשריבענער איינלאַדונג און אים פאַרזאָגט צו קומען פּינקטלעך און וועגן ווייטער — וועט ער שוין זאָרגן.

אינעם שמאָלן קליינעם זאַל מיט אויסגעשפּאַלירטן בלומיקן פּאַ־פּיר און מיט קליינע פאַרקראַטעוועטע פענצטערלעך צום שטיק־ברוי־קירטן געסל, האָבן זיך אין די אָוונט שעהן פאַרזאַמלט עטלעכע צענד־ליק מיטגלידער פון דער ביבליאָטעק — אַרבעטער און אינטעליגענטן מיט זייערע פרויען. אַלע זענען געווען ציכטיק אָנגעטאָן, אַ טייל — מיט האַרטע קראַגנס און פליטערלעך־שניפּסן; די פרויען — מיט ענג־פאַרשנורעוועטע קליידער, פאַרצויגן ביים האַלדז ביז דער גאָמבע. די יידישע שפּראַך איז דאָ געפלאָסן ווי אַ רויק וואַסערל אין אַ פרעמדן וואַלד און עס איז קענטיק געווען, אַז דאָ, אין דער אַזוי באַשיידענער וווינונג פון די צוויי צימערן, האָבן די יידישע אימיגראַנטן, אין דער פרעמדער גרויסער שטאָט, געפונען אין די שבת צונאַכטסן דעם גע־גאַרטן ווינקל אַרויסצוברענגען דעם אָנגעזאַמעלטן קנויל פון בענקענישן.

ליפּאָווין גופא האָט אויף הערשלען געמאַכט מער איינדרוק ווי זיין פאָרלייענען. די באַוועגלעכע אומרויקע אויגן פון אונטער דעם אַרויסגערוקטן שטערן, די ווייכע באַקנבערד און די פאַרדרייטע וואָנ־

צעס, זיך ווייכער שמייכל — האָבן אים מער דערנענטערט ווי זיין פאַרלייענען וואָס איז געווען אַ ביסל צעשוווּמען און פאַרלוירן. ליפּאָווין האָט פאַרענדיקט מיטן רוף פאַר אַ שטענדיקן קאָנטאַקט צווישן דעם יידישן שטאָטישן אינטעליגענט און דעם האַרעפּאַשנעם פּויער.

נאָכן פאַרטראַג האָט מען סערווירט טיי און עמעצער האָט פאַר־צויגן אַ ליד וועגן אַן אומגליקלעכער ליבע אינעם שטעטל. שפּעטער זענען געקומען לידער פון אַרבעטער־אַרעמקייט און מאַרשן, וואָס רופן צו פרייהייט און קאַמף. דער באַברילטער ביבליאָטעקאַר האָט צוגע־פירט הערשלען צום פּלאַץ ווו דער יונגער שרייבער איז געזעסן:

— אַנטשולדיקט מיר, חבר ליפּאָווין, דער יונגערמאַן וויל זיך מיט אייך באַקענען... פון די יידישע קאָלאָניעס...

מאוריסיא האָט זיך אויפגעשטעלט און אויסגעשטרעקט די האַנט, לאַנג געדריקט די צוזאַמענגעפרעסטע פינגער און נישט נאָכגעלאָזן אפילו בשעתן רעדן:

— הא, הא, אוודאי פון די דרום־קאָלאָניעס! איך קלייב זיך אַהין אויף אַ באַזוך... כ׳וועל נאָר צונויפקלייבן אַ ביסל געלט אויף הוצאות. איר פאַרשטייט? מ׳האָט מיך דאָ אָנגעהויבן באַצייכענען אַלס פאַלשער נביא. זעט, זאָגן זיי, ער אַליין האָט איבערגעקאָוועט דעם אַקער־אייזן אין אַ שרייב־פעדער! ס׳איז אָבער ליגן, זאָג איך אייך! די צייט וועט אָנווייזן ווער עס האָט רעכט... וויפל משפחות זענען ביי אייך פאַראַן?...

נאָכן האַסטיקן שטראָם רייד, פון וועלכן עס האָט זיך אַרויס־געהערט דער עכאָ פון אַ צעפלאַקערטער פלוגתא, פון באַשולדיקונגען און פאַרענטפערונגען, האָט הערשל באוויזן זיך אָנצוכאַפּן אין דער לעצטער פראַגע און אַרויסגעפירט דעם שמועס אויף די ריכטיקע רעלסן:

— מייַן קאָלאָניע? נאָך אַן אַ נאָמען און אַן קאָלאָניסטן. מיין פאָטער און ברודער זיצן דאָרט אַליין און וואַרטן אויף דער משפּחה און אויף נאָך יידן...

— אַ! איצט ווייס איך שוין וועגן וועלכן פּלאַץ איר רעדט! — האָבן דעם שרייבערס אויגן אָפּגעגלויכטן פון אונטער דעם שטערן — גראָד די טעג האָב איך געהערט אַ שמועס וועגן אייער קאָלאָניזירן זיך. איך בין דערגאַנגען, אַז די „געזעלשאַפט" האָט באַשטימט אַלס

פאַרוואַלטער דעם הער לעווענטאַל... דאָס איז אַ האַרט ניסל!

— און ווער איז ער, אַט דער לעווענטאַל? — האָט הערשל זיך פאַראינטערעסירט.

— דאָס איז אַ לאַנגע געשיכטע — האָט ער אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט און האָט טיף אָפּגעזיפֿצט — איצט כאַפּט אַ זיץ און אַ גלעזל טיי. וואַרט! נאָכן צוזאַמענקום קאָנען מיר צופֿאָרן צו מיין צימער און דאָרטן וועלן מיר פאַרזעצן, איינשטימיק?

נאָענט צו האַלבער נאַכט, ווען די באַזוכער זענען זיך פונאַנדערגעגאַנגען און מ׳האָט אויסגעלאָשן דאָס ליכט אין ביבליאָטעק-זאַל, זענען זיי ביידע, הערשל און ליפּאָווין, אַרויס אין גאַס אויף די מיט גאַז באַלויכטענע טראָטואַרן און זיך דערשלאָגן צום ראָג ווו עס גייט פאַרביי דער טראַמוויי. אַ גרופּע מאַטראָסן האָבן זיך געוואַקלט צווישן די ביימער־שאָטנס, געזונגען און געשאָלטן אויף אַ פרעמדער שפּראַך. די שענק אויפן ראָג איז נאָך געווען פול מיט די שטענדיקע באַזוכער, פישער און מאַטראָסן. זיי האָבן געליאַרעמט ביי דער קאָרטן־שפּיל און דער ציגאַרן־רויך איז געשטאַנען ווי אַ נעפּל ביז דער סטעליע. דער איינציקער פּאָליציאַנט, וואָס האָט ביז איצט געדרימלט אָנגעשפּאַרט אין דער וואַנט, האָט זיך אויפגעכאַפּט צוליבן ליאַרעם פון די מאַטראָסן און האָט אַזוי כלאחר־יד באַגריסט די צוויי וואַרטנדיקע.

זייער שמועס אין טראַמוויי איז געווען קאַרג און אַ ביסל אָפּגעהאַקט. ליפּאָווין האָט אויסגעזען מיד. זיינע אויגן־לעפּלעך האָבן זיך פון צייט צו צייט אַראָפּגעלאָזט און אַ שטאַרקער טרייסל פון די טראַמוויי רעדער האָט אים ווי אויפגעוועקט. דעמאָלט האָט ער פאַרשעמט געשמייכלט.

זיי זענען אויסגעשטיגן. דער קוואַרטאַל מיט זיינע איינטאָניקע הייזער האָט שוין געדרימלט. אַ שאַרפער גערוך פון נישט־אויסגעאַרבעטע פעל האָט זיך געטראָגן אין דער קילער לופט.

ליפּאָווין האָט געעפנט די פראָנט־טיר פון אַ געל־געפאַרבט הויז און אויף די שפּיץ־פינגער האָבן זיי זיך דורכגעשלייכט איבער אַ לאַנגן געפלאַסטערטן הויף. עס איז געווען שטאָק פינצטער און הערשל האָט זיך געהאַלטן נאָענט פון ליפּאָווינען. פון אַ זייטיקן צימער האָט זיך דערטראָגן אַ כריפּענדיק הוסטן וואָס קומט פון צופיל רויכערן.

איצט זענען זיי אַרויפגעשטיגן אויף הילצערנע טרעפּ אין אַ האַלבן קרייז און דערגרייכט דעם דאַך. ליפּאָווין האָט אויפגעשלאָסן די טיר, אָנגעריבן אַ שוועבעלע און צוגעטראָגן צו דעם פאַררויכערטן גאַז־לאָמפּ. אַ שוואַכע שיין האָט געוואָרפן לאַנגע שאָטנס אויף די ווענט.

דער צימער איז געווען לענגלעך און שמאָל. אויסער דעם בעטל, אַ טישל צונויפגעשלאָגן פון קעראָסין־קעסטלעך און אַן איינציק האַרט בענקל איז קיין אַנדער מעבל־שטיק אין צימערל נישט געווען. אין ווינקל איז אויף אַ קליין קעסטל געשטאַנען אַ פּרימוס־מאַשינקע מיט נישט אויסגעוואַשענע געשיר. איבערן בעט, אויף אַ שמאָלער פּאָליצע, זענען געווען אָנגעהויפט עטלעכע ביכער, שרייב־געצייג אויסגעמישט מיט שפּייז פּראָדוקטן. די מאַטע־כלים און די פּושקע זשערוואָ (מאַטע־בלעטער) זענען געשטאַנען אויף דער הילצערנער פּאָדלאָגע צוקאָפּנס פונעם בעטל. דאָס ענגע נידעריקע צימער האָט קיין איין פענצטער נישט געהאַט און איז פול געווען מיטן שאַרפן קנאָבלדיקן וווּרשט, וואָס איז געהאָנגען אויף אַ טשוואָק אַנטקעגנאיבער דעם איינציקן משפחה־בילד אויף דער צווייטער וואַנט...

— איצט וועלן מיר מאַכן אַ לעבן — האָט ליפּאָווין אַ ביסל פאַרשעמט זיך אָפּגערופן — דאָ, נאָענט צום אויבערשטן, וועלן מיר די ערדישע מענטשהייט נישט שטערן. מיר וועלן נאָר עפּעס איבערכאַפּן, טרינקען אַ מאַטע און פירן אונדזער שמועס, ווי מיינט איר? האַ, ווי רופט מען אייך?...

הערשל האָט זיך צוגעזעצט אויפן בעט, און נאָכדעם ווי ער האָט זיך פאַרגעשטעלט, האָט ער נאָך צוגעגעבן: „זיכער, זיכער, אַבי קיינעם נישט צו שטערן”... ער האָט אַ טראַכט געטאָן, אַז די מוטער וועט אפשר איבערקלערן צוליב זיין פאַרזאַמען זיך אין דער פרעמדער שטאָט. אָבער ער האָט זיך באַלד באַרויקט. נאָך אין דער אַלטער היים האָט די משפחה זיך צוגעוווינט, אַז ער זאָל אויף גאַנצע טעג און נעכט פאַרפאַלן ווערן צוליב זיינע אונטערערדישע אַרבעטן. איצט האָט ער אויף קלאָר נישט געוווּסט ווען און ווי אַזוי ער וועט ענדיקן די נאַכט און ווי אַזוי ער וועט זיך צוריקקערן צום קוואַרטאַל, וווּ זיין משפחה געפינט זיך צייטווייליק ביי לאַנדסלייט.

די פרימוס־מאַשינקע האָט געראַשט און דער יונגער שרייבער האָט צוגעגרייט אַ לייכטן נאַכט־איבערבייס. זיי האָבן געטרונקען און דער גאַסט־געבער האָט דערציילט:

— נישט פון די לייכטע זאַכן איז זיך צוגעוווינען צו דער ענגער אַטמאָספערע פון דער גרויסער שטאָט מיט אירע גאַסן און טונקלע אָפּ־געשלאָסענע הייזער. פאַר מיר, וואָס כ'האָב אַזוי גערן געהאַט די ברייט־קייט פונעם פעלד, די לויטערקייט פונעם אָפענעם הימל און זיינע שטור־רעמס — פאַר מיר איז דאָס אַ מין אָפּקומעניש, ווי אַן אַרויפגעצוווּנגענע קאַטאָרגע. יאָ, אין מיין קאָלאָניע האָט מען מיך צוגערעכנט צום קרייז אינטעליגענטן און געוואָלט אויסנוצן מיין ביסל טאַלאַנט אויף אויס־קעמפן די רעכטן פונעם כלל. פון דער אַנדער זייט האָבן מיינע אויפ־טואונגען אַרויסגערופן נישט ווייניק קנאה. פון קינדוויז אָן האָב איך געשריבן הומאָרעסקעס און דערציילונגען. אין די הומאָרעסקעס האָב איך אָװעקגעשטעלט אין קרומען שפּיגל די. וואָס שטייען אין שפּיץ פון דער „געזעלשאַפט“ און זייערע שמשים, און דאָס האָט אויפגעפלאַמט זייער צאָרן. אויך פחד האָט אַרומגענומען די אַלטע און באַזאַכטע קאָ־לאָניסטן, וואָס האָבן געציטערט פאַר נקמה מצד דעם פאַרוואַלטער. מ'האָט מיך געוואָלט באַגרענעצן, דיקטירן מיר וואָס צו שרייבן אָדער גאָרנישט שרייבן. אפילו מיין אייגענער פאָטער האָט מיר איינמאָל אַראָפּ־געלאָזט אַ פּאַטש און צעריסן מיין שריפט בעת איך האָב אין שטוב, אין דער אָנוועזנהייט פון עטלעכע שכנים, פאָרגעלייענט אַ דערציילונג וועגן די „מעשים טובים“ פון דעם פאַרוואַלטער... איר פאַרשטייט! אויס־געפּאַטשט צו ווערן אין עלטער פון זעכצן יאָר בפרהסיה. און פאַר וואָס? עס האָט מיר מער ווי געטאָן מיין פאָטערס פחד און זיין קליינ־מוטיקייט ווי די געפּאַטשטע באַק און די בושה. אין איינעם אַ טאָג האָט דער פאַרוואַלטער, הער לעווענטאַל, מיך גערופן צו זיך און מיר פאָרגעלייגט צו פאָרן אין דער הויפּטשטאָט לערנען. די געזעלשאַפט האָט נויטיק יידישע לערער איינצוקנעלן די שפּאַנישע לימודים אין דער נייער שול. דאָרט איז מען גרייט געווען מיך אויסצוהאַלטן אויף אַלעם גרייטן. איר פאַרשטייט אַ מין צוציונג? דאָס איז געווען אַ מאָ־מענט, וואָס האָט געקאָנט דעצידירן מיין גורל אויף שטענדיק. דער אָנבאָט האָט געלאָקט — אַ פּאָר יאָר אין דער הויפּטשטאָט, לערנען, לערנען.

לערנען, און נאָכדעם אַ בכבודיקע פּאָזיציע אין דער קאָלאָניע. אָבער פון דער צווייטער זייט האָב איך פאַרגעפילט, אַז מיטן אָננעמען דעם אָנבאָט באַגראָב איך אויף שטענדיק מיין אייגענעם אויסוואַל אין לעבן, פאַרפעלש די אייגענע איבערצייגונגען און פאַרטעמפּ די קריטיק קעגן אַלע עוולות וואָס ווערן געטאָן און וואָס וועלן נאָך אָפּגעטאָן ווערן אין דער קאָלאָניע. האָב איך אויסגעוויילט די פרייע לופט וואָס מ׳קאָן זי אפילו נישט פאַרפעסטן אין אָט דעם טוכלען קעמערל...

— דאָס איז פיין פון אייער זייט — האָט הערשל אים צוגעוואָרפן אַ קאָמפּלימענט — אָבער וואָס האָט עס צו טאָן מיטן פאַרלאָזן דאָס דאָרף? האָט עמעצער איך פון דאָרטן פאַרטריבן?

— און נאָך ווי! — האָט דער שרייבער געשמייכלט — אָבער דאָס איז שוין פאַרבונדן מיט אַ מער אינטימערער געשיכטע... און נאָך אַלעמען... איצט, פאַרטאָגצו אויפן בוידעם־שטיבל, פאַרוואָס זאָל איך איך נישט דערציילן? איר מעגט עס הערן... אָבער וואַרט נאָר צו אַ רגע...

ער האָט זיך אָנגעבויגן און פון אונטערן אייזערנעם בעטל אַרויס־געצויגן אַ פלעשל שאַרפע משקה און דערפון אַ צי געטאָן, אָפּגע־ווישט די ליפּן מיטן אַרבל, דאָס פלאַש־קעפל — מיט דער האַנט און דער־לאַנגט הערשלען:

— פּרוּווט אַ זופּ טאָן. עכטער פּאַראַגווייער קאַניא, פון ריינעם צוקער־רער... הערשל האָט אַ טרונק געטאָן און זיך פאַרהוסט, אין האַלדז האָט אים געברענט.

— וואָס, צו שטאַרק? — איר וועט זיך צוגעוווינען. פאַרבייסט מיט וווּרשט, עס איז געזונט. — דער געפעפערטער ווורשט האָט נאָך מער געפּיקט די אָפּגעברענטע צונג. טראָץ זיין קינדערישן פאַרהוסטן זיך, האָט הערשל געפילט אַ באַזונדערע נאָענטקייט צו אָט דעם בחור וואָס האָט, פּונקט ווי ער, איבערגעלאָזן אַ שטורמישע פאַרגאַנגענהייט. עס איז נאָר פאַראַן אַן אונטערשיד אין זייער שטעלונג צום לעבן און די פּרעטענזיעס וואָס יעדער פון זיי האָט. דער גאַסט־געבער האָט ממשיך געווען:

— מיט מיין אָפּזאָג האָט זיך עס נישט געענדיקט. דער פאַרוואַלטער האָט מיך איינגעלאַדן איין מאָל, אַ צווייט מאָל, און אפילו מער נישט

גערעדט דירעקט וועגן עניק. ער האָט מיך איינגעלאַדן, צו טרינקען טיי צוזאַמען מיט דער פרוי — אַ גויאיש ווייבל וואָס דער ריכטיקער שד איז געלעגן אין איר. אַ דייטשקע פון פראַנצויזישער אָפּשטאַמונג. טונקעלע האָר און בלויע אויגן. ס׳איז שווער געווען אויסצוהאַלטן איר בליק. אויף וויפל דער פּאַרוואַלטער איז געווען קאַלט און אויסגערעכנט, איז זי געווען רירעוודיק, געזוכט געזעלשאַפט און צוגעצויגן מיט איר שפּילעוודיקייט.

איך האָב נישט געטראַכט צו דערנענטערן זיך צופיל צו איר. דער געדאַנק פון דער פּאָזיציע וואָס זי פאַרנעמט, זיין שטאָל גרויען בליק און די צוזאַמענגעפּרעסטע ליפּן — האָט געשראָקן און צוריקגעהאַלטן. גלייכגילטיק בין איך צו איר נישט געווען. זי האָט זיך אָבער מיט מיין פּאָרזיכטיקייט נישט גערעכנט און דווקא געזוכט מיין געזעלשאַפט. נישט איין מאָל האָט זי אפילו געבעטן, אַז איך זאָל איר פּאָרלייענען מיינע דערציילונגען אין יידיש פאַר איר און פאַר איר מאַן. זי פלעגט אויסהערן און הארציק לאַכן. אויך ער האָט געשמייכלט אין זיינע בערשטיקע, קורץ־געשוירענע וואָנצעס, פון וועלכע עס פלעגט מיר קאַלט ווערן אין די ביינער. בקיצור, זי האָט זיך אין מיר פאַרליבט, און איך — איך האָב אַליין נישט געוווּסט ווי אַזוי צו באַצייכענען מיינע געפילן. איך בין געווען ווי אַ פאַרלאָרענער פויגל אין מדבר. מיט אַלע כוחות האָב איך זיך געווערט נישט אַריינצופאַלן אינעם געפערלעכן פּלאָנטער. נו, שטעלט זיך פאָר אַזאַ מין סקאַנדאַל: אַ יידישער פויערים־בחור פון מזרח־אייראָפּע מיט אַ יונג גויאיש ווייבל פונעם פאַרוואַלטער! אַזאַ לאַגע איז געווען אומדערטרעגלעך פאַרן שמאָלן קרייז פון אונדזער קאָלאָניע, און ווען די לופט אַרום מיר איז געוואָרן ענג האָב איך באַצייטנס זיך אָפּגעטראָגן. דייט צוויי יאָר זיץ איך דאָ אין דער גרויסער שטאָט, האַלט זיך אויס דורך געבן יידישע לעקציעס און בר־מצווה צוגרייטונגען. אַמאָל שרייב איך אָן אַ דערציילונג און דרוק זי אָפּ אין אַ זאַמלונג הי אָדער אין אויסלאַנד. איך האָב אויך אַרויסגעגעבן אַ קליין ביכל און אַריינגעבראַכט אין דעם מיין קישקע־געלט... איך האָב אָנגעהויבן זיך לערנען און האָף צוצוציען ביזן טיטל אַדוואָקאַט. דעמאָלט וועל איך זיך צוריקקערן אין דער קאָלאָניע אוז

העלפן די יידישע קאָלאָניסטן אין זייער קאַמף קעגן די אָנגעשטעלטע פון דער „גהעלשאַפט".

דאָ, אין שטאָט, האָב איך זיך באַקענט מיט יידישע און נישט־יידישע סטודענטן פון די פאַרשידנסטע ריכטונגען. אין זייער געזעל־שאַפט איז מיר דער אַרויפגעצוווּנגענער גלות לייכטער איבערצוטראָגן. צווישן די גויאישע פריינד וויל איך באַזונדער דערמאָנען אַ זייער נאָבעלע געשטאַלט, אַ ליבעראַלן קעמפער פאַר מענטשן־רעכט: ער שטאַמט פון אַן אַריסטאָקראַטישער משפחה. זיין פאָטער האָט זיך פאַר־פלאָנטערט אין אַ סקאַנדאַליעזער אַוואַנטורע און פארלוירן אוצרות געלט. דער זון איז אַן אָנפירער פונעם קלוב פאַרן פרייען געדאַנק. ביי אַ געלעגנהייט וועל איך אייך באַקענען מיט אים. רוענעס מארין איז זיין נאָמען ...

די שעהן זענען פאַרביי און ס'האָט זיך דערנענטערט דער פאַר־טאָג. ליפאָווין האָט מיט אַ האַלב פאַרשלאָפן קול דערציילט וועגן זיין לעבן אין שטאָט, וועגן זיינע בענקענישן נאָכן דאָרף. פון טאָן מיט וועלכן ער האָט גערעדט, האָט הערשל געקאָנט אַרויסדרינגען, אַז נישט בלויז נאָכן דאָרף און דער משפחה אַליין גייט אויס זיין נשמה...

— באַקומט איר בריוו פון דער פרוי? — האָט ער געוואַגט צו פרעגן.

— יאָ, פון צייט צו צייט, און איינמאָל איז זי געקומען אין שטאָט אַריין אויף וואַקאַציעס, האָט זי מיך אָפגעזוכט...

— נו, איז עס דאָך אַ פראַגע פון פלאַץ און נישט פון דעת הקהל — האָט הערשל געלאַכט. אויך ליפאָווין האָט געשמייכלט און מער וועגן דעם נישט גערעדט.

די עטלעכע שעה ביזן פרימאָרגן האָבן זיי ביידע דורכגעדרעמלט, אָנגעשפּאַרט אויפן שמאָלן בעטל. ווען די זון האָט אַ בליאַסק געטאָן דורכן קליינעם פענצטערל אין דער אָפּגעריבענער טיר, האָט הערשל פאַרלאָזן זיין נייעם פריינד. די זונטיקדיקע גאַס האָט נאָך געדרימלט אין רויקן שלאָף. בלויז די מילך־צופירער האָבן געשטערט די שטילקייט מיטן קלאַפּן פון די אייזערנע רעדער אויפן שטיינערנעם ברוק.

* * *

איצט, נאָכן באַזוך פונעם פּאַרוואַלטער ביים פּאַראַקערן דעם ערשטן באָדן, איז פּאַר הערשלען קלאָר געוואָרן, אַז דער זעלבער לעווענטאַל איז באַשטימט געוואָרן אָנצופירן מיט דער באַזעצונג אין דער נייער געגנט. ער האָט נישט געוווּסט די ריכטיקע סיבה פונעם בייט, אָבער ער האָט זיך נישט געקאָנט באַפרייען פון אומצוטרוי־געפיל וואָס האָט אים באַהערשט. ער האָט מיט אַ וואַכזאַם אויג נאָכגעפאָלגט די באַוועגונגען פון דעם הויך געוואַקסענעם מאַן, וואָס זיינע הויכע שולטערן פון אַ פרייסישן אָפיציר פּאַסן זיך אַזוי צו עפּאָלעטן. די געשיכטע אין ליפּאָווינס צימערל האָט אים דערנענטערט און ווי אַריינגעפירט אינעם ווירקונג־קרייז פון דער משפחה, וואָס דאַרף באַשטימען דעם גורל פונעם יידישן דאָרף.

קלאָר, אַז ער מוז אין אַ טאָג פון די טעג צופאָרן אין שטאָט און אָפּשטאַטן אַ באַזוך ביים הער לעווענטאַל. ער האָט געוואָלט כאַפּן אַ זייטיקן שמועס און פּרוּוון באַרירן די צוקונפט פון דאָרף. ער וועט פאָרשטעלן פאַרן פאַרוואַלטער די פּלאַנטערנדיקע אומזיכערקייט, אין וועלכער דער פאָטער געפינט זיך מיטן אַרויפטרעטן אויפן באָדן. פאַר זיין רויקייט איז נויטיק אַ קלאָרע שטעלונג און אָפענע כוונות. דער פאָטער מוז זיכער זיין אין אַ גיכער ענדערונג, אַנדערש וועט ער זיך צוזאַמענברעכן.

אָבער ער האָט אויך נישט געקאָנט פאַרבאָרגן נאָך אַ סיבה וואָס האָט אים געשטויסן צו טרעפן זיך מיט לעווענטאַלן. ער וועט דאָ דערפילן אַ נישט פאַרגעלייגטע שליחות פון זיין נייעם חבר און דערביי זעטיקן די אייגענע נייגעריקייט. קלאָר, אַז די יונגע פרוי פונעם מיטליעריקן פאַרוואַלטער איז פון נישט געוויינטלעכן טייג געקנאָטן און זיכער לעבט זי איבער איר אינטימע טראַגעדיע.

אין איינעם אַ טאָג האָט ער זיך דערשלאָגן אין דער קרייז־שטאָט פון דער געגנט, דאָרט ווו לעווענטאַל האָט געוווינט. גאַנץ פרי איז ער

אַרויס פון שטוב, דורכגעקרייצט די ברייטע פּאַשע־פּעלדער און דער־גרייכט דעם צענטראַלן וועג, אָדער ווי מ׳רופט עס אין דער פּראָווינץ — „קאַמינאַ רעאַל" (קעניגלעכער וועג). אָט דער שליאַך האָט זיך געצויגן דורך צענדליקער קילאָמעטער, צווישן צוויי אָפּגעצוימטע דראָ־טענע ווענט. ס׳איז נאָך געווען סוף ווינטער און דער קילער אויגוסט־ווינט האָט געביסן דאָס פּנים און אַריינגעדרונגען דורך די בגדים גלייך אין די ביינער אַריין. דער :וועג איז פול געווען מיט גריבער, גרויסע בלאָטעס האָבן זיך איינגעזאַמלט אין די אָפּנידערונגען פון די בערגלעך. די אייזערנע רייפן פון די פורן האָבן אויסגעריסן טיפע גריבער און צעווייקט די שיטערע בלאָטע. נישט איין מאָל איז ער געצוווּנגען געווען זיך אַדורכדראַפּען איבער די אָנגעצויגענע דראָטענע ווענט און אַריבערקלעטערן די זומפּן.

נאָך אַ שעה פון שפּאַנען איבערן וועג איז אָנגעפּאָרן אַ בריטשקע און דער אָנטרייבער האָט אים איינגעלאַדן איינצושטייגן. דאָס מזל האָט אים צוגעשפּילט — די פור איז געגאַנגען אין דער זעלבער שטאָט. זיין מיטפּאָרער איז געווען אַ שווער־לייביקער פּראַנצויז. זיינע דיקע וואָנצעס האָבן זיך געקרייזלט איבערן פעטן פּנים. ער האָט, ווי דער שטייגער פון די פּראַנצויזן, געליאַרעמט ביים רעדן און געפּאָכעט מיט די הענט, טראָצדעם וואָס זיי האָבן געהאַלטן די לייצעס און די לעדער־געפלאָכטענע בייטש. ער האָט הערשלען דערציילט וועגן זיינע פּרנסות. ער איז אַ פּי־הענדלער און פּאָרט איינמאָל אין וואָך אַרויס איינצוהאַנד־לען אין דער געגנט די בהמות ביי די פּי־ציכטלער. ער וווינט אין אַ ווילע אין דער קרייז־שטאָט און ער אַליין פּאַרמאָגט אַ ריזיקע „פּאַטרע־ראַ" (פּאַשע־פּעלד) פון עטלעכע טויזנט העקטאַר, ווו זיינע איינגע־האַנדלטע בהמות גייען אום פּראַנק און פריי. דאָרט דרייען זיך די מילן וועוַן נאָר עס בלאָזט אַ ווינטל און ציען אַרויף די וואַסערן אין די ריזיקע טאַנקען און לאַנגע קאָריטעס. איין מאָל אין וואָך קומט ער צופּאָרן אַהין און צוזאַמען מיטן אויפזעער גאַלאָפּירן זיי דורך די ברייטע פּעלדער כדי צו קאָנטראָלירן די סטאַדע און דעם צושטאַנד פון דער פּאַשע.

דער פּראַנצויזישער הענדלער האָט זיך אָפּגעהאַרציק געפרייט, וואָס ער האָט אויפגענומען דעם פרעמדן פּוסגייער. די רייזע וועט נאָך דויערן

אַ פּאָר שעה, די צעשטערטע וועגן וועלן פּאַרלענגערן די דרייסיק קי־לאָמעטער כמעט אויף דאָפּלט, און דאָ האָט זיך אים געמאַכט אַזאַ גוטע געזעלשאַפט. ער האָט דעם קאָמפּלימענט צוגעוואָרפן פריי אָן צו זשענירן זיך און אפילו אַרומגענומען הערשלען מיט דער האַנט, אין וועלכער ס׳האָט זיך געבאַמבלט די עלאַסטישע בייטש. און ווען ער האָט באַמערקט, אַז הערשל שאָקלט שמייכלענדיק און פאַרלעגן מיטן קאָפּ האָט ער פאַרגעזעצט:

— איצט זאָגט מען, אַז די מלחמה איז אומפאַרמיידלעך. מיין אָרעמע פראַנקרייך! אָבער וואָס קאָן איך טאָן פאַר איר? זאָג גאָר אַליין! די וועלט איז משוגע געוואָרן און ס׳איז נישטאָ ווער עס זאָל איר אָנטאָן אַ צוואַנגס־העמד... אונדז דאָ בלייבט בלויז איבער צו פאַר־זאָרגן דאָס אויסגעהונגערטע אייראָפּע מיט ברויט און פליישׁ. די מלחמה וועט זיין אַ לאַנגע און זי וועט אויסהונגערן סיי די זיגער און סיי די באַזיגטע... אָבער איך האָף בייצוטראָגן מיין חלק צו לינדערן זייער נויט. אָט די טויזנטער קעלבלעך און ביקלעך וועל איך אויסקאָרמענען, און אויך די פריזן וועלן שטייגן... אוי, וועלן זיי שטייגן! הו, הו, די טויערן מיינע וועלן זיי אָפּשלאָגן... גאָלדענע קעלבער וועלן אויסוואַקסן, ממש פון ריינעם גאָלד! דאָס פליישׁ, די פעל, די האָר, די ביינער — אַלץ וועט זיין מיט גאָלד צוגלייך...

— און איר האָט גאָרנישט קיין מורא פאַר קאָנקורענץ? — האָט הערשל שפּאָסיק זיך צו אים געווענדעט — אָט דערציילט איר אַלע אייערע סודות פאַר אַ ווילד־פרעמדן מענטש. וואָס פאַראַ גאַראַנטיע האָט איר, אַז איך אַליין זאָל זיך אויך נישט לאָזן אויף די זעלבע וועגן, פּונקט ווי איר?...

דער געפאַקטער פראַנצויז האָט געלאַכט און געפּאַטשט הערשלען איבערן פּלייצע. די דיקע ראַקן־וואָנצעס האָבן זיך אים געטרייסלט:

— הע׳, הע׳, דאָס מאַכט מען נישט אַזוי זיך איבער נאַכט. ערשטנס, זעסטו נישט אויס קיין געבוירענער סוחר. צווייטנס, צו זיין אַ סוחר פון דעם שניט דאַרף מען האָבן צוויי אייגנשאַפטן: געלט און אינטואיציע... דאָס אַלץ.

— און אַמביציע? — האָט הערשל צוגעגעבן האַלב־פרעגנדיק.

— דאָס איז אַן ענין פאַר יידן — האָט דער פראַנצויז זיך אַ וואָרף

געטאָן צו אַ נייער טעמע — ווייל אויב זיי, די יידן, האָט ווען עס איז אָפּגעגליקט אין קאַמערץ, איז עס נאָר צוליב דעם וואָס איר האָט גע־זאָגט... אַמביציע. אַמביציע צו איבעריאָגן די אַנדערע, אפילו ווען עס זאָל ברענגען צו פאַרראַט...

הערשל האָט געשפּירט אַן ענגשאַפט אינעווייניק און אויך אויף זיין זיק־פלאַץ, ווי דער פראַנצויזישער סוחר זאָל זיך פּלוצעם צעוואַקסן און ווערן ברייטער. זיין גוף בלאָזט זיך אַן און באַלד וועט ער הערשלען מיט לייכטקייט אַראָפּשטופּן אויף די זיך קאַלערנדיקע רעדער. עס איז אים היס געוואָרן אין די שלייפן און ער האָט געפילט ווי ער ווערט רויט. געוואָלט האָט ער אַ כאַפּ טאָן פאַר די לייצעס, אָפּשטעלן די בריטשקע און אַראָפּשפּרונגען. ער האָט זיך אָבער איינגעהאַלטן און נאָר פאַרביסן די ליפּן ביז בלוט. אין דעם מאָמענט האָט ער דעם דיקן פראַנצויז געזען אין זיין גאַנצער ברייט־גופיקייט צווישן טויזנטער אַנ־דערע געשטאַלטן, וואָס דריקן זיך צונויף אין אַ שטורמישער מאַסע און מיט צערייצטע געמיטער שרייען זיי „אַ טויט די יידן״, בעת דאָרט, אינעם הויף פון אַ מיליטערישער קאָמאַנדע, רייסט אַ הויכער אָפיציר אַראָפּ די עפּאָלעטן פונעם יידישן קאַפּיטאַן דרייפוס. אין די שטעכיקע רייד פונעם כיטרען סוחר האָט ער בולט אַרויסגעהערט דעם ווידערקול פון פּשוטן מענטש, ווי אַזוי ער נעמט אויף די גרויסע צייט־פּראָבלעמען. דערפאַר האָט ער איצט, ביים פאַרלירן די גוטע פרישע שטימונג, וואָס האָט אים באַהערשט ביים אַרויפשטייגן, באַמיט זיך צו ענטפערן קורץ און מיט אַ האַלב מויל אויף די פראַגעס פונעם פראַנצויז. ער איז געוועזן מיד און דער געדאַנק, אַז ער דאַרף זיך נאָך שלעפּן שעהן לאַנג צופוס איבער די בלאָטיקע וועגן, האָט אין אים אַריינגעטריפט אַ מין געדולדיקייט נישט צו אויפרעגן זיך פון דער נישט געמיינטער באַ־ליידיקונג.

דער פראַנצויז האָט נאָך צו אַלץ אים אַזוי פריינדלעך גערעדט און אין אַ שענק אויפן וועג אים מכבד געווען מיט שאַרפער משקה. אין די נאָכמיטאָג־שעהן האָבן זיי דערגרייכט די ערשטע געסלעך פון דער קרייז־שטאָט און הערשל האָט זיך געווענדעט צום אָנטרייבער:

— צי איז דעם הער באַקאַנט דער אַדרעס פונעם הער לעוועגטאַל?

דער פראַנצויז האָט אַ פאַרוואונדערטן בליק געטאָן אויף הערשלען און ווי ער וואָלט נישט גוט דערהערט איבערגעפרעגט:

— פון ייד לעוועגטאַל ? זיכער ! וואָס פאַרא צופאַל ! מיר פירן צווישן זיך שטענדיקע וויכוחים. ער פאַרטיידיקט די ווילהעלמישע אימפּעריע און איך די פראַנצויזישע רעפּובליק. און זי, די פרוי זיינע, האַ, האַ! דאָס איז אַ פיינער ביסן... וואַרט נאָר, צו וואָס וויל מיך הער צו לעוועגטאַל, אויב מ׳קאָן וויסן?

— זיכער — האָט הערשל רויק געענטפערט — דער הער לע־וועגטאַל איז דער פאַרוואַלטער פון דער קאָלאָניע, וואָס דאַרף דאָ אויפ־געשטעלט ווערן, אַ קאָלאָניע פון יידן... מיר זענען די ערשטע קאָלאָ־ניסטן... איך פאַר טאָקע איצט דערליידיקן אַ ריי זאַכן...

דער פראַנצויז האָט פאַר גרויס דערשטוינונג אָפּגעשטעלט די פור. באַטראַכט מיט גרויס־אויסגעשטאַרצטע אויגן זיין מיטפאָרער ווי ער וואָלט אין אים אַנטדעקט עפּעס אַ נישט גוטן. דאַן האָט ער אַרויס־געפּלאַצט מיט אַ געלעכטער:

— הוך — הוך — הוך!!! — דאָס הייסט זיך אַליין אָפּבייסן די צונג זיך אַליין אָנטרעטן אויף די הינער־אויגן... נעם עס נישט אַזוי ערנסט, יונגערמאַן; מעגסט אפילו קויפן בהמות וויפל דיין האַרץ גלוסט. ס׳וועט סטייען פאַר מיר, פאַר דיר און פאַרן הייליקן גייסט... — און ער האָט נאָך צוגעגעבן אַ געפעפערטע קללה.

הערשל האָט זיך געטראָגן איבער די נישט־ברוקירטע גאַסן פון דער קרייז־שטאָט מיט אירע איין־שטאָקיקע הייזער און נאָך אַ פערטל־שעהדיקן גאַנג האָט ער זיך געפונען אין צווייטן עק שטאָט. ביים עק פון דער באַן־ליניע האָט ער זיך אָנגעשטויסן אויף אַ ברייט צעוואַקסע־נעם גאָרטן מיט אַ ציגלנעם פּאַרקן. אינעווייניק איז געשטאַנען איינ־געטונקען אין טאַמאַריסקן־בוימער אַ קליינע אַלטע ווילע. ביים אָנקלאַפּן אין טויער האָט אים באַגעגנט דער טונקל־הויטיקער קוטשער און דאָס בילן פון אַ קודלאַטן הונט.

— האַ, האַ, ווילקאָמען, איך געדענק אייך זייער גוט, מיין פריינד!

— האָט דער הער לעוועגטאַל אים אויפגענומען מיט אַ פריינדלעכן אויסרוף — וואָס מאַכט די קאָלאָניע פון „די זיבן פיילן״?

— וועגן דעם בין איך געקומען צו אייך... איר ווייסט וועגן איר

מער פון אונדז אַלעמען — האָט הערשל אָנגערירט די פראַגע אין איר דעליקאַטער זייט.

לעווענטאַל האָט אַ שמייכל געטאָן און נישט געענטפערט באַלד אויפן אַרויסרוף. ער האָט אַ קלונג געטאָן מיטן קנופּערנעם גלעקל און עס האָט זיך באַוויזן אַ נידעריקע יונגע דינסט מיט שוואַרצע אָפּגעצויגענע האָר און אינדיאַנישע קין־באַקן. באַלד האָט זי געבראַכט אויף אַ טאַץ אַ פלאַש רויטן ווין מיט קרישטאָלענע כוסות, און אויך קליינע טעצעלעך שמעקנדיקע קאַווע.

— לחיים! פאַר געזונט און פאַרן פּראָגרעס פון דער נייער וועלט — האָט לעווענטאַל אָנגעשלאָגן זיין כוס און גערעדט צו הערשלען אין שפּאַניש — פאַרן פרידן, און אין פאַל פון קריג — פאַרן זיג פון דער קולטור קעגן די באַרבאַרן!

הערשל האָט געטרונקען דעם רויטן שאַרפן ווין ביזן דנאָ פונעם כוס און געאיילט זיך אָנצושלאָגן אויף דער טעמע:

— די מלחמה הענגט איבערן קאָפּ, הער לעווענטאַל, און דאָס אויפבויען יידישע קאָלאָניעס אין אָט דער נייער וועלט וועט עפענען אַ וועג צו ראַטעווען יידן פון אונטערגאַנג...

לעווענטאַל האָט אים באַטראַכט אַ רגע מיט האַלב פאַרזשמורעטע אויגן און זיינע וואָנצעס זענען אַראָפּגעפאַלן:

— איר קומט אין שליחות פון אייער פאָטער?

— ניין, אין מיין אייגענעם נאָמען, אָבער צוליב אים בין איך אַהערגעקומען. איך אַליין האָב נאָך נישט באַשטימט וועגן זיך און צי איך וועל דאָ בלייבן. איך קאָן נישט דערלאָזן, אַז מ׳זאָל מיט אים שפּילן אַ דאָפּלטע שפּיל...

דער פאַרוואַלטער האָט זיך דערפילט געטראָפן פון הערשלס אָפענע רייד. ער איז, זעט אויס, נישט געווינט געווען צו אַזאַ מין האַלטונג פון זיינע אונטערטעניקע. ער האָט פאַרביסן די אויבערשטע ליפּ מיט אַזאַ קראַפט, אַז די האָר דאָרט האָבן זיך ווי טשוועקלעך אויפגעשטעלט. ער האָט געפּויקט מיט די שפּיץ פינגער איבער שוואַרץ פאָלירטן טיש:

— נישט גוט, יונגערמאַן, וואָס איר האָט נאָך נישט באַשלאָסן...

דאָס פאַרמינערט אייער רעכט זיך אַריינצומישן... און פאַרוואָס קומט נישט אייער פאָטער אַליין?

— ער האָט מורא צו פאַרלירן זיין גלויבן מיט איין מאָל, האָט ער לעווענטאָל. אין אייער האַנט ליגט די רפואה צו שטאַרקן זיין אָנהאַלט און אויסדויער...

איצט האָט זיך הערשל אין עפּעס דערמאָנט און אומרויִק גע־וואָרפן זיינע בליקן אויף די עטלעכע טירן פונעם זאַל וואָס יעדע פון זיי האָט אוודאי געפירט אין אַ באַזונדער צימער. עס האָט זיך אים אויסגעדוכט, אַז אָט, אָט וועט זיך אויפּפּראַלן אַ טיר און ס'וועט זיך אומגעריכט באַווייזן די יונגע פרוי פון פאַרוואַלטער. די טיר האָט זיך טאַקע געעפנט, אָבער ס'האָט זיך באַוויזן דער קוטשער:

— וועט דער הער פאָרן צום שטאָט־אינטענדענט? די פור איז גרייט...

— וואַרט צו, איך מוז נאָך דערליידיקן עפּעס מיט דעם הער — האָט דער פאַרוואַלטער אים געגעבן אַ צייכן זיך אָפּצוטראָגן, און צו הערשלען האָט ער צוגעגעבן — מיין פרוי איז איינגעלאַדן געוואָרן אויף אַ טיי־פּאַרטיע אין הויז פון שטאָט־אינטענדענט. מ'שאַפט דאָרט אַ דאַמען־פאַראיין. איך וועל זי פאָרן אָפּנעמען... יאָ, ווי איר זעט, יונגער־מאַן, די נייע וועלט ווייסט נישט פון קיין אָפּגרענעצונגען... דער קאַטוי־לישער אינטענדענט און דער יידישער פאַרוואַלטער פון אַ קאָלאָניזיר־געזעלשאַפט — וואָס שיידט אונדז אָפּ?...

— דאָס איז זייער שיין — האָט הערשל רויִק געענטפערט — אָבער דער באַראָן האָט איבערגעלאָזן זיין פאַרמעגן פאַר יידישע קאָלאָ־ניעס... פולע יידישע קאָלאָניעס...

— יידישע קאָלאָניעס... יידישער געטאָ... דאָס זענען באַגריפן פון דער אַלטער וועלט... אויב עס וועלן קומען יידן וועלן מיר זיי באַזעצן. אָבער צייטווייליק וועלן מיר אויך אַנדערע געבן אַ מעגלעכ־קייט צו באַאַרבעטן אונדזער באָדן...

— פאַרוואָס האָט איר פאַרלאָזן אייער פּאָסטן אין דער קאָלאָניע מאָנטיעל? — איז הערשל אַריינגעטראָטן אינעם געפערלעכן שטח — דאָרט האָט איר אויך אַזוי געהאַנדלט?

ווי געטראָפן פון אַן אומגעריכטן קלאַפּ האָט דער הער לעווענ־

טאָל זיך אַ צאַפּל געטאָן און אויסגעצויגן זיין הויכן גוף ווי אַפּצו־טרייסלען פון זיך די אָנגעוואָרפענע באַליידיקונג. די גרויע שפּיציקע אויגן האָבן זיך אָנגעצונדן מיט אַ קילן פייער פון בלאַנקענדיקן שווערדן־שאַרף. מיט ציטערנדיקע ליפּן האָט ער אַרויסגעשיפּעט אין דייטש:

— דיזע פרעכקייט גייט איבער יעדע גרעניץ! וואָס גייט אייך אָן מיין פאַרגאַנגענהייט? האָב איך אייך געפרעגט וואָס איז אייער באַשעפטיקונג געווען אין רוסלאַנד? האָט איר אייער חוצפּה דאָ באַ־קומען אָדער איר האָט דאָרט געהערט צו די באַוווסטע גזזעצן־ברעכער? דאָ וועט עס אייך נישט צוגיין זאָ לייכט... — און אויסדרייענדיק זיך מיטן רוקן צו הערשלען האָט ער ווידער זיך צעקלונגען מיטן קופּער־נעם גלעקל, נאָר דאָס מאָל נערוועז, בהלהדיק. דער קוטשער האָט נישט פאַרזאַמט אַריינצולויפן מיט ברייט־צעעפנטע אויגן.

— באַגלייט דעם הער אַרויס פון דער פראָנט־טיר — און צו הערשלען האָט ער נאָך צוגעוואָרפן — באַשליסט קודם אויף וועלכער וועלט איר אַליין געהערט... מיט אייער פאָטער וועלן מיר זיך נאָך אויסגלייכן.

הערשל האָט פאַרלאָזן דאָס הויז פון הער לעווענטאַל מיט אַ געפיל פון פאַרדראָס און לײדיקייט אין דער נשמה. דער פאַרדראָס איז אויך חל געווען אויף זיך אַליין. דער שררה וועט איצט מיט מער טראַציקייט זיך וואַרפן מיט די געפילן פונעם פאָטער און ער וועט זיין אַסימילאַציע־שפּיל דערפירן ביזן סוף. ער האָט געשפּאַנט איבער דער צענטראַלער גאַס פונעם שטעטל און איז פאַרביי אַ גרויסן בנין, וואָס איז געווען עטוואָס טיפער פאַררוקט אין הויף. אַ גרויסער זייגער איז געווען איינגעפּאַסט אינעם קליינעם טורעמל אין מיט פון דער געביידע. אין הויף זענען געשטאַנען איינגעשפּאַנטע קאַרעטעס און פון די פענצטער, וואָס זענען געווען פאַרהאַנגען מיט שווערע גאַרדינען, האָבן זיך געטראָגן פריילעכע קולות און טענער פון אַ פּיאַנע־שפּילן. ער האָט זיך אָפּגעשטעלט אויף אַ מינוט און דאַן זיך פאַרנומען אויפן וועג פון וואַנעט ער איז דעם פרימאָרגן אָנגעקומען.

* * *

הערשל האָט פאַרשטייט זיך נישט אויסדערציילט אַלע איינצל־הייטן פון זיינע באַזוכן. ער האָט נאָר באַרירט די טיילן פון זיינע טרעפונגען, וואָס האָבן אינטערעסירט דער משפּחה און דער עיקר דעם פאָטער. ווען הערשל האָט פאַרענדיקט, האָט ניאָמע אָפּגעזיפצט און שטיל צוגעגעבן:

— נו, לאָמיר האָבן געדולד. דערווייל וועלן מיר איינשפּאַנען די פור און צופאָרן באַגריסן אונדזערע נייע שכנים. מענטשן זענען זיי און דערווייל — די איינציקע דאָ. אויך צו די דייטשן וועלן מיר זיך דערשלאָגן...

אַכטער קאַפּיטל

## דייטשן

ווי יעדער דייטשער פויער, און נאָך אַ סאַראַטאָווער דערצו, איז האַנס נאַגל געווען באַשענקט מיט אַ גרויסער משפּחה. די צעוואַקסענע און ברייט געקליידעטע „מודער" (מוטער) האָט געקינדלט אָן אויפהער. דער הויף האָט געווימלט מיט בלאָנדע קעפּלעך און קלייען־פּאַרשפּרענקל־טע געזיכטער. זיי האָבן ווי די שטוב־עופות געגרויעט אין די מיסטן אויפן הויף, געקליבן ברעקלעך פון גרויסן טיש און אין אַ שיינעם טאָג אַרויסגעשפּרונגען פון דער קינדערישער אָפּגעריסנקייט און דערשינען ווי שלאַנקע יונגען און מוידן. זיי פלעגן אַוועק אין די אַרומיקע עסטאַנ־סיעס צו פעאָנען־אַרבעט פאַר נישטיקע לוינען און ברענגען די פאַר־דינסטן אין דער נידעריקער כאַטע פון די עלטערן.

דער „פאַדער" האָט געפּיפּקעט די קרומע ליולקע, צוגעסטאַרעט זיך, אַז דער רעזערוו זאָל צוואַקסן, און סתם אַזוי פון גרויס הנאה און

זעלבסטצופרידנקייט געביײערט זיך — דאָ אויף דער פרוי און דאָ אויף די קינדער — ווי אונטערצושטרייכן, אַז זיי זענען אים תמיד עפּעס שולדיק.

אייגנאַרטיק איז געווען דאָס לעבן פון אָט די דייטשע פּויערים וואָס זענען אַהערגעקומען פון טיף־רוסלאַנד. די הויפּט־זאָרג זייערע איז תמיד געווען צו געפינען אַ שטיקל באָדן אויפצושטעלן די כאַטעס, וואָס זיי האָבן געשלעפּט מיט זיך אויף די פלאַכע וועגענער. די כאַטע איז געווען דער צענטער. פון דאַנעט האָט מען די קראַפט און ענערגיע פון דער משפחה פונאַנדערגעשיקט איבער די נאָענטע גיטער. איז די משפחה גרעסער געוואָרן און אויך דער לעבעדיקער אינווענטאַר האָט זיך צעוואַקסן, און דאָס שטיקעלע ערד, וואָס איז זיי צוגעטיילט גע־וואָרן צייטווייליק, האָט נישט געקלעקט פאַר פּאַשע — האָבן זיי אָפּ־געריסן די צינקענע בלעכן פון איבער די ליימענע ווענט, אויפגעלאָדן די באַלעבאַטישקייט און די משפחה אויף די וועגענער און זיך גע־לאָזן צו מער צוזאַגנדיקע ברעגן.

האָט זיך ערגעץ אין אַ פאַרוואָרפענעם עק באַוויזן דער צייכן פון אַ נייער קאָלאָניזאַציע, זענען אָט די גרויסע דייטשע משפחות געווען די ערשטע צו מעלדן זיך אַלס פּיאָנערן. אויך אין דער אַ געגנט האָבן זייט יאָרן באַזעצט זיך עטלעכע דייטשע קאָלאָניעס. דאָס זענען אָבער געווען גוט באַפעסטיקטע בייערישע קאַטאָליקן וואָס האָבן גע־האַסט און מינדערשעצט די „ברידער פונעם אָסטן״, וואָס אפילו זייער שפּראַך איז געווען פאַרקריפּלט. דער קאָנטאַקט צווישן זיי איז געווען אַ לויזער און אַ קילער און דערפאַר זענען די רוסישע דייטשן ווי פאַרוואַנדלט געוואָרן אין נאָמאַדן.

האַנס נאַגעל איז געקומען אין לאַנד אַריין נאָך אַלס יונגער בחור און מיט זיין משפחה זיך אַוועקגעלאָזן אַרבעטן אין אַ קליינעם דרום־פּאָרט. מיט אַ שיף, וואָס איז געפאָרן לענגאויס דעם פּאַטאַגאָניע־ברעג צום פייער־לאַנד, האָט ער דערגרייכט צו אַ דייטשער קאָלאָ־ניע אין ריאָ־נעגראָ. דאָרט האָט ער חתונה געהאַט מיט אַן אָרעמער וועשינס טאָכטער, וואָס איז קוים אַלט געווען פערצן יאָר. יאָרן לאַנג האָט ער געוווינט אין אָט דעם דאָרף. די „מודער״ האָט מיט יעדן קינד, וואָס איז יאָר נאָך יאָר געקומען אויף דער וועלט, באַקומען בריי־

טערע היפטן און דאָס קליינע „מעדכען" איז זיך ביסלעכווייז צעוואַקסן אין אַ דיקער סאַפּענדיקער פרוי. אָבער טראָץ איר געוויכט, קינדלען און נאָכקריכן די עופות און חזירים האָט זי איינגעבויגן איר שווער־לייביקייט יעדן פרימאָרגן ביים פאַרקנעפּלען דעם מאַנס שיך און אין אָוונט — ביים אַראָפּציִען זיי. זי האָט ווייטער געשלעפּט אויף אירע פּלייצעס די פּעק וועש פון רייכע הייזער און אירע דיקע הענט זענען נאָך מער געשוואָלן געוואָרן פונעם וויקן זיך אין וואַסער און פון די שאַרפע ווינטן פון דרום. דאָרט האָבן די אונטערגעוואַקסענע קינדער זיך אַרומגעטריבן באָרוועסע נאָך פרעמדע רינדער און חזירים אויף די פּאַשע־פעלדער, געוואַלגערט זיך אונטער שטעכיקע זון־שטראַלן און פּראַסטיקע ווינטן ביי די וועגן ווו די טשערעדעס האָבן הנאה געהאַט פון די גראָזן אין „קיינעמס־לאַנד".

אין איינעם אַ טאָג האָט ער צונויפגעזאַמלט די גרויסע משפחה און דעם אינוועגטאַר, אַנגעלאָדן זיי אויף אַ צעפּאָרענער פור געשפּאַנט אין פיר אויסגעהאָרעוועטע פערד, וואָס עמעצער האָט שוין געהאַט אַרויסגעטריבן אויף הפקר — און האָט זיך געלאָזן צום ווייטן נאָרד. אַ היפּשע צייט האָט ער געוווינט אין אַ גרויסן וואַלד אָפּגעריסן פון אַ מענטשלעכן ישוב און געפירט האָלץ צו דער איינזאַמער באַן־סטאַנציע אין האַרץ פון דער פּאַמפּאַ. ווען ס'האָט זיך אים פאַרבענקט נאָך דער סביבה פון די זייניקע, האָט ער צוריק אָנגעלאָדן דאָס ביסל אָרעמקייט און פּיפּקענדיק די ליולקע מיטן שאַרפן שוואַרצן טאַבאַק, געשניטן דעם וואַנדער־וועג. אַזוי האָט ער יאָר נאָך יאָר געביטן זיין מקום מנוחה און אונטערוועגס איז אונטערגעקומען אַ ביי פלאַקסן קעפּל, וואָס האָט געפּיקט פון דער אַלגעמיינער שיסל.

און איצט האָט ער דערגרייכט אַהער, צווישן די קרומע בערגלעך, אויף אַ שטיקל לאַנד וואָס די יידישע „געזעלשאַפט" האָט אים צייט־ווייליק פאַרדונגען אויף פּאַשע. אין צוויי טעג האָט ער געגראָבן אַ ברונעם, זיך דערשלאָגן צו האַלב־געזאַלצענע וואַסער־קוואַלן און ווידער אַרויפגעצויגן די שוין צעלעכערטע צינק־בלעכן אויף די ליים־ און שטרוי־ווענט, וואָס די גאַנצע משפחה האָט געקנאַטן און אויפגעשטעלט.

איינגעאָרדנט זיך, האָבן נייע זאָרגן אָנגעהויבן צעטרייסלען די רו פונעם דייטשן פויער. פּעטער, אָדער ווי מ'האָט אים גערופן „פּעי־

דער״ האָט דורך זיין נישט געוויינטלעכער אויפפירונג, צעשטערט זיין רו, פון וועלכער ער האָט שטענדיק געגאָסן אפילו אין דער פיינלעכסטער אָרעמקייט.

פעטער איז געווען נאָענט צו די דרייסיקער, געצויגן און גע־דרייט די לאַנגע וואָנצן ווי עס איז געווען די פירונג פון די יונגע דייטשן, אין קעגנזאַץ צו די אַלטע לייט, וואָס האָבן גלאַט ראַזירט זייערע געקנייטשטע פנימער און וואָנצעס. נישט אַרבעטן האָט ער גע־וואָלט און נישט הייראַטן. ער וואַלגערט זיך אַרום אין די שענקן פון דער געגנט, שלאָגט זיך מיט די שוואַרצע און יאָגט זיך נאָך די קריאַזשע מיידלעך. די פּאָר דייטשע מיידלעך מיט די געשפּרענקלטע געזיכטער און בלוי־וואַסערדיקע אויגן האָט ער פיינט און מיידט זיי אויס, און ווען מ׳דערמאָנט אים אַז עס איז שוין גענוג דאָס ליידיק גיין (אַ בחור זיין), ווערט ער אָנגעצונדן, שליידערט אַלץ וואָס עס קומט אים אונטער דער האַנט און פאַרשווינדט אויף אַ פּאָר חדשים פון דער היים.

נישט שטענדיק האָט האַנס נאָגעל פּאַסיוו פאַרטראָגן דעם זונס שטיקלעך. נישט איין מאָל האָבן זיינע נאָך פעסטע קולאַקעס געשטילט דאָס צערייצטע בלוט פונעם זון און דאַן פלעגט די כאַטע אויפגעטרייסלט ווערן פון די געשרייען, צאַפּלענישן און געוויינען פון די קלענערע קינ־דער. לעצטנס אָבער קומט ער אַהיים באַלאָדן מיט אַן אומהיימלעך בלאַנקן מעסער אין ברייטן גאַרטל. ווען ער קומט אַריין אין אַ גוטער שטימונג הייבט ער אָן צו שניצן פיגורן פון די אַלטע קאַרטשעס אָדער צו מאַכן איבונגען מיטן מעסער — ער שליידערט עס קעגן באַלקן אָדער דער הילצערנער טיר. דעמאָלט פאַלט אָן אַן אימה אויפן הויז־געזינד און מען היט זיך צו פאַרטשעפּען אים מיט אַן אומפאָרזיכטיק וואָרט.

בלויז צו דער מוטער ווייזט ער אַרויס צערטלעכקייט. אין די סאַמע שיכורע מאָמענטן האַלדזט ער און קושט זי. ער האָט אַ טיפן מיטגעפיל צו דער „מודער״ וואָס ווערט אויסגעריסן פאַרן פאָטער, קינדלט אָן אויפהער און קריגט נאָך צייטנווייז אָפּגעהאַקטע זייטן. אין זיין שיכורן צאָרן פלעגט פעטער שיפּן דעם פאָטער גלייך אין פנים אַריין:

„וואָרום צענעמסטו נישט די הענט צום שאַפּן, דו פוילענצער, וואָרום פרעסטו די פּרוכט פון דיין פרויז?"...

האַנס, אַ צערייצטער, האָט געפּיפּקעט די געבויגענע ליולקע און די אין שמאָלץ פאַררוקטע אויגן האָבן געפינטלט מיט שטוינונג: ווי איז דאָס מעגלעך, אַז קינדער זאָלן אַזוי שפּרינגען אין פּנים? וואָס מיינט ער, דער הוצפּהניק, אַריינצופירן נייע גענג אין דער משפּחה?! צי האָט ער, דער פאָטער, נישט קיין רעכט צו געניסן איצט פון די פאַר־דינסטן פון די קינדער, נאָכדעם ווי ער האָט זיי ביז איצט אויסגעהאַלטן? און וואָס איז דאָס פאַראַ דיבור וועגן דער „מודער"? זי פירט זיך אַזוי ווי איר מוטער האָט זיך געפירט און פאַרוואָס זאָל זי אַנדערש זיין? דערפאַר קומט אים צו שרייען אין פּנים אַריין ווי זיינס גלייכן? אָבער עס האָט אים נישט געהאָלפן. ער האָט געפילט, אַז דעם זונס חוצפּה, באַהויכט מיט אַ באַהאַלטענער דראָונג געוועלטיקן איצט און ס'איז גליי־כער דאָס צו לאָזן פאַרבייגיין ווי אָן אומגעריכטן שטורעם.

אָבער אין „פעידער" האָט זיך צעוועלטיקט אַ ים פון שטימונ־גען, פרעמדע און אומפאַרשטענדלעכע פאַר'ן פאָטער. אים האָט געצויגן וויט פון דאַנעט אין דער ברייטער וועלט אַריין. ער האָט געוואָלט זיך באַפרייען פון די אַלטמאָדישע פירונגען אין פאָטערס הויז. דורך די אומציילבארע געלעגנהייטן, ביים פאַרשווינדן אויף חדשים לאַנג פון דער היים, האָט ער שוין באַוויזן טועם צו זיין די פרוכט פון די נייע ציטן, ווען אפילו אויפן שפּיץ גאָפּל. אָבער זיי האָבן אָנגעהויבן ווירקן אין זיין מחשבה און אינעם אויפגעוואַכטן בלוט. עס האָט אים אָבער גע־פעלט די זעלבסטזיכערקייט צו גיין דעם אייגענעם וועג און יעדעס מאָל, נאָך אַ לאַנגן אָפּזיין אין די עסטאַנסיאַס אויף לוין־אַרבעט, אָדער אַלס טרעגער אויף דער באַן־סטאַנציע, האָט ער זיך צוריקגעקערט אין דער כאַטע.

ער האָט אָבער אויך געמוזט מודה זיין, אַז נישט בלויז די בענק־שאַפט נאָכן טאַטנס ווינקל טרייבט אים צוריק פון זיינע וואַנדלונגען. אויך דאָן קאַסטראָס עלטסטע טאָכטער, וואָס האָט שוין אַליין אַ פערצן־יעריק צעבליט מיידל, האָט אים געהאַלטן צוגעשמידט צו דער סביבה. די אַ צייטיקע, עטוואָס דיקלעכע פרוי מיט אירע בולטע באַוועגנדיקע היפּטן בעת'ן שטאָלצן טראָט, איר פולער שמייכל אויפן געזיכט ווי זון־

וואַרעמקייט אויף אַ צייטיקער פרוכט, איר עטוואָס פאַררונדיקטער ביוסט, וואָס איז געווען אַזוי נאָענט צום אויג און דאָך פאַרשלייערט ווי אַ האַלב־פאַרלוירענע וועלט, פאַר וועלכער מען מוז נאָך קעמפן און פאַלן — דאָס אַלץ האָבן אינעם דאַרן און הויך־געוואַקסענעם פעטער אויפ־געוועקט די ווילדסטע פאַרשטעלונגס־בילדער. ער האָט זיך נאָך מער געפילט אומבאַהאָלפן בעת זיינע באַזוכן אין איר ציכטיקער ראַנטשאָ ווען ער האָט דאָרט נישט איינמאָל באַגעגנט דורכריזנדיקע באַזוכער און נישט פריינדלעכע בליקן פונעם אַלטן דאָן קאַסטראָ.

בעת דער אַרבעט אין די עסטאַנסיעס און דורך די וואָך־נעכט אויפן פעלן־געלעגער אין די „גאַלפּנעס" (שייערן) שוועבט ער צווישן די בערגלעך און שטעגעלעך, וואָס ציען זיך בלויז צו איין קליינעם פּונקט. אין אַ זונטיק־טאָג פּוצט ער זיך אויס אין די ברייטע „באַמבאַ־טשאָס" (ברייט־פאַלדיקע הויזן), וויקלט אַרום דעם האַלדז מיטן קאָלירטן אָדער ווייס־בלאַנקן טיכל, גלעט אויס דעם שוואַרצן ברייט־ראַנדיקן הוט, וואָס פּאַסט זיך נישט צו זיין זומער־באַשפּרענקלט פּנים, און פאַר די לעצטע סענטן קויפט ער אַ פלאַש פונעם שטאַרקסטן קאָניאַק און עפּעס אַ פאַטשערקע, וואָס גלאַנצט און פינקלט ווי צעטרייסלטער טוי. זי נעמט צו שמייכלענדיק די מתנות, מיטן זעלבן שמייכל סערווירט זי אים די מאָטע, און ער זיצט כמעט אַ שוויגנדיקער און האָט מורא איר צו געבן אָנצוהערן וועגן זיינע געפילן צו איר.

ווען ער קערט זיך אום אַהיים איז ער דענערווירט און געפאַלן. ער שרייבט צו זיין אומדערפאַלג אויפן חשבון פון זיין נישט קענען גוט די שפּאַנישע שפּראַך. נישט אין פאָטערס שטוב האָט ער זי גע־לערנט און נישט אין קיין שולע, וועלכע ער האָט אין זיין לעבן נישט באַזוכט. דעריבער ברענט אין אים די שנאה צום פאָטער און יעדעס מאָל ווען ער מוז ענטפערן אין זיין צעקאַליעטשעטן שפּאַניש, אַז ער איז אַ געבוירענער אין דער פּאַטאַגאַניע, לויפן דורך איבער זיין פּנים אַלע קאָלירן פונעם רעגנבויגן און עס בלייבט נאָר אַ ווייסקאַלכיקייט. דעמאָלט וואָלט ער מיט אַ לייכט האַרץ אָנגעצונדן דעם גאַנצן הויף ווו די אַלטע פירונגען זייט דורות האָבן אויפגעשטעלט צוימען און שטערונגען צווישן נאָענטע שכנים. און ווי נאָך מער אַרויפצולייגן די אמתע שולד אויף זיך און אויף זיין הויזגעזונד, האָט ער צו זיך גע־

שריגן, אַז ער איז דער מיאוסטער פון אַלע בריאות אויף דער וועלט, אַז זיינע שוואַרצלעכע קרומע ציין, צוליב די סאַליטרע וואַסערן פון דער פאמפּא. — זיי שטויסן אָפּ די ליפּן־באַרירונג פון אַן אויסגעבענק־טער פרוי. און מיט זיין גאַנצער דערשיינונג, אַז צו רייטן אויף אַן ערשט איינגעאיבט היציק פערד און אַן צו מאַכן די אַזוי צוציענדיקע אַקראָבאַטישע קונצן פאַרן אַראָפּשטייגן — צי קאָן ער ציען די אויפ־מערקזאַמקייט פון דער געגאַרטער קארמען?

נישט איין מאָל איז ער געזעסן אין גרויסן גאַלפּאָן פון דער עסטאַנסיא בעתן סעזאָן פונעם מאיס קלייבן און ביים רויט־צעגליטן פייער אין דער האַרבסט־נאַכט זיך צוגעהערט צו די מעשיות און באַ־רימערייען פון די איינגעבוירענע, ווי יעדער האָט זיך אַליין אַריינגע־וועבט אין לעגענדע־טאַטן און די דערציילער אַליין האָבן אָנגעהויבן צו גלויבן אין זיי. דעמאָלט האָט ער זיך געפילט נאָך מער נישטיק און אָפּגעזונדערט. נישט די שפּראַך וואָס האָט אים געפעלט און נישט די פאַרגאַנגענהייט פון זיינע אָרעמע עלטערן האָבן געקאָנט אים באַ־וועגן אָנטייל צו נעמען אין זייערע שמועסן ווי אַ גלייכער מיט גלייכע.

ווייל וואָס האָט ער אין דער אמתן געירשנט פון זיינע פאַר־גאַנגענע דורות? קנעכט פונעם צאַר זענען זיי אַמאָל געווען, און אינעם נייעם לאַנד — נאָך גרעסערע קנעכט פון די טעגלעכע זאָרגן פאַרן גרויען טאָג. אָט די גרויקייט האָט מען אים איבערגעגעבן מיט איר גאַנצער קליינלעכקייט ביי זיין אַריינטרעטן אינעם לעבן און ער האָט קיין כוח נישט צו באַפרייען זיך פון איר.

ער איז געווען אויף אַרבעט אין אַ גרעסערער פּראָווינץ־שטאָט. די נייע פּירונגען און נישט ווינציק מחשבות האָבן זיך דערוועקט אין זיין צעמישטן מוח. ער האָט געוווּסט אַז ווייטער לעבן ווי דער פאָטער און ווי די איבעריקע סאַראַטאָווער דייטשן וועט ער מער נישט קאָנען. ער האָט נאָך נישט צעבראָכן די שמאָלע רייף וואָס האָט אים געהאַלטן צוגעבונדן צו זיי, אָבער די נייע ווינטן, די שטאָט און די באַגערן צו דערגרייכן דאָס האַרץ פון דער אויסגעחלומטער קארמען, האָבן אין אים צעפלאַקערט אַלע אינסטינקטן. דאָס איז געווען אַן אָנרעגונג וואָס שטויסט צו ברעכן צוימען, אַן אָנרעגונג צו בייז און צו גרויסקייטן.

* * *

אויף אָט דער רויערד, וואָס האָט נאָך אַרויסגעגעבן ווילדע קולות און ריחות פון איבערגעפוילטע גראָזן, האָט זיך אָנגעהויבן אַ שטילער קאַמף. ער האָט געהאַט זיין וואָרצל אין עצם באַזעצן זיך דאָ פון די ערשטע משפחות. דער צוזאַמענמיש פון פעלקער האָט פאַר־זייט די ערשטע קערנער פון צוזאַמענשטויסן און פיינטשאַפט.

די באָדן־שטרעקעס אויסער די גרענעצן פון דער עסטאַנסיאַ זענען נאָך געווען אָנגעפראָפט מיט סטאַדעס פי פון איינגעזעסענע און דורכפאַרנדיקע גאַוטשאָס. ווי אַ לאָקנדיקער אָאַזיס פון האָפענונג איז גע־לעגן דער גרינער פאַס באַאַרבעט פעלד פון דער יידישער משפחה. דאָס ווייצן־פעלד האָט ווי אַ צויבער־טעפּיך זיך געשפּרייט און געוויגט זיך פון די ערשטע פרילינג־ווינטעלעך. מחנות פייגעלעך און שמעטערלינגען האָבן זיך אין זייער באַהעלטעניש געשפילט.

עס זענען געקומען די טיפע פרילינג־נעכט מיט די ריחות פון פעלדבלומען און באַמיסטיקטער ערד. די פרימאָרגנס זענען ווי מעוברת־דיק געווען פון דער פייכטער ראָסע און די זון האָט מיט אירע גלעטנ־דיקע ווייכע שטראַלן אַריינגעפלאָסן פרייד אין די נשמות פון דער משפחה, וואָס האָט באַוויזן שוין איבערצוווינטערן אין דער נידעריקער כאַטע. ניאָמע האָט אָפּגעטרייסלט פון זיך די באַלאסטנדיקע מאָכיקייט, וואָס איז אָנגעוואַקסן אויף זיין געמיט דורכן פייכטן ווינטער. ער האָט געשפירט, אַז מיטן קומען פון דעם פרילינג באַנייט זיך דער דראַנג אַרויסצוגיין אין פעלד.

אָבער דאָס פעלד האָט אין די רו־מינוטן געוועקט אַן אומגעווינט־לעכע בענקשאַפט. די קולות פון די נאַכט־פייגל און פון שאַקאַלן גע־וואָי, די בלוילעכע פאַרחלומטקייט פון די ווייטע בערגלעך, דער האַרי־זאָנט וואָס בייט כסדר זיינע קאָלירן דורכן טאָג — האָבן אין יעדן פון דער משפחה געוועקט פאַרבאָרגענע שטימונגען. אפשר איז דאָס געווען די איינזאַמקייט און דאָס זען תמיד די זעלבע פנימער; אפשר

די גייסטיקע פֿאַרגליווערטקייט, און מעגלעך — דער צויבער, וואָס די נייַע אויפֿגעוואַכטע וועלט טראָגט דווקא אין איר ווילדקייט: אַ סודות־דיקע שווייגעוודיקייט האָט יעדן אַרומגענומען. נישט קיין ברוגזע, נישט קיין אָנגעצויגענע, נאָר אַן אינערלעכער פֿאַרלאַנג נישט צו פֿאַרטראָגן קיין שמועסן גלאַט אין דער וועלט אַריין. דאָס איז געווען אַ מין שטיל־קייט פֿון אַ געבורט־וואַרטעניש.

זיי האָבן אָנגעבונדן לייכטע באַקאַנטשאַפֿטן, אָפּגעשטאַט אַ פּאָר קאַרגע וויזיטן און זיך ווידער צוריקגעצויגן אין זייער נאָרע. די דייַ־טשע משפּחה איז געווען גאַסטפֿריינדלעך און אַליין אָפּגעשטאַט באַזוכן מיטברענגענדיק די גאַנצע כאַליאַסטרע. מיט זיי האָט מען זיך גע־קאָנט פֿונאַנדערריידן אפֿילו ווען זייער דייטש לשון האָט געקלונגען נישט קלאָר און כריפּענדיק. אָבער האַנס האָט נאָך געדענקט אַ פּאָר ווערטער פֿון רוסיש. די פֿאַרגרעבטקייט זייערע און די אַזוי פּרימיטיווע פּירונגען האָבן ממש דערדריקט ניאָמען, וואָס האָט איצט נאָך מער געלעכצט נאָך אַ יידיש וואָרט, אַ שבתדיקן מנין, און אפֿשר אויך — אַ רעפּעראַט... דער נייַער אָרמענישער שכן מיט די קליינע קינדער זענען אַרומגעקראָכן איבער די פֿעלדער, שטענדיק פֿאַריאָגט אין דער אַרבעט. אין די מערסטע פֿאַלן האָבן זיי דעם קאַרגן מיטאָג געגעסן אין פֿעלד.

מער אינטערעס האָט דערוועקט די משפּחה פֿון דאָן כואַן גאַר־סיאַ — אָנהייבנדיק פֿון שלאַנקן אַלטן גאַוטש ביז זיין אייניקל, די קליינע פֿערצן־יעריקע מיראַנדאַ, וועמען מ׳האָט גערופֿן פֿאַרקירצט „מירא“. די אַ משפּחה האָט מיט זיך פֿאַרקערפּערט די לעצטע איבערבלייבעניש פֿון אַ צאַנקענדיקן דור וואָס שליסט שוין צו די שאָטנדיקע פֿליגל. דווקא אָט דער טיפּ פֿון דאָן גאַרסיאַ האָט ניאָמען אינטריגירט און אין אים האָט ער געפֿונען בולטע ענלעכקייטן צו אַ ספֿרדישן רב. אַזאַ בילד האָט ער געזען אין אַ ספֿרדישער שול אין ב. איירעס.

באַגלייט פֿון הערשלען האָבן ניאָמע מיט באַשקען אָפּגעשטאַט דאָרט אַ וויזיט און זיך נאָך אַ מאָל איבערצייגט אין דער אידעלער פּירונג פֿון דער משפּחה. דער אַלטער דאָן כואַן האָט ווי שטענדיק ערנסט געשאָקלט מיט זיין גרויען קאָפּ און קאַרג געווען אויף אַ שמייכל. אָבער די טיף־שוואַרצע אויגן זיינע האָבן באַרויקט און געגלעט. די ווערטער

האָט ער געציילט און נאָך יעדער פראַזע געמאַכט אַ פּויזע, ווי אָפּצו־מעסטן דעם זין פון די אייגענע ווערטער. דער קורצער „פאַנטשאַ" (טראַדיציאָנעלער טוך פונעם גאָוטש, ווערט באַנוצט ווי אַ מאַנטל און ווי אַ קאָלדרע) איז געווען פאַרוואָרפן איבער זיינע אַקסלען און זיי דערהויבן עטוואָס העכער, אַזוי אַז דער קאָפּ איז געווען איינגעזונקען. אים איז, קענטיק, געווען קאַלט טראָץ דער פרילינג־זון, וואָס האָט זיך געשפּילט מיט דער דרויסנדיקער וועלט.

קאַרמען האָט זיי באַוויזן די שטוב־מכשירים: די לאַנגע וואָלענע שאָפּן־פעלן, וואָס זענען אָנגעהויפנט געווען ביי דער וואַנט און ביינאַכט האָבן זיי געדינט פאַר בעטן און מאַטראַצן צוזאַמען, די אויסגעאַרבעטע פעלענע לאָגלען אויף קילן דאָס וואַסער און דעם רויטן וויין, וואָס מ׳טריפט אַריין דורך אַ דינעם שטראָם גלייך אין מויל אַריין בעת מען האַלט דעם לאָגל וויט איבערן קאָפּ, די גרויסע אייזערנע שפּיזן, אויף וועלכע מען בראָט גאַנצע זייטן פון לעמער און קעלבער צוזאַמען מיט דער פעל, וואָס שיילט זיך נאָך דעם אָפּ ווי אַ מאַראַנץ... קיין מעבל־שטיקער זענען דאָ נישט געווען, אָבער אַלץ האָט געבלאַנקט פון ריינ־קייט און אָרדענונג. ס׳האָט אויסגעזען אַז קיין זאַך פעלט נישט אין דער ראַנטשאָ. די נאַפּט־קעסטלעך האָבן געדינט פאַר בענקלעך. זיי זענען באַשלאָגן געווען מיט קאָלירטע פעל־שטיקער פון פי און חיות. די נידעריקע ווענט זענען געווען באַהאָנגען מיט פעל־טעפּיכער, גע־שטיקטע געוואַנטן, פאַנג־מכשירים, און ווי מיט אַ ווילד־פרעמדער זאַך פון אַן אנדערער וועלט — דאָס בילד פון דער מוטער אין אירע מיידלשע יאָרן, ווי זי שטייט אָנגעלענט מיט איין האַנט אויף דער פּיאַנע אין איר פאָטער־הויז...

און פון די ווינקלען אַרויס האָבן אַרויסגעקוקט די שוואַרץ־צעשראָקענע אייגעלעך פון די קלענערע קינדער. זיי האָבן איז זייער פאַרלוירנקייט זיך געטוליעט צו די קילע ווענט און שטיל געוואַרט אויפן סוף פונעם שמועס.

ווען זיי האָבן אַרויפגעקלעטערט איבער די ערדענע טרעפּ אַוועק די זון האָט מיט עקשנותדיקער שאַרפקייט זיי אַ בלענד געטאָן אין די פאַרזשמורעטע אויגן, האָט הערשל זיך נישט געקאָנט איינהאַלטן און אַ פרעג געטאָן דעם אַלטן גאָוטש:

— פריינד, אַזוי פיל יאָרן זיצט איר אויף דעם פּלאַץ. צי האָט איר נישט קיין פאַרלאַנג צו פאַרשענערן די וווינונג? אָט, ווי די גאַנצע וועלט פּירט זיך...

האָבן די שוואַרצע אויגן פונעם אַלטן אָפּערגעקוקט פון אונטער די לאַנגע גרויע ברעמען און ער האָט אַ גלעט געטאָן די כאַטע, וואָס איז פון דרויסן געווען איינגעזונקען און נעבעכדיק.

— וואָלט איך געוווּסט אויף זיכער, אַז אָט די... די... ווי רופט מען דאָס... סיווילי... זאַסיאַן... וועט ברענגען גליק די מענטשן. און די פּרינצן אין די פּאַלאַצן — זענען זיי אמתדיק גליקלעך? זאָל מען מיך נאָר לאָזן לעבן און שטאַרבן ווי איך וויל... ווי מיינע עלטערן...

און ווי צו וועלן אַ ביסל אָפּטעמפּן די שאַרפקייט פון זיינע רייד האָט ער צוגעגעבן:

— איר האָט וווּנדער באַוויזן! היט אָפּ אייער פעלד! עס איז צו אָפּן פאַר די סטאַדעס. זיי קאָנען אין איין טאָג עס צעטרעטן אויף שטויב... היט עס אָפּ...

נײַנטער קאַפּיטל

# מירא

אויף די שמאָלע סטעזשקעס וואָס שלענגלען זיך, ווי פאַרלוירענע פעדים איבער די באַגראָזטע קרומע פעלדער, הוידען זיך לאַנגזאַם צוויי רייטער וואָס שפּאַנען מיט דער געמיטלעכקייט פונעם וואַנדער־גאַוטש. די רייטער זענען: הערשל און די פּריצישע שכנה וויקטאָריאַ.

דער דין־בייכיקער אַלאַסאַן איז געווען אָנגעזאָטלט מיט אַ פיין־לעדערנעם אַמאַזאָנען־זאָטל און באַהאַנגען, ווי דער צוים, מיט זילבערנע טייערע אַפּליקאַציעס. אויך וויקטאָריאַ איז געווען אָנגעטאָן אין איר רייט־אָנצוג פון אַמאַזאָנען־סטיל, וואָס נאָך אין די גוטע שטיפערישע יאָרן, בעת די שפּאַצירן אין די פּאַלערמאַ־וועלדער, האָט ער געמאַכט אַן איינדרוק אויף די אַריסטאָקראַטישע ייִנגלעך. איר ברייטער שטרוי־הוט האָט געוואָרפן אַ רונדן שאָטן אויף דעם פאַרפּלאָכטענעם קובליק

בלאָנדע האָר און אַן אַראָמאַט פון דעליקאַטן פּערפום האָט פון איר געווייעט.

און ווי בּישטיק עס האָט נעבן דעם אויסגעזען דאָס רייט־פערד, אויף וועלכן הערשל איז געזעסן — האָט ער דאָך נישט געהאַט דעם מינדסטן געפיל פון מינדערוויכטיקייט. די ריפּן פון אַלטן פערד האָבן אַרויסגעשטאַרצט פון דער אויסגעקראַכענער פעל, נישט געווען אפילו קיין זאָטל אויפן שאַרפן רוקן. עס האָט נאָך עטוואָס צוגעהונקען און נישט איינמאָל זיך ספּאָטיקעט מיט די מידע פיס אין די גרויסע קוסטעס.

אויף זיינע געקרויזטע האָר האָט הערשל געטראָגן אַ קיילעכיק רויט באַסקאַ־היטעלע און די רוסישע בלוזע איז געווען ענג פאַרשנורט אַרום זיין האַלדז. אַ ברייטער לעדערנער פּאַס האָט אַרומגעגאַרטלט די לענדן און פון איין זייט האָט אַ גרויס מעסער געשטעקט אין אַ באַ־גילטער שייד. פון דער אַנדער זייט האָט ער זיך אָנגעהאַנגען אַן אַלטן שווערן רעוואָלווער וואָס ער האָט ערגעץ איינגעהאַנדלט אויף שיסן האָזן און ווילדע פייגל.

באַטראַכטנדיק זיין מאָדנעם הילוך און דאָס אויסגעדאַרטע פערד, האָט זי אַ שמייכל געטאָן און אים צוגעוואָרפן: „אָט איז סאַנטשאַ־פּאַנ־טשאָ", און געבנדיק אַ דריק מיט די שפּאָרן איר ראַסאָווע פערד, איז זי צוגעשפּרונגען האַרט נעבן אים: „— און איך וועל זיין אייער דאָן־קיכאָט"...

דאָס איז געווען זייער ערשטער אַרויספאָר. לעצטנס האָט וויק־טאָריאַ געמערט אירע באַזוכן ביי דער יידישער משפחה און אַזוי ווי הערשל איז געווען דער איינציקער צו פאַרשטיין איר שפּאַנישע שפּראַך, האָט זי די מערסטע צייט פאַרבראַכט אין זיין געזעלשאַפט. דורך זיין פאַרמיטלונג פלעגט זי דערציילן דער משפחה די געשיכטע פונעם לאַנד, וועגן זיינע העלדן און באַפרייונגס־עפּיזאָדן. אויך פלעגט זי מיט הערשלען פירן לאַנג־שעהדיקע שמועסן וועגן דער באַפרייונגס־באַוועגונג אין רוסלאַנד. און מאָדנע, דווקא אָט די פון אַדל אָפּשטאַמיקע פרוי, וואָס האָט איר לידיקע צייט נישט געוווסט אויף וועלכע געמאַרקן צו פאַרקויפן, איז אינטריגירט געוואָרן פון הערשלס שילדערונגען.

אין אירע אויגן זענען אויסגעוואַקסן ווי טיטאַנישע געשטאַלטן

די אויספאָרמער פון פרייהייטס־געדאַנק, וואָס האָבן אַליין געשטאַמט פון רייכע און פריצישע הייזער. מיט קינדערשער התפעלות האָט זי געשלונגען די דערציילונגען וועגן די „נאַראָדנאַיאַ וואָליא״־לייט. וועגן די פריציש־גענעראַלישע פרויען וואָס האָבן פאַרלאָזן די פּאַלאַצן און רוישיקע אָפּיצירישע בעלער און פאַרקליידט אַלס פויערטעס זיך אַוועק־לאָזן איבער די פאַרוואָרפנסטע דערפער פון ברייטן צאַרישן רוסלאַנד, געלערנט די פויערים דעם אלף־בית און פאַרזייט אין די נשמות פון אונטערטעניקע שקלאַפן די ערשטע קערנער פון רעוואָלט.

די־אַ שילדערונגען האָבן אין איר אויפגעוועקט געדאַנקען וועגן איר אייגענעם מצב. וואָס פאַראַ זין האָט איר גלות־פראַוועןצווישן אַט די פויערים אין דער סביבה און מיט וואָס קאָן זי בייטראָגן פאַר זייער בילדונג? זי האָט, אמת, נישט איין מאָל איינגעאָרדנט פייערונגען און געהאָלפן אויסבעסערן די שול אין דער עסטאַנסיע. אָבער איז דאָס די ריכטיקע הילף וואָס אַ מענטש מיט בילדונג און מעגלעכקייטן קאָן בייטראָגן?

איצט, ביי זייער ערשטן אַרויספאָר איבער די פעלדער, האָט זי פאַרפירט אַ שמועס אויף אַ באַזונדערן פונקט פון רעוואָלוציע־לעבן: זי האָט געוואָלט וויסן גענוי די סעקסועלע באַציונגען צווישן מאַן און פרוי און צי דאָס פאַמיליע־לעבן אַפעקטירט נישט די באַוועגונג אָדער אומגעקערט.

ער האָט זיך באַמיט איר אויפצוקלערן: — מען דאַרף שאַרף אונטערשיידן צווישן דער בירגערלעכער פרוי, די פרוי פון טאָגטעגלעכ־לעבן, און די וואָס געפינט זיך אין די רעוואָלוציאָנערע רייען. די ערשטע געפינען מיר אין פאַרשידענע ראַמען, וואָס די אינטערעסן פון דער מענטשהייט האָבן אויסגעפורעמט: קיך־פרויען, מאָדע־פרויען, די וואָס זעטיקן דעם גערייצטן מענער־אַפּעטיט און נאָך אַנדערע טיפּן פון דער געוויינטלעכער פרויען־וועלט. די פרוי וואָס שטייט זייט ביי זייט מיט איר רעוואָלוציאָנערן חבר, איז באַפרייט פון יעדן פאָראורטייל וואָס פּענטעט די אַנטוויקלונג און די באַפרייונג פון דער פרוי. און דאָך פירט זי אַ דאָפּלטן קאַמף: קעגן דער טיראַניע און קעגן די איבער־געבליבענע פאַרעלטערע מיינונגען וואָס נעסטיקן נאָך אפילו צווישן די רעוואָלוציע־מענטשן. זי קעמפט אויס איר רעכט צו שטיין זייט ביי

זייט ביי געוואַגטע אונטערנעמונגען, ביי דער פירערשאַפט, און אויך דאָס רעכט פריי געליבט צו ווערן און צו ליבן, אָן דער ברכה פונעם רב אָדער פונעם גלח. אָבער אַזוי ווי די וועלט פאַרשטייט נישט אַט דעם דעליקאַטן ענין, ווערן דאָ אַרויסגעלאָזן שטראָמען גיפט און פאַר־לוימדונגען. אונדזערע פרויען ווערן פאַררעכנט פאַר אויסוווּרפן, פאַר נישט מאָראַלישע...

— אָך, דאָס איז דאָך נישט נאָר אַן איינדרוק — האָט וויקטאָריאַ אים איבערגעריסן און אים אָנגעקוקט מיט אויגן פול מיט פּחד, ווי ער וואָלט געבראַכט אַ גרוס פון קאַניבאַלן — די זאַך איז עקזאָטיש און... ממש נישט מאָראַליש... צוזאַמענלעבן אָן געזעצלעכער פאַרבינ־דונג? דאָס איז דאָך דער סוף פון דער פאַמיליע!

הערשל האָט זי באַטראַכט מיט אַ רויקן בליק ווי ער וואָלט דערוואַרט פון איר אַזאַ רעאַקציע. וואָס איז דער וווּנדער? צי איז דאָרט אין דער אַלטער היים, ווו דער גערעגנגל איז אָנגעגאַנגען אין פולן ברען, צי איז דען דאָרט געווען אַ בעסערע פאַרשטענדעניש? וואָס איז דעריבער צו דערוואַרטן פון דער אַ קאַטויליש־דערצויגענער אַדעליקע?

ער האָט זיך געפונען אין קלעם און נישט געוווּסט אויף וואָס פאַראַ אופן ער זאָל איר פאַרשטענדלעך מאַכן זיין געדאַנקען־גאַנג. זיין שפּאַנישע שפּראַך איז נאָך צו אָרעם געווען אַז ער זאָל זיך אַריינלאָזן אינעם ים פון אידעען און דעליקאַטע פּראָבלעמען. אַ נישט ריכטיקע אויסטייטשונג קאָן נישט נאָר פאַרקריפּלען אין אירע אויגן די וועלט־קאָנצעפּציע זיינע, נאָר אויך אַוועקשטעלן אים אין אַ פאַלש ליכט. דעריבער האָט ער באַשלאָסן אינעם איצטיקן שמועס זייערן אויסצו־מידן די אויפקלערונג וועגן דער באַציונג צו דער פרויען־פראַגע.

דערווייל האָבן זיי ביידע באַמערקט, אַז זיי זענען געבליבן שטיין איינס נעבן צווייטן אין מיטן פעלד. ווי צו וואַרטן אויף ענטפער און אָנצוקניפּן פון דאָס ניי דעם שמועס האָט זי אַ צי געטאָן פאַרן ציימל און דאָס ברוינע פערד איז שטיין געבליבן. אויך זיין שקאַפּע האָט פויל און נעבעכדיק אויפגעהערט צו שפּאַנען. ווי צו זוכן אַן אָנטשפּאַנונג פון דער לעכערלעכער סצענע מיט די צוויי אומגלייכע פערד וואָס זענען געבליבן נעבן זיך אין סטעפּ, האָט וויקטאָריע זיך צעלאַכט, געגעבן אַ שטורך מיט די שפּאָרן און אַ יאָג געטאָן פאַרויס. דאָס אַלטע פערד

איז אונטערהינקענדיק און ווי באַלײדיקט נאָכגעלאָפן. זי האָט געזען ווי הערשל איז געבליבן הינטערשטעליק, האָט זי זיך אומגעקערט מיט אַ לײכטן אונטערטאַנצן און דאָס פערד האָט פרײלעך געפּאָכעט מיטן לאַנגן עק.

איצט האָט זי זיך געווענדעט צו אים מיט אַ דירעקטער פראַגע:

— זאָגט מיר, גרעגאָר — אַזוי האָט זי באַשלאָסן אים צו רופן

— פאַרוואָס האָט איר פאַרלאָזן אײער געבוירן־לאַנד און די אַזוי שײנע באַוועגונג?...

די פראַגע איז געווען אומגעריכט. ער האָט אין ערשטן מאָמענט נישט געטראַכט איר צו דערצײלן וועגן זײנע פּלענער.

— מײן פאָטער האָט באַשלאָסן צו קומען אַהער זיך קאָלאָניזירן

— האָט ער געפונען אַ גלאַטן אויסרײד — איך האָב נישט געוואָלט זיך צעשײדן מיט דער משפּחה...

איצט זענען זײ ווידער געריטן. זי — עלעגאַנט און שטאָלץ, ער — נעבעכדיק און נאָכגעלאָזן. די זון האָט שוין דורכגעמאַכט אַ לײבן־חלק פון איר מאַרשרוט און די היץ איז געשטיגן.

— צוליב די עלטערן האָט איר מקריב געווען די רעוואָלוציע?

— האָט זי געשפּעט — איך האָב אײך נישט געהאַלטן פאַר אַזאַ רויק ײנגל...

איצט איז אין אים געשטיגן דער פאַרלאַנג צו דערשײנען איר אין אַנדער ליכט. ער האָט פּלוצעם באַקומען אויסטערלישע גלוסטונגען — אויסצוּוואַקסן איבער דער אײנפאַכקײט, ווערן פאַרערט, אפילו אָפּשרעקן...

— איך האָב דורכגעפירט אַ טעראָר־אַקט און צווישן אונדז איז געווען אַ פּראָוואָקאַטאָר, וואָס האָט אונדז אויסגעגעבן. די ערד האָט געברענט אונטער די פיס...

— אַ מאָרד־אַקט? האָט איר אויך בלוט פאַרגאָסן? — האָט זי געעפנט ברײט די אויגן.

— וואָס איז אײער שרעקן זיך? מיט וואָס זענען פּאָליטישע מאָרדן ערגער ווי שיקן מענטשן אויפן שלאַכטפעלד צו אַ זיכערן טויט? דאָרט ממיתן זיך ווילד־פרעמדע מענטשן, וואָס אײנער קען נישט דעם צווײטן, נאָר זײ ווערן אויפגערײצט דורך מאָנאַרכן, שאָוויניסטן אָדער

וואָפן־פאַבריצירער. מיט וואָס איז שרעקלעכער דער מאָרד פון אַ דעס־פּאָט, וואָס איז דירעקט פאַראַנטוואָרטלעך פאַר נויט, פאַרגאָסן בלוט און אונטערדריקטער פרייהייט? ווייל דאָס געזעץ איז געשריבן געוואָרן פון אָט די דעספּאָטן?

— האָט איר דירעקט געשאָסן? אַליין? מיט די אייגענע הענט?

— זי האָט עפּעס געזוכט אַ מילדערונג אין זיינע שטרענגע ווערטער. אָבער די שרעק פון אירע אויגן האָט זיך פאַרגראָבן ווי אַ פאַרפּאָלגטע חיה אין ווייכער ערד.

— אייגנטלעך, וואָס איז דער אונטערשיד? דער עיקר איז דער ציל. איך האָב איך דאָך שוין געזאָגט פריער: פאַראַנטוואָרטלעך איז מער דער וואָס פאַרטראַכט דעם אַקט ווי דער וואָס פירט אים דורך... אָבער מיר האָבןביידע זאַכן אין אונדזערע הענט אויסגעטראָגן, פאַר־טראַכט און דורכגעפירט. אין אַ פינצטערער פראָסטיקער נאַכט האָבן מיר אַטאַקירט דעם עקיפּאַזש פון אַ מיליטערישן קאָמענדאַנט, וואָס האָט דעם זעלבן חודש דורכגעפירט אַ שחיטה אויף שטרייקנדיקע אַרבע־טער. מיר האָבן געוווּסט, אַז ער פירט אויך אַ גרויסע סומע געלט. די באָמבע האָט אָבער פאַרניכטעט ביידע: דעם קאָמענדאַנט און זיין אוצר...

זי האָט זיך צוגעהערט און געטרייסלט פון שרעק. מאָדנע, אַז דער יונגער דין־לייביקער און שוואַרצאויגיקער בחור, וואָס גיבן איר אויף דער נעבעכדיקער שקאַפּע האָט ער אויסגעזען מיט זיין גאַנצער וואָפן־אויסשטאַטונג ווי אין אַ קאַרנאַוואַל־טאָג — ער דערציילט מיט אַזאַ רויקייט וועגן טעראָר־אַקטן, ווי מעשה־קונדס פון די קינדער־יאָרן.

אַ לאַנגע צייט זענען זיי געריטן אין שטילשווייגן. די פערדישע קאָפּיטעס האָבן געקלאַפּט איינטאָניק איבער די אויסגעטראָטענע סטעזש־קעס. דער איינטאָניקער קאָליר פון די גרויע פּאַשע־פעלדער האָט פאַר־מאַטערט דעם בליק וואָס האָט געזוכט אַן ענדערונג און נאָר די בלוי־לעכע פאַרחלומטקייט פון די ווייטע בערגלעך האָט זיך געמיניעט ווי אַ פאַרפירערישער צוזאָג. ווי געטריבן פון שטורמישע פאַרלאַנגען צו דערגרייכן דעם סוד פון דער ווייטער וועלט האָט זי, וויקטאָריא, אַ יאָג געטאָן דעם פערד, אָנגעבויגן איר קערפּער צו דער גריווע, אַרויס־געגעבן אַ שאַרפן געבריל ווי אַ סטעפּ־מענטש און זיך צעיאָגט איבערן פעלד, וואָס האָט זיך איצט געצויגן פלאַך, ניוועלירט.

הערשל האָט זיך באַמיט זי צו דערגרייכן. דאָס דאַרע פערד האָט געצויגן די סענקעוואַטע אונטערגעהאַקטע פיס, אויסגעשטרעקט דעם האַלדז פאָרויס, אָבער עס איז אים נישט געלונגען איינצושלינגען דעם בלויז, וואָס האָט זיך געשאָפן צווישן זיי. איצט האָט הערשל באַגריפן דעם זין פון די קריאַלישע אויסברוכן, וועגן וועלכע ער האָט באַוויזן צו לייענען און וואָס דריקן זיך אויס אין די שאַרפזיניקע אַמוזירנדיקע „פּאַזשאַדאָס" (אימפּראָוויזאַציעס) און ווילדע אויסגעשרייען ביים טרייבן די גרויסע סטאַדעס פי וואָכן־לאַנג פון די וועלדער אין די באַוווינטע געגנטן. דערפאַר האָט ער פאַרשטאַנען וויקטאָריאָס פלוצעמדיקן וויכע־רישן געיעג. ער האָט איר נאָכגעקוקט מיט באַוווּנדערונג און זיך באַ־מיט צו פאַרקלענערן די דיסטאַנץ, נישט אויסצוזען לעכערלעך.

ביים אַראָפּגידערן פונעם משופּעדיקן בערגל האָט זי איינגע־האַלטן איר גאַלאָפּ און געוואַרט אויף אים. דאָ האָט זיך אויסגעשפּרייט דער פלאַכער שפּיגל פון אַ קליינער אָזיערע, וואָס איז אַרומגעזוימט געווען מיט אַ ווייסלעכן פּאַס פון סאַליטרע־זאַמד. עטוואָס ווייטער האָבן הויכע קוסטעס און שטעכיקע קליינע וואַלד־ביימעלעך זיך געגאַרטלט אַרום דעם אָזיערע־בעקן. דאָס זענען געווען די רעשטן פון די אוראַלטע געדיכטע וועלדער, וואָס זענען בעת די מלחמות צווישן די דעראָבערער און אינדיאַנער פאַרשניטן געוואָרן. אַ צעשפּרייטע סטאַדע פי האָט זיך דאָ געפּאַשעט צווישן די הויכע גראָזן און ווען אַ קו האָט זיך דערנענ־טערט צום מוטנעם ברעג זיך אָנצוטרינקען האָבן מחנות ווילדע גענדז זיך אַ הייב געטאָן מיט באַנומענע געשרייען און געקרייזט איבער די קעפּ פון די רייטער.

הערשל האָט באַטראַכט דעם געענדערטן פּייזאַזש, ווי אַ וווּנ־דערבאַרע אַנטפּלעקונג. אַ ביבלישע אידיליע איז געווען אויסגעגאָסן אויפן אַרום און עס האָט זיך געדאַכט, אַז עס וועט זיך באַווייזן אַ באַקאַנטע תנכישע וויזיע: פון די פעלדזן וועלן אַראָפּגידערן די פּאַס־טעך־טעכטער מיט ערדענע קריגלעך אויף די צוגעדעקטע קעפּ אָנצו־שעפּן וואַסער און זינגענדיק וועלן זיי צוריקקלעטערן. פון דער ווייטנס וועט זיי באַגלייטן אַ באַרוועסער פּאַסטוך מיט אַ נאָגנדיקער מעלאָדיע פון זיין אויסגעהוילטן פייפל.

אַ גוט־געזאָטלט רייט־פערד איז געשטאַנען צוגעבונדן נעבן אַ

קוסט און האָט איבערגעהאַקט די קדמונישע אידיליע. עס האָט נער־וועז געטריבן די פליגן, געגריזשעט דאָס זאַפטיקע גראָז און גע־שאָקלט אומרויק מיט די אָנגעשטעלטע אויערן.

פלוצעם האָבן זיך די פערד אָפּגעשטעלט און ווי די געפּאַר וואָלט געווען גאָר נאָענט — אָנגעהויבן צו שנאָרכן מיט די נאָזלעכער. די רייטער האָבן זיך אָנגעבויגן אויף פאָרויס און ס׳האָט זיך אַנטפּלעקט פאַר זיי אַ נישט געוויינטלעכע דערשיינונג:

אַ פּאָר שריט פאָרויס, ווי אַן איבערגעשראָקענער האָז אין זיין פלאַכער נאָרע, איז צווישן די גראָזן געלעגן איינגעקאָרטשעט אַ יונג מיידל. זי איז געווען נאַקעט און איר ברוין בליאַסקענדיק לייב האָט זיך מיט גאָרנישט אָפּגעשיידט פונעם גרוי־גרינלעכן אַרום. בלויז אירע נאַכט־שוואַרצע האָר האָבן זיך צעשאָטן איבערן גראָז און די ברענענ־דיקע אויגן האָבן מיט פּחד געקוקט די אָנקומענדיקע גלייך אין פּנים, ווי גרייט צום ערשטן שפּרונג אין דער געפאַר. דאָס יונגע מיידל מיט די בולטע אינדיאַנער־שטריכן און גרינלעכער פאַרמעט־הויט האָט אוודאי ווי יעדן טאָג זיך געשפּילט דאָ מוטער־נאַקעט מיט די שמעטערלינגען און וואַסער־פייגל און ווען די אָנקומענדיקע רייטער האָבן איבערגעהאַקט איר שטיפערישע אָפּגעזונדערטקייט, האָט זי איר נאַקעטקייט פאַרבאָרגן אין די געדיכטע גראָזן.

ביידע זענען ווי צוגעשמידט געוואָרן צו זייערע זיץ־פּלעצער, און קיין וואָרט נישט אַרויסגעבראַכט אויף די ליפּן. די אויגן זענען מאַגנעטיש צוגעשמידט געווען צו דער נאַקעטקייט פון דעם מיידלס נאָך פייכטן גוף. מיט אירע גרויסע צעפראַלטע אויגן האָט זי געוואָרפן פאַרצווייפלטע בליקן דאָ אויף וויקטאָריאַן און דאָ אויף איר באַגלייטער און געבעטן אויסלייזונג. דעם ציטערדיקן קערפּער האָט זי געדרייט און געריבן אינעם גראָז ווי צו וועלן אים איינזינקען און פאַרהוילן פון די פרעמדע מענער־אויגן, וואָס האָבן איר אומהייליק געמאַכט אין דער אָנוועזנהייט פון נאָך אַ פרוי. אָבער הערשל איז געווען מער איבערראַשט און צע־מישט ווי דאָס געפונענע מיידל. צום ערשטן מאָל אין זיין יונג לעבן ווי עס אַנטפּלעקט זיך פאַר אים אין דער גאַנצער אָפענער צעפראַלט־קייט דער גוף פון אַ נאַקעטער יונגפרוי. באַגאָסן מיט די שטראַלן פון דער פרילינג־זון און פאַרבאָרגן אין שויס פון דער נאַטור, האָט זי

זיך אַנטפּלעקט ווי אַ ווונדער וואָס די אַרומיקע בערגלעך, דער פּריי־מאָרגן און דאָס קילע וואַסער האָבן געבוירן, באַפּרוכפּערט פון די כוחות וואָס טרייבן צום לעבן דעם גאַנצן אַרום.

די אויגן פונעם פעלד־מיידל האָבן געשפּיזט מיט איינגעהאַלטענעם האַס צו די אָנגעקומענע וואָס קומען באַטרעטן די שטילע פּאַראַזוואָרפענע ווינקעלעך פון איר אויסגעוויילטער וועלט. וויקטאָריאַ האָט געשיקט צו אים אַ קילן בליק, וועלכן ער האָט אויפגעכאַפּט און פאַרשטאַנען; ער האָט אויסגעקערעוועט דאָס פערד און געאיילט זיך אָפּצוטראָגן אויף עטלעכע צענדליק שריט צווישן די נידעריקע שטעכיקעביימלעך.

וויקטאָריאַ איז אַראָפּגעשפּרונגען פונעם פערד און זיך דערנענטערט צום ליגנדיקן מיידל, געוואָלט זי באַרויקן און אויסזוכן אירע קליידער. אָבער ווי אַ קאַץ איז זי אויפגעשפּרונגען און איר גלאַנציק־טונקעלע הויט האָט ווי אַ שטיק קופּער אַ בליאַסק געטאָן אין די זון־שטראַלן. זי האָט געשאַרט די נאַקעטע פיס הינטערווײַלעכס און שטיקער פייער האָבן געשפּריצט פון די אויגן מיט נישט פאַרשטענדלעכע ווערטער.

וויקטאָריאַ איז איר נאָכגעגאַנגען און געבעטן זיך: „מיידל, מיידל! ס'וועט דיר קיין שלעכטס נישט געשען... זוך אויף די קליידער...“

זי האָט אָבער נישט געהערט און נישט געפאָלגט. גערוקט זיך ווי אַ שלאַנג און די צעפּלאָשעטע האָר האָבן זיך צעשאָטן איבער אירע עטוואָס אויפגעהויבענע אַקסלען. די מוסקולן פון איר קערפּער האָבן זיך פון אָנשטרענגונג גערונצלט. איר שטילער שעפּטשען איז באַלד אַריבער אין אַ הויכן שרייענדיקן אַרויסרוף:

— ניין, ניין! איר וועט מיין „לאַגונאַ“ (אָזיערע) נישט צונעמען. ס'איז מיינס! נעמט עס נישט צו!...

און ווי עס צעיאָגט זיך אין שרעק־געפאַר דער פלינקער „גואַ־נאַקאַ“ (אינד) מיט זיין עלעגאַנטער שוואַכקייט, איז דאָס גאַוטשאָ־מיידל געפלויגן איבער די קוסטעס, דערגרייכט דאָס געזאָטלטע פערד און זיך צעיאָגט איבער די פעלדער. רייטנדיק אויפן זאָטל אַ נאַקעטע און פאָכענדיק מיט די קליידער, וואָס זי האָט געהאַלטן אין האַנט האָט זי געשריגן:

— מיראַס לאַגונאַ וועט איר נישט צונעמען! ניין, ניין!

אירע צעלאָזטע האָר, אויפגעכאַפּטע פון די ערשטע פּאַרמיטאָג־ווינט־לעך, האָבן ווי אַן אַנקומענדיק שטורעם־וואָלקנדל, געדראָט מיט נקמה פון אַ פעלד־ געטין, וואָס מ׳האָט פּראָפּאַנירט איר אָפּגעהיט, אָפּגע־זונדערט מקום־קודש.

הערשל און וויקטאָריע האָבן אין אַנהויב געפּרוווט זי נאָכיאָגן, אָבער זעענדיק ווי איר אַנטלויפן ווערט האַסטיקער און ווילדער און ווי זי פאַרשווינדט ביסלעכווייז צווישן די בערגלעך, האָבן זיי לאָנגזאַם און פאַרשעמט זיך צוריקגעצויגן.

די בהמות האָבן איבערגעריסן זייער גריזשען, אויפגעהויבן די קעפּ און זייערע פאַרדרייטע הערנער האָבן זיך געקרייזלט אין דער לופטן ווי גרויסע פראַגע־צייכנס...

ווען מירא האָט דערגרייכט די אָרעמע ראַנטשאָ איז שוין איר פערד געווען אָפּגעגאָסן מיט שוויס. דער שוים האָט געשפּריצט פונעם מויל און פון בויך אַראָפּ. איר קליין ווילד הערצל האָט האַסטיק גע־קלאַפּט, די צעוואָרפענע פאַרפּלאָנטערטע האָר האָבן זיך איבערגעגעבן די ווינטלעך־פּאַליעס און אַראָפּגעפאַלן ווי שוואַרצע פליגלען איבער אירע אַקסלען. אַראָפּשפּרינגענדיק פונעם סאָפּענדיקן פערד האָט זי אין איילעניש צורעכט געמאַכט די קליידער, וואָס זי האָט אין גאַלאָפּ באַוויזן אַרויפצוציען אויף זיך, אַ לייכטן גלעט געטאָן דאָס ווייסע פּנים פונעם סאָפּענדיקן פערד און האָט זיך געלאָזט לויפן צו דער ראַנטשאָ.

אָבער שוין שטייענדיק אויפן שוועל האָט זי זיך צוריקגעצויגן און נישט אַראָפּגעגעגנידערט אין דער וווינונג. דער אָרום, דער הויף און די עופות, די איינגעדרימלטע הינט, די עמערס וואָס זענען געהאָנגען איבערן פאַרמויערטן ברונעם און די פּייגל אויף די צווייגן פונעם איינציקן „אמבו״ — האָבן איר אויסגעזען איצט פרעמד. צו האַסטיק איז זי אַהער אַריינגעפאַלן ווי אַ געיאָגטע חיה, וואָס האָט אין טויט־שרעק זיך אַרויסגעדרייט פון די יעגער־פאַרפאָלגער.

געטראַכט האָט זי אַריינצופאַלן אין דער כאַטע און דערציילן דעם זיידן, דעם אַלטן דאָן כואַן, אַלץ וואָס עס איז איר פּאַרלאָפן. אָבער ביי דער טיר האָט זי זיך איינגעקלאַמערט אין דער שוועל און נישט אַראָפּגענידערט. וואָס וועט זי דערציילן? אין וועלכן צושטאַנד מ׳האָט זי געפונען? ווי אַזוי וועט זי אים דערציילן וועגן איר באַהאַלטן זיך

און וועגן אירע שרעק־געפילן פאַרן גורל פון איר שטילן ווינקל? וועט ער זי פאַרשטיין? און אויב יאָ, מיט וואָס קאָן ער איר העלפן? ער וועט שאָקלען מיט זיין גרויען קאָפּ, שמייכלען אין די אַראָפּגעפּאַלענע וואָנצעס, גלעטן איר קעפּל מיט זיינע ביינערדיקע פינגער און זי וועט ווייטער בלייבן מיט אומרו און פחד אין האַרצן...

האָט זי פאַרקירעוועט און מיט לייכטע טריט, ווי אויסצומיידן מענטשן־באַגעגעניש, האָט זי זיך געלאָזן צו דער „פּאַרוואַ" (סטויג) שטרוי, וואָס איז געשטאַנען שוין איינגעזונקען און איבערגעפּוילט פון די ווינטער־רעגנס. זי האָט זיך צוגעוואָרפן צו אַ טיפער עפנונג, אַן אויסגעגעסענע פון די פערד דורכן ווינטער, און איינגעגראָבן דעם קליינעם פּנים אין געדעמפטן שטרוי האָט זי זיך אויפן קול צעכליפּעט. זי האָט פרייגעלאָזן דעם שטראָם טרערן ווי אָפּצוּוואַשן איר אָנגעזאַמלטע אַנגסט פאַרן פאַרלוירענעם קעניגרייך אין יענעם פאַרוואָרפענעם ווינקל. גערייצט איז זי נאָך מער געווען פון דעם וואָס אַ צווייטע פרוי אין דער באַגלייטונג פון אַ פרעמדן מאַן האָבן זי אַנטדעקט אין אַזאַ צישטאַנד אין מיטן פעלד. עס האָט זיך איר געדאַכט, אַז אַ גרויסע הייִשעריק־כמאַרע איז אָנגעלאָפן, אָפּגעגריזשעט די לאָנקעס אַרום וואַסער און אַלץ איז געבליבן נאַקעט, נאַקעט קעגן דער זון און מענטשלעכע אויגן...

נאָכן אויסכליפּען זיך האָט אַן אַנדער געפיל גענומען די אויבער־האַנט. דאָס איז געווען אַ גערייצטע נייגעריקייט וואָס האָט זי איבער־געגאָסן ווי אַ הייסער שטראָם. דער אומרו האָט גובר געווען די נאָר וואָס איבערגעלעבטע פּיין. נישט נאָכטראַכטנדיק וואָס זי גרייט זיך צו טאָן, האָט זי זיך געלאָזט צום פאַרמאַטערטן פערד, וואָס איז נאָך געשטאַנען אָנגעזאָטלט און געטריבן פאַרצווייפלט די מאַסן פליגן פונעם דורכגעווייקטן קערפּער.

און ווידער האָט זיך דאָס פערד געטראָגן צווישן די קרומע פעלדער ווי אַ שליח צו אומבאַשטימטע גרענעצן. די פאַרמיטאָג־זון האָט שוין איצט געבריט און געשניטן די קלאָרע לופט־כוואַליעס און אָנגעיאָגט אין די קליינע טאָלן די כישופדיקע מיראַזשן פון בלויע וואַסערן. זי האָט אירע אויגן אָנגעשטרענגט אין דעם בלויען האָריזאָנט. געזוכט די געגאַרטע דערשיינונג און געטריבן אַן אָפּהאַלט דאָס פערד.

ווען זי האָט דערזען זיך הוידען די צוויי אומגלייכע רייט־פערד

האָט זי פאַרקערעוועט אויף אַ זייטיקער סטעזשקע. די אָזיערע איז גע־לעגן אין צווייטן עק, און מירא איז אַהינצו נישט געפאָרן. זי האָט זיך פאַרנומען אויף איינע פון די שטעגעלעך, וואָס האָבן זיך איינגעפלאָכטן אין אַ פלאָנטער־קניפּ פאַר די בלאָנדזשענדיקע אין דער געגנט און צו־קומענדיק צו אַן איינציקן פאַראיינזאַמטן „אמבו“, איז זי שטיין געבליבן אין שאָטן פון זיין ברייטן צווייגן צודעק און אין דערוואַרטונג גע־העשעט שטאַמלדיקע רייד, אָפּגעריסענע און גליענדיקע...

* * *

צוריקגעפאָרן זענען זיי שווייגנדיקע און אפילו עטוואָס אָפּגערוקט איינס פונעם צווייטן. די פאַרגעקומענע סצענע האָט צווישן הערשלען און דער פריצישער פרוי עפּעס ווי אַריינגעפירט אַ מחיצה און אויס־געשיילט די נישט גלייכע פּאָזיציעס זייערע.

נאָך אַ שטיק וועג פון שטילן רייטן האָט זי זיך אָפּגערופן:

— אַזאַ מין קליינינקייט ווי דאָס פאַרוואָרפענע ווינקל — און דאָס פילט אויס די גאַנצע וועלט פון אַ מענטשלעך וועזן... און מיט אַזאַ אומדערוואַרטער דערשיינונג ווי אונדזערע האָבן מיר צעשטערט איר מלוכה...

— יאָ, אויך מיר, די נייע קאָלאָניסטן אין דער געגנט צעוואַל־גערן די ווילדע שיינקייט פון דער וועלט. וויפל איינגעגעסענע וועלטן ווערן צעוואַלגערט טאָג טעגלעך דורך דער נייער וועלט מיט איר טעכניק? די וועלט שרייט און מאָנט ברויט... נישט תמיד טראָגט מען איר צו ברויט אין צייט. נישט איין מאָל באַקומט דער מענטש פריער זיין פאָרציע בליי. אָבער היינט האָבן מיר צעשטערט די חלומות־וועלט פון דעם קליינעם מיידל אָן אונדזער הנאה האָבן... פאַרקערט, איך האָב דעם געפיל פון חרפּה, פון שולד...

— איר פילאָזאָפירט שוין וועגן דער טראַגעדיע פון דער מענטש־הייט... באַפרייט זיך פאַר איין מאָל פונעם וועלט־שמערץ. מיר האָבן געטאָן אַן עוולה דעם מיידל, אָבער זי וועט עס פאַרגעסן... דער פרי־מיטיוועך חוש וועט גובר זיין...

— איך האָף, אַז איר מיינט עס נישט ערנסט — האָט ער גע־וואָרפן אויף איר אַ פאַרוואונדערטן בליק — איר זאָרג און שרעק איז נישט קלענער ווי דער פּחד פון אַ קעניג צו פאַרלירן זיין מלוכה. דער

אומשולדיקער פאַרלאַנג צו שטיפן פריי און אומגעשטערט ביי דער לאגונא, איר קעניגרייך, איז איצט אין גאַנצן צעשטערט געוואָרן. דאָס איז דאָך געווען פון די ווינציקע ווינקעלעך, וואָס ליגן נישט ביים לעבעדיקן טראַקט. זיי, די פרימיטיווע מענטשן קענען נישט קיין אַנדער וועלט און דער איבערגאַנג זייערער איז אַ שווערער. דערפאַר האַלטן זיי זיך פעסט אין די לעצטע „פעסטונגען", די פעסטונגען וואָס צע־שיידן „אונדז" פון „זיי"...

— איך פאַרשטיי אייך אויסגעצייכנט, אָבער מיר וועלן נישט אַריבער די בריק צווישן דעם נעכטן און היינט אָן איבערברוכן און ליידן. דאָס איז ווידער אַ טעמע פאַר פילאָזאָפן. ס'איז דער גאַנג פון דער... נאָר זעט... קוקט זיך צו בעסער אַהינצו!...

אַ פּאָר צענדליק שריט פון זיי אונטער די צווייגן פונעם בוים, האָט זיך אַרויסגעהויבן דאָס פערד אויף וועלכן מירא איז געזעסן. זיינע פאָדערשטע פיס האָט ער פאַרוואָרפן צו דער הויכקייט און איז געשטאַנען אָנגעלענט נאָר אויף די הינטערשטע קאָפּיטעס. דער לאַנ־גער עק האָט דערגרייכט דעם באָדן און דער פאַרשנירטער צוים האָט אויפגעפּראַלט די ציין פונעם נאָכגיביקן פערד. דאָס מיידל האָט גע־דריקט אירע באָרוועסע פיס צום בויך פונעם פערד און איר עטוואָס אָנגעבויגענער גוף אויף הינטערוויילעכס האָט איר ווי אַריינגעוואַקסן אינעם אויפשפּרונגענעם פערד. איין רגע נאָר האָט עס אַזוי געדויערט. מיט אַ הילכיקן אויסגעשריי האָט זי פאַרבייגעיאָגט האַרט נעבן זיי און ווי אַ מיראַזש פאַרשוווּנדן צווישן די פעלדער. זי האָט איבערגע־לאָזן די צוויי רייטנדיקע מיט ברייט צעעפנטע אויגן.

זיי האָבן זיך בלויז אָנגעקוקט און דעם וועג ביזן הויף פון דער יידישער משפחה דורכגעמאַכט אין אַבסאָלוטן שטילשווייגן. זי האָט אַפילו נישט אָפּגעשטיגן אויף אַ ווייל און נישט אָנגעדייט וועגן איר קומענדיקן באַזוך.

צענטער קאַפּיטל

# דער גרויסער יום-טוב

שוין יאָרן ווי מ׳האָט געפייערט דעם טאָג מיטן גאַנצן גלאַנץ ווי עס פּאַסט פאַר אַזאַ פאָלקס-יום-טוב. דער „טאָג פון דער ראַסע" האָט געדאַרפט ווערן דער קנין פון אלע „ראַסן", וואָס האָבן זיך באַזעצט אין דער געגנט, אַרום דער עסטאַנסיע „לאַ קאָנסעפּסיאָן". דאָס מאָל האָט וויקטאָריאַ זיך פאַרנומען צו פּלאַנירן און דערפירן דאָס פּראָגראַם צו זיין רעאַליזירונג.

נאָך לאַנג פאַר דער דאַטע וואָס טראָגט דעם נאָמען פונעם יום-טוב „דער צוועלפטער אָקטאָבער", דער טאָג ווען מ׳האָט אַנטדעקט אַמעריקע, האָט שוין געפּיבערט די עסטאַנסיע מיט די צוגרייטונגען. אַ פּאָר הונדערט שריט פון די צענטראַלע געביידעס, דאָרט ווו עס ענדיקן זיך די צענדליקער אַנגעהאָנגענע טויבן-שלאַקן, נעבן בערגל ווו ס׳שטייט די אַלטע פעסטונג, האָט מען אָפּגערייניקט אַ גרויסן פּלאַץ פאַר די איינריכטונגען פון דער פייערונג.

אויף שטאַנגען און צווייאַקסענע ביימער האָט מען געצויגן דראָטן און שטריק מיט הונדערטער קליינע פענדלעך פון פאַרשידענע פעלקער. צום מיינסטן האָבן געפלאַטערט קעגן ווינט די פענדלעך פונעם לאַנד און פון דער „מאדרע-פּאַטריאַ" — דעם אָפּשטאַם-לאַנד שפּאַניע.

דאָס מאָל האָט די פייערונג געדאַרפט האָבן אַ באַזונדערן עפעקט פאַר די אָנטיילנעמער: די באַטייליקונג פונעם עסטאַנסיערא אורעליאַ רועגעס. דער באַלעבאָס פון די צענדליקער טויזנטער העקטאַרן האָט זיך פאַרגענומען, ווי די „מאַזשאַרדאָמען" (אויפזעער) האָבן איבערגע-געבן בסוד סודות, צו קאַנדידירן אַלס אַלקאַלדע (שטאָט-מאַיאָר) פון

דער דיסטריקט־שטאָט. ער האָט זיך אין די לעצטע מאָנאַטן אַראַנזשירט ביז די אויערן אין פּאָליטיק און כּמעט פֿאַרגעסן אַראָפּצופּאָרן אַהער כּדי אָפּצונעמען באַריכטן און חשבונות. איצט, נאָענט צו די וואַלן, האָט ער פֿאַרשטאַנען, אַז די אָנקומענדיקע פֿיעסטאַ קאָן אים דינען ווי אַ גוט מיטל צו שטאַרקן זיין פּאָפּולאַריטעט. ער האָט צוגעשיקט אַ חניפהדיק בריוול צו זיין קוזינע און געבעטן זי „בייצוטראָגן מיט איר קינסטלערישן געשמאַק פֿאַר דער דערהויבונג פֿונעם יום טוב" און אַז מ'זאָל נישט פֿאַרגעסן אָנצוזאָגן אין די פֿאַרוואָרפֿנסטע ראַנטשאָס, אַז ער, דאָן אורעליאַ, וועט מיט פֿאַרגעניגן יעדן באַגריסן און טרינקען פֿאַרן געזונט פֿון זיינע געטרייע מיטאַרבעטער...

האָט מען טאַקע געזען, אַז דער יום־טוב זאָל איבערלאָזן דעם ריכטיקן רושם: די זייטן פֿלייש פֿון די ביקלעך און שאָף זאָלן זיין פֿון די ווייכסטע און פֿעטסטע; די פֿעסער רויטער וויין זאָלן רייצן מיט זייערע ברייטע בייכער און לאָקן מיט די הילצערנע קראַנען, וואָס סקריפּען ביים אויפֿדרייען. די איינגעאיבטע הויף־מענטשן האָבן זיך אָפּגעגעבן מיט די צוגרייטונגען און אַכטונג געגעבן, אַז קיין זאַך זאָל נישט פֿעלן. באָרוועסע און אָפּגעבערענטע יינגלעך האָבן זיך געטראָגן אויף די רייט־פֿערד ביז צו די פֿאַרוואָרפֿנסטע ווינקלען פֿון דער עס־טאַנסיאַ און אויסער איר און געטראָגן דעם פֿריידיקן אָנזאָג וועגן פֿייערטאָג. אין יענעם טאָג האָט מען אין דער סביבה כּמעט ווי נישט געאַרבעט און אַלע האָבן זיך געגרייט.

אין די פֿריִע נאָכמיטאָג־שעהן האָבן שוין מאַסן רייטערס און פֿלאַכע פֿורן זיך געצויגן צום אויסגעפּוצטן הויף. ווי אַ קאָלירפֿולער טייך האָבן זיי זיך געשלענגלט איבער אַלע וועגן, איבער פֿעלדער און שטעטלעך. אין די פֿאַרגאַנגענע יאָרן האָבן די שטעטלעך אַליין גע־פֿייערט דעם יום־טוב. דאָס יאָר זענען זיי אָבער געריצט און מיטגע־ריסן געוואָרן פֿון דער גרויסער ראַשיקער רעקלאַמע וואָס עס האָבן אָנגעמאַכט די שליחים פֿון דער עסטאַנסיאַ, און די מענטשן האָבן נישט געקאָנט ביישטיין זייער נייגעריקייט. אַ באַזונדערער פֿיר־וואַגאָניקער צוג האָט געבראַכט געסט פֿון ווייטע געגנטן: גוטע־ברודער פֿונעם עס־טאַנסיערא, רעגירונגס־באַאַמטע און סתם לעבּ־יונגען וואָס האָבן גע־וואַרט אויף אַזאַ מין פֿעסט, כּדי אַ הוליע צו טאָן.

עס זענען אָנגעקומען די ערשטע „טראפעראס״ וואָס לאָזן זיך איבער די טיפע וועלדער און סטעפּעס כדי צו ברענגען צוטרייבן די סטאַדעס ווילדע פּי און פערד און באַקומען געציילטע פּעזאָס פאַר זייער טירחה. וואָכן־לאַנג וואַנדלען זיי מיט די סטאַדעס איבער די וועגן און באַגלייט פון גרויסע יאַגד־הינט, לאַגערן זיי נעבן די וועגן ביי צעלייגטע פייערן אונטערן פרייען הימל, און דערציילן און זינגען ביז שפּעט נאָך האַלבער נאַכט. זיי זענען אָנגעלאָפן אין הויף רייטנדיק אויף די ברענענדיקע איינגעאיבטע פערד און פאַרהילכט די וועגן מיט זייער באַקאַנטן אויסגעשריי. זייערע פּנימער זענען געווען אָפּגעברענט ווי די ערשט אָפּגעסמאַליעטע זייטלעך פונעם „אסאַדאַ״ (בראָטן). זיי האָבן באַלד צעלייגט פייערלעך און אָנגעשטעלט די פאַררויכערטע טשייניקלעך פאַרן „אמאַרגאַ״ (די ביטערע מאַטע).

דאַן זענען אָנגעקומען די „דאמינאַדאָרעס״ (פערד־איינאיבער). די אָ פּאמפּאַ־קינדער וואָס קאָנען זיך נישט איינפּאַסן אין אַ רעזשים פון אַרבעט און טאָג-לוין, לעבן אויס זייער קוראַזש איי־פּאַרמעסט מיט דער איינגעשפּאַרטקייט און סטיכיע פון די ווילדע פערד וואָס מען ברענגט צו טרייבן פון די וועלדער. פוילענצער און גרויסע טרינקער, פלאַקערן זיי אויף ראַפּטום, ווי דער פּאמפּאַ־הוראַגאַן נאָך אַ שווערן שטיקנדיקן טאָג, בעת דער „פּאַטראָ״ (ווילד פערד) פאַר־עקשנט זיך און איז גרייט אפילו דעם קאָפּ זיך אָפּצודרייען אויף דער שטריק און נישט נאָכגעבן די בייטש און דעם גלעט פונעם מענטש. זיי גיבן זיך אויך אָפּ מיט קאַסטרירן די אָגערס און אויסברענען די אײַזערנע מאַרק־צייכנס אויף די פערד און קי צו פאַרצייכענען די אָנ־געהעריקייט צום באַלעבאָס. דאָס פירן זיי דורך מיט אַן אמתן קולט. זיי בראָטן די אויסגעשניטענע קאַסטרירטע אברים פון די בהמות, וואָס איז פאַר זיי אַ דעליקאַט־ביסן. דערוויל האָבן זיי זיך אָפּגעגעבן מיט דער „סאַפּאָ״־שפּיל (אַ זשאַבע), און צוגעגרייט דאָס גרויסע טויער פאַר די „סאָרטיכאַס״ (געיעג פון פערד, בעת דער אָנטרייבער דאַרף מיט אַ שטעקעלע אַראָפּציען אַ רינגל וואָס הענגט אויפן באַלקן פון טויער) בעת די פאַרנאַכטיקע פייערונגען. זיי קריכן נאָך אַרום ניכ־טערע און דערפאַר זענען אויך זייערע גרויסע אומהיימלעכע מעסערס אין שייד נאָך אומשעדלעך. די גרויסע פעסער ווייַן רוען נאָך הינטער?

שלאָס און די שליסלען ליגן אין די טיפע קעשענעס פון דאָן־כעראַנימאָ. און אים זעט מען היינט נישט אָן. ער האָט זיך פאַרשלאָסן אינעם פרײַ־וואַטן טונקל־קילן קאַבינעט פונעם עסטאַנסיערא און דאָרטן זענען זײַ פאַרטאָן אין שמועסן און חשבונות.

לאַנגזאַם האָט דער הויף זיך צעליאַרעמט מיט אַ פילפאַרביקן און געדיכטן עולם. די ברייטע עוקאַליפטוס־און טאַמאַריסקן־אַלייען זענען אָנגעפּראָפּט געוואָרן מיט פורן און רייט־פערד. אין אַ ווינקל, אויף אַ גרין געדעקטן טיש, האָט אַ גראַמאָפאָן אויסגעשפּילט פריילעכע לאַנד־ און שפּאַניאָליש־רעגיאָנעלע מאָטיוון. דער מעטאַלענער אָפּקלאַנג פון זילבערנע שפּאָרן, דאָס קוויטשערײַ פון הונדערטער קינדער, דאָס געלעכטער פון אויסגעפּוצטע יונגען און מיידלעך, און איבער אַלעמען, די צעפּאָכעטע קאָלירטע פענדלעך, האָבן צוגעגעבן דעם אַרום דעם אויסזען פון אַ גרויסן יריד.

די אַלטע גאַוטשאָס האָט מען צוגעטיילט דעם כבוד צו בראָטן די „אַסאַדאָס". זיי האָבן נאָך לאַנג פאַר זון־אונטערגאַנג אָנגעצונדן די שייטערס האָלץ, און צענדליקער זייטלעך פון אָקסן און שעפּסן האָבן זיי אָנגעשטעקט אויף ריזיקע שפּיזן. געבראָטן האָבן זיי די בהמות מיט דער פעל אין איינעם און דאָס פייער צעלייגט אין אַ קרייז אַ פּאָר מעטער ווייט פונעם פלייש. ווען דער רויך איז פאַרבײַ און געבליבן זענען בלויז גרויסע אָנגעגליטע קוילן, האָבן זיי מיט אייזערנע קאָטשע־רעס זיי צוגערוקט לאַנגזאַם, לאַנגזאַם צו די ענגגענדיקע זייטלעך. דאָס טריפנדיקע פעטס האָט מאָנאַטן געטרעשטשעט און די אַלטע גאַוטשאָס האָבן אויפן פלייש אָנגעטריפט פלעשער מיט צוגעגרייטע שאַרפע „סאַל־מוערא" (זאַפּראַוועס) און דער אַסאַדאָ האָט איינגעזאַפּט דעם גערייצטן טעם פון רויטן פעפער, פעטרישקע און זאַלץ־וואַסער. דערבײַ האָבן די כוהנים פונעם בראָטן־קולט געטרונקען די ביטערע מאַטע און צוגעביסן אויפגעפּלאַצטע קישקעס, וואָס זיי האָבן געבראָטן אויף די קוילן נישט גערייניקטערהייט.

אַ גרויסער טייל פונעם עולם האָט זיך פאַרזאַמלט אַרום איינעם פון די פליגלען פון דער עסטאַנסיאַ. די אומגעדולדיקייט בײַ די פאַר־זאַמלטע האָט פאַראויסגעזאָגט אַן אַטראַקציע. ווען דער עולם איז גרע־סער געוואָרן און דער רעש איז געוואַקסן ביז פאַרטויבט צו ווערן, האָט

אַ שאַרפער טרובען פון אַ „קלאַרין" (טראָמפּייט) אויפגעריסן די לופט. באַלד איז אויפגעפּראַלט געוואָרן דער גרויסער רויטער טויער פונעם סקלאַד און דער פאַרזאַמלטער המון האָט אויסגעבראָכן מיט אַ הילכיקן בראַוואָ־פּאַטשן און וויוואַט־געשרייען.

געשטופּט און געצויגן מיט געמאָסטענע טריט דורך די עלטערע גאַוטשאָס פון דער עסטאַנסיאַ, האָט זיך גערוקט פאָרויס דער גרויסער אַלטער וואָגן, די רעליקוויע פון אַלטן רוענעס צייטן. מיט אָט דעם וואָגן איז דער ערשטער פון דער משפחה אַריינגעפאָרן אין דער דע־מאָלטיקער ווילדער סביבה און געשפּאַנט מיט אָקסן־שריט צו דערגרייכונג און הצלחה. דער אַ וואָגן איז געוואָרן דער סימבאָל פון אַרבעט און אויסדויער. איצט איז ער געווען באַפּוצט מיט בלומען און שפּאַניש־אַרגענטינער פענדלעך און האָט געטראָסקעט מיט די אַלטע ברעטער און אויסגעטריקנטע רעדער־שפּיצן. אויף דער קעלניע, ווו מיט יאָר־צענדליקער צוריק איז געזעסן דער אַלטער רוענעס און אָנגעטריבן די אָקסן, איז אָצינד געווען אָנגעלענט און באַפּוצט דאָס בילד זיינס. דאָס נאָך יונגע געזיכט האָט געזעט אינעם שאָטן פון די לאַנגע און פעטע וואָנצעס ווי צוויי צעשפּרייטע פליגל פון אַ רויב־פויגל און געווען אַרומ־געזוימט מיט אַ קליין שפּיציק בערדל און באַקן־בערד. די פאַרשוויי־מענע העלע אויגן האָבן מיט כוח זיך געריסן פון דער ראַם צו די ווייט־קייטן, וואָס די הענט האָבן שוין נישט געקאָנט אַרומנעמען.

דער המון האָט געפּאַטשט און געשריגן מיט באַנומענע קולות און ס'איז שווער געווען זיך פונאַנדערצוקלייבן צו וועמען זענען געווענדט די אָוואַציעס: פאַרן אויסגעפּוצטן צעפאַרענעם וואָגן אָדער פאַרן בילד פונעם פאַרשטאָרבענעם, צי גאָר פאַר דעם, וואָס קלייבט זיך צו ווערן אַ רעגירער.

דער יונגער רוענעס איז נאָכגעגאַנגען דעם וואָגן און אַרויפגע־לייגט די האַנט אויף אים, ווי צו מקיים זיין אַ בכבודיקע מצווה. אין דער צווייטער האַנט האָט ער געהאַלטן די פּראַכטפול־אויסגעאַרבעטע „רע־ווענקע" (ספּעציעל בייטשל) פון חזיר־פעל. איר האַרטע טייל איז געווען אַרומגעזיימט מיט זילבערנע רינגען, וואָס האָבן איצט געפינקלט קעגן די לעצטע זון־שטראַלן. ער איז געווען געקליידט אין אַ העלן און גע־פּאַסטן פעלד־אַנצוג און לאַקירטע שטיוול. זיין ברייטער גלאַקן־הוט איז געלעגן אויף די געקרוינטע האָר מיט אַ שטייפקייט, וואָס האָט געמאָנט

רעספּעקט און דיסטאַנץ. ער איז געווען נאָענט צו די פּערציקער און האָט נישט באַוויזן זיך אויסצוקלייבן אַ פּרוי פֿון צווישן די אומצאָליקע וואָס האָבן פֿאַרבראַכט אין זיין געזעלשאַפֿט. ער איז געווען פֿאַרטאָן אין גייציקע געשעפֿטן און אין שטענדיקע רייזעס וואָס האָבן נישט דערלויבט צו טראַכטן וועגן איינאָרדענען אַ משפּחה־ווינקל.

די פּראָצעסיע האָט דערגרייכט צום סאַמע מיט פֿון אויפֿגע־שטעלטן לאַגער. אַלע וויכטיקע אונטערפֿירער און קלענערע פֿאַרוואַל־טער, וואָס האָבן געקלעפּט אַרום דעם פּריץ, האָבן זיך איצט גע־לאָזן צום לויף־פּלאַץ. די זון האָט זיך פֿאַררוקט פֿון יענער זייט בערג־לעך. דאָס אומנאַטירלעכע רעווען פֿון די בהמות ערגעץ ווייט האָט אָפּגעקלונגען ווי אַ נאָגנדיקער הספּד נאָך זייערע ברידער און שוועס־טער וואָס בראָטן זיך איצט אויף די צעלייגטע פֿייערן. זענען דאָך אַרומגעגאַנגען צווישן די טראַפּעראָס געשיכטעס וועגן דעם ווי אַזוי די בהמות רעאַגירן בעת מען שעכט עמעצן פֿון די בלוט־נאָענטע. מ׳האָט געקאָנט, האָבן זיי דערציילט, פֿאַרקויפֿן אַ קו אויף צענדליקער קילאָ־מעטער ווייט פֿון דער סטאַדע, אָבער אינעם טאָג ווען מ׳האָט זי גע־שאָכטן, האָבן אַלע קי געצויגן זיך אויף די וועגן אין דער ריכטונג פֿון דער געשאָכטענער, געהויבן די קעפּ צום הימל, געשמעקט די לופֿט און געמרוקעט מיט אַ טרויעריקן רעווען.

עס האָט זיך אָנגעהויבן דאָס געלויף פֿון די „סאָרטיכאָס״: אויף די אויסגעוואַשענע און אויסגעקעמטע פֿערד מיט זייערע יום־טובדיקע זאָטלען, באַהאָנגענע מיט פֿענדלעך, האָבן די אָנטיילנעמער זיך אַרויפֿ־געכאַפּט און אויסגעשטעלט זיך אין אַ גלייכער ליניע. אין דער שפּיץ, אַ צענדליק שריט פֿאָרויס, איז אויף אַ דין־בייכיקן ראַסאָוון „אַלאַסאַן״ געזעסן דאָן אורעליאָ און דעם בליק איינגעביסן אין דער אַלטער קאָ־לאָניאַלער פֿעסטונג, וואָס איז מאַיעסטעטיש און מאַסיוו געשטאַנען קעגנ־איבער דעם בערגל. לויט זיין אָפּוואַרטן האָט דאָ באַדאַרפֿט עפּעס זיך אָפּשפּילן. ווידער האָט אַ שאָס געטאָן און דער גוטבאַזיצער האָט אַ פֿאָכע געטאָן מיט דער אידעלער רעוואָנקע. אַ דונערדיקער זאַלפּ האָט אויפֿגעריסן די פֿאַרנאַכטיקע לופֿט און גרויסע פֿייער־ראַקעטן זע־נען געפֿלויגן איבער דעם טיפֿן רוים. דאָס זענען געווען ראַקעטן פֿון פֿייער־ווערק, אָבער אַזוי ווי זיי זענען אויסגעשאָסן געוואָרן עטלעכע

צוזאַמען, און פונעם פעסטונג־בערגל — האָט זיך געדאַכט, אַז אויף אַ רגע קערט זיך אום דאָס אַמאָליקע בילד ווען די לעצטע אינדיאַנער האָבן נאָך עקשנותדיק געשאָסן זייערע פיילן אין דער פעסטונג פון דאָרדאַ ראַטשאַ. די ענלעכקייט איז געווען אַזאַ נאַטירלעכע, אַז דער עפעקט האָט געבראַכט כמעט צו פּאַניק. עס האָט זיך געדאַכט, אַז די קאַנאָנען־פּיסקעס גיבן נאָך אַרויס רויכיקע זיילן און אַז פאַרשטיקטע קולות האָבן זיך פון דאָרט געטראָגן. אָט דעם אַריינפיר האָט צוגעגרייט און צוגעטראַכט וויקטאָריאַ, וואָס האָט היינט דיריגירט איבער אַלע נומערן פון דער פייערונג.

ווען דער בלאָז־אָרקעסטער פון אַ נאָענטן שטעטל האָט אָפּגעשפּילט אַ מיליטער־מאַרש האָט דאָס פערד־געיעג פון די „סאַרטיכאָס״ זיך צוגעהויבן.

פערד ווערן דורך לאַנגע וואָכן איינגעאיבט צו אָט די גרויסע פאַרמעסטונגען, וואָס דערוועקן עקסטאַז ביי די אָנטיילנעמער און נאָך מער ביי די צושויער. ביי אָט די לעצטע צעשפּילט זיך די האַזאַרד־צערייצטקייט, עס הערן זיך רופן אויף דעם און יענעם צד, מען שטעלט איין געלט־סומעס און מען איז גרייט ביז בלוט צו גיין אין פאַרמעסט פון די כוחות.

דאָס מאָל איז אָנגעגאַנגען אַ מין גרופּן־געפעכט צווישן יונג און אַלט. עס האָט דאָ געדאַרפט דעצידירט ווערן ווער עס וועט האָבן די אויבערהאַנט: די געניטקייט פון דעם אַלטן דור אָדער די געשולטקייט פון די יונגע. דער פאַרלויפער פון דער עלטערער גרופּע איז געווען דאָן קאַסטראָ, זיין דערשיינען אין שפּיץ פון דער ריי האָט ביי די קענער פון דער לאַנד־געשיכטע אַרויסגערופן אַן אַנאַלאָגיע צווישן אָט דעם אַלטן שלאַנקן גאַוטש און דער לעגענדאַרער געשטאַלט פונעם גאַוטש־קעמפער קעגן דער פרעמדער מאַכט, מאַנועל גוועמעז. ער איז געזעסן ווי איינגעוואַקסן אויפן זאָטל און באַצירט מיט אויפשטאַטונג פון קאָפּ ביז די פיס. אַ רגע נאָר פאַרן אָנהייבן דאָס געיעג האָט ער אָנגעבויגן דעם קאָפּ צו דער לאַנגער גריווע פונעם פערד ווי צו אַריינשושקען אַ שטילן סוד אינעם באַוואַקסענעם אויער. אַ לייכטער טרייסל מיטן אויער האָט פאַרגעזאָגט פאַרשטענדיקונג. דאָס איז געווען אַ מין שטיל צוזאַמענריידן זיך אין אַ שעה פון נסיון ווען דער כבוד פון דעם עלטערן דור

איז געשטאַנען אין קאָן. דאָן קאַסטראָ האָט געגעבן אַ שטאַרק מיט די שפּאָרן צווישן דעם פערדס ריפּן, דאָס פערד האָט זיך אַ הייב געטאָן מיט די פאָדערשטע פיס אין דער לופטן ווי צו וועלן איינעמען מיט איין מאָל אַ שטיק פונעם רוים. אינעם געלויף האָט דאָן קאַסטראָ אַנגעשטרענגט זיין בליק פאָרויס און ביים דערנענטערן זיך צום טויער עלעגאַנט זיך אַ הייב געטאָן. דאָס ריגגל איז ווי דורך אַ כישוף געהאָנגען אויפן אָנגעצילטן שטעקל.

די יונגערע פון די אַנטיילנעמער האָבן אויף די אויסגעכאַליעטע „פּאַטראָנקעס" (יונגע קלאַטשעס) געוויזן די פאַרשידנסטע עפעקטן איידער זיי זענען אַריין אין ריכטיקן געיעג. זיי האָבן זיך געהוידעט אויף די לייכטע וויכערישע פיס פון די פערד, געשפּרונגען זייטיק און זיגזאַגיש און דערביי געוווּנקען צו די יונגע מיידלעך.

און ווען מ'האָט געדאַרפט באַשטימען אויף וועמענס גורל עס איז אויסגעפאַלן דאָס ערשטע אָרט אין פאַרמעסט, איז די אַרבעט פון די ריכטער נישט געווען קיין לייכטע. מ'האָט געוואויגן צווישן טעכניק און טראַדיציע, פלינקייט און פּרעציזקייט — און די וואַגשאָלן האָבן זיך געהאַלטן אין אַ גלייכער ליניע. בכדי נישט אַרויסצופירן די אומגעדולדיקע מאַסע פון גלייכגעוויכט האָט מען געפּסקנט גלייך אויף גלייך מיט אַ לייכטער אויסטיילונג לטובת די יונגע.

נאָכן אויסטיילן די פּרעמיעס האָט מען זיך מיט אַ געשטופּעריי אַריינגעקליבן אין אַ ריזיקער סטאַדאָלע. די יוגנט האָט נאָך פאַרן עסן אַריינגעכאַפּט עטלעכע לייכט־וויגנדיקע טענץ און די עלטערע האָבן מיט זשעדנע אויגן געקוקט אויף די פעט־טריפנדיקע אָקסן־זייטן. מיט אַ הורא־געשריי האָבן זיי אויפגענומען די פיאַנען וואָס האָבן אָנגעהויבן אַריינקאָלערן די בייכיקע פעסער וויין. דער עלטסטער פון די טראַפּעראָס האָט דאָס ערשטע זיטל צוגעטראָגן צום ווינקל וווּ דאָן אָורעליאַ איז געשטאַנען און עס אויפגעהאָנגען אויף אַ האַטשיק פון וואַנט. דאָס איז געווען דער צייכן אַז די עס־צערעמאָניע האָט זיך אָנגעהויבן.

די פאָלקס־פייערונגען אין דאָרף צייכענען זיך אויס מיט זייער פרייקייט און אומגעצווונגענקייט. נישטאָ קיין טישן און נישט קיין אויבנאָן. דער צענטער איז דאָס אָנגעהאָנגענע זייטל און דאָס פאַס וויין מיטן הילצערנעם קראַן. קיינער ווערט נישט געלאַדן און קיינער ווערט נישט

צוריקגעשטויסן. געסט און גאַסט־געבער מישן זיך צונויף אין איין מאַסע אָן צו פרעגן און אָן צו בעטן.

הענט האָבן זיך געצויגן מיט אַנטבלויזטע מעסערס און דאָס וואַרעמע פעטע פלייש האָט געריצט דעם גומען. אין אָנהייב, ווי עס פירט זיך תמיד, איז אַנטשטאַנען אַ געדרענג, אָבער ווען עס האָבן זיך געמערט די ברוין־אויסגעבראָטענע זייטלעך האָט דאָס שטופעניש נאָכ־געלאָזן. אַלע מיילער זענען פול געוואָרן און די ליפּן האָבן געטריפט מיט שמאַלץ. שוואַרצע מאַזאַליעטע הענט פון די פעלד־מענטשן און ווייס־געכאַליעטע פינגער פון באַן־באַאַמטע, האַריקע לאַפּעס פון די טראַפּעראַס און פוכקע הענטלעך פון שטאָטישע דאַמען — אַלע האָבן זיך איינגעקלאַמערט מיט תאווה אינעם ווייכן פלייש און שטייענדיקער־הייט איינגעגראָבן די ציין ווי אין שרעק, אַז דער ביסן זאָל נישט ארויס־געריסן ווערן. דער ביטערלעכער ווייַן האָט געשוימט אין די בלעכענע טעצלעך, פאַרגאָסן די שמאַלציק־פאַרסאַזשעטע מאָרדעס מיט אַ באָרדאָ־קאָליר. די קראָכמאַליעטע העמדער זענען געוואָרן פאַרפלעקט און די בלעכן זענען פול געווען מיט גרויסע ריפּן־ביינער, אפילו נישט קיין אָפּגעגריזשעטע ביזן סוף.

דער גוטבאַזיצער, אַרומגערינגלט פון זיין נאָענטער סוויטע, האָט זיך געלאָזן ווילגיין, ווי אַלע פּשוטע געסט געשניטן פאַסן פלייש און געהויבן דעם ווייַן־בעכער מיט אַ ברוסטיק געלעכטער. פון צייט צו צייט האָט ער זיך אַ שושקע געטאָן מיט זיין הויפּט־פאַרוואַלטער, פאַרקרימט דאָס געזיכט און אויסגעפּלאַצט אין פאַרשטיקטן כיכיקען, ווען דער ווייַן האָט געשפּריצט ווי אַ רעגן צווישן די ליפּן. ער האָט לייכט, גוטברודעריש, געשמיסן מיט דער רעכטער האַנט, און ווען ס'איז פאַרביי אַ יונג מיידל האָט ער מיטן הענטל פונעם בייטשל זי געקיצלט אונטער דער פאַכווע. איין מאָל איז ער ערנסטער געוואָרן און זיך אַרומקוקנדיק צווישן עולם אָנגעוויזן אויף נישט באַקאַנטע פּנימער און זיך נאָכגעפרעגט ביי דאָן כעראַנימאַ וועגן זיי.

גרופּנווייז האָבן זיך פאַרזאַמלט די נייע משפּחות פון דער געגנט. אין איין ווינקל איז געשטאַנען האַנס נאַגעל מיט זיין פרוי און קינדער. זיינע רויטלעכע וואָנצעס זענען איצט געווען צעקעמט און אויסגעקרויזט. דאָס איז געווען קעגן די אָנגענומענע פירונגען פון די

סאַראַטאָווער דייטשן. צווישן זיי האָבן נאָר די יונגע געטראָגן גע־דרייטע וואָנצעס. די עלטערע דייטשן זענען געווען שטענדיק גלאַט ראַזירט. האַנס האָט אָבער געוווסט אַז זיינע אָנגעשטייפטע וואָנצעס גיבן צו חשיבות דעם פולן פּנים, האָט ער געבראַכן דעם מנהג. איצט זענען די וואָנצעס שוין געווען גלאַנציק אָנגעפּעטסט און איינגעזאַפּט אין ווייך וואָס ער האָט געגאָסן אין גאָרגל אַריין פונעם טשייניק, וועלכן האָט געבראַכט פון שטוב. בעתן פאַרוואַרפן דעם קאָפּ הינטערווײלעכטס און אַריינטריפן דעם ווייך, האָט ער אויסגעזען ווי אַ גראָבער קאַטשער, וואָס שווענקט דעם גאָרגל נאָך אַ שטאָפּנדיקן קלייען־ביסן. מיטן אָרבל האָט ער געווישט די ליפּן, מיט די פולע פינגער־שפּיצן אויסגעגלעט די צעצויגענע וואָנצעס — און ווידער זיך גענומען מיט די שוואַרצע אויסגעפוילטע צייך צום בראטן.

די „מודער" האָט זיך געפּלאָנטערט אין אירע פאַרביק־ברייטע קליידער און אַרומגעפּאַדעט ווי אַ קוואָקע, וואָס האָט שאַרשקענדיק זיך אינעם מיסט אַנטדעקט אַן אוצר מיט קערנער און זי ווייסט אַליין נישט וואָס פריער צו כאַפּן און וועמען פריער מכבד זיין. זי האָט געטראָגן שטיקער פלייש, געטיילט אויף רעכטס און לינקס און אפילו קיין צייט נישט געהאַט אַליך צו נעמען אין מויל אַריין. איר אָפּגעסמאַליעט רויט געזיכט האָט געפלאַמט און אפילו די פאַרביקע קלײדער האָבן ביים באַוועגן זיך אויסגעזען ווי דער אָנגעשטעלטער עק און די פליגלען־פע־דערן פון אַ צעליאַרעמטער הון...

מער באַשיידן איז געווען די אַרמענישע משפּחה. ווי פריטשמע־ליעט פון אַזאַ שפע שפּייז, האָט זי זיך געהאַלטן צוריקגעצויגן, נישט געוואַגט צו דערנענטערן צום זייטל און זיך באַנוגנט ווען עמעצער האָט זיי דעם ביסן צוגעטראָגן. זיי זענען געוווינט געווען צו שפּייזן זיך מיט דעם טרוקענעם באַקאַלעי־פיש. הערשל האָט זיי טיילמאָל געבראַכט אויף זונטיק אַ דערשאָסן פעלד־חיהלע. האַנס נאַגעל האָט זיך דערנענטערט צו די אַרמענער און פאַרגעלייגט צו טרינקען פאַר גוטער שכנהשאַפט. זיי האָבן געהויבן דעם בלעכענעם טשייניק, געצויגן פונעם זעלבן פיסקל און נאָך דעם איבערגעפירט דעם ווייך פון מויל צו מויל ביי דער גאַנצער משפּחה.

דער אוקראַינער שענקער האָט זיך אָנגעטראָגן פון ערגעץ און געאיילט, אַ האַלב שיכורער, אַריינצושטעקן זיין ברייטע האַנט אין דער מאָזאָליעטער דלאָניע פונעם דייטש. ביז איצט האָט ער זיך געלאָזט ווילגיין מיט אַ גרופּע נאָר וואָס אָנגעקומענע אוקראַינער, וואָס אַרבעטן ביים פאַרריכטן די באַן־רעלסן. דערזעענדיק פון דער וויטנס דעם סאַראַטאָווער דייטש, וואָס האָט שוין באַוויזן צו געפינען דעם וועג צו זיין שענק, האָט ער זיך אַ ריס געטאָן מיט התפּעלות און אויסגערופן מיט קנאה:

— ביי גאָט, ברודערל! וויק איז דאָ אויף גאַנצע צען יאָר אויס־צוהאַלטן מיין שענק... פול, פול ווי דער טשאַרנע מאָרע... געזען אזעל־כעס?... — ער האָט זיך ווי אַ פאַרכליגעטער צעשלוקערצט און די שטענדיק גרוי־שפּיציקע אויגן זענען איצט געווען צעשוווּמען, ווי בוימל־רינגעלעך אין אַן עמער וואַסער...

מיט פלאָנטערדיקע פיס האָט ער זיך אָוועקגעלאָזט שפּאַנען צווישן די פריילעכע גרופּעס ביז ער האָט זיך אָנגעשטויסן אין דער יידישער משפחה, וואָס איז געשטאַנען אין אַ וויטן עק און זיך צוגעקוקט צו אַלעם פון דער זייט. זיי האָבן אָנגענומען די איינלאַדונג פון וויקטאָריאַן. אָבער געגעסן האָבן זיי נישט. הערשל איז פון מאָל צו מאָל פאַרשווונדן צווישן דער ענגשאַפט, זיך צוגעקוקט צום מאָדנעם עס־קולט און אַליין אויך נישט בייגעשטאַנען און טועם געווען.

— פּאַסמאָטרי... פּאַסמאָטרי... אויך דער זשידקאָ איז דאָ מיט זיין כאָפּטע! אַ פיין משפחהלע, ניין? וואָס מיידסטו אויס מיין שענק, דו! אַ קרעציקער בין איך? נו, איך וויס, מקנא ביסטו, ניין?...

און דערזעענדיק די אונטערגעוואַקסענע טאָכטער מיט די בלאָנדע ווייצן־האָר, איז ער ווי אין התפּעלות אַריינגעפאַלן און זי אַ צי געטאָן פאַרן פאַרשפּיצטן נעזל: „הוי־האַ! ס׳וואַקסט אַ סחורהלע ביי דיר. און אַ ראַבין האָסטו שוין אָנגעגרייט פאַר איר? גלייך פון סינאַגאָגע אַרויס! כאַ־כאַ־כאַ"... — און ער האָט זיך ווייטער געפּלאָנטערט צווישן די פיס.

אפילו דאָס אויסגעצויגענע פּנים מיט דער פאַרשפּיצטער גאָמבע פון שטענדיק שטילן מאיר האָט זיך איצט פאַרקרימט פון צאָרן און

עקל. בלויז דער ווונק פון פאָטער האָט אים אָפּגעהאַלטן פון אַראָפּלאָזן זיין פויסט אויפן צעפלאַטשטן פלאַקסענעם קאָפּ פונעם אוקראַינער, האָט ער זיך נאָר באַגנוגנט מיט אַ ציין קריצן און צוגעוואָרפן:

— חזיר! היט דיינע שמוציקע הענט! — אפילו ניאָמע איז געבליבן געפּלעפט און דערשראָקן פון מאירס פלוצעמדיקן אויפברויז.

מיט זיין שאַרפן בליק האָט דער גוטבאַזיצער אויסגעטיילט די יידישע משפחה און געזען ווי זיי שטייען אין אַ זייט און באַטייליקן זיך נישט אין דער סעודה. האָט ער אַ פרעג געטאָן די נאָענטע אַרום אים און געבעטן אַן אויפקלערונג.

— דאָס זענען רוסאָס! — האָט אים איינער פון די פּאַרוואַלטער געענטפערט — ביי דעם בערגל פון „די זיבן פיילן" האָבן זיי זיך באַ־זעצט...

— דאָס זענען וויקטאָריאַס מענטשן — האָט דער הויפּט־לץ פון דער עסטאַנסיאַ זיך אַריינגעמישט — פרעגט איר, זי וועט אייך, מי סע־ניאָר, געבן די ריכטיקע אויפקלערונג — דאָן אַלעגראַ איז געווען דער טרעגער פון אַלע רכילותן איז דער עסטאַנסיאַ און פאַרקאָכט אַלע פּי־קאַנטע אינטריגעס. ער האָט וויקטאָריאַן געהאַסט און תמיד געזוכט צו פּאַרמיאוסן זי אין די אויגן פון איר קוזין.

דאָן אַורעליאָ האָט דאָס מאָל געפאָלגט דעם לץ. ער האָט געזוכט וויקטאָריאַן וואָס האָט גראָד געשמועסט מיט הערשלען.

ווען זי האָט געהערט וואָס זייך ווילן איז, האָט זי זיך הילכיק צע־לאַכט און אָנווייזנדיק אויפן בחור אים פאָרגעשטעלט:

— דאָס איז איינער פון דער נייער משפחה. א געוועזענער רעוואָ־לוציאָנער און היינט אן ערד־ארבעטער. גרעגאָ איז זיין נאָמען — און אָנ־נעמענדיק הערשלען ביים אָרעם — דאָס איז דאָן אַורעליאָ, דאָן אורע־ליאָ רוענעס...

הערשל האָט אים דערלאַנגט די האַנט און באַטראַכט א ביסל פאַר־לאָרן דאָס פּנים פונעם פּריץ, [illegible] ברוינע הויט איז געווען דורכגעשנירט מיט בלוילעכע אָדערלעך — אַ סימן פון אַ סך טרינקען און ווייניק שלאָפן.

— אַזוי? ווערט איר רעקאָמענדירט אלס ניהיליסט? און אפשר טאַ־

קע אויך אלס טעראָריסט? — ער האָט אים גוטברודעריש געקלאַפּט אי־
בער דער פּלייצע — אויך דאָ וועט איר נישט בלייבן אָן אַרבעט! אָט,
איך אַליין, צום ביישפּיל, איך גרייט זיך צו ווערן מאַגיסטראַט...כאַ־כאַ־
כאַ... און ווו האָט איר די שפּראַך געלערנט אַזוי שנעל?... גוט, אמיגאָ,
גוט וואָס איר לערנט דאָס לאַנד...

— אָבער איר האָט דאָך פון מיר נאָך קיין וואָרט נישט געהערט —
האָט הערשל פאַרשעמט געענטפערט — איך האָף באמת צו לערנען
גרינטלעך די שפּראַך...

אָבער דער גוט־באַזיצער האָט נישט נאָכגעגעבן. ער איז געווען
געשטימט צו פאַרפירן א פרייען שמועס:

— ווער עס שטייט דאָ אין מיטן סאַלאָן און פירט דעם שמועס
מיט וויקטאָריאַן, אַזוי אָן שוועריקייטן, דער איז שוין נישט קיין „גרינ־
גאָ" (גרינער). עס מאַכט נישט אויס, זי האָט זיך היינט אויסגעצייכנט.
היינט איז דער טאָג פון אַלע ראַסן, וואָס געפינען זיך אין דער נייער
וועלט. אין אונדזער לאַנד קען יעדער פריי לעבן און באַוועגן זיך. נאָר
רעספּעקט פאַרן געזעץ און פאַרן פאַרמעגן זאָל ער האָבן... — און לאַכנ־
דיק האָט ער אים געוואָרנט מיטן בייטש־שטעקל — ווען איר קומט קיין
ב. איירעס פאַרפעלט נישט צו באַזוכן מיין הויז...

הערשל האָט אים באַטראַכט א ביסל פאַרגאַפט. דאָרט, אין רוס־
לאַנד, האָט יעדער קליינער פּריסטאַוו פאַרמאָגט די פאַרריסענע גאווה
פון אַ פּרינץ. און דער פּרינץ אַליין? צי האָט ער אפילו א פריינדלעכן בליק
געשענקט דעם געוויינטלעכן מענטש פון גאַס? און זיין באַציונג צו די
פּויערים... דאָ האָט ער פאַר זיך א באַלעבאָס פון צענדליקער טויזנ־
טער העקטאַר באָדן. ער מישט זיך אויס אין טאָג פון פאַלקס־פרייד מיט
די נידעריקסטע און ווי אַ גלייכער מיט גלייכע שנײדט ער פאַסן פון
די אָקסן־זייטלעך און טרינקט דעם זעלבן רויטן ביליקן וויין...

וויקטאָריאַ האָט זיך אריינגעמישט און אָנוויזנדיק אין דער ריכ־
טונג פון הערשלס משפחה האָט זי געזאָגט:

— איך זע ווי איערע שטייען פון דער וויטנס און נעמען קיין
זאַך אין מויל אַריין — צי שעמען זיי זיך?...

— נישט דאָס איז די סיבה — האָט ער איר געענטפערט — דאָ
זענען פאַראַן ריטועלע מאָטיוון — און ער האָט געפּרוווט מיט זיין

מאַגערער שפּראַך אויפקלערן ווען כשרות. זיי האָבן געצויגן די אַקס־לען. אָבער וויקטאָריא האָט געשיקט ברענגען פאַר זיי ברויט און מאַר־מעלאַד פרעגנדיק פריער הערשלען אויב דאָס איז דערלויבט זיי צו עסן.

— באַלד וועלן מיר צוקומען צו דעם וויכטיקסטן נומער — האָט זי צוגעוואָרפן — דאָס וועט איר שטענדיק געדענקען. גרייט זיך אויך אָנטיילצונעמען...

ווידער האָט א שאַל געטאָן און מ׳איז זיך צוזאַמענגעלאָפן, ווער מיט שטיקער פליש און ריפּן אין די הענט און ווער מיט קענדלעך וויין, אויפן גרויסן אַרענע־פּלאַץ און זיך אויסגעשטעלט אין א קרייז, לאָזנדיק אין דער מיט א פרייען אָרט.

א שפּאַנישער אָרקעסטער האָט אויפגעשפּילט און ס׳האָט זיך אָנ־געהויבן די דעפּילאַדע פון רעגיאָנעלע טענץ. ביי די ערשטע טענער פון די גאַיטאַס, גיטאַרעס און קאַסטאַניועלאס זענען דערשינען עטלעכע יונ־גע מענער און פרויען אָנגעגורט אין ענג־געפּאַסטע אַנדאַלוזישע קליי־דער, שפּרינגענדיק זייטיק און וויכעריש האָבן זיי זיך אַ דריי געטאָן אויף די שפּיץ־פינגער ווי אַן אומזעבאַרער ווינט וואָלט א שאַרך געטאָן. די האַרמאָניע צווישן דער איבערישער זאָרגלאָזיקייט און מאַראָקאַנישער פאַרבענקטקייט האָבן דורך דער מוזיק און דעם לייכטן באַריר פון די שפּיץ־פינגער אריינגעפירט אין דער וועלט פון קלאַנגען און פאַרבן. דעספּאָטיזם און פרייהייט־לעכצן, רייכקייט און אימפּאָטענץ...דאָס אלטע שפּאַניע מיט אירע מאָטיוו פון אַראַבישער ארכאַאישקייט איז אויפגע־שטאַנען פאַר די אויגן, און דער עולם, וואָס איז מערסטנס געקומען פון דאָרט אָדער געטראָגן אין האַרצן די פיעטעט פאַר דער „מאַדרע־פּאַ־טריאַ" — האָט מיטגעלעבט דעם אויפשטייג פון טאַנץ און מוזיק. זיי האָבן מיט באַנומענע קולות געשריגן: „האָלע, האָלע!", געפּאַטשט מיט די טאַשן־טיכלעך און געפליאַסקעט אַן אויפהער.

דערנאָך האָט זיך באַוויזן אַ שפּאַניאָלישע ציגיינער־סאָליסטין און מיט איר לייכטן גוף און קאָלירטע טיולן האָט זי אויסגעפורעמט אַקראָ־באַטישע ליניעס וואָס זענען אייגן דער שפּאַנישער טענדענץ: שפּרו־דלענדיקע ליידנשאַפט, געצוימטע אויסבייגן, האַלטן דעם אָנגרייפער אין א דיסטאַנץ; ווילסטו באַזיגן — גורט אָן די לענדן און קעמף, ווייל אָן קאַמף איז דער שלל נישט געווען...

די איבעריקע טייל איז פאַרענדיקט געוואָרן מיט פרייליכע
„כאַטאַס“, אין וועלכע כואַן אַלעגרע, דער הויף־לץ, האָט אויסגעשעפּט
זיין קונסט. זיין דאַרער גוף האָט ווי א שפּענדל קיים באַרירט די ערד
און דורך כישוף־קרייזן אַרומגערינגלט אַ דיקע שפּאַניאָלישע דאמע,
וואָס האָט סאַפּענדיק א פאַרויטלטע געהאָפּקעט ווי אַ יונג כלה־מיידל
אין די גאַלליעגישע בערג.
איצט איז געקומען די רייע פאַרן נאַציאָנאַלן „פּעריקאָן“. אָט
דער טאַנץ האָט פאַרקערפּערט די צעברויזקייט פונעם פרייען סטעפּ,
אַן איינגעוואַקסענע אין דער בונטאַרישער און ראָמאַנטישער נשמה פו־
נעם קריאָל. דאָ זינגט אַרויס די מאָנאָטאָנישקייט פון דעם פּייזאַזש
און די גרויסע ליבע צו דער פּאַמפּאַ, אירע שטורעמס און טיפע נעכט
וואָס וועקן אין קעמפער און אין ליידנשאַפטלעכן פאַרליבטן די געפילן
פון גאווה און צובונד צו דער ערד.
רייען האָבן זיך געפּרעסט און קעפּ האָבן זיך געשלאָסן צו אקסל.
דער אָטעם איז צייטנווייז ווי איינגעגליווערט געוואָרן פון עמאָ־
ציע. אויף דער ארענע האָבן די אויסגעפּוצטע גאַוטשאָ־בחורים און
מיידלעך איין קאַראַהאָד אַדורכגעפירט דעם סימבאָליזירטן טאַנץ. די
בחורים זענען אָנגעטאָן געווען אין ברייטע הויזן וואָס פאַרשנורעווען
זיך ענגער ביי די קנעכלעך, די שוואַרץ־ווייכע היט זייטיק אָנגעצויגן, די
ווייסע זיידענע טיכלעך פאַרשנורעוועט זאָרגפעליק אויפן ברוסט, און
דער לעדערנער „טשיריפּאַ“, ווי אַ שורץ־שירץ, האָט זיך געבאמבלט
מיט די זילבער־באַפּוצונגען און דאָך נישט געשטערט די פרייע באַ־
וועגונגען. די שפּאָרן האָבן געקלונגען צום טאַקט נאָכן לייכטן צו־
קלאַפּן פון די קליינע מיידל־הענטעלעך. זיי, די „טשיניטאַס“ (גאַוטש־
מיידלעך), זענען געווען אָנגעצויגן אין ברייטע געבלימטע קליידער
ענג געשנורטע ביי דער טאַליע, די ליפּן רויט־געפאַרבט און צוויי
שווארצע געפלאָכטענע צעפּ זענען אומגעשפּרונגען ווי קעצלעך איבערן
נאַקן. די צעפּ זענען געווען אַרויסגעענדיקט מיט ווייס־בלויע לענטעס,
די קאָלירן פון דער פאָן. זיי האָבן זיך באַוועגט און געשמייכלט ווי
אויסגעמאָלטע ליאַלקעס. דער עקסטאַז איז געשטיגן ווען די בחורים
האָבן אין וויכערישן טאַנץ אויף איין אָרט געפלאָכטן פוס־צו־פוס, אַז
ס'איז נישט מעגלעך געווען מער אויסצוטיילן וועלכער פוס עס באַ־

רירט דעם באָדן. אַנטקעגן זיי זענען אָנגעלאָפן די מיידלעך און מיט
בלאַנקע טיכלעך געפּאָכעט איבער די קעפּ, ווי ס׳וואָלטן פרומע שלום־
טויבן זיך אַראָפּגעלאָזט פון ערגעץ און געבענטשט מיט גנאָד די קעפּ
פון די טענצער.

דער איינציקער איטאַליענישער פרוכט־צעפירער אין דער עס־
טאַנסיע האָט זיך צעוואַרעמט און איז אויך אַריינגעצויגן געוואָרן אין
טאַנץ. ער איז אריינגעשפּרונגען אין מיטן פון אַרענע־פּלאַץ און באַ־
גלייטנדיק זיך אויף אַ הארמאָניקע זיך צעלאָזט אין א „טאַראַנטעלאַ“־
טאַנץ. אָנגעהויבן האָט ער שטורמיש און מיט פלינקע אַקראָבאַציעס,
אָבער לאַנגזאַם האָט ער פאַרקלענערט דעם ריטעם ביז ער האָט זיך
אַליין ווי איבערגעגאָסן אין אַ באַוועגלעכער סטאַטוע, פּונקט ווי די גלי־
דער וואָלטן ביסלעכווייז אויפגעהערט צו באַוועגן זיך און געבליבן אַ
פארשטיינערטע מאַסע וואָס ווערט געצויגן פון אן אומזעבאַרן שטיוועם.
זיין פּנים האָט זיך פאַרצויגן מיט א וואַקסענער מאַסקע, די לאנגע
וואָנצעס האָבן זיך אויפגעשטעלט, די אויגן — צוגעמאכט און דער שטו־
מער קערפּער האָט אַרויסגעשריגן אַזוי פיל פאַרגליווערטן צער.

אַנדערע זענען אָנגערעגט געוואָרן און געוואָלט באַוויזן זייער
קענטעניש. עס זענען אַרויסגעקומען די אוקראַינער, וואָס זענען ערשט
נישט לאַנג אראָפּ פון שיף. זינגענדיק מיט ברוסטיק־באַסאָווע שטימען
האָבן זיי זיך אוועקגעלאָזט טאַנצן א קאָזאטשאָק. ווי באַר זיי האָבן גע־
מאַכט די ערשטע שריט, האָט אויך הערשל א שפּרונג געטאָן און זיך
אריינגעפלאָכטן אין טאַנץ. עס האָט זיך אָנגעהויבן אַן אַקראָבאַטישער
קאַמף. הענט און פיס זענען געשליידערט געוואָרן הפקרדיק און קניען
זענען ווי צירקלען געדרייט געוואָרן אויף ווינט־מילן. די זאַמדיק־פייכ־
טע ערד האָט זיך געטרייסלט און די ברוסטיקע שטימען האָבן זיך גע־
קרעפּטיקט און איינגעשטילט יעדן געמורמל צווישן די געסט. דאָ האָט
זיך א צעשטורעם געטאָן דער אויסברוך פון אַ זאַווערוכע אויף די
ווייסע רוסישע סטעפּעס און די פאַרבענקטקייט פון יעדן, וואָס איז ווייט
פון זיין פאָטערלאַנד, האָט דאָ געפונען איר אויסדרוק און אויסברוך.
דער טאַנץ האָט זיך געצויגן לאַנג און קיינער האָט נישט געוואָלט דער
ערשטער פאַרלאָזן די אַרענע. ביז צום סוף זענען אַלע צוזאַמען, כמעט

קריכנדיק אויף אלע פיר ווי אָנגעבלאָזענע זשאַבעס, אוועקגעפאַלן דער־
שעפּטע.

ווען עס האָט זיך געדוכט, אז די טאַנץ־דעפּיליע האָט זיך אויס־
געשעפּט, האָט זיך באַוויזן אַן עקזאָטיש אומבאַקאַנט פּאָרל אין מיטן
פון דער ארענע. אלעמענס בליקן זענען צוגעשמידט געוואָרן צום פּלאַץ
ווו ניאַמע און באשקע האָבן מיט נישט זיכערע טריט געשפּאַנט און מיט
פאַרלאָרענע בליקן באַטראַכט דעם עולם, וואָס האָט נאָכגעפאָלגט זייער
דערשיינען. נישט לייכט איז אָנגעקומען ניאָמען איינצובעטן זיין ווייב,
אז זיי זאָלן עפּעס באַווייזן פון יידישן טאַנץ פאַרן פרעמדן עולם. ער
אַליין האָט נישט פאַרשטאַנען וואָס פאַראַ געפילן עס האָבן אים אין
דעם מאָמענט געשטויסן ארויסצוזאָגן פונעם ווינקל — „מישט זיך
אויס מיט די ארומיקע — האלט אָן מיט אייערע שכנים גוטע באַ־
ציונגען...” עס האָט זיך אים אויסגעוויזן ווי די פרייסישע פיגור פו־
נעם פאַרוואַלטער שטייט איבער אים און שטויסט אים מיט אומזעבארע
שווערע לאַפּעס. ער וואָלט עס זיכער נישט געטאָן ווען דער הער לע־
ווענטאל וואָלט דאָ געווען אָנוועזנדיק. ער האָט איבערצייגט מאירן אז
ער זאָל נעמען אין האַנט אריין די פידל וואָס הערשל האָט ערגעץ ווו
באַקומען און אויך ער, דער זון, וואָס האָט תמיד אויסגעוויינט זיין
נשמה אומגעזען פון פרעמדע אויגן — אויך ער איז זעט אויס ארונ־
טערגעפאַלן אונטערן איינפלוס פון דער צעפלאַמטער פאָלקס־שמחה, און
אויך נאָכגעגעבן און נאָכגעגאַנגען. א רגע זענען זיי געשטאַנען אינעם
אָפענעם פּלאַץ, אויסגעשטעלט צום מאסע־בליק וואָס איז געלעגן אויף
זיי ווי א נישט קלאָרער וואָלקן און זיי האָבן נישט געזען אפילו קיין
איין קלאָר געשטאַלט. דאָס האָט זיי געראַטעוועט פון זייער פאַרלאָרנקייט
און ווי נאָר עס האָבן זיך דערהערט די ערשטע שטילע און ווייַ־
נענדיקע טענער פון דער פידל, האָבן זיי זיך געלאָזט מיט לייכטע טריט
און געמאָסטענע באַוועגונגען אין א „כשר־טענצל”.

נאָכן שטורעם פון די פריערדיקע טענץ איז דאָס געווען ווי א
לייכט ווינטל־געריויש צווישן בויגנדיקע צווייגן. זייער באַוועגן זיך אויף
דיסטאַנץ און דאָס אָנרירן די שפּיצן פון האַלדזטיכל איבער זייערע
קעפּ האָבן אָנגעוויזן א רויקע סאַמעט־ווייכקייט, וואָס נאָר דער
בין השמשות קען געבוירן. געציילטע מינוטן האָט אָנגעהאַלטן זייער

טאַנץ אויך ווען זיי האָבן זיך זייטיק ארויסגעמאכט פון די בליקן האָט א שטורעם פון האנט־פאטשן זיך דורכגעטראָגן און א געמורמל פון הונדערטער מיילער האָט אויסגעדריקט די אלגעמיינע פאַרווונדערונג.

וויקטאָריא מיט איר קוזין האָבן זיך נאָכדעם דערנענטערט צו זי: און מיט אַ שפּראַך, וואָס ניאָמע האָט נישט פאַרשטאַנען פון איר קיין וואָרט, כמעט ווי אויסדעקלאַמירט זייער לויב. ניאָמע האָט געקוקט ווי א נישט דאַאיקער אויפן פריץ און נישט געוווסט ווי אזוי צו פירן זיך.

וויקטאָריא האָט זיך געווענדעט צו הערשלען ווייזנדיק אויף מאירן וואָס איז געשטאנען אין א זייט און נאָך צוגערימפּלט מיט די שפּיץ־פינגער פון איין האנט אויף די סטרונעס פון דער פידל.

— ער איז אַ געבוירענער טאַלאַנט, עס פעלט אים בלויז שול, איבונג, אַ שאָד... מאיר האָט זיך אָפּגעגאָסן מיט אַ רויטקייט. ער האָט נערוועז געפּאָכעט מיט דער פרייער האַנט ווי זי וואָלט אין דעם מאָמענט געווען איבעריק.

— ער האָט אָבער קיין מאָל נישט געוואָלט זיך לערנען — האָט הערשל איר געענטפערט — אלץ וואָס ער שפּילט איז ווי פון אַן אי־בערלעכער קראַפט. ער איז צוריקגעצויגן און שעמט זיך פאר מענטש־לעכע אויגן...

— דאָס זע איך — האָט זי געשמייכלט — אָבער דאָס איז שוין די געוווינהייט פון קינסטלער: אָדער זיי זענען צו פרעך, אָדער זיי פארבאהאלטן זיך פון פרעמדע אויגן.

דער רעש איז ווידער געשטיגן און ס'איז שווער געווען צו פירן אַ רויקן שמועס. די לעצטע געבראָטענע זייטלעך זענען אַרויסגע־צויגן געוואָרן פון די שפּיזן און דער איבלדיקער ריח פון צוגעברענטע פעטס מיטן זויערלעכן ווייַן האָבן זיך אויסגעמישט מיטן שארפן ביליקן פּאַרפום פון די יונגע פרויען און אויסגעפּוצטע גאַוטשאָס. נאָכן אויס־וואַשן מיט ענגלישן זייף די פעץ־גלאַנציקע האָר, טריפן זיי אַן פונעם וונדער־פלעשל, וואָס דער טערקישער אָדער אַנדאַלוזישער ארומפאָרער פאַרהאַנדלט זיי.

איצט האָט מען געטאַנצט פאַרלעכוויין. מ'האָט אָנגעשטעלט דעם גראַמאָפאָן און די גרויסע טרובע האָט אַרויסגעלאָזן גרילצנדיקע טענץ־מעלאָדיעס. ווען מ'איז שוין מיד געוואָרן פונעם דרייען זיך און די שווע־רע קליידער און מ'האָט זיך אַליין אויפגעמונטערט מיטן ביליקן וויין,

זענען דערשינען די „פּאַזשאַדאָרעס" (געזאַנג־אימפּראָוויזירער). זיי זע־
נען דערשינען גאַנץ אַליין, נישט קיין גרופּעס. זיי זענען אויסגעוואַקסן
און געוואָרפן ווי בלומען די געגראַמטע סטראָפן, באַגלייט פון רימ־
פּלען פון דער גיטאַרע. די פערזן זענען אויסגעזונגען געוואָרן מיט אַ
באַזונדערער מעלאָדיע און פּונקט ווי די ווערטער, געשאַפן געוואָרן
אין דעם מאָמענט ווען דער „פּאַזשאַדאָר" דערשיינט און פאַרמעסט זיך.

צוויי זענען זיי. איינער זעצט זיך קעגן צווייטן אויפן באַדן, פאַר־
רוקט דעם ברייט־ראַנדיקן שווארצן הוט בעת די שווארצע קוטשמע
רוקט זיך אַרויס אויפן שטערן. שוין ביי די ערשטע סטראָפן טיילן
זיך פונאַנדער אינעם עולם צוויי לאַגערן, וואָס ווערן ארייגעצויגן מיט
התפעלות אין דעם ווערטער־צוזאַמענשטויס. נאָך יעדער סטראָפע
ברעכן אויס הילכיקע אַפּלאָדיסמענטן און אויפמונטערונגען פון יעדן
לאַגער.

אָנגעהויבן האָט אַ הויך־געוויקסיקער בחור מיט אָפּגעצויגענע
שווארצע האָר און העל ברוינע אויגן:

רויט די רויזן ווען זיי בליען,
רויטער איז נאָך מער מיין בלוט;
ווער עס וועט מיין פּאָלע ציען
די וועט וויסן — וואָס ס'איז גוט...

ענטפערט אים אַ צווייטער, אַ פעד־שווארצער און קודלאַטער
בחור מיט פּאָקן־גריבלעך אויף זיין אָפּגעצויגן פּנים. ער האַלט צו־
געדריקט די גיטאַרע און די לאַנג־וויעדיקע אויגן זענען ווי צוגעשמידט
צו די סטרונעס:

טויזנט ווייבער — ס'איז געזונט,
נישט ביי זיך, נאָר ביי יענעם.
נישט דיין פערד און נישט דיין הונט
וועלן קיינמאָל דיך פאַרשעמען...

דער ערשטער:

מיר זענען געגליכן בידע צו אַ שטעקן,
וואָס האָט אמאָל אויפן בוים געבליט...
איצט זענען מיר פאַרבליבן נאָר צוויי עקן,
וואָס אינעם פייער ווערן זיי צעגליט!...

דער צווייטער:

פרויען זענען ווי דעמאנען,
ווינען אויפן טייוולס הערנער.
ווער עס וויל זיי נאָר דערקענען
וועט שלאָפן א נאקעטער — אויף דערנערז...

דער ערשטער:

אָרעם איז מיין „ראנטשאָ״ פארבליבן.
ווי פארלאָזט פון שוואלב — די נעסטן;
ווערט מען אלט און אויסגעריבן
ווערט מען אָן פון אלעם בעסטן...

דער צווייטער:

ווער עס חלומט פון קאָרסעטן,
וועט נישט הערשן מער אין סטעפּ;
ווער עס פאלט אויף קני צו בעטן,
דער וועט זיכער כאַפּן קלעפּ...

אזוי ציט זיך דער מוזיקאלישער דיאַלאָג דורכגעווירצט מיט ביי־סיקן הומאָר און דורכגעשנירלט מיט בענקענישן צו א נישט־דערגרייכ־באַרער וועלט. ענדיקט איין פּאָרל און ציט זיך צוריק און ווערט איינ־געשלונגען צווישן דער מאסע, שפּרינגען ארויס נייע כוחות, וואָס דורך די וואָכן־טעג אין דער גרויער אַרבעט איז גאָר נישט קענטיק דער צייכן פון זייער טאַלאַנט. עס שטייען אויף יונגע קעגן אלטע, ווילצלער קעגן מיזאנטראָפּן, ראָמאַנטיקער קעגן ציניקער. יעדער וואַרפט צו זיי־נע סטראָפן ווי ארויסגעטרייסלט פונעם ארבל ארויס און דער עולם וואַרפט זיך פון זאַרגלאָזן געלעכטער און פרייד־קוויטשערייען, אָבער ער פאָדערט נאָך און נאָך...

אויף דער אלטער דאָן כואן קאָסטראָ איז געצויגן געוואָרן, ווי ביי די פערד־געלויפן, צו פארמעסטן זיך מיט עפּעס א יונגן בחור און איב א לערן־טאָן א ביסל לעבנס־חכמה. ער האָט פיינט געקריגן די יונגען פון דער געגנט וואָס זענען פאַרכאַפּט געוואָרן פון די נייע קאָפּ־פאר־דרייענדיקע ווינטן און גלויבן נישט מער אין דער פעסטקייט פונעם טאטנס ווינקל און אין דער דויערנדיקייט פון א פרויען־ליבע. אלץ קומט פון די ביכלעך וואָס מ׳האָט אָנגעהויבן צו לייענען און נאָך מער פון די נייע

אימיגראַנטן וואָס ברענגען פון יענער זייט ים צעשטערערישע געדאַנקען און נישט געווינטלעכע פירונגען. זיי פאַרקויפן דאָס לעצטע ביסל פריי־הייט צו די געטער זייערע אָדער צום טייוול...

אָבער ווי נאָר ער האָט אָנגעהויבן צו פאַרשנורעווען אויפן צונג די ערשטע סטראָפן און זיך געקליבן א טראָט צו טאָן פאָרויס, האָט ער זיך א האַסטיקן טרייסל געטאָן פון א כמעט בהלהדיקן שלעפּ ביים ארבל פון זיין עלטערער טאָכטער קאַרמען. ער האָט נאָך נישט געקענט באַשיידן דעם פּחד וואָס איז אין אים פלוצלינג אויפגעגאנגען, אָבער ער האָט גע־שפּירט ווי אַ קאַלטער שוויס באַגיסט זיין גוף נאָך איידער ער האָט באַ־וויזן פונאַנדערקלייבן זיך וואָס עס קומט דאָ פאָר. ער האָט אַ בליק געטאָן אין דער ריכטונג וווּ די טאָכטער האָט א ווייז געטאָן מיטן פינגער און דאָס האַרץ איז אים איינגעפאַלן. די קניען האָבן זיך א רגע א בייג געטאָן, אָבער ער האָט זיך באַמיט אויסצוגלייכן דעם גוף און מיט קיין וואָרט אָדער זיפץ נישט פאַרראַטן די אינערלעכע צעטרייסלונג.

ער איז געשטאַנען אין א אָפּגעזונדערטן ווינקל און פאַר אים האָבן מענטשן זיך געפּאַליעט און גערוישט ווי דער ים. דערפאַר האָט ער געקאָנט זען ווי קעגנאיבער, ביי א לייוונטן וועגטל, האָבן זיך אָנגע־הויבן אריינשמוגלען אייניקע פאַרמאַסקירטע געשטאַלטן. זיי האָבן זיך גערוקט אויף די שפּיץ פינגער און זייער דערשיינען איז געווען ווי אַן אימפּראָוויזאַציע וואָס איז איינגעפלאָכטן אין דער שמחה. דאָך כוואן האָט אָבער אינסטינקטיוו דערשפּירט, אַז דאָס איז נישט קיין שפּיל. אין איין האַנט האָבן זיי געהאַלטן שווערע רעוואָלווערן און די צווייטע איז געווען אַנגעלענט אויפן גארטל וווּ אין גרויסע לעדערנע שיידן האָבן גע־שטעקט די לאַנגע „פאַקאָנען" (לאַנגע מעסערס ווי שווערדן). דאָס צי־טערן ביי די קנעכלעך איז אָבער נישט געקומען בלויז פונעם פּחד פאַר דער באַוואָפנטער באַנדע, נאָר ווייל בראש זיי האָט געשפּאַנט זיין זון, דער פאַרפאָלגטער פון געזעץ, וואָס בושעוועט מיט זיין באַנדע זייט א לאַנגער צייט אין די דרום־געביטן פון דער פּאַטאַגאָניע. זיין דערשיינען איצט אין סאַמע ברען פון יום־טוב האָט נישט אָנגעזאָגט קיין גוטס. זיי־נע אויגן, ווי ביי די אַנדערע באַנדיטן, האָבן געפלאַמט דורך די לע־כער פון דער מאַסקע. דאָן קאַסטראָ האָט אים באַלד דערקענט און ווי ער זאָל דערשמעקן דעם ריח פון בלוט האָבן זיינע נאָזלעכער זיך צע־

שפרייט און די שוואכקייט האָט אונטערגעזעצט די פיס, ווי נאָך א לאַנגן גאַנג איבער שטיינער. ער איז געטראָגן געוואָרן ווי אַ כוואַליע איבער קעפּ וואָס האָבן נישט פאַראויסגעזען די געפאר און דאָך גע־שטאַנען צוגעשמידט צום פלאַץ ווי א מאַגנעט זאָל אים ציען צום באָדן.

עס האָט א קנאַל געטאָן א זאַלפּ און די מענטשן־מאַסע האָט אויף א רגע איינגעשלונגען דעם פחד. די פאַרגליווערטקייט האָט נישט דער־לאָזן צו קיין פּאַניק. די נאָך רויכערנדיקע רעוואָלווער־פּיסקעס האָבן איצט געלויערט מיט געפאר און יעדער האָט געמיינט, אז דער באָדן אויף וועלכן ער שטייט איז זיין שוץ־פלאַץ.

די אָנפאַלער האָבן זיך איצט אויסגעשטעלט אין א גלייכער ריי. אַמאַדאָ, דאָן כואַנס זון, האָט זיך א לאָז געטאָן צווישן דער שווייגנדיקער מאַסע און מיט זיכערע טריט געשפּאַנט אונטער דעו־שוץ פון דער באוואָפנטער באַנדע. פון א ווינקל ארויס האָט א זקנה ארויסגעהעשעט א דערדריקטן געוויין און א קליין קינד האָט פרייגעלאָזן דעם קאָשמארן איבערגאַנג צווישן געזאַנג און טויט־דראָונג. אמאַדאָ האָט זיינע אויסגערעכנטע שריט געווענדט צום הויפּט־פּאַרוואַלטער פון דער עסטאַנסיאַ, דאָן כעראָנימאָ. מיט אים האָט ער, ווי עס זעט אויס, גע־האָט נישט קיין פאַרענדיקטע חשבונות און ביי אים אין טיפן טאַש איז איצט געלעגן דער גרויסער שליסל פון דער קאַסע. דאָס האָט זיכער געלאָקט און געצויגן די באַנדע פון די ווייטקייטן און ווען ער האָט זיך געפונען נאָר אַ שריט פונעם „מאַזשאָרדאָם", האָט ער מיט מער פעסטקייט א צי געטאָן פאָרויס די אַקסלען און אויפהויבנדיק דעם רע־וואָלווער געצילט גלייך אין יענעמס ברוסט. ער האָט נאָר באַוויזן א זיי־טיקן בליק צו טאָן אויפן בלייכן געזיכט פונעם גוט־באַזיצער וואָס איז געשטאַנען נעבן זיין פאַרוואַלטער און קיין ריר נישט געטאָן מיט די געזיכט־מוסקלען:

— דעם שליסל — אָדער דאָס לעבן! — האָט ער א טרייסל גע־טאָן מיטן געווער און האַסטיק א ריטשע געטאָן.

אין דעם מאָמענט איז געשען עפּעס אומגעריכטס: דאָן כואַן, אויס־געשטאַט אין זיין טראַדיציאָנעלן געווער, האָט זיך אַ וואָרף געטאָן פאָרויס און ווי אַ פלינקער יאַגואַר דערגרייכט צום פלאַץ ווו דער טויט איז געהאַנגען איבער מענטשלעכע קעפּ. ער האָט ארויסגעריסן מיט אייך

האַנט דעם רעוואָלווער פונעם זון און מיט דער צווייטער — אראָפּגע־שאַרט דעם שוואַרצן טוך פון זיינע אויגן. אפילו די באַנדיטן אויף דער וואך האָבן נישט באַוויזן צו רעאַגירן אין ערשטן מאָמענט און א ביסל צעמישטע זיך אַ שאר געטאָן פאַרויס. נאָר די אויסגעשטרעקטע האַנט פונעם הויפּט האָט זיי אָפּגעהאַלטן פון באלדיקן בלוט־פאַרגיסן. דאָן כוואַן האָט אַריינגעשטעקט אין דער ליידיק־אַנגעצויגענער האַנט פונעם זון אַ לאַנג שאַרף מעסער און אים צוגעוואָרפן:

— מאַולאַ! (אַ באַליידיקונג־אויסרוף, ווי פּחדן) געוועג האָסטו פאַר־שעמט דיין אָפּשטאַם, גענוג האָסטו באַפלעקט אונדזער נאָמען! אזוי קעמפט אַ גאַוטשאָ? ווי אַ געמיינער אַנפאַלער? פאַרשטעלסט דאָס פּנים און מיט געווער וואָס קען אויף הונדערטער מעטער אוועקלייגן דעם פיינט?! האָסטו עפּעס קעגן אים? קעמף פּנים אל פּנים! פּחדן דו... פאַרוואָס באַהאַלטסטו דיין פּנים? דו שרץ! באַווייז דיין בראַווקייט מיטן מעסער... ווי אַן אמתער זון פון אַ גאַוטשאָ... באַווייז אים, אויב דו האָסט קעגן אים עפּעס!

און זיך ווענדנדיק צו דעם פאַרוואַלטער האָט ער אים אַ טרייסל געטאָן מיט אַן אומגעוויינטלעכער געוואַגטקייט:

— ציִ אַרויס, פּאַטראָנסיטאָ, דיין פאַקאָן און ענטפער אויף זיין אַרויסרוף. ווי אמתע „מאַטשאָס“ (מענער) דערליידיקן זייערע קאָנפליקטן...

און וואונדער! די לופט איז ווי אויסגערייניקט געוואָרן פון איר קאָשמאַרער געדיכטקייט. דער פּחד איז ביסלעכווייז איבערגעגאַנגען אין דערוואַרטונג. די באַנדיטן האָבן אראָפּגעלאָזן זייערע געלאַדענע רעוואָל־ווערן און אָנגעהויבן זיך אויסמישן צווישן דעם המון וואָס האָט ווי אויפ־געהערט צו שרעקן זיך פאַר זייערע מאַסקעס. די אָנוועזנדיקע פּאָליציי, סיי אין מונדירן און סיי ציוויל־געקליידטע, האָט אפילו נישט געפּרוווט צו מאַכן דעם מינדסטן שריט צו פאַרהאַלטן די באַנדע, ווי דער גורל פון אַט דעם איבערפאַלן וואָלט געדאַרפט געליינט ווערן דורך דעם דועל וואָס דער שלאַנקער גאַוטש האָט אָנגערעגט צווישן זיין ווידערשפּעניקן זון און דעם פאַרוואַלטער.

מ׳איז אָפּגעטראָטן הינטערוויילעכץ און רייען האָבן זיך צונויפגע־דריקט. עס איז געוואָרן פריי אַ קליינע אַרענע און מיט אַ גלייכגילטיקייט וואָס איז נויטיק צו פאַרטראַכטן די סטראַטעגישע שריט, האָבן די צוויי ריוואַלן זיך געגרייט צום קאַמף.

זיך איבערגעוואָרפן מיט די מעסערס וואָס יעדער האָט זאָרגפעליק באַטראַכט און קונציק צוריקגעשיקט אין דער לופטן, האָט אַמאָדאָ דער ערשטער א שפּרונג געטאָן פאָרויס. ער האָט אָנגעצייכנט א גלייכע ליניע אינעם באָדן מיטן שפּיץ פונעם מעסער און אויסגעשריגן:

— טרעט נאָר אָן די ליניע, קאַנאַליע!!!

די אָנגעצייכנטע ליניע איז געווען ווי די פעסטונג־וואַנט וואָס דער פיינט דאַרף איינוואַלגערן און איינגעמען. דאָס איז אַן אַרויסרוף, און ווען דער קעגנער שטעלט נאָר זיין טראָט אויפן צייכן, הייבט זיך אָן די אומבּרחמנותדיקע שלאַכט וואָס דאַרף זיך ענדיקן מיט עמעצנס בלוט.

די לאַנגע מעסערס האָבן ווי קילע אײַז־שפּיגלען געבלענדט די אויפגעריסענע אויגן. אַלע הערצער האָבן זיך צוזאַמענגעשמעלצט און געקלאַפּט ווי דער זייגער איבער א טויט־תּפיסה. ביי א טייל האָבן זיך די אויגן אָנגעגאָסן מיט רויטן בלוט־שיין און די הענט האָבן זיך גע־וואַקלט הין און צוריק לויט די מעסער־באַוועגונגען פון די קעמפער.

די מעסערס האָבן געקלאַפּט עקשנותדיק און די אויגן האָבן נישט פאַרלאָרן דעם מינדסטן ריר און די שוואַכע זייטן פונעם קעגנער. א לאַנגע צייט, וואָס האָט אויסגעזען נאָך לענגער און צעצויגענער ווי די געציילטע מינוטן, זענען די כוחות און די מאַנעווערן געווען באַלאַנסירט און צוגעמאָסטן. אויב אַמאַדאָ האָט אַרויסגעוויזן מער פלינקייט און באַ־מיט זיך צו איבערראַשן און צעמישן זיין ריוואַל דורך פראָנט־אַטאַקעס, האָט עס אויף דעם באַזאַכטן און שאַרף אויגיקן דאָן כעראָנימאָ נישט גע־מאַכט קיין איינדרוק. ער איז געווען ווי א פעלדז פון וועלכן עס ציען זיך אַרויס צוויי אָרעמס ווי שלאַנגען פון דער נאָרע און לייגן זיך ווידער צו־נויף. ווען זיין ברוסט זעט אויס פריי און אויסגעשטעלט צום שפּיץ פו־נעם מעסער וואָס זוכט די מיט אַזוי די ווייכע זייט — שפּרינגען ווידער אַרויס זיינע הענט, אין דער לופטן וואַרפט ער איבער דאָס מעסער פון האַנט צו האַנט און דערביי הערט זיך דאָס קלימפּערן פונעם שאַרפן שטאָל ווי אַן אָנזאָג: „שאַרף, שאַרף, בלוט מוז סוף־סוף אונדז וואַשן"...

ווער ווייס ביז וועלכער אויסשעפּונג זיי וואָלטן צוגעקומען. נאָר אין אַ מאָמענט פון זיין רויקער באַטראַכטונג נאָך זיין קעגנערס שפּרונג־אַטאַקע האָט דאָן כעראָנימאָ באַמערקט ווי פאַר אים אַנטפּלעקט זיך אַן

אָפּן פעלד. די ברייטע אטלעטן־ברוסט פונעם יונגן אמאדאָ האָט זיך צע־לייגט ווי די ציטערדיק־גלאנציקע פעל פון א יונג ביקל. די האנט האָט איצט נישט געוואַרט מער אויף אַן אַנגריף ארויסצושפּרינגען פון באַ־העלטעניש. ער האָט ווי א חיה, וואָס איז מער ענלעך געווען צו א גיי־ענדיקן פעלדז, זיך אַ ריר געטאָן פאָרויס. נישט ריכטנדיק זיך אויף אַזאַ באוועגונג איז דער יונגער באנדיט צעמישט געוואָרן און געפּרווט, קעגן אלע כללים פון אזא מין ערן־געפעכט, זיך א רוק טאָן אויף הינטער־ווילעכץ.

א פלינקער סילועט איז א שפּרונג געטאָן אויף דער קליינער ארע־נע, צווישן די אויפגעפּראַלטע צעפּאָכעטע קליידער האָט מען בלויז געזען דעם בלאַנק פון אַ מעסער, וואָס האָט זיך אַ הייב געטאָן אין דער־לופט און ווי אַ פייל זיך ארייגעביסן אינעם רוקן פון אָפּטרעטנדיקן אַמאַ־דאָ. ער איז אומגעפאַלן נאָך אידער די שאַרף פון כעראַנימאָס פאַקאַ; האָט אפילו באוויזן אַנצורירן זיינע טונקעלע קליידער...

דער פארגאפּטער עולם האָט נאָר באוויזן צו הערן א שאַרפן אויס־געשריי:

— מאַולאַ! נאָר נישט דאָס! אָפּצוטרעטן ווי א פּחדן? ניין, ניין!

דאָן כעראַנימאָ האָט פאַרביסן די ליפּן, אַריינגעשטעקט דאָס ריי־נע מעסער אין שייד אַרייַן און צוגעקוקט מיט פאַראַכטונג ווי מ׳טראָגט ארויס דעם צעשטאָכענעם ריוואַל. זיינע אויגן האָבן געשפּריצט מיט האס קעגן דעם אלטן גאַוטש, וואָס האָט איצט אומגעבראַכט דעם אייגענעם ווידערשפּעניקן זון.

* * *

דער וואָגן פון דער ידישער משפחה האָט זיך געשלייכט באַענט צו האלבער נאַכט צוריק אַהיים. זיי זענען געווען צעטרייסלט פון דער בלוט־סצענע, פון וועלכער זיי האָבן געציטערט מער ווי פון דער נאַכט־קילקייט.

— אוי א בראָך נאָך אזעלכע לענדער מיט זייערע ווילדע פירונגען— האָט באשקע נישט געקאָנט פארגעסן און געבראָכן די פינגער — ווי קאָן מען עס דערשטעכן אַן אייגענעם זון? ערגער ווי סדום ועמורה...

ניאַמע האָט געהערט אירע רייד. אין דער גרויל־סצענע פון בלוט און מעסערס האָט ער אויך געזען אַ פּרימיטיוו־פּייַרלעכע צדק־צערעמאָניע וואָס אין איר איז דער ווילדער מענטש נישט מער ווי אַ חיה.

— דאָס איז אַ מין עקדת־יצחק — האָט ער געמורמלט — נאָר אַ שאָד וואָס דער איל האָט זיינע הערנער נישט באַוויזן צווישן די דערנער...

עלפטער קאַפּיטל

## אין רייף פון נסיון

פּעטער האָט זיך איבערצייגט, נאָך אַ ריי באַזוכן אין דער ראַנטשאָ פון אַלטן דאָן כואַן, אַז דאָס האַרץ פון קאַרמען איז נישט געניויגט צו אים. ער האָט נאָך אַן איבערוואַלגערן זיך אויף זיין פעלן געלעגער אין דער עסטאַנסיאַ, באַשלאָסן צו ענדערן זיין לעבנס־שטייגער, זיין וואַגאַבונדישע אָפּגעלאָזנקייט, וועלכע איז די סיבה פאַרוואָס מען באַציט זיך צו אים ווי צו אַ „לעערן־קערל" און אַ טויגעניכטס. האָט ער גענומען זיין חודש־געהאַלט, אַ ניכטערער זיך אריינגעשטעלט אין דער כאַטע, אַ וואָרף געטאָן דאָס געלט אויפן סענקעוואַטן און מיט צעראַטע־באַדעקטן טיש און כמעט מיט טריאומף אויסגערופן:

— פּאַדער, דאָס גאַנצע געלט איז פאַר דיר, איך גיי מער נישט אין דער עסטאַנסיאַ. פון היינט און ווייטער זענען מיר גלייכע שותפים. איך וועל פאַרגרעסערן די שווייַנען־שטאַל און וועל זיך אויסבויען ביים צווייטן ברונעם אַ ראַנטשאָ פאַר מיר!...

דער אַלטער האָט געפינגלט מיט די גרויע איגן, געוווּנדערט זיך אויף זיין זונס געלאַסענעם לשון און נישט געגלייבט קיין וואָרט.

פּעטער איז געוואָרן אַן איבערגעגעבענער חזירים־טרייבער. מיטן פרימאָרגן פלעגט ער אַרויס אויף די ברייטע לאַנקעס, אַפּליגן גאַנצע טעג צווישן די הויכע קוסטעס און באַטראַכטן די טיפע בלויקייט איבערן קאָפּ. דאָ איז ער באַפרייט געוואָרן פון דער אָפּהענגיקייט פון פרעמדע באַפעלן און אריינגעשלעפּט געוואָרן אין שפּיל פון די נאַטור־כוחות. זיי האָבן אין אים אויפגעוועקט אַנדערע ברויזונגען און פאַר־

שאַרפט די חושים. ער האָט געזען די באַהעפטונג צווישן די פאַר־
שידענע חיות אין זייער אָנהאַלט פאַרן קיום און דאָס האָט אים
טיילמאָל דערפירט ביז קנאה און אויפרעגונג. אין זיין פאַרשטעלונג
זענען אַרומגעשפרונגען די פאַרשידנסטע פרויען־קערפּערס וואָס ער
האָט וועז עס איז באַגעגנט — נישט נאָר פון קאַרמען.

ער איז איצט געלעגן אויסגעצויגן אויפן באַגראָזטן באָדן וואָס
האָט נאָך געאָטעמט מיט איינגעהיטער קילקייט פון דער נאַכט. זיין
פּנים איז געווען פאַרגראָבן אינעם פלאַנצן־פלאָנטער און ער האָט
שטיל געהעשעט מיט א טרוקן געוויין. אין דער עסטאַנסיאַ, דורך די
וואַך־נעכט ביי די ברענענדיקע שייטערס אין די גאַלפּאָנעס, האָט ער
זיך אָנגעהערט פאַנטאַסטישע מעשיות וועגן פרויען, פּיקאַנטע עפּי־
זאָדן, וואָס האָבן געצונדן דעם מוח און געגליט די אברים.

דאָ ליגט ער טאָג־טעגלעך אויפן גראָז און ער האָט אַזוי פיל
פרייע צייט צו באַטראַכטן דעם אַרום. אין די פייגל, אין די האָזן,
אין די חזירים און אפילו אין די פליגן און שמעטערלינגען — אַז
אַלץ אַרום ברויזט אַן איינציקער שטראָם: באַפרוכפּערונג, דעם פאַר־
בלינעטן געניוס פון ממשיך זיין דעם קיום.

ער האָט דערהערט טריט, מענטשלעכע ווייכע טריט. דאָס איז
געווען זיין יינגערע פערצן־יעריקע שוועסטער. זי האָט אים געבראַכט
אין פעלד אַריין דעם מיטאָג, וואָס יעדן טאָג ברענגט אים עמעצער פון די
קלענערע ברידער. זיי פלעגן פאַר איינוועגס זיך צעלאָזן איבערן פעלד צו
פאַנגען מיט די וואַנדקעס ווילדע פייגל.

א מינוט איז זי געבליבן שטיין פון דער ווייטנס, ווי פאַר א נישט
געזעענעם באַריער. ער איז פון דעם געוואָרן נאָך מער צעמישט און כמעט
גאָר נישט געזען חוץ די גרויסע אומענדלעכקייט, וואָס האָט געבלענדט די
אויגן. ער האָט איר געגעבן א צייכן, אַז זי זאָל זיך דערנענטערן.

זי האָט לאַנגזאַם געשאַרט אירע באָרוועסע פיס. איר דינער קער־
פּער, אַרומגעהילט אין א באַבלימט קלייד, איז געווען לייכט און דורכ־
זיכטיק. דער זוים פונעם קלייד האָט זיך פאַרטשעפּעט אין די קוס־
טעס און ווי פון א ברייטן שירעם האָבן זיך אַרויסגעטיילט די
ווייסע קאָנטורן פון אירע פיס און ליטקעס. אַ פרעמדע ווייסקייט
האָט געבלענדט און געשוימט, גאָר אַן אַנדערע ווי פון די אָפּגעברענ־
טע צערונצלטע קנעכלעך ביז די קניען. זי האָט געהאַלטן די הענט צור־

זאַמענגעפלאָכטן, און צווישן די פינגער — אַ לייזונטן פעקל. דאָס פעקל האָט זיך געוויגט און שטיפּעריש צוגעשפּילט אין איר גאַנג אויפן איינזאַמען שטעג. איר זומער־באַשפּרענקלט פּנים איז געווען צוגע־ברוינט פון ווינט און זון און די בלויע אויגן האָבן ווי צוויי שמעטערלינגען געפלאַטערט אין דער ארומיקער פרעמדקייט. זי איז צוגע־קומען נענטער צום ברודער, אראָפּגעלאָזן דאָס פעקל און זיך צוגעזעצט נעבן אים.

ער האָט א נעם געטאָן דאָס פעקל און פון דעם פּארוויקלטן לייַ־נענעם טוך האָט א ווייַע געטאָן א זיסע ווארעמקייט, וואָס איז איינגעזאַפּט געוואָרן פון מיידלשן קערפּער. ער האָט נישט געפילט דעם ציפּנדיקן ריח פון דער קנאָבלדיקער שינקע אינעם פעקל. די אויגן זענען אים פאַר־גאָסן געוואָרן מיט בלוילעכע רויכלעך און דערזען פאר זיך די צוויי באָר־וועסע פיס, באַדעקטע מיט אַ לייכטן פוך פון גאָלד־קאָליר. זיין אָנגעהיצ־טער קאָפּ האָט איצט געזוכט א ווייכן אָנלען. ער האָט א פויזע געטאָן ווי א הונט אויף אַלע פיר און אריינגעוואָרפן די בלאָנדע קוטשמע אין דער קליינער שויס פון דער זיצנדיקער שוועסטער, בעת די ציטערנ־דיקע פינגער, וואָס האָבן ביז איצט געקילט זיך אין ווייכן גראָז, האָבן געגלעט אירע ליטקעס, געגלעט און דערגרייכט ביז די בויך־מוסקלען. זי האָט זיך דערשראָקן פאר זיינע פינגער, וואָס האָבן געבריט, און נישט געקאָנט ארויסמאכן זיך פון זיין שווערן גוף וואָס איז געלעגן ווי א שווערע משא איבער אירע דינע פיס. זיינע לאַנגע וואָנצעס האָבן געשטאָכן אירע אָפּגעברענטע אָרעמס, באַרירט אירע ליפּן און זיין שאַרפער אָטעם האָט אָנגעווייעט:

— לאָז מיר אזוי, טערעזא, נאָר אזוי!... — האָט ער פארלוירן געזיפצט ווי איין א פארשטיקטן געוויין — איך בין קראַנק פון דער היץ... נאָר דו קענסט מיר העלפן... טערעזא. לאָז מיר אָפּרוען זיך אזוי... נאָר אזוי...

ער האָט זיך אויפגעכאַפּט אן אָפּגעבאָדענער אין שווייס פון א שווערן שלאָף, וואָס איז אויף אים אָנגעפאַלן. די זון האָט פון מיטן הימל געשפּיזלט גלייך אין אָנגעדראָלענעם קאָפּ. די טשערעדע חזירים האָט זיך נישט אָנגעזען אין דער סביבה, ארום האָט געהערשט א גע־דריקטע שטילקייט. דאָס גראָז איז אין אַ האַלבן קרייז געלעגן צעטראָטן

און דאָס נישט געעפנטע לייוונטענע פעקל שפייז האָט זיך געוואלגערט פאַרלאָזן און פאַרשעמט.

ער איז אויפגעשטאַנען און צוגעלייגט די דלאָניע צום שטערן. די חזירים־סטאַדע איז נישט געווען. ער האָט א כאַפּ געטאָן דאָס פעקל און זיך געלאָזן לויפן נאָך די שפורן אין ווילדן גראָז.

די שפורן האָבן געפירט צום גרינעם פלעק פון ניאַמעס ווייצן־פעלד, וואָס האָט שוין אָנגעהויבן צו בליען. דער עקסטער טייל פונעם פעלד איז איצט געווען צעטראָטן און אין דער צעלייגטער תבואה האָבן די חזירים הנאהדיק זיך פאַרלוירן און געבלאָנדזשעט.

פעטער האָט לכתחילה מיט באַנומענע קולות זיי געפרווט צו־זאַמענטרייבן. אָבער ווען ער אַליין איז אַרייַן אין ווייצנפעלד און די זאַנגען האָבן אים געגרייכט ביז דער ברוסט, האָט אים א צופּ געטאָן א פאַרדראָסיק קנאה־געפיל. מיט נישט געאיילטע שריט האָט ער סוף־סוף צוזאַמענגענומען די כאַפּטע חזירים און אַרויסגעפירט זיי אויפן גרויען פּאַשע־פעלד.

אויך צומאָרגנס איז ער אַנדרימלט געוואָרן צווישן די גראָזן און ביים אויפרייסן זיך פונעם שלאָף האָט ער ווידער נישט געזען די חזי־רים אַרום זיך. ווען ער איז צוגעקומען צו יענעם עק, ווו די חזירים האָבן נעכטן געטרעטן דעם פאַרזייטן באָדן, האָט ער צו זיין דערשטוינונג נישט געטראָפן קיין זכר פון א לעבעדיקער חיה. פרישע שטעגעלעך און א ריח פון גנוי האָט ער וואָס אַן אמת אַנטדעקט, אָבער די חזירים זענען נישט געווען.

פעטער איז געגאַנגען מיט א שווער האַרץ ביים ראַנד פונעם פעלד און באַמיט זיך נישט צו פאַרלירן פון אויג דעם שליאַך. האָט ער דערזען אַז די שפורן פירן צום הויף פון דער נייער יידישער משפחה. ער האָט דערקענט ווו נישט ווו אַן אָפּגעריסענע זאַנג, וואָס איז געכאַפּט געוואָרן אין געיעג, איז איילעניש. וואָס מער ער האָט זיך דערנענטערט צום פּלאָץ ווו די כאַטע איז געשטאַנען, איז זיין גאַנג געוואָרן וואַקלדיקער. ווען ער האָט דערזען דעם הויף אויפן קעגנאיבערדיקן אויסגעגלעטן בערגל, האָט ער זיך א וואָרף געטאָן צום באָדן און זיך פאַרגראבן צווישן די גראָזן. ער האָט אָנגעהויבן צו באַטראַכטן די באַוועגונג אין הויף.

פון דאַנען האָט ער קלאָר געזען ווי די חזירים־טשערעדע דרייט

זיך ארום הויף, און טראָץ דעם וואָס דער הונט האָט זיך געריסן אויף זיי, האָבן זיי דאָך נישט פארלאָזן דעם הויף. אין אָנהויב האָט עס אים, פעטערן, געוואונדערט, אָבער באלד האָט ער זיך געכאפּט, אז עטלעכע קליינע חזירימלעך זענען צוגעבונדן צו סלופּעס און וואָגן־רעדער. זיי האָבן דאָס געהאלטן צוגעשמידט די חזירים פון צעשפּרייטן זיך איבער אלע זייטן.

די זון האָט אָנגעהויבן שטארקער צו בריען פעטערן אין אנט־בלויזטן קאָפּ. לאנגזאם האָט ער גענומען רוקן זיך הינטערוויילעכס און ווען די כאטע און די סטאדע האָבן זיך שוין מער נישט געזען, האָט ער זיך ארויסגעדרייט און אָנגעהויבן שנעל גיין צום פּאָטערס הויף.

* * *

ווי אן איבערגעשראָקענער פויגל האָט ביאָמע אויסגעזען נאָך זיין צוריקקערן זיך פונעם פעלד. יעדן פרימאָרגן מאכט ער זיין באַזוך אין ווייצן־פעלד בכדי צו אָבסערווירן דאָרט די ענדערונגען. היינט האָט ער דאָרט געטראָפן די כאָפּטע חזירים, וואָס האָט מיט א ווילדער הנאה זיך געוואלגערט אין דער גרינקייט. „ווען דער חזיר זאָל האָבן הערנער, וואָלט ער די וועלט איבערגעקערט" — האָט ער זיך דערמאָנט אַן אלט גלייכווערטל. אויף גרויסע שטרעקעס האָבן איבערגעבראָכענע זאנגען זיך געטרייסלט ווי נישט דערשאָכטענע קעפּלעך, דער זאַפטיקער גערוך פון צעקייטן גראָז האָט געקיצלט די נאָזלעכער, ביאָמע האָט געטרונקען דעם ריח ווי ביטערן סם. ער האָט מיט צעפּאָכעטע אָרעמס און פאַר־צווייפלטע אויסרופן געטריבן די מחבלים פונעם ווייצן־פעלד. זיי האָבן אָבער געפילט זיין אומבאהאָלפנקייט און נאָך מער זיך ארייגעביסן אינעם פעלד. ביאָמען האָט געדריקט ביז צו טרערן דער אויסזען פונעם פעלד.

ער איז צוריקגעלאָפן אהיים און אלארמירט די זין. הערשל איז גראָד געווען פארטאָן אין צוגרייטן א דראָטענע צוים פארן ערשטן פּאשע־פעלד. מיט זיין באזאכטקייט האָט ער צוזאמענגעלייגט די גראָב־כלים, אָנגעגורט זיך מיט א לאנגן שטריק, מעשה „לאסאָ", און זיך גע־לאָזן איבערן שטיק ערד וואָס האָט אָפּגעטיילט די ווייצן־לאָנקע פונעם הויף. אויך מאיר האָט זיך געלאָזט לויפן נאָכן יינגערן ברודער. ער

האָט געכאַפּט אַ סענקעוואַטן פלאַקן וואָס איז אים געקומען אונטער דער האַנט.

הערשלען איז געלונגען צו פאַרציען די שטריק איבער צוויי קליינע קוויטשענדיקע חזירים. נאָך די צוויי קליינע זענען נאָכגעשפּרונגען אַלע גרויסע חזירים.

ניאַמע האָט איצט, ביים טרייבן די חזירים, דורכגעציטערט מיט אַלע איבלען וואָס האָבן זיך אין די לעצטע חדשים אָנגעקליבן ביי אים אויף דער נשמה. אין די קליינע פאַרשייטע אויגן פון די חזירים האָט ער געזען די פעטע צעשוווּמענקייט פונעם אוקראַינער שענקער, וואָס האָט זיך דאָ אָנגעזעצט ווי אַ פּיאַווקע און זוכט אים מיאוס צו מאַכן אין די אויגן פון די שכנים. אין צעטראָטענעם פעלד האָט ער געזען דעם קרבן פון הער לעוועטאַל, וואָס וויל דווקא איינפלאַנצן אין אים דעם פריקרען גלויבן — „אויסמישן זיך, גוטע באַציונגען מיט די שכנים". ווו וועט עס זיך ענדיקן?... ער האָט אַרויסגעצויגן דעם פלאַקן פון מאירס האַנט און אָנגעהויבן אַראָפּצולאָזן די בולטע סענקעס איבער די שנאַרכענדיקע קעפּ פון די חזירים. געהאַקט האָט ער מיט פאַרקריצטע ציין און פאַרביסענע ליפּן, פון וועלכע עס האָבן ציטנווייז זיך אַרויסגעריסן אָפּגעהאַקטע קללות. דאָס האָט אפילו אַרויסגערופן אַ פאַרוווּנדערונג ביי די זין: נישט אַזעלכן האָבן זיי געקענט דעם פאָטער זייערן.

ווען מ'האָט אָנגעטריבן די כאַפּטע און דער הויף איז פאַרהילכט געוואָרן מיט זייער ריטשען און מיטן בילן פון הונט וואָס איז אַליין מבולבל געוואָרן פון אַזויפיל חיות — איז באַשקע אַרויס פון דער כאַטע. צום ערשטן מאָל אין איר לעבן האָט זי געזען אַזאַ צאָל חזירים. אויף איר איז אָנגעפאַלן אַן איבל און זי האָט אָנגעהויבן צו ברעכן. דער עיפּוש פון חזיר־בלאָטע און די שנוקענדיקע מאָרדעס האָבן אין איר אויפגעוועקט אַלע עקלען, וואָס אַ דבר־אחר רופט אַרויס ביים שטעטלדיקן ייד. זי איז פון די ריחות אַנטלאָפן צוריק אין דער כאַטע, אָבער אויך אינעווייניק איז זי פאַרפאָלגט געוואָרן פונעם שטאַל־ריח און אָפּגעגעבן מיט דער גרינער גאַל.

ניאַמע האָט זיך באַרויקט און אָנגעהויבן מעסטן אויך וועגן זיינע מחשבות. ער האָט פאַרגעפילט די ערשטע סימנים פון אַ קאָנפליקט. ווו וועט עס אים פאַרפירן? דווקא די באַזאַכטקייט האָט אָנגעהויבן געבוירן די אומרויקייט און ער האָט זי אַרויסגעבראַכט אויפן קול:

— ווי וועט עס אויסזען, נו לאָמיר זאָגן: מיר וועלן צוריקטרייבן די חזירים צום דייטש און אים וואָרענען... דאָס לעצטע מאָל זאָל עס זיין...

הערשל האָט ארויסגעלייענט פון פאָטערס בליק און פון זיינע אומזיכערע ווערטער דעם אָנלויף פון ספיקות. ער האָט פארשטאַנען די סיבות פון אָט די וואַקלענישן און זיך באַמיט זיי אָפּצושלאָגן:

— טאַטע, איצט האָט נישט קיין זין צו בעטן ביי דעם חזיר אייר־דעלע מאַגירן! איך וועל עטלעכע פון די געבונדענע אוועקפירן אין גאָענטן פאָליציי־פּאָסטן. דאָרטן וועלן זיי באשטימען די גרויס פונעם שאָדן... עמעצער מוז דאָך באַצאָלן...

ניאָמע האָט אַן עפן געטאָן די אויגן: הערשל דער אטענטאַטאָר. דער פּאָליציי־פּרעסער, דער פאַרפאָלגער פונעם געזעץ — ער פאַררופט זיך איצט אויף רעכט און פסק־דין פון אויטאָריטעט? ווי באזאָרגט ער איז נישט געווען, האָט דאָך א לייכטער שמייכל זיך באַוויזן אויף זיינע עטוואָס אונטערגעשוירענע וואָנצעס.

— דאָך, מעגלעך, אז מיר וועלן אויסקומען אָן גאטשאלסטווע — איז ער ווידער אריינגעפאלן אין אן ערנסטן טאָן — מיר וועלן כאַפּן א שמועס מיט זיי גופא, מיט די דייטשן...

— גלייכער פון אָנהויב אָנלערנען, אַז דער חשק צו פארטשעפּען זיך זאָל אַוועק — האָט הערשל געפּסקנט כמעט מיט אַ געבייזער — יעדנפאַלס, פון אָנהויב אָן האָבן זיי נישט קיין גוטע כוונות... כ׳בין זי־כער אין דעם.

— פון וואנעט האָסטו די זיכערקייט?

— דער קלאָרסטער סימן איז דאָס אַרויסלאָזן די חזירים אָן אויפזיכט איך טאָג נאָכן צווייטן... און אפילו נישט פרוווּן זיך צו פארענט־פערן... איך האָב אפילו געזען דעם עלטערן זון זיך ארומדרייען אויפן בערגל ווי אויף אויסצושפּירן... נאָך דעם איז ער אוועק...

דער פאָטער האָט, קנייטשנדיק דעם שטערן, זיך באמיט נישט אויפצורעגן זיך פונעם זונס אנטדעקונג. זיין אומרויקייט האָט זיך דאָך געשטאַרקט און ער האָט געשטאַמלט: אַזוי, אַזוי... איז וואָס איז דאָ שיידן?

די שעהן זענען לאַנגזאַם געקראָכן. דער פאַרנאַכט האָט אָנ־געהויבן פארקלייבן זיך ביי די זוימען פון די ווייטע בערגלעך. און דאָ האָט אויפגעשפּילט דער קאָנצערט פון די פעלד־פייגל און גרילן. א קי־לער שטראָם האָט זיך אריינגעקלינעט אינעם הויף. בלויז א בינטל

שטראלן האָט א שימער געטאָן איבערן הימל, קאַפּריזנע געשטאַכן און געבלענדט. הערשל איז געזעסן אויף א קאסטן און געלייענט א פארגעל־טע אָפּגענוצטע בראשית, וואָס דאָ האָט זי אויסגעזען נאָך מער אָפּ־געטראָגן און פרעמד. פון צייט צו צייט האָט ער געמאָסטן די ווייט־קייטן ווי צו קאָנטראָלירן יעדע נישט דערוואַרטע דערשיינונג. דער אָפּגלאַנץ פון די שטראַלן איז געפאלן אויף די פארגעלטע בלעטער ווי רויט־פארביקע קאלוזשעס, וועגן וועלכע עס דערציילט זיך אין דער בראשית. דער גרונט אין זיין דמיון איז אָבער נישט מער געלבלעך, נאָר ווייס, עקשנותדיק ווייס, מיט שניי־פעלדער, און די שורות קייקלען זיך דאָרט ווי ווינגדיקע שליטנס... ער איז געזעסן פארגראָבן אין דער בראשית און ביים אויפהויבן דעם בליק געזען ווי דער טאָג שטארבט אָפּ. ער האָט זיך געזען ארומגענומען מיט א בלוילעך־וויאָלעט־קאָ־לירטער קייט פון בערגלעך, וואָס פארשליסן דעם קרייז צו דער וועלט. דאָ ער איז פארשלאָסן אינעם ווייכן טאפּעט פון רויטע פארבן, וואָס בריען דעם דמיון. בלויז איין ברעקל פון האָריזאָנט איז אָפן, ווי א שמאָל אנטרינונגס־טויערל צו דער וועלט. פון דאָרט טראָגט זיך איצט דער בלאָטיק־געזאלצענער גערוך פון דער קליינער אָזיערע. און ווײַ־טער? ווייטער ברענט שוין די וועלט אין אַ העליש פייער. נאָכן שאָס פון סאַראַיעווא, קייקלען זיך די דונערן איבער איראָפּע, ווי אן אָנ־זאָג פון חורבן און פון אויסלייזונג צוגלייך.

ער האָט זייטיק א בליק געטאָן אויפן פאָטער. ער האָט געוווּסט אז אויך דער פאָטער איז איצט אריינגעטאָן אין א וועלט פון מחשבות און חשבונות. צו די שורות אין דער בראשית האָט ער זיך נישט אומ־געקערט, אָבער ער האָט אויך נישט געקאָנט אָנקניפּן קיין שמועס כדי לייכטער צו מאכן די געדריקטע שטימונג. „ער איז א גיבור" — האָט ער איילנדיק א טראכט געטאָן — „מ'דארף האָבן א סך קוראַזש און עקשנות. ווייל נאָך אַלעמען האָט ער דערווייל אַלץ אויסגעביטן אויף קליינגעלט: נישט קיין שול, נישט קיין מקווה, אָן דערציונג פאר די קינדער, קיין שבת און קיין יידיש לעבן ארום. די סיטואציע בינדט אויך הערשלען צו צו דער משפחה און צום פלאַץ. צי קאָן ער זיי איצט אזוי איבערלאָזן? איצט, און ווען יאָ?"... היינט מער ווי שטענדיק איז ער אַוועק אין דער וועלט פון נישט געצוימטע פאַרלאַנגען און נשמה־בענ־

קענישן. ביז איצט איז ער געווען ווי א חלק פון דער ווירטשאפט, — די פערד, די עופות, די אײנציקע קו. אויך ער פירט דא אויס זײן פונקציע אין דער ברוטאלער און הערלעכער טאגטעגלעכקײט. אויך ער איז דער באשאפער פון מעשה־בראשית.

און דארט ברענט די װעלט, אזוי װי איצט דא — דער הימל. װאס װעט אװעק אין אט דער שריפה? דער צעפוילטער בנין פון דער אומגערעכטער װעלט, אדער די אויסגעכאװעטע האפענונג פארן מארגן, די האפענונג װאס האט נאך נישט באקומען קײן פליגל?... און פארװאס איז ער אנטלאפן? און זײנע חברים אין אט דער שעה פון נסיון — זענען זײ צװישן די װידערשפעניקע אויפן ארט, אדער גרײטן זײ זיך אין דער שװײץ, אין ענגלאנד אויף דעם טאג פון אפרעכענונג? צי דער־מאנט מען זײן נאמען — צום גוטן, לגנאי?...

דער אײנציקער קודלאטער הונט האט זיך א ריס געטאן און בהלה׳דיק זיך צעבילט. הערשל האט זיך א טרײסל געטאן. פון דער װײטנס, אפגעגאסן מיטן װיאלעט־רויטן ליכט, זענען אנגעלאפן צװײ גע־שטאלטן. דאס איז געװען א פארצװײפלט אנטלויפן און א פארביסענער פארפאלגן. די געשטאלטן זענען נאך װײט געװען, אבער הערשל האט א׳ן זײ דערקענט טערעזא, די פערצן־יעריקע טאכטער פון האנס נאגעל, מיט צעפליקטע קלײדער און נאך איר עטלעכע צענדליק מעטער, פע־טער, װאס האט זיך באמיט זי צו דערגרײכן און ס׳איז אים נישט גע־לונגען. די דיסטאנץ צװישן זײ איז גרעסער געװארן און דאס האט צוגעגעבן מוט דער אנטלויפנדיקער. זײן לויפן איז סײ װי געװען װי פון א געפענטעטן אדער פון אײנעם, װאס שלעפט זײנע פיס אין שי־כרות. ער האט געפאכעט מיט א יאגד־ביקס איבערן קאפ. די ביקס איז זעט אויס געװען נישט געלאדן, אדער נישט אין ארדענונג, און דאס האט אים נאך מער דערנערװירט. ער האט זיך ארויסגעהאלפן מיט א קורץ בײטשל, געקנאלט מיט איר קונציק אין דער לופטן.

די סצענע איז אויפגעגאנגען װי א מיראזש, װאס די צעהיצטע פאנטאזיע קאן געבוירן אין א טאג פון איבערלעבונגען. דאס פאר־צװײפלטע געשרײ פונעם דײטשישן מײדל האט פארפולט דעם װײכן חלל פונעם אויסגײענדיקן טאג מיטן רוף צו ראטעװען איר לעבן פונעם

ברודער. וויזט אויס, אז ער האָט זיין צערייצטקייט געפּרוּווט אָפּווענדן קעגן דער ידישער משפּחה.

א נישט געוויינטלעכער אלארם איז אנטשטאַנען אינעם הויף. דאָס גאנצע הויזגעזינד איז ארויס פון דער כאטע און מיט א פארכאַפּטן אָטעם זיך צוגעקוקט ווי דאָס יאָגנדיקע פּאָרל שלינגט איין די ווייטקייטן אין אָפענעם פעלד. אלע האָבן קלאָר געשפּירט, אז אָט די דערשיינונג האָט א פארבינדונג מיטן כאַפּן די חזירים, אָבער געניי איז שווער געווען זיך צו אָריענטירן. באַשקע האָט געבראָכן די פינגער ווי זי וואָלט דורך דעם געוואָלט אָפּלענקען דעם פּחד פארן אומגליק. אנדערע האָבן זיך צוגעשארט צו די בלעכענע ווענט פון דער נידעריקער כאטע. בלויז הערשל האָט פאַרשטאַנען, אַז מיט זיין פלינקער האַנדלונג קאָן ער פאַרמיידן דאָס שלעכטס, וואָס שפּאַנט מיט גיכע טריט. ניאָמע האָט אָנגעהאַנגען זיין פאַרבלאָנדזשעטן בליק אין אים און אפילו א דער־לייכטערנדיקן שמייכל געטאָן, ווען ער האָט באמערקט הערשלס האלטן זיך רויק בעת ער איז אָך ווערטער אַריין אין דער כאַטע.

ער איז צוריקגעקומען מיטן רעוואָלווער אין האנט, זיך אוועק־געלאָזן צו דער שטאל און דאָרט אויסגעזוכט די קורץ־געפלאָכטענע בייטש. אַ דערלייכטערונג האָט זיך אַראָפּגעלאָזן אויף אַלעמען, ווען הערשל האָט אויסגעשאָסן אין דער לופטן און דער עכאָ האָט זיך פאַרקאָלערט צווישן די וויטע בערג.

הערשל האָט איצט געשפּאַנט פאָרויס. די משפּחה האָט זיך גע־שארט נאָך אים כדי נישט צו לאָזן אים אליין. דאָס פארפאָלגטע מיידל האָט געשריגן און געפּאָכעט מיט אירע דינע אנטבלויזטע אָרעמס. דער פארפאָלגער, א ביסל אָפּגעהאלטן און צעמישט, האָט פארלאנגזאמט דאָס לויפן, און ווען ער האָט באַמערקט ווי די שוועסטער איז אוועקגעפאלן צווישן די אָנקומענדיקע מענטשן, איז ער שטיין געבליבן. ער האָט באטראכט וואָס עס קומט פאָר, געמאָסטן דעם מרחק צווישן אים און דעם הויף און א בליק געטאָן הינטערווילעכס, פאָרשנדיק יעדע מעגלעכקייט.

הערשל איז דערווייל געגאנגען פאָרויס און מיט פארקלעמטע ציין געדריקט דאָס הענטל פונעם געווער אוועקנעמענדיק דעם פינגער פונעם ציננגל ווי ער וואָלט נישט געטרויט זיין אייגענער קאלטבלוטיקייט. ער האָט איצט קלאָר געזען, אז די ביקס אין האנט פונעם צערייצטן יונג

איז נישט מער ווי א טויטע סטראשידלע. ווען ער איז שוין געשטאַנען קעגן אים און באמערקט ווי יענער איז אַפּגעוואשן מיט שווייס ווי א פארסאפּעטער הונט נאָך א לאנגן לויפן — האָט ער זיך ראַפּטעם א וואָרף געטאָן אויף אים, ארויסגעריסן פון זיין האנט די ביקס און זי אוועקגעשליידערט צווישן די גראָזן:

— איצט באוויז דיין גבורה — האָט ער זיך אויף אים אָפּגעריסן — זע, אויך איך וואַרף אוועק מיין געווער — ער האָט אוועקגעשליידערט דעם רעוואָלווער צו דער ערד.

און ווען ער האָט דערזען פּעטערס צעשויבערט פּנים, זיינע טיפע אויגן און די צוגעקלעפּטע פלאַקסענע האָר אויפן שטערן — האָט אים א צופּ געטאָן א רחמנות־געפיל, ווי צו אן אויסגעמאַטערטער אויסגע־שעפּטער חיה. בלויז א רגע האָט אים געוועלטיקט דאָס געפיל — ער האָט געוווּסט אז איידער יענער קומט צו זיך נאָכן ערשטן קלאַפּ דאַרף ער אָנגרייפן — ער האָט געגעבן א שמיר מיט דער קורצער רוט איבערן צעוואקסענעם גוף פונעם דייטש. דאָס איז געווען אַ ארויס־רוף: קעמף און פארטיידיק זיך.

דער פייפנדיקער שמיץ האָט אים באמת ארויסגעשטויסן פון זיין שיכרות. ער האָט א טראָט געטאָן הינטערווייליקס, ווי צו זוכן א מע־גלעכקייט זיך אליין צוזאמענצונעמען, און באטראכט די בייטש אין דער אייגענער האנט. דאַן האָט ער אָנגעהויבן צו קנאַלן אין דער לופט, צוגעבנדיק זיך מוט מיט געשרייען און ווילדע קללות.

איצט האָט דאָס געשלעג זיך פונאדערגעפלאַקערט אויף אַן אמת. די בייטשן־שפּיצן האָבן, ווי בליצן, געשניטן די לופט און וויינענ־דיק זיך איינגעביסן אינעם מענטשלעכן לייב. בלוי־רויטע קישקעס זע־נען אָנגעלאָפן ווי געשוואָלענע אָדערן אויף די פּנימער און הענט.

דאָס לעצט ביסל טאָג־ליכט האָט אָנגעהויבן צאנקען און פון די בערג האָבן אָנגעיאָגט אַלאַרמירנדיקע שאָטנס. דאָס געשלעג איז נאָך אָנגע־גאנגען מיט זעלבן אימפּעט. נאָך יעדן פארמעסט מיט דער בייטש האָבן זיי ארויסגעגעבן מאוימדיקע קולות אָן ווערטער.

פון ביידע זייטן זענען געשטאנען די משפחות און זייערע באַ־נומענע קולות האָבן זיך אויסגעמישט אין קריגערישן ארויסרוף. זיי האָבן איצט נישט מיטגעוויטיקט מיט די אָנגעשוואָלענע קערפּערס, נאָר מיט־

בעשלעפט געוואָרן אין ברען פון געפעכט. דאָס נאָגעלס משפחה איז אָהער אַנגעלאָפן אין פּאַניק דערהערנדיק דעם שאָס. די באָרוועסע קינדערלעך זענען געשפּרונגען אויפן גראָז און געריסן זייערע העלדזער ביזן הימל אַרײַן:

— שלאָג, שלאָג! פידער, שלאָג צום טויט דעם יודע! שלאָג, שלאָג...

מיט דער טונקלקייט האָט דאָס געשלעג נאָכגעלאָזן. ווי אָפּגע־מאַכט צווישן זיך איז יעדער צד אָפּגעטראָטן מיט וואַקלדיקע טריט און צעקײַלטע קערפּערס.

ווי שאָטנס זענען זיך אַלע צערונען פון דער נאַכט. בלויז די פּערצן־יעריקע טערעזע איז פאַרבליבן פאַרשטעקט אינעם גראָז און אויסן קול געכליפּעט. ווען הערשל האָט געוואָלט זי באַגלייטן אַהיים האָט זי נאָך מער אויפגעהויבן איר קול און געבעטן זיך, אַז מ׳זאָל זי איבערלאָזן די נאַכט דאָ אויפן פעלד. אַהיים וועט זי נישט גיין אַפילו ווען מ׳וועט זי שלעפּן מיט אַ געזאָטלטן פערד... ניין, נאָר נישט אַהיים!

מען האָט זי אַרײַנגענומען אין דער כאַטע און אויסגעשפּרייט פאַר איר א שעניק אויפן דיל. זי האָט קיין ביסן אין מויל נישט גענומען און מיט גרויס שוועריקייט בלויז אַ ביסל טיי אַראָפּגעשלונגען. בײַנאַכט האָט זי געערדט פון שלאָף און געשריגן נאָך הילף.

צומאָרגנס האָט הערשל אַרײַנגעוואָרפן די יונגע חזירים אין א קאַסטן און זיי אוועקגעפירט צו דער נאָענטער קאָמיסאַריע נישט ווייט פון דער באַן־סטאַנציע. ער איז פאַרפאָרן אין הויף פונעם „מיליקאָ״, דערציילט אים די גאַנצע געשיכטע און איבערגעגעבן אין זײַנע הענט די געבונדענע חיה׳לעך. דער פּאָליציי־מאַן האָט באַטראַכט די קוויטשערס און געריבן פון פאַרגעניגן די הענט. מיט א האַלב אויער האָט ער באַוויזן אויסצוהערן די געשיכטע פונעם צעטראָטן פעלד און אומגעדולדיק אים איבערגעשלאָגן:

— הער מיך צו, מײַן זון, דו ברענג וויפל דו באַווייזט נאָר צו כאַפּן. בײַ דיר, אויפן פעלד ביסטו פרײַ צו פאַרכאַפּן אַלץ וואָס טוט אָן שאָדן... — דערבײַ האָט ער אַ געשריי געטאָן צו אַ געשטופּלטן שגץ, ספק געהילף, ספק אַרעסטאַנט, וואָס האָט זיך אַרומגעדרייט אין הויף מיט א בעזים — העי, סאַנטשעס, ברענג נאָר די פלאַש כערעס, פון דעם אַלטן! — יאָ, אָבער זע, מײַן זון, קלייב אויס פון די ווייכע „לע־

טשאָנעס" (יונגע חזירים), צו די אלטע האָב איך שוין נישט קיין צײַן...

ווען ניאָמע איז געפאָרן צום פּאַרוואַלטער און ארויסגעלייגט פאַר אים די ביטערע טענות, האָט דער הער לעווענטאל פארזשמורעט די גרויע אויגן, צונויפגעדריקט די ליפּן, אז די וואָנצעס האָבן ווי נאָדלען זיך אויפגעשטעלט, און קיל זיך אָפּגערופן:

— מילא, אינצידענטן קומען פאָר אפילו צווישן מאן און ווייב... מ'דארף נאָר נישט איבערטרייבן. איך פארשטיי אייער ווידערווילן צו די שווייַנען. דאָס איז אן אלטער האַס... כע, כע, כע... א ביסל אויסדויער. פאַרגעסט נישט, אַז איר זיצט דערווייל צווישן פעלקער. לעבט זיך איין, טראָגט אלע שוועריקייטן...

ביי ניאָמען האָט זיך אינעווייניק עפּעס ווי אָפּגעריסן, ער האָט אָבער געוווּסט אז נישט דורך אן אויסברוך פון כעס וועט ער לייזן זיין פּראָבלעם, האָט ער זיך אויסגעדרייט, ארויפגעזעצט דאָס היטל אויפן גרוילעכן קאָפּ און פארלאָזן דעם קליינעם קאבינעט נישט אויסריידנדיק קיין וואָרט.

דעם זעלבן פארנאכט איז דער פארוואלטער דערשינען מיט זיין ווינגדיקער קאַרעטע. ער האָט פּאַרפירט אַ שמועס מיט יעדן צד באַזונדער און אָנגעלייגט אויף יעדן פון זיי א בינטל עצות. ווען ער האָט פון ניאָמען געהערט וועגן דער פערצן־יעריקער טערעזאַ, וואָס וויל זיך נישט אומקערן אהיים אין שרעק פאר איר ברודער, האָט ער איר פאָרגעלייגט צו נעמען איך שטאָט אריין, צו העלפן אין דער הויז־ארבעט. דאָס זומערבאשפּרענקלטע שיקסעלע האָט מיט ציטערניש מסכים געווען און איז איינגעשטיגן אין דער קארעטע.

צוועלפטער קאַפּיטל

## די ערשטע סנאָפּעס

גרויסער גאָט, מיר זינגען לידער,
אונדזער שוץ ביסטו אליין;
קלייבט צונויף די סנאָפּעס, ברידער,
ביז די זון וועט אונטערגיין!...

די היץ האָט זיך געשטאַרקט מיטן גאַנג פון די שעהן. איצט האָט מען געדאַרפט אַריינכאַפּן די עיקר אַרבעט. מיטאָג־צייט איז באַשטימט אַ לאַנגע פויזע סיי פאַרן אָנגעשטרענגטן מענטשלעכן מוסקול און סיי פאַר די פאַרשוויצטע פאַרמאַטערטע פערד. פאַרנאַכט־צו וועט מען ווידער זיך צעשפּרייטן איבערן פעלד — ביז די זון וועט אונטערגיין.

ווען די אָפּגעבליטע זאַנגען האָבן אָנגעהויבן צו געלבן זיך איז אויפגעשווומען אַ נייע נאָגנדיקע דאגה: ווי אַזוי קלייבט מען צונויף די ערשטע תבואה פונעם פעלד?

האָט ניאָמע איינגעשפּאַנט דעם וואָגן, און באַגלייט פון הערשלען, זיך אַוועקגעלאָזן אין דער אומגעגנט, כדי אויסצופרעגן און באַראַטן זיך מיט די אַלטע קאָלאָניסטן, מיט די, וואָס האָבן זיך אָפּגעגעבן מיט דער תבואה־קולטור און הערן פון זייער מויל, ווי אַזוי ער דאַרף איינזאַמלען די פּרוכט פון זיין פעלד.

זענען געווען אַזעלכע, וואָס האָבן אים געראָטן צו דינגען די באַוווּסטע און אויסגעריבענע „אַווסטראַליאַנא" — אַ דרעש־מאַשין, וואָס ווערט געשלעפּט פון צען פערד און וואָס איר צילינדער־אַפּאַראַט קוועטשט אויס די קערנער פון די זאַנגען — דו וועסט דעם ווייץ באַקומען באַלד אין זאַק אַריין און דעם זעלבן פאַרנאַכט קאָנסטו עס פירן אין שפּייכלער. ווען דו ביסט אויסגעשטעלט כמעט יעדן טאָג צו שטור־

רעמס, רעגנס און האָגל — אזעלכע אָפּטע נאָך די שטיקנדיקע יאַ־נואַר־טעג — איז דאָס דער בעסטער וועג... האָבן צו טאָן מיט סנאָפּעס? איז ווער וועט דרעשן? און ווען וועט מען דרעשן? און דערווייל זאָל עס פוילן?

אָבער ווען ער האָט פאַרפירט א שמועס מכוח אראַנזשירן זיי צום שניט — האָבן אַלע איינגעשטימט, נאָר — ווען זיי וועלן פאַרענדיקן זייער פעלד. האָבן אַנדערע אָפּגעוועגדט: דווקא ער זאָל זיך פאַרלאָזן אויף דער אַלטער צופּ־מאַשין? אויב דער טאָג איז א טרוקענער, פאַלן די זערנעס פון די זאַנגען־הייטלעך און שיטן זיך אויס ביים ערשטן באַריר. און פאַרקערט, איז דער טאָג א פייכטער — בלייבן א סך קערנער אין די זאַנגען. אַלזאָ, דאָס בעסטע מיטל איז צו שניידן און בינדן סנאָפּעס — אַזוי האָט קאַטעגאָריש געפּסקנט דער בייערישער פויער צו וועמען זיי זענען פאַרפאָרן. זיין „טשאַקראַ" (ווירטשאַפט) איז גע־לעגן פון יענער זייט קרייז־שטאָט. דאָרט האָבן גרופּעס דייטשן פון דער קאָלאָניע „סאַן מיגעל" זיך אָפּגעגעבן מיט דער קולטור פון גערשטן און ווייץ, בהמות איז ביי זיי געווען א ביי־זאַך.

— סנאָפּעס, יאָ, סנאָפּעס; און וואָס איז דער פאַרצוג? — האָט דער פעסט־געפאַקטער דייטש מיט די הימל־בלויע אויגן זיך צעלייגט מיט זיין טעאָריע — אַנו, ווייסטו וואָס עס הייסט „באַסע 80"? — ניקס? לאָזטו די „פרוכט" צייטיק ווערן אויפן פעלד און זי ווערט טרוקן זאָ ווי פעפער, און עס קאָמט איינע רעיגען, און נאָך איינע רעיגען, און נאָך... דאַן ווערט דער קערן אָפּגעוואַשן און פאַרלירט דעם פיינעם קאָליר... ער ווערט בלאַס און מ'באַקומט ניקס די פרייזע פון „באַסע 80", ווי עס פאַרלאַנגט ווירדע... פירשטאַנדען? — ער האָט געפּייפט מיט דער אויסגעלאָשענער פּייקע און די ווייכע הימל־אויגן האָבן געשמייכלט.

— יאָ יאָ, עס לייגט זיך אויפן שכל — האָט ניאָמע צוגעגעבן.

— וואַרט, נאָך ניקס אַלעס — האָט ער זיך פאַרמאָסטן — ווען עס קומט א שטורעם מיט א רעיגען און די פרוכט איזט איבערצייטיקט, ווערט דאָס פעלד זאָ אויסגעלייגט — האָט ער אַ שמיר געטאָן מיט דער דלאָניע ווי ער זאָל א פיר טאָן איבערן ים אנגעבויגענע זאַנגען — קיין מאַשין וועט עס צוריק נישט אויסגלייכן — קאַפּוט! וואַרט, נאָך נישט אַלעס... וויסן זי, וואָס עס הייסט „קאַרבאָן"? נאָך איינעם רעיגען

מיט אײנע שײנענדיקע זאַנע, װערן די װײכע זאַנגען אין שװאַרצע קוילן, און בײם דרעשן מישן זײ זיך אויס מיט די רײנע און אַלץ װערט פאַרשמוצט. דער שװאַרצער שטויב פאַרבט אַלעס אויף ברוין — אָבער דאָס איז נאָך נישט אַלעס, מײַן פֿרײַנד: װען די פּראָכט איז איבער־צײַטיקט און ס׳קומט װי געװײנלעך אַ רעגן מיט שטײנער (האָגל), װערט אַלעס פֿאַרניכטעט — אונד װעלכע מאַשין װעט דאַן אויסגלײַכן און אויפֿזוכן די זאַנגען אויפֿן באָדן? נאָר װאַרטן זי... נאָך נישט אַלעס...

און ער האָט פֿאַרגעזעצט זיך באַלערנדיקע לעקציע פֿון אַ גע־ניטן פּויער, צונויפֿגעמישט יוצרות און פֿאַרביטן די סעזאָנען און מיט גרויסער שװעריקײט זיך אַרויסגעדראַפּעט דורך אַ נײַער „װאַרטן זי, נאָך נישט אַלעס"...

איצט האָט ער זיך בילדעריש צערעדט װעגן דער „פּראָכט" אין סנאָפּעס־בונט. װי אַזוי די סנאָפּעס פֿאַלן סימעטריש פֿון דער בינד־מאַשין, װי אַזוי די מענטשלעכע האַנט צעשטעלט זײ אין גלײַכע קופּעס און די זאַנגען בליקן גלײַך צו דער זון און װערן לאַנגזאַם, לאַנגזאַם צײַטיק אויפֿן פֿעלד און היטן אָפּ זײער װאָג און קאָליר.

— בײם צוזאַמענקלײַבן די סנאָפּעס און בויען דעם סטויג (פּאַרואַ) — מוז מען זײַן דער ריכטיקער מײַסטער, אַ ן עכטער הויז־בויער. די װענט דאַרפֿן זײַן גלײַכע װי פֿון ציגל, די זאַנגען — אינעװײניק. דער דאַך דאַרף געבויט זײַן מיט צװײ אָפּגידערונגען, פּונקט װי דאַ־כעלקעס — די רעגן־טראָפּנס זאָלן אָפּרינען אויפֿן באָדן. דערנעבן גראָבט מען אויס אַ רינװע צו דערװײַטערן דאָס װאַסער... בלויז אַ דינער שיכט פֿונעם דאַך װערט צוגעפּוילט, נישט מער... אַפֿילו אין גרעסטן רעגן.

ניאַמע האָט אויפֿמערקזאַם אויסגעהערט די לעקציע און ס׳האָט אים אַרומגעכאַפּט אַ געפֿיל פֿון יאוש און פֿאַרלוירנקײט:

— און װער װעט דאָס אַלץ דורכפֿירן בײַ מיר? — האָט ער זיך װי געבעטן.

— װאָס איז דאָס פֿאַר אַ פֿראַגע? — האָט דער דײַטש טריומ־פֿאַל צוגעקלאַפּט מיט די דיקע זומער־באַשפּרענקלטע הענט און געהײסן באַשטעלן ביר — איך װעל אײַך צו פֿאַרפֿיגונג שטעלן מײַנע מאַשין אונד מײַן עלטסטער זונע איזט אײַנער קינסטלער צו בויען די פּאַרואַס...

זיכער בין איך גרייט... פאַרשטענדליך, אַז נאָך דעם שניט פון מיינע פעלדער... פאַרשטייען זי?

הערשל האָט געזוכט די אויגן פונעם פאָטער און געאײַלט זיך אים אָנצוווינקען, אַז ער זאָל זיך אויף היינט באַנוגענען מיט דער באַקומענער אינפאָרמאַציע. פון די „נאָך נישט אַלעס" האָט ער קלאָר אַרויסגעפילט דעם טעם פון אַ פאַרשטעלטן אָנבאָט. מ'דאַרף נאָך לאָזן די לאַגע אויסשטיין, אָט, ווי דאָס פעלד וועט זיך אויסשטיין...

דער זומער־טאָג איז היינט ווי אָפּגעשאָטן געוואָרן מיט בונטע זון־סנאָפּעס אין טאָג פון אָנהייב־שניט. די גאַנצע משפחה איז אַרויס אין פעלד און צוגעלייגט דלאָניעס צום שטערן. יעדער האָט געוואָלט אויפכאַפּן דעם גאַנג פונעם שניט.

די בינד־מאַשין ווערט געשטויסן פאָרויס דורך זעקס פערד געשפּאַנט פון ביידע זייטן פון ריזיקן דישל. לאַנגזאַם דערנענטערט זי זיך צום געלבלעכן ים און די פליגלען הייבן אָן צו דרייען זיך און וואַרפן אַריין די זאַנגען מיט לאַנגע שטרויען. זיי פאַלן איבערן מעסער, ווערן אונטערגעכאַפּט פון דעם ליוונט, וואָס דרייט זיך און טראָגט זיי ווי כוואַליעס צום בינד־אַפּאַראַט, דעם איינגעשרויפטן אויפן לינקן לענד פון דער מאַשין — צוויי איזערנע הערנער קלאַפּן דאָרט צונויף די זאַנגען. באַלד רוקט זיך אַרויס אַ ריזיקע געבויגענע נאָדל און וויקלט דעם דיקן פאָדים. דער קנופּ־מעכאַניזם פאַרקנוילט און פאַרקניפּלט און נאָך דעם דערהערט זיך אַ טעמפּער קלאַפּ: דאָס קורצע מעסער האַקט איבער דעם עק פונעם קנופּ. אין דעם מאָמענט דערשיינען צוויי דינע לאַנגע הענטלעך און גיבן אָן עלעגאַנטן שטויס דעם ערשטן סנאָפּ — ער פליט און פאַלט אַ פּאָר מעטער פון דער גייענדיקער מאַשין.

איינס... צוויי... דריי. די סנאָפּעס האָבן זיך אויסגעלייגט סימעטריש. דער יונגער דייטש איז אַראָפּגעשפּרונגען פון דער מאַשין און געשיינט. ער האָט באַטראַכט די סנאָפּעס און געגלעט זיי מיט די אויסגעאַרבעטע הענט.

איצט האָט ניאַמע זיך אָנגעבויגן און מיט אַ ציטערדיקע האַנט אַ נעם געטאָן דעם ערשטן סנאָפּ, דערנאָך האָט ער צוגעלייגט אויך די צווייטע האַנט און דער סנאָפּ איז געבליבן צוגעדריקט צו זיין ברוסט

זוי מ׳האלט אן אונטערגעוואקסן קינד וואָס האָט פאַרשאַפט „צער גידול בנים״. אַ שאַרפער ריח פון איבערגעהאַקטן שטרוי און פונעם מעססער־שטאָל האָט א זעץ געטאָן אין די נאָזלעכער און די שפּיזלען פון די נאָך ווייכע זאַנגען האָבן געקיצלט אים אין פּנים און אין גרויי־לעכן בערדל. ער האָט מיט בײדע הענט א הייב געטאָן דעם סנאָפּ קעגן דער זון, געטרייסלט אים ווי א לולב און געמאַכט א „שהחיינו״.

— זע נאָר א וווּנדער! — האָט באַשקע געשמייכלט און זיך דער־מאָנט אין אירס אַן אַמאָליקן באַזוך ביי איר פעטער דעם ישובניק אין דאָרף מיכאַלאָווקא — ווי, ווי די גוים האָבן עס געפּאַכעט מיט דער נשמה ביזקל זיי האָבן געזעצט א פאַרטיקן סנאָפּ.

— דאָס איז נאָך נישט אַלעס — האָט זיך דער שגץ אריינגעמישט, געצויגן די ווערטער ווי דער פּאַטער זיינער — מ׳גרייט איצט מאַשינען, וואָס דרייען אַליין די דרעש־מאַשין. א דריי מיטן הענטל און טראַ־טראַ־טאַ־טאַ. אזא מאַטאָר גיט אַרויס א רויך און טרינקט נאַפט. זי ווערט געשלעפּט פון צוועלף פערד, נאָר געשלעפּט, אָבער נישט גע־דריט. און די זעק פאַלן פאַרטיקע אין פעלד אריין.

— טאַקע, טאַקע? — אַלע האָבן געשמייכלט און דער שגץ האָט געשעפּט נחת פון זיין בקיאות.

ניאַמע האָט זיך פאַרטראַכט א רגע און ווי צו זיך אַרויסגערעדט: „מיר דאַרפן אויך גומל בענטשן״ — אַרויסגערעדט די ווערטער — און זיך ווי צוריקגעכאַפּט, ווי ער זאָל האָבן אריינגערוקט א פוס אין א שיי־טערער בלאָטע. ער האָט זיך באַלד אויסגעדרייט און א כאַפּ געטאָן די ליגנדיקע סנאָפּעס מיטן פרעגנדיקן בליק צום דייטש — —„יאַ, יאַ—זאַ, זאַ״... דער שגץ איז געווען צופרידן וואָס ער איז דאָ מעשה לערער.

פאַרוואָס האָט ער דווקא איצט זיך דערמאָנט אינעם גומל בענטשן? דווקא ווען אין זיין האַנט האָבן זיך געצאַפּלט די זאַנגען, שמעקנדיקע און איבערגעגעבענע, איז אים אַרויפגעשווומען אין זכרון א געשעעניש פון צוריק מיט א פּאָר וואָכן. דאָס איז געווען אין יענעם הייסן טאָג, ווען ער האָט זיך צוריקגעקערט פון יענער זייט קרייז־שטאָט, נאָכן אָפּריד מיטן דייטש. די קראַפּט פונעם שוימיקן ביר האָט זיך דערוועקט אין וועג און צעמישט די חושים, און דעמאָלט איז דאָס וועטער מיטאַמאָל געוואָרן אומדערטערגלעך שטיקנדיק. עס האָט זיך אָנגערוקט א שטור־

רעם, און דאָ האָבן זיי זיך געפונען אין מיטן וועג ווייט פון אַ ישוב. עס האָט אָנגעהויבן טונקל צו ווערן, טראָץ דעם, וואָס עס איז נאָך געווען ווייט פון זון־פארגאנג. פון דער „פּאַמפּאַ“־זייט האָבן בליצן דורכגעשניטן די שווארצע וואָלקנס און ס׳איז מיט אמאָל שטיל געוואָרן. גרויסע זיילן שטויב האָבן אָנגעהויבן זיך דערנענטערן ווי גייענדיקע ווענט. מ׳האָט געקאָנט אויסשטרעקן די האנט, באַרירן און אָנטאפּן דעם שטורעם, וואָס קומט אָן ווי א קאָשמאר. א נישט געוויינטלעכע קילקייט האָט פּלוצלינג אָנגעווייעט און דער אָנקומענדיקער ווינט האָט געבראכט די ערשטע גרויסע טראָפּנס, וואָס זענען געפאַלן ווי קופּערנע שווערע מטבעות איבערן קאָפּ. די וואסער־טראָפּנס זענען ווי איינגעפרוירן געוואָרן און גרויסע שטיינער, שיטערע ווי געגדזענע אייער, האָבן אָנגעהויבן צו פאלן פונעם הימל אראָפּ.

הערשל האָט שוין געוווּסט פון דער סכנה וואָס רוקט זיך אָן — וועגן דעם האָט ער שוין געלייענט אינעם דינעם ביכל דערציילונגען פון מאַוריסיאָ ליפּאָווין. דער אָנטרייבער ווערט פאַרכאַפּט אין וועג פון האָגל. ער ווערט באשאָטן ווי מיט שווערע קוילן און פאלט אראָפּ פונעם וואָגן. דאָס צעווילדעוועטע פערד צעיאָגט זיך, אָן דעם באַלעבאָס, אהיים מיטן זאק ברויט אויפן וואָגן. אָבער ווער וועט עסן דאָס ברויט, וואָס איז געקומען צעווייקט פונעם אָפּגעגאנגענעם האָגל? וווּ איז דער מאַן און ווו איז דער טאַטע? די הינט רייסן זיך אין דער נאַכט אַרויף און די זין געפינען דעם פאָטער אָן א סימן פון לעבן אויפן וועג. הערשל האָט דערציילט ביאַמען דעם אינהאַלט פון דער דערציילונג. זיי זענען געזעסן אונטערן וואָגן, נאָך דעם ווי הערשל האָט איילנדיק אויסגעשפּאנט דאָס פערד, צוגעבונדן עס צום דישעל און צוגעדעקט זיין קאָפּ מיט א פּאָר דיקע זעק — „און פאַרוואָס דווקא דאַרף דער אַ שרייבער ענדיקן זיין מעשה אַזוי טרויעריק? — האָט ער געפרעגט דעם זון — צי מוז עס אַזוי זיין? הערשל האָט אים אָנגעקוקט און צוריקגעפרעגט: „און פאַרוואָס איז אין תנ״ך פאַראַן די איוב־טראגעדיע״? אָבער ביאמע איז נישט געווען להוט אריינצוטרעטן איצט אין א וויכוח מיטן זון און זיך באַנוגנט מיט א לייכטן זאָג: „נו, נו, נישט קיין פאַרגלייך״... דערווייל איז דער שטורעם אריבער, ס׳האָט זיך אויסגעלייטערט, די זון האָט ווידער א רויי־

טע געשיינט און ס'איז שווער געווען צו באַנעמען די קלימאַט־ענדע־רונג אין לויף פון א פערטל שעה.

די זון האָט געשיינט, אָבער ביי ניאָמען האָבן די ציינער גע־קלאַפּט. ער האָט זיך דערמאָנט אינעם ווייצן־פעלד, וואָס איז זיכער נישט בייגעשטאַנען דעם האָגל־שטורעם. ער האָט אפילו נישט פאַר־זיכערט דאָס פעלד קעגן די אַלע פּורעניות ווי פייער און האָגל. ער האָט געהאָפט, דער אייבערשטער וועט אים באַשירעמען.

נו, ער איז באַשירעמט געוואָרן. דער האָגל איז פאַרביי ווי א שמאָלער פּאַס איבער די פעלדער און אויף זיין ווינקל האָט די זון גע־שיינט. דאָס איז דאָך דער זעלבער נס פונעם רבין, וואָס איז געבליבן שטעקן ערב שבת אין וועג. פון ביידע זייטן איז שבת, און דער רבי גייט אין מיטן — אין דער וואָכנס. אָדער ווי דעמאָלט, ביי יציאת מצרים...

— היינט וועלן מיר אַלע עסן מיטאָג אין פעלד — האָט ער גע־זאָגט צו באַשקען — פאַרשטייסט? אַלע אויפן פעלד...

ביז די מיטאָג־שעהן זענען שוין געשטאַנען לאַנגע רייען סנאָפּעס. די גאַנצע משפחה איז געווען פאַרטאָן אין דער אַרבעט און קיינער האָט נישט געשפּירט די וואַקסנדיקע היץ און דעם גאַנג פון די שעהן. די קליינע קינדער זענען געלאָפן מיט קוויטשערייען און געלעכטער פאַרויס און פאַרזיכטיק צוזאַמענגעשלעפּט די סנאָפּעס, זיי זאָלן זיך נישט צעשיטן. נאָך זיי זענען די דערוואַקסענע נאָכגעקומען און אויסגעשטעלט די סנאָ־פּעס מיט די זאַנגען צום הימל, כדי זיי זאָלן אַלע צייטיק ווערן אין דער זעלבער מאָס.

דאָס עסן איז אַרויסגעבראַכט געוואָרן אויפן פעלד. פון א סער־וועטקע אַרויס און פון בלעכענע טעלער האָט באַשקע געטיילט די נישט געשיילטע געקאָכטע קאַרטאָפל, קריגעלעך סמעטענע און ווייס־קעז. דער ריח פון פריש צוגעוואָרעמטער קאַווע מיט מילך האָט זיך צוזאַמענגעמישט מיטן אַראָמאַט פון געשניטענער תבואה. זיי האָבן זיך צעלייגט אונטער אַן אַלטן פון ווינט צעדרייטן בוים און דערקוויקט זיך דאָס האַרץ.

פון דער ווייטנס האָט זיך געהערט דאָס מאָנאָטאָנע גערויש פון דער מאַשין און די סנאָפּעס זענען געפאַלן אָן אויפהער. דער דייטשער

בחור האָט געפירט די מאַשין ווי א געניטער קאַפּיטאַן אינעם געלב־גאָלדיקן ים. ערשט איצט האָט מען געקאָנט באַגרייפן די באַזונדערע חכמה פון פירן די בינד־מאַשין. ער איז געשטאַנען אויף א קליינער פּלאַטפאָרם. מיט זיינע פיס האָט ער באַוועגט און געהאַלטן אין שפּאַן די איינגעאיבטע פערד. יעדע באַוועגונג זיינע האָט זיי אָנ־געוווּנקען ווו און ווי אַזוי זיך אויסצודרייען. ביים סוף פון ווייצנ־פעלד האָט ער טרייב געטאָן זייטיק די דריי פערד אין דער לינקער זייט פונעם דישעל, כמעט אין א פּאַרקערטער ריכטונג, און מיט א קונ־ציקן דריי האָט די מאַשין לייכט זיך א קער געטאָן רעכטס.

שפּעטער האָט דער דייטש אויסגעשפּאַנט די מידע פערד און זיי אָנגעטרונקען מיט עמערס וואַסער פונעם פעסל, וואָס איז געשטאַנען אויף פיר אייזערנע רעדער. ער האָט אָנגעגורט אויף זייערע קעפּ זאַק־טאָרבעלעך מיט וויסן האָבער און זיי צוגעשנורט מיט דראָט־שליקעס איבער זייערע אויערן — דאָס זענען די באַקאַנטע „מאָראַלן", וואָס די פּויערים טוען אָן אויף די קעפּ פון די פערד בעת א פּויזע — אַזוי אַרום ווערט נישט פאַרלוירן קיין איין קערן, וואָס פאַלט אַרויס ביים קייען, זיי פאַלן צוריק אין טאָרבע אַריין.

אויך דער שגץ האָט זיך אַרונטערגעלאָזן אונטערן קאַרגן שאָטן פונעם בוים און צעעפענט זיין פּעקל עסן. א שאַרף־פּריקרער ריח פון פעטס, שינקע און חזיר־קאָלבאַס האָט תיכף קאַליע געמאַכט די שטימונג. די קינדער האָבן אים געקוקט אין מויל אַריין ווי ער קרישלט דאָס אַלט־געבאַקן „גאַליעטן" ברויט און שטאָפּט די באַקן מיטן געדעמפּטן פעטס. זיי האָבן געעפנט די מיילער און אָנגעשטעלט די אויגן אַזוי אַז ביאַמע האָט זיי א שאַרפן ווונק געטאָן זיי זאָלן אָפּשטיין. נאָכן פעטן עסן האָט דער שגץ אַרויסגעצויגן א „באַטאַ" (א לעדערנעם לאָגל), אָפּגעשרויפט דעם קליינעם הילצערנעם פאַרשטאָפּער און קונציק אַריינגעטריפט דעם וויין גלייך אין גאָרגל אַריין. ער האָט דעם לאָגל געהאַלטן הויך איבערן קאָפּ. דאָס האָט אוודאי אַרויסגעבראַכט די קינדער פון די כלים און זיי האָבן אים געבעטן ער זאָל איבערחזרן נאָכאַמאָל. ער האָט זיי געוויזן ווי מען דאַרף באַנוצן דעם לאָגל. זיי האָבן נישט געטראָפן אין

ציל און דער רויטער ביטערער ווײַן האָט מיט אַ דינעם שטראָם געשפּריצט זיי אין די אויגן, אין די נאָזלעכער, פאַרהאַקט דעם אָטעם און פאַרגאָסן די פּנימער. אַ האַרציקער געלעכטער האָט זיך געקאָלערט איבער די פעלדער און אויך די עלטערע זענען אַרײַנגעשלעפּט געוואָרן אין דעם שפּיל. אָבער באַלד איז דער שגץ אײַנגעדרימלט איז אַ טיפן געזונטן שלאָף.

די שכנים האָבן אָנגעשמעקט דעם גערוך פון ערשט געשניטענער תבואה און דערפילט די ענדערונג אין דער ארומיקער לופט. נאָך דעם זעלבן טאָג זענען אַ סך פון זיי זיך צוזאַמענגעקומען אויפן פעלד.

דער ערשטער האָט זיך באַוויזן האַנס נאַגעל, דער נאָענטסטער שכן — אַ צווײ קילאָמעטער פונעם ווייצן־פעלד. דאָס איז געווען דער ערשטער באַזוך זײַנער בײַ דער יידישער משפחה זינט יענעם צוזאַמענשטויס צוליב די חזירים. נישט איין מאָל האָבן הערשל און ביאַמע זיך באַגעגנט מיט אים ביים ברונעם נישט ווייט פונעם דייטש. זיי פלעגן זיך שווייגנדיק און כמורנע איבערקוקן און קיין וואָרט נישט אַרויסברענגען. דער דייטש האָט מורא געהאַט צו פאַרשפּאַרן דעם וועג צום ברונעם, ווייל ער האָט געוווּסט אַז דער הער לעווענטאַל וועט אים דערפאַר געבן אַ פּאַרציע. איצט, ווי ס׳וואָלט גאָרנישט נישט געווען, איז ער צוגעגאַנגען צו דער ערשטער קופּע סנאָפּעס, אָפּגעבראָכן עטלעכע זאַנגען, צעריבן זיי צווישן די דלאָניעס און אַ בלאָז געטאָן די פּאַלאַווע ווי אַ מומחה. די ריינע קערנער האָבן זיך ווי גאָלד־ברעקלעך געקאָלערט אויף זײַן גרויסער האַנט. די וואַרעמע זערנעס האָבן אים געקיצלט די הויט און פון גרויס התפעלות זענען אים די אויגן פּאַר זונקען אונטערן שמאָלציקן שטערן. פאַרענדיקט מיט דער פּראָצעדור, האָט ער קונציק אַ וואָרף געטאָן דעם הויפן קערנער גלייך אינעם אָפענעם מויל אַריין, אַז קיין איין קערן איז נישט אַראָפּגעפאַלן אויף דער ערד. מיט די געציילטע ציין אין מויל האָט ער זיי איבערגעוואָרפן, רעכטס און לינקס, און געפּרוווט אָנטאַפּן דעם ריכטיקן טעם פונעם נאָך ווייכן מעל, וואָס איז אַרויס פון אונטער דער שאָלעכץ. ערשט ווען אין מויל איז אים פול געוואָרן פון דעם ווייצן־טייג, האָבן זײַנע אויגן אויפגע־

ליכטן פון גרויס מבינות און ער האָט זיך דעמאָלט דערמאָנט ווו ער גע־פינט זיך:

— גוטער אַנפּאַנג! מיינע נאָכבאַר! גוט מאָיען, גוט מאָיען (גוט מאָרגן) — ביי זיי, די סאַראַטאָווער דייטשן, איז דער מאָרגן צעצויגן ביזן אָוונט — עכטע פּריכטע, אַך, זאָ גוט, זאָ פייַן...

ניאמע האָט געפילט ווי זיך גאווה שטייגט און גיסט אים אָפּ. טראָץ דעם נחת־רוח האָט ער זיך באַמיט צו האַלטן צוריקגעצויגן און נישט געוואָלט אַריינטערעטן אין לאַנגע שמועסן. צוליב העפלעכקייט האָט ער געענטפערט אויף זיין באַגריסונג מיט אַ פראַגע:

— יאָ, און ווי דענקען זי, וויפל וועט דאָס פעלד געבן? — ס׳איז נישט נאָר געווען סתם א פראַגע. אינעווייניק האָט עס אים געטאָטשעט: ווי גרויס וועט זיין די גערעטעניש?

האַנס נאַגעל האָט זיך א שטעל געטאָן מעשה ווייסער, צוגע־לייגט א דעכעלע פון דער דלאָניע צום שטערן און אָנגעהויבן מאַכן קאַלקולאַציעס: — „די דיסטאַנץ צווישן די סנאָפּעס וואָס פאַלן איז... יעדער גאַרב פאַרמאָגט... יעדער זאַנג אַזויפיל קערנער... קיין צווייפל: ס׳וועט זיך שיטן אין די זעק אָן אַן עק... אַזאַ ווייצן־פעלד האָב איך אין פינפטן יאָר געזען אין פערגאַמינאַ אויפן וועג צו ראַזאַריאָ... עס האָט דאָרט געשאָטן... אוואאאא!!!

דער יונגער שגץ איז אַראָפּ פון דער מאַשין, און הערנדיק נאַגעלס שאַצן, האָט ער ביז גאָר סקעפּטיש אַ פאָכע געטאָן מיט דער האַנט.

— דאָס איז נישט אַלעס, ס׳איז געווענדט ווען מ׳וועט די גאַרבן צוזאמענקלייבן, אין וועלכע שטונדן פון טאָג און אין וועלכן וועטער. אויך ווי אַזוי מ׳וועט די „פּאַרוועס״ בויען און ווען די דרעש־מאַ־שין וועט אָנקומען — אָבער וואַרטן זי, נאָך נישט אַלעס... וויפל די מאַשין וועט אין שטרוי אריינבלאָזן... נישט אויפן פעלד איז די גערעטעניש נאָר אין טאַש... אין זאַק, אין זאַק... און אין טאַש — האָט ער אַ קלאַפּ געטאָן איבער די ברייטע הויזן איבער זיין קעשענע.

די צוויי דייטשן זענען געבליבן אויפן פעלד, געפירט זייער שמועס און ניאמע האָט זיך ווייטער איינגעבויגן איבער די סנאָפּעס. ווען ער האָט אויפגעהויבן דעם בליק און אויסגעגלייכט דעם רוקן,

האָט ער דערזען ווי האַנס נאַגעל האָט זיך דערוויטערט פונעם פעלד, אַ פלוצלינגדיקן כאַפּ געטאָן א גאַרב און ווי א קליין קינד עס געטראָגן אויף זיינע אָרעמס, עס מיטגענומען אַהיים. ניאָמע האָט אים אפילו נישט אָפּגעהאַלטן, געוועזן צופרידן, וואָס ער האָט זיך אָפּגעטשעפּעט. ער האָט זיך שמייכלענדיק איבערגעקוקט מיט הער־שלען.

ווי נאָר דער דייטשער שכן איז פאַרשוונדן פונעם אויג האָט באַלד זיך אָנגערוקט די גאַנצע אַרמענישע משפּחה און זיך צעשפּרייט איבערן פעלד, ווי איינגעלאַדענע מחותנים. דער איינגעדאַרטער טונקל־הויטיקער ארבאַדאַכיאַן איז ווי פאַרכישופט געוואָרן פון א נישט רעאַ־לער זעונג און געשפּרונגען פון קופּע צו קופּע, באַרירט מיט די אויס־געביינערטע פינגער די גאָלדענע זאַנגען־וואַנצעס און זיך דורכגערעדט אין זיין כאָרכלענדיקן לשון מיט דער פרוי.

ניאָמע האָט געזען אין די באַזוכן פון די שכנים אַ גוטן סימן. זייערע אייפערדיקע בליקן, באַגלייט מיט ברכות און לויב־ווערטער— איז דאָס נישט קיין קלאָרער צייכן פון דער ערשטער הצלחה אויפן פעלד? ער האָט געשיקט באַשקען אין דער כאַטע נאָך דער פלאַש בראָנפן. וואָס איז נאָך פאַרבליבן פון יענעם טאָג ווען ער האָט אַריינגעשטעקט דעם ערשטן אקער אינעם באָדן.

און נאָך דער ערשטער כוסע האָט דער אַרמענער צעעפנט זיין אָנגעדראָלן האַרץ:

— אויך איך האָב געוואָלט אָנהייבן מיט ווייץ — האָט ער זיך צעלייגט מיט זיין רוסיש — געוואָלט זיך פאַרזיכערן מיט ברויט, מיט פּשוטן ברויט. האָט אָבער דער גאַספּאַדין לעווענטאַל זיך קעגנגע־שטעלט: — דיין פעלד ליגט נעבן דער „קאַנאַדאַ״ (קליינע אַזיערע), דאַרף מען אויספרווון די ערד... פאַרזיי, האָט ער מיר געזאָגט, ווייסן האָבער, ס'איז פּאַסיק פאַרן נידעריקן באָדן... ער האָט מיר געגעבן זריעה — און ווי, ווי, וואָס פאַראַ רעזולטאַט! — ער האָט פאַרצווייפלט אַן עפּן געטאָן די לאַנגע הענט — אפילו דאָס מעסער פונעם פלוג האָט נישט איבערגעקערט די ערד — אַזוי איינגעטראָטן איז זי געווען פונעם סקאָט, פאַרשטייסט? די וואָסערן דורכן ווינטער האָבן אָפּגעשטאַנען דעם זאַלץ. מיר האָבן בלויז ווו נישט ווו געשניטן מיט קאָסעס, אפילו פאַרן

געברויך פון די אייגענע פערד און קי וועט נישט סטייען...

— דאָס הייסט זיך לערנען שערן אויף יענעמס באָרד — האָט באַשקע זיך אַריינגעמישט מיט אַ פאַרדראָסיקן טאָן און מיט מיטגעפיל צום ארמענער.

— יאָ, ער איז אַן אגראָנאָם — האָט הערשל צוגעגעבן — ער מאַכט עקספערימענטן.

— און ביי איך האָט ער צוגעטראָפן — האָט דער אַרמענער געגעסן מיט די אויגן די קופּעס זאַנגען.

— ע ר האָט צוגעטראָפן, אָדער מ י ר? — האָט ניאָמע געלאַכט.

אויך דער ארמענער האָט ביים אוועקגיין אַ נעם געטאָן אַ סנאָפּ און זיך אַוועקגעשלייכט איבערן גרויען פאַשע־פעלד. ניאָמע האָט שוין אָנגעהויבן נאָכצוטראַכטן וועגן דעם משונהדיקן בכורים־טאָג: די ער־שטע גארבן פאר די שכנים. „אַלע זענען דאָ כוהנים אָדער קבצנים" — האָט ער געשמייכלט.

אויפגעהויבן די אויגן צו מערב־זייט — און אָט דערנענטערן זיך צוויי ווילגנדיקע רייט פערד. זייער דערשיינען האָט אַרויסגערופן יענעם ציטער איבערן לייב, פונקט ווי אינעם ערשטן טאָג פון זייער באַזעצן זיך אויפן באָדן. אויך איצט האָט זייער געמיטלעך, זיכער און עק־שנותדיקן שפּאַנען ווי איינגעפּרוירן דאָס בלוט אין די אָדערן.

אז דער אלטער דאָן גאַרסיאַ, וואָס זייך וויט אָפּגעלייגטע כאַטע זעט מען אפילו נישט אַרויס צווישן די גרויע קוסטעס, וועט אויך צו־געצויגן ווערן פונעם ריח פון געשניטענער תבואה — דאָס האָט ניאָמע אפילו נישט ארויפגעבראַכט אויפן געדאַנק. ער האָט געמיינט, אַז דער גאַוטש, נאָך דער סצענע מיטן אָפּטריניקן זון, זיצט ערגעץ און קומט אָפּ זייך שטראָף, אָדער ער איז פארגראָבן ווי אַן אבל אין דער כאַטע און ווייזט נישט זיין פּנים אויף דער ליכטיקער שיין. איצט דערזעענ־דיק אים, האָט ער געוואָלט געפינען עפּעס אַ זכות פאַרן מערדער פון אייגענעם זון, אָבער זיין איינגעבאַקענער ווידערווילן צו פאַר־גיסן בלוט, האָט זיך קעגנגעשטעלט יעדער פּשרה. ער האָט איצט געצי־טערט מיטן גאַנצן קערפּער און די שוואכקייט אין די קניען האָט אים געשטערט פאַרצוזעצן צוזאמענלייגן די סנאָפּעס.

קאַלטבלוטיקער איז געווען הערשל און נאָך מער איז ער גע־

ווען אָנגערעגט פון נייגיר נאָכן אַלטן גאוטש. ער האָט באַלד דערזען די געשטאַלט פון זיין אייניקל, די פערצן־יעריקע מירא. ס'האָט אויף אים אָנגעוויעט דער גענאַלצענער בלאָטע־ריח פון דער לאַגונאַ און פאַר זיינע אויגן איז מער נישט געווען דער רויקער טראָט פון אַ שפּאַצירנדיקן רייטער. ער האָט געהערט דעם פּויקנדיקן גאַלאָפּ פון צעשטורעמטן פערד, ווען איבער זיין רוקן פלאַקערן די שוואַרצע קוטשמעס לאַנגע האָר. דאָס פערד פליט אַזוי שנעל, אַז דער בראָנדז־נאַקעטער קערפּער זעט זיך כמעט נישט אָן.

איצט איז שטיל אַרום, און בלויז דאָס מאָנאָטאָנע גערויש פון דער בינד־מאַשין פאַרפּולט די אָנגעהיצטע לופט. זיין בליק האָט געזוכט מיראַס צעפּאַליעטע האָר און נישט געפונען. זיי זענען איצט געווען איינגעפלאָכטן אין אַ לאַנגן צאָפּ ווי געבונדענע איינגעשטילטע כוואַליעס פונעם ים אין אַ רויקן קאַנאַל. אַ ברייט־קאַנטיקער שטרויענער הוט האָט געוואָרפן אַ דינעם שאָטן אויפן מאַט־אויסגעאיידלטן פּנים און צוגעגעבן אַ חן פון רייפקייט. בלויז אירע אָנגעשפּיצטע אינדיאַנער־אויגן האָבן קינדיש געבליקט צום באָדן — פאַרלוירן און ווילד.

נאָכן באַגריסן זיך האָט דער שמועס זיך נישט געבונדן; אַ זייטיקער בליק אויפן לאַנגן מעסער אין דער לעדערנער שייד איז גענוג געווען אָפּצוקילן דאָס בלוט אין די אָדערן. ניאמע האָט געאיילט אים מכבד צו זיין מיטן לעצטן ביסל בראָנפן און אַ נישט באַפרייטער פון דער שרעק האָט ער זיך צוריקגעקערט צו די רייען סנאָפּעס, וואָס האָבן דערווייל זיך אָנגעהויפט און פאַרגרעסערט.

דער גאַוטש און זיין טאָכטער האָבן זיך נישט געאיילט צו פאַרלאָזן דעם פּלאַץ. ווי צוגעשמידט צום באָדן זענען די פערד געשטאַנען. בלויז דאָס נערוועזע פּאָכען מיט די עקן ביים אָפּטרייבן די זלידנע פליגן האָט זיי אַרויסגעשלאָגן פון זייער פאַרגליווערטקייט. דאָס פעלד מיט די גאַרבן, די משפּחה, וואָס הויפט אָן די קופּעס, די מאַשין, וואָס שפּייט אַרויס די געבונדענע תבואה — האָבן פאַרכאַפּט דעם בליק פונעם אַלטן גאַוטש. ווען ער האָט אויסגעטיילט צווישן די קינדער די צוועלף־יעריקע מירעלע, איר אויסגעוואַקסענע פיגור מיט דעם גאָלדיקן צאָפּ צווישן די ווייצן־זאנגען — איז ער פאַרבליפט געוואָרן פון איר קלאָרן לייב און העלע האָר און ער האָט האַסטיק אַ קוק געטאָן אויף זיין איי־

ניקל, ווי אָפּצוטונקען זײַן פּאַראַגאַפּקייט אינעם מאַטן קאָליר פון איר הויט און פּעכיקע האָר. ערשט איצט האָט ער געזען ווי מאיר פּאָלגט נאָך יעדע באַוועגונג פֿון הערשלען, וואָס האָט ווײַלנווייז זיך אויסגעטאָן פון זיין ארבעט און איר געענטפערט מיט אָפּגעהיטע בליקן. ער האָט א קלאַפּ געטאָן מיט די שפּאָרן, זיך אוועקגעהוידעט צווישן די בער־גלעך און פאַרשוווּנדן.

ווי אָפּגעמאַטערט זיי זענען נישט געווען, האָבן די קינדער און דערוואַקסענע נישט געאיילט זיך נאָך דער וועטשערע צו גיין שלאָפן. דער אָוונט איז פאַרביי מיט די איינדרוקן פון ערשטן שניט. ניאַמע האָט אין דעם געזען א גוטן סימן: דער ריח פון פעלד און דער טעם פון אַרבעט הייבן אָן צו פאַרשטויסן די ביטערקייט פון איינזאַמען לעבן. דאָס וועט אוודאי געבן אויסדויער, דאָס וועט שטאַרקן ביזן אָנקום פון נייע שוואַלבן...

די פרעמדע פערד זענען געשטאַנען אינעם „קאָראַל" (אַרומגע־צוימטער זאַמלפּלאַץ פאַר פערד און קי) און פריילעך געדראָשן דעם שמעקעדיקן אַלפאַלפאַ־היי. אויפן וואָגן, אונטערן פרייען הימל, האָט דער דייטשער בחור אויסגעבעט זיך א געלעגער אויף ליידיקע זעק און באַלד געגומען כראָפּען אין זיין געזונטן שלאָף.

דאָס געיאָמער פון די „וויסקאָטשאָס" (קליינע שאַקאַלן) האָט זיך געשטאַרקט און אָנגעוואָרפן אַן אימה. צייטנווייז זענען זיי איינגע־שטילט געוואָרן, ווי אָפּצוכאַפּן דעם אָטעם, אָבער באַלד האָט ווידער זיך דערהערט דאָס רחמנות־בעטנדיק געוויין, וואָס האָט געקילט די בלוטן.

ווען די קינדער און באַשקע זענען שוין אַראָפּ אין דער כאַטע, זענען נאָך ניאַמע און הערשל געזעסן אויף די גאַז־קעסטלעך און דורך לאַנגע פויזעס געפירט א שמועס. ניאַמע האָט אַלץ מער געשפּירט, אַז הערשל הייבט אָן צו זאָרגן זיך מיט עכטער איבערגעבנקייט פאַרן איינוואָרצלען זיך פון דער משפּחה אויפן באָדן. צי הערשל אַליין וועט זיך אַריינפלעכטן אין אָט דעם נייעם לעבן — האָט ער אפילו נישט געוואגט צו טראַכטן. ניאַמע האָט פאַרשטאַנען וואָס פאַראַ קרבן הערשל האָט געבראַכט פאַרלאָזנדיק רוסלאַנד גראָד דעמאָלט ווען די רעוואָ־לוציע דאַרף אָנקלאַפּן אין די טויערן און ער האָט זיך פאַרקליבן אין

דעם איינזאמען ווינקל פון אזא ווייטער וועלט, פון אזא שטילער וועלט. ער האט דערוואַרט צעטרייסלונג און נשמה־אויסברוכן, דערווייל אבער זעט ער פריידיקע סמנים פון הערשלס גלייכגעוויכט. אויף לאַנג?

צי איז איצט די ריכטיקע צייט א לופטער צו טאָן אָט די ענינים? ניאַמע האט געציטערט פאר אזא שמועס. ער האט געוווּסט, אז זיין גערַאָטענער זון האט מיט נישט קיין באַזונדערער הנאה צוגעזען ווי זיין משפחה ווערט פארוויאַנעט אין איינזאמקייט. דערפאר האט ער דורך לאַנגע חדשים אויסגעמיטן אָפענע רייד און זיך באַגנוגנט מיט רמזים און אָנצוהערענישן.

די רויטע לבנה האט זיך א קייקל געטאָן און אפערגעקוקט פון הינטער די ווייטע בערג, אַפגעשאַרט זענען געוואָרן די געדיכטע שאָטנס וואָס האבן זיך געפלאָכטן איבערן ווייצנפעלד. עס האבן זיך אָנגעהויבן אויסשיילן די קופּעס סנאָפּעס, זיי האבן אָנגענומען די צורות פון איינגעבויגענע, לויערנדיקע געשפּענסטער.

— דאָס איז א וונדער־מאשין — האט הערשל זיך ווי אין עפּעס דערמאָנט — די בינד־מאַשין מיין איך... אַזוי אידל געבויט, ווי ס׳וואָלט א נשמה אין איר געזעסן...

— יאָ, — האט דער פאָטער מסכים געווען — אבער דער עיקר, מיין איך, איז נישט די מאַשין, דאָ איז דער עיקר דער פאָדעם, דער פאָדעם, וואָס פארקניפּט און פארבינדט.

צוואָס אָט די דאָפּלטע באַטאָנונג? ער האט זיך אפילו פארוווּנדערט פאר דעם לאַגישן המשך פון זיינע געדאַנקען. צו שפּעט זיך צוריקצוציען. די רייד האבן אָנגעשלאָגן אין הערשלס אויער.

— דו מיינסט אזוי, טאַטע?

— יאָ, און פּונקט ווי עס איז מיט די סנאָפּעס, אזוי אויך אינעם לעבן, אין דער משפחה — אין פאָדעם איז נויטיק, א שטאַרקער, צו זאמענצובינדן...

אין דעם מאָמענט האט אים הערשל א צי געטאָן פארן ארבל:

— שאַ, שאַ, הער נאָר צו, טאַטע, הער נאָר...

אפילו דאָס כראָפּען פונעם שגץ איז ווי אַפגעשטאָרבן און די שאָקאַלן זענען שטיל געוואָרן. פון פעלד האבן זיך איצט געטראָגן די טענער פון א מעלאנכאָלישער מעלאָדיע, וואָס גייט איבער אין א צע־

ברויזטן איבערגוס ווי קליינע דינע ריטשקעלעך אין א צעשטורעמטן שטראָם פון א טייך.

דאָס האָט מאיר געשפּילט אויפן פידל. אומבאַמערקט איז ער ארויס אין פעלד — קעגן זיך טבע פון אַן אָפּגעשראָקן יינגל, און אין דער ממלכה פון שאָטנס און מיט זיינע איצט צעשטאָכענע פינגער אויסגעגאָסן די בענקעניש פון זיין נשמה.

מיט א פארכאפּטן אָטעם האָבן ניאָמע און הערשל זיך צוגע־הערט און ווי מורא געהאט אויסצוגעבן זייער נאָענטקייט. באַלד איז דאָס שפּילן ווידער פארטרונקען געוואָרן פונעם שאַקאַלן־געיאָמער.

צומאָרגנס, ביים דערנענטערן זיך צום ווייצן־פעלד, האָבן זיי דערזען דעם רעזולטאט פונעם נעכטיקן שאַקאַלן־טאַנץ. די קופּעס זע־נען געווען צעוואַלגערט ווי פון א מענטשלעכער שאָדן־האַנט. א טייל פון די פעדים וואָס האָבן צוזאמענגעבונדן די סנאָפּעס זענען געווען אי־בערגעקייט, די זאנגען — צעפּרעסן און צעשאָטן.

גאנצע סנאָפּעס זענען פארשלעפּט געוואָרן צו די גרויסע נאָרעס, וואָס זענען געווען אויסגעלויערט גרופּנווייז, ווי גאנצע שטעט, איבער דער ברייטקייט פון די פּאשע־גראָזן. בינטלעך זאנגען זענען געלעגן צע־ביסענע און צעוואָרפענע ביים ארייננגאנג פון די גריבער.

דער שגץ האָט זיי גלייכצייטיק געטרייסט און געוואָרנט:

— נאָך נישט אַלעס, דאָס איז נאָר אַן אָנפאַנג... ניקס צום מאַכן, מיינע הערן! מ׳מוז וואַכן ביינאַכט איבערן פעלד. יעדע שטונדע אויס־שיסן און פאַרטרייבן די טיערע. ניקס צום מאַכן...

אמת, נישט צו מאַכן! דאָס פעלד האָט איצט פארלאָרן זיין חן, און די סנאָפּעס — זייער ברידערלעכן צוזאמענגבונד. אינעם הארצן פון ידישן פויער האָט געטאַטשעט א פארדריסלעכער צווייפל:

— נישט דער עיקר איז, זעט אויס, דער פאָדעם... דער עיקר איז די גאנצקייט פונעם פאָדעם...

מיט א וואָך שפּעטער, ווען ניאָמע האָט באזוכט די קאָנצעלאריע פונעם פארוואלטער, כדי בעטן צו דינגען די דרעש־מאַשין, איז ער בשתומם געוואָרן בעת ער האָט דערזען ווי אויף דער וואנט, אָנגעלענט אויף צוויי גרויסע הירש־הערנער, איז געווען אָנגעהאַנגען אַ גאָלדיקער סנאָפּ. דאָס האָט ממש אויפגעלעבט דעם טונקעלן צימער, ווו די שטאַרן

זענען געווען צוגעמאַכט און דאָס איינציקע אָפּגעדעקטע פענצטער איז געווען פאַרטרונקען אין די גרינע צווייַגן פון אַ גרויסן בוים.

— דאָס האָט מיר אייַער אַרמענער געבראַכט — האָט לעווענטאַל געשמייכלט — ער איז צעפּרעסן פון פאַרדרוס, אַז ס׳איז פּשוט אַ רחמנות אויף אים...יאָ, וועגן דער מאַשין. איך וועל פאַרצייכענען און באַצייטנס צווויסן געבן. איר דאַרפט נאָר געדענקען צוויי זאַכן: פּינקט לעד אָפּציילן די זעק און מיר צווויסן געבן זייער צאָל און איין טוץ זעק איבערגעבן דעם נאַכבאַר אַבאַדאַכיאַן. איר וועט דערפאַר באַקומען פון אים הײַ פאַר אייַערע פערד. ער מוז דאָך ברויט עסן..

און קוקנדיק אויפן סנאָפּ, ווי אויף אַן אייגן אויסגעכאָוועט קינד, האָט ער צוגעגעבן:

— אמתע „80־באַסע״. איז דאָס נישט מיינס אַ פּערזענלעכע דער־גרייכונג? יאָ, אויך אייַערס. איך גרייט זיך צו שיקן אַ מוסטער צו דער צענטראַלע: „דאָס איז פון דער קאָלאָניע „די זיבן פּיילן״...

און היות דאָס אַלץ איז געזאָגט געוואָרן אין אַ גוטער שטימונג, האָט עס ניאָמע אויסגענוצט און זיך אַרויפגעדראַפּעט אויף דיין אַלטער טעמע:

— די קאָלאָניע פון „די זיבן פּיילן״... ווען וועט זי ווערן אַ יידי־שע, אַ יידישע קאָלאָניע, מיט אַלע פּיטשעווקעס?

נישט פאַרלירנדיק זייַן הומאָר האָט דער הער לעווענטאַל צע־פּירט זייַנע הענט און צוגעגעבן:

— איז עס דען געוווּנדעט אין מיר? פון וואַנעט, זאָגט מיר, זאָל איך נעמען יידן? ס׳איז דאָך מלחמה אויף דער וועלט!...

## דרייצנטער קאַפּיטל

# מאיר

פּאַטער און זון האָבן זיך געפונען אין פעלד, נישט ווייט פון דער כאַטע, און געגראָבן דעם ברונעם. אויף דריי צוזאַמענגעבונדענע פּלאַקנס, ווי אַ „ח״, איז געווען אָנגעצויגן אַ גרויס אייַזערן רעדל און מיט אַ נייער שטריק האָט מען אַרויפגעצויגן די עמערס פול מיט שטיינער. זיי האָבן שוין דורכגעהאַקט די ערדענע שיכט און דערגרייכט צום שטיין.

וואָס טיפער זיי האָבן זיך געגרונטעוועט, אַלץ האַרטער איז געוואָרן דער שטיין און אַלץ עקשנותדיקער האָט ער זיך געווערט קעגן די מענטשלעכע הענט. עס איז נויטיק געווען די לאַנגע שפּיציקע לאָם אויף דורכצוברעכן די האַרטע שיכטן. יעדער טעמפּער קלאַפּ האָט אָפּגעשלאָגן מיט זיין עכאָ ווייט איבער דער עפענונג פונעם גרוב. ניאָמע איז געשטאַנען נעבן די סלופּעס, געזען ווי דער הויפן שטיינער וואַקסט און ביי יעדן ארויפגעצויגענעם עמער האָט ער בודק געווען די האַרטקייט פונעם שטיין און זיין פייכטקייט. וואָס האַרטער און בלוילעכער דער שטיין איז געווען, אַלץ נענטער איז געוואָרן צום זיסן קוואַל־וואַסער. אַזוי האָט מען אים געלערנט: אויב די „טאָסקאָ" (אַ ווייכער שטיין) איז ווייס און קרישלדיק איז דאָס א צייכן, אַז דאָס וואַסער וועט זיין געזאַלצן.

ווען ניאָמע האָט מיט דער שטריק אָפּגעמאָסטן די געניטע פינף מעטער האָט ער אַריינגעשריגן אינעם ברונעם אַריין:

— קום אַרויס, הערשל, האָסט שוין היינט אַ גאַנצן מעטער אויסגעהאַקט, קום אַרויף....

— גוט, גוט, טאַטע, כ'וועל נאָר אויסגלייכן דעם באָדן, נאָר א ווייליטשקע.

ער האָט זיך באַלד ווי אַ קאַץ ארויפגעדראַפּעט איבער דער שטריק און א שפּרונג געטאָן איבערן הויפן שטיינער. די אויגן האָבן זיך שוין געהאַט צוגעוווינט צו דער טונקלקייט פון גרוב, דערפאַר האָבן איצט די זון־שטראַלן געשטאָכן ווי אָנגעגליטע שפּיזלעך. ער האָט צוגעמאַכט די אויגן, צוגעלייגט די דלאָניע צום שטערן, ווידער געעפנט די אויגן און געזען ווי דער פאָטער שטייט נעבן דער עפענונג פון גרוב, אינגאַנצן אָן אָפּגעגאָסענער מיט שוויס. ווען די געזאַלצענע טראָפּנס האָבן אָנגעהויבן אים רינען אין די אויגן אריין, האָט ער אראָפּגעצויגן דאָס הויכע היטל מיטן לעדערנעם דאשעק, אָפּגעווישט מיטן ארבל דעם שטערן און אויסגעגלעט זיין גרוילעך־שפּיציק בערדל, פון וועלכן ס'האָבן זיך געשאָטן גרויע ברעקלעך שטיינדלעך ווי ביי א מולער.

— אויף היינט וועט זיין גענוג, הערשל, דער טאָג איז א הייסער און פייכטער.

— נאָר אויף דערוייל. מיר דערנענטערן זיך צום קוואַל, דווקא איצט ווילט זיך טאָן נאָך אַ קלאַפּ און נאָך אַ שלעפּ. פון אונטער יעדן שטיין

קאָן א פּליס טאָן דער קוואל... פארנאכט וועלן מיר זיך צוריקקערן.

— אפשר זאָל איך בעטן מאירן דיך אומצובייטן אויף אַ פּאָר שעה?

— מאירן? לאָז אים צורו. ער לעבט ווי איז א הינערפלעט.

— אזוי מיינסטו? דאָס הייסט, אז אונדזער קומען אָהער האָט פאר־ערגערט זיין צושטאנד?

הערשל האָט געוואָלט אָפּציִען דעם ענטפער און אַזוי אַרום אויסמיידן אָפענע רייד. ער האָט אָבער געזען ווי דער פאָטער איז ווי־דער אָפּגעגאָסן געוואָרן מיט ריטשקעס שווייס, האָט ער אָנגעהויבן צו זוכן מיט די אויגן א שטיקל באַהעלטעניש פאר דער זון ווו אומגעשטערט פאַרצווזעצן דעם שמועס.

— אין הויף וועלן מיר געפינען אַן אָרט צו ריידן אומגעשטערט.

איצט האָט זיך ניאָמע דערשראָקן פארן זונס אויסרוף. וואָס וועט דער שמועס ברענגען? און אפשר וועט הערשל דווקא היינט אויפ־דעקן זיינע אייגענע פּלענער? ער האָט געזוכט אַן אויסוועג, אַבי צו דערווייטערן זיך פון דער שטוב. זיין בליק איז געפאַלן צו די דריי סטויגן סנאָפּעס, וואָס זענען געשטאַנען ביים ברעג פונעם אָפּגעשניטע־נעם ווייצן־פעלד.

— לאָמיר צוגיין אַהין, צו די סטויגן — האָט ניאָמע פאָרגע־ליגט — מיר וועלן דערווייל בודק זיין צי דער לעצטער רעגן איז אַריין צווישן די סנאָפּעס. ס׳איז נאָר אַ שאָד וואָס די מאשין פארזאמט זיך. — און ניאָמע האָט געווענדט זיינע טריט אין דער ריכטונג פון אָפּגעשניטענעם פעלד, ווייל ער איז געשלאָגן געוואָרן פון א צעשטריי־טנג, אָבער הערשל איז שוין געווען אַרומגעכאַפּט פון אומרו. ער האָט זיך א ריס געטאָן פון אָרט, אָנגעיאָגט דעם שפּאַנענדיקן פאָטער און אים א צי געטאָן פארן אַרבל:

— טאַטע, נישט אַהין, איצטער!...

ניאָמע איז געבליבן שטיין געפּלעפט און באַטראַכט דעם זון:

— פאַרוואָס נישט? וואָס איז דאָ דער אָפּהאַלט?...

— נישט כדאי, טאַטע! דער הויף איז נענטער, אָדער דאָ נישט ווייט איז א קוסט.

— איצט פארשטיי איך דיך אינגאנצן נישט: דאָ ווילסטו פלו־

צלינג רעדן וועגן וויכטיקע זאכן, און דאָ ווידער איז דער פלאַץ נישט פּאַסיק. זאָג מיר, הערשל, וואָס איינגנטלעך ווילסטו

— יעדנפאלס — נישט דאָרטן, נישט דאָרטן איז איצט די ריכ־טיקע צייט...

— אפשר וואָלסטו גערעדט קלאָר, אָן רמזים און פּליטערלעך?

— אויב מיר דאַרפן היינט רעדן וועגן מאירן... זאָג מיר, טאַטע, האָסטו כאָטש באַמערקט די ענדערונגען ביי מאירן אין דער לעצטער צייט?

פון דער פראַגע איז אים שווער געוועזן זיך אַרויסצומאכן. ער האָט געזוכט אַן אויסוועג און איז פאַרלעגנהייט באַטראַכט די נאַקעטע לאַנקע, וואָס איז געווען אָפּגעגאָסן מיט זון.

— נו, אָבער דאָ וועלן מיר זיך דאָך אָפּבאַקן! א שטיקל שאָטן וווּ צו זיצן...

זיי זענען געגאַנגען אין דער ריכטונג פון הויף, אָבער אויסגע־מיטן די כאטע. אין ניאָמעס איינגן האָט איצט די ווינונג אויסגעזען נאָך מער איינגעזונקען און איינגעבויגן. ווי אַ „כלבים־בודע" — האָט ער גע־פונען דעם פאַרגלייך און געזאָגט אויפן קול: „מ'דאַרף אָנהייבן טראַכטן וועגן בויען. דעם קומענדיקן ווינטער מוז מען שוין אוועקלייגן דעם קאָפּ אונטער א דאַך".

הערשל האָט געהערט און געשוויגן. גייענדיק איצט נעבן פאָ־טער האָט ער צוזאמענגענומען זיין גאנצן קוראַזש. ער האָט נישט געקאָנט געפינען קיין פאַרבינדונג פון זיינע רייד מיט דעם עצם זיין דאָ אויפן באַדן. ווי אַזוי זאָל ער פונאַנדערוויקלען די נשמה־פּלאָנטערניש פון זיין ברודער אָן צו באַרירן זיין לאַגע און די אומשטענדן? ער האָט געוואָרפן געמיישטע בליקן צום ווייצן־פעלד, ווו די סטויגן זענען גע־שטאַנען ווי אַ מויער מיט באַגילטע דאכעלקעס, וואָס די רעגן־וואַסערן האָבן זייער ערשטן גלאַנץ צוגענומען.

ער האָט גוט געקענט דעם שטורעם וואָס שפּילט זיך אָפּ אין דער נשמה פון עלטערן ברודער. ער האָט זיך באַצויגן צו אים מיט פאַרזיכ־טיקייט, ווי צו א דערוואַקסן און דאָך קאַפּריזנע קינד און באַמיט זיך נישט אָנצורירן זיין אינערלעכע פאַרפּלאָנטערטקייט.

נישט פון היינט זעט מען אין אים די בולטע סימנים פון דער־

דריקטקייט. זיין אַפּזונדערן זיך און זוכן טונקעלע און שטילע ווינ־קעלעך, זיין נאָכגעבן זיך דעם פּחד ביי יעדער געלעגנהייט — בולטע צייכנס פון אַן אַנרוקנדיקער קראַנקייט — האָבן נישט איין מאָל דער־וועקט אין דער משפּחה טיפע זאָרגן. זיין פידל־שפּילן אין דער צייט ווען ער איז געווען אליין אין שטוב, האָבן ווי קאָמפּענסירט זיין צע־רודערטקייט און אַנגעדייט, אַז אָט די דערגענצונג אין זיין לעבן איז נאָר אַן אויבנאויפיקע, כדי איינצושטילן די גערייצטקייט און געפינען אַ פאַרגיטיקונג אין זיין איינזאַמקייט.

ער האָט זיך געהאַלטן ווייט פון פרויען און אויסגעמיטן זייער געזעלשאַפט. און אַלס אַזעלכן האָט הערשל אים געדענקט נאָך פון די יינגסטע יאָרן. אָבער ביסלעכווייז האָט ער באַמערקט מיט זיין שאַרף אויג, אַז זיין עלטערער ברודער ווערט אויפגעגעסן פון אַ ברענענדיקן באַגער, וואָס שפּריצט אַרויס פון זיינע אויגן. אָט דער גלי, באַגלייט מיט נישט געוויינלעכע גרימאַסן פון פּנים, האָבן דער־ציילט וועגן אַ שווערן אינערלעכן געראַנגל. אָט דאָס פייער, וואָס האָט באַדראָט אויפצועסן זיין נשמה, האָט ער געטראָגן ווי אַ פאַרדעקטן פאַקל און אין פאַרצווייפלונג עס דורכגעוואַלגערט אינעם זאַמד פון אייגענער דלת־אמותדיקייט.

דאָס אַמאָליקע שטעטל איז געווען די איינגעשרומפּענע נאָרע, אין וועלכער ער האָט געגערט דעם איינזאַמען הונגער מיטן פידל־שפּילן און מיט לייענען די ערשטע יידישע ראָמאַנען, וואָס זענען אויפ־געקומען אויפן דעמאָלטדיקן ביכער־מאַרק, אין די שמועסן און דיס־קוסיעס וואָס די פאַרזאַמלטע יוגנט אין שטוב האָט געפירט, האָט ער נישט אַנטיילגענומען, און נישט געפּלירטעוועט מיט די אונטערגעוואַק־סענע מיידלעך פונעם געסל. ער האָט טיילמאָל צוגעהאָלפן דער מוטער שלעפּן די זעק און פעסלעך אין מאַרק אַריין, אָבער ווען די מוטער פלעגט ציען די קונים פאַר די פּאָלעס און אויסשרייען אויף גויאיש די מעלות פון איר סחורה, פלעגט ער פאַרשווינדן ווי וואַסער צווישן די פינגער.

ס׳איז קלאָר געווען, אַז די לאַנגע רייזע און די צעטרייסלונגען וואָס זענען דערמיט פאַרבונדן האָבן אים אַרויסגעשטויסן פון זיין אַזוי אויך נישט פעסטן גלייכגעוויכט. דאָס וווינען אין דעם פאַר־

וואָרפענעם פעלד האָט פאַרגרעסערט זײַן אײַנגעבוירענע מורא, און פון דער אַנדערער זײַט האָט די נײַע נאַטור־לאַנדשאַפט מיט איר ברייט־קייט און ווילדע קאַנטורן, מיט איר טאָג־טעגלעכער באַנײַונג, אויפגע־וועקט אין אים נײַע, ביז איצט אײַנגעדרימלע אימפּולסן. די אויגן זע־נען גרעסער, אויפגעריסענער געוואָרן, ווי וואָך צו זײַן פאַר אומגעוויינ־לעכע זעונגען, און ווען ס'האָט זיך אויפן הויף באַוויזן א יונגע פרוי' האָט ער פון זײַן ווינקל אַרויסגעקוקט מיט אַן אָנגעצונדענעם פלאַקער אין די אויגן. הערשל האָט דעמאָלט פאַרשטאַנען, אַז זײַן ברודער ווערט פאַרפאָלגט פון אַן אונטערדריקטער תאווה.

און מאָדנע — הערשל האָט באַמערקט, אַז דער ברודער ווערט געצויגן דווקא צו דער פּריצישער וויקטאָריא, נישט געקוקט דערויף וואָס ער האָט שטענדיק געפּונען פאַר פּאַסיק אַרײַנצווואַרפן אַ שטע־כיקע אָנצוהערעניש אויף איר חשבון. זײַן אומרויִקייט, בעת זי האָט זיך באַוויזן אין הויף און גראַציעז אַראָפּגעשפּרונגען פונעם רייט־פערד, זײַן פאַרגראָבן זיך אין א פאַרוואָרפן ווינקל, פון וואַנעט ער האָט, ווי אַ לויערנדיקע חיה, געמאָסטן איר יעדן ריר און גאַנג — דאָס האָט פאַר־ראַטן די אויפגעהיצטקייט פון זײַן נשמה.

און אין איינעם א טאָג איז עס געקומען צום קלימאַקס אין אָט דער שפּיל. דאָס איז געווען בעת איינער פון וויקטאָריאס געוויינלעכע באַזוכן ביי דער משפחה. ווי תמיד האָט זי געפירט אירע געשפּרעכן מיט הערשלען אויף פאַרשידענע טעמעס. דער עיקר האָט זי איינגע־קנעלט מיט אים די געשיכטע פון לאַנד. ער ווידער האָט אויף איר פאַרלאַנג דערציילט וועגן דער באַפרייונגס־באַוועגונג אינעם צארישן רוסלאַנד. וואָס פאַרא באַפרידיקונג זי האָט געפונען אין אָט די שיל־דערונגען פון אַזאַ ווייטער וועלט — איז פאַר אים געווען א סוד. אָבער ער האָט איר אינטערעס צוגעשריבן אויפן חשבון פון איר אַרומגייען לײדיק, אָן וועלכער באַשעפטיקונג — האָט זי געזוכט רעגונג און עמאָ־ציע אין יענע ווייטע מעשׂים. זיי זענען געוואָרן פריינד. טראָץ איר נאָענטקייט און דער סובטעלקייט פונעם שלאַנקן גוף און אַלבאַסטער־פּנים, טראָץ דעם ריח פון אידעלן פאַרפום, וואָס האָט געווייעט פון איר נישט צופיל אַרויסגעשטעלטער ברוסט — האָט הערשל זיך געפילט פריי פון יענער פאַרלוירנקייט אין דער נאָענטקייט פון א יונגער פרוי. נאָך

די באַגעגענישן איז ביי אים נישט פאַרבליבן דער מינדסטער ציטער ביים דערמאָנען זיך אין איר.

יענעם טאָג זענען זיי געזעסן אויף פּעקלעך היי, געבן דעם קליינעם בלעכענעם „גאַלפּאַנדל" (שייער), פאַרטאָן אין אַ לאַנגן שמועס. וויקטאָריאַ האָט איצט אָנגענומען אַ מער אינטימען טאָן און גענומען דערציילן פון איר אייגענער פאַרגאַנגענהייט. אַזוי רײַדנדיק האָבן זיי אַרויפגעבראַכט די געשטאַלט פון דעם יונגן שרייבער מאַוריסיאָ ליפּאַווין. הערשל האָט איר דערציילט וועגן זיין באַזוך אינעם בוידעם־שטיבל און זי האָט דערמאָנט איר באַקענען זיך מיטן קאָלאָניע־שרייבער אינעם קאַבינעט פון איר ברודער, דער אַ וואָס שטייט אין דער שפּיץ פון דער באַוועגונג פאַרן פרייען געדאַנק און רינגלט זיך אַרום מיט יונגע פון די פאַרשידנסטע ראַסן און פעלקער. לסוף האָבן זיי אָפּגעשמועסט אַז ביי דער נאָענטסטער געלעגנהייט וועלן זיי איינלאַדן דעם שרייבער אין דער געגנט. דאָס וועט זיי אַרויסשלאָגן פון דער לאַנגווייליקייט, הייבן די שטימונג ביי דער משפּחה און זיכער אויך געבן דעם שרייבער אינספּיראַציע.

אָנגערעגט פון אַזאַ גליקלעכן איינפאַל האָבן זיי אינסטינקטיוו זיך אָנגעכאַפּט פאַר די הענט און די פינגער האָבן זיך קינדיש שפּילעוודיק צוזאַמענגעפלאָכטן. הערשל האָט בעת דער באַרירונג פון אירע לאַנגע אויסגעאיידלטע פינגער דערפילט אַ קילקייט ווי פון דינעם סאַמעט. ער האָט זיינע הענט נישט געאיילט צוריקצוציען.

אָבער אין דעם מאָמענט האָט ער זיך אַ האסטיקן טרייסל געטאָן און אויפגעהויבן די אויגן אינסטינקטיוו, ווי דורך אַ מאַגנעטישן ציִ. פון הינטער דעם קליינעם שייער־וועגטל האָט אפּערגעקוקט אַן אָפּגעצויגן פאַרקרימט געזיכט ווי פון אַ מאַנסטער. די נאָזלעכער זענען געוועזן צעשפּרייט און די אויגן — אַרויסגעשטאַרצט. ביי די ווינקלען פון די נאַקעטע, אָנוואָנצעדיקע ליפּן האָט געזעצט אַ דינער שוים. זיין פּלוצלינגדיקער באַוויזן זיך, דווקא אין דעם מאָמענט, האָט ביידן איבערראַשט, און נאָך אײדער זיי האָבן באַוויזן צו באַפרייען זייערע צוזאַמענגעלייגטע הענט, איז שוין מאיר נישט געווען. ער האָט זיך צוריק אַריינגערוקט אויף יענער זייט וועגטל, און ווי ער איז געקומען, אַזוי איז ער פאַרשוווּנדן.

— — — פאָטער און זון האָבן אָפּגעווענדט דעם טראָט און פארנו־מען זיך צו אַ קליין דאָרנדיקביימל אין מיטן פעלד. זיי האָבן זיך ארונטערגעלאָזן אונטער די מאָגערע צווייגן מיטן קאַרגן שאָטן. עס איז נאָענט געווען צו מיטאָג־צייט און די זון איז געשטאַנען אין מיטן הימל. דערפאר זענען די שאָטנס געווען שמאָלע און קורצע. זיי האָבן זיך ווי־עס איז איינגעאָרדנט היגטער די גרינע שטעכעלקעס און ביידע האָבן געשוויגן. אַ גריל האָט מאָנאָטאָן אפּערגעגרילט פון אונטערן בוים. די לופט איז אָנגעלאָדן געווען מיט שטראָמיקע וואַסער־מיראַזשן, ווי גאַנ־צע ימים וואָלטן זיך צעפלויגן איבער די פעלדער אויף בייטן זייערע געלעגערס.

— טאַטע, דיין זון איז עובר אויף אַ שווערן געבאָט פון דער תורה...

ניאָמע האָט אים אָנגעקוקט מיט פרעמדע אויגן:

— פון ווען אָן, הערשל, רעדסטו וועגן מצוות און עבירות, וועגן תורה? איז דאָס אַלץ? מיר זענען דאָך אלע אין קלעם. ס'וועט קומען די צייט, בקרוב וועט דאָ אַ ישוב ווערן, וועלן מיר זיך צוריקקערן צו דער יידישקייט אונדזערער.

— דו ביסט גערעכט, טאַטע, אָבער מאיר, דיין עלטערער זון, איז עובר אויף אַ שווערן געבאָט, נישט נאָר ווייל ער איז פון דער תורה... ווייל דאָס וועט אים אראָפּפירן פון וועג און ער וועט פארלירן די מענטשלעכע גלייכגעוויכט... ער איז...

— נו זאָג שוין, הערשל, צי נישט דאָס חיות פון די עצמות! — האָט ניאָמע כמעט פאַרדראָסיק אויסגעשריגן.

— גוט — האָט הערשל מיט פעסטקייט געזאָגט — דו קאָנסט דעם פארזאָג פון דער תורה: „כל שוכב עם בהמה מות יומת"... יאָ, טאַטע, דאָרט ביי די סטויגן, מאיר און די שקאָפּע...

ניאָמעס געזיכט איז איינגעפאַלן. די קורצע גרויע האָר פונעם בערדל האָבן איצט אויסגעזען ווי אויפגעשטעלטע ווייסע נעגל און צו־געגעבן אַן אַלטקייט דעם לענגלעכן פנים, זיינע טרוקענע אויגן האָבן זיך אָנגעהויבן אויסלעשן. ער האָט צוזאַמענגעדריקט די מאָזאָליעטע הענט ווי איבערצושיקן דורך די פינגער דעם ציטער פון האַנט צו האַנט אין אַן איבערפלוס פון צער און בושה. דערנאָך האָט ער איינגע־

גראָבן דאָס פּנים אין די צונאָמענגעלייגטע דלאָניעס און אַזוי, אָן לשון, געבליבן אַ לענגערע צייט. אפילו הערשלען האָט געשווידערט פון דער שווערער שטילקייט.

נאָך אַ לאַנגער פּויזע האָט ניאָמע אָפּגעדעקט דאָס פּנים, אָנגעקוקט דעם זון און געפרעגט:

— דו מיינסט, אַז אונדזער קומען אַהער איז אַ טעות? אויב אַזוי בין איך דאָך דער חייב מיתה...

— דו ווייסט דאָך, טאַטע, איך קען זיך מיט שטעטל באַשטיין — דאָ אָדער ערגעץ אַנדערש. אָבער מ׳דאַרף זיך רעכענען מיט יעדן איינעם פון אונדז: מאיר, און די מאַמע — אפילו אַ יידענע מיט וועמעס זיך דורכצוווערטלען פעלט איר, און דאָס איז אויך נישט אוועקצומאַכן מיט דער האַנט. מירעלע וואַקסט אויף ווער ווייסט וועלכע סכנות עס לויערן דאָ אויף איר! און אַ שול פאַר די קינדער, חברים, און אַ שיל פאַר דיר...

— דו מיינסט אַז אַלץ איז שוין פאַרשלאָסן און פאַרחתמעט? — האָט דער פאָטער זיך געוועדט — מ׳האָט דאָך אָט די ערד פאַר יידן געקויפט, פאַר אַ יידישער קאָלאָניע...

— דערווייל האָט די מלחמה פאַרשלאָסן אַלע וועגן און אַלע מעגלעכקייטן...

— נאָך דער מלחמה וועט זיך אַ לאָז טאָן אַ בייער שטראָם. ער מוז קומען. די „געזעלשאַפט" וועט דאָך נישט לאָזן פוסטעווען דעם באָדן... די מלחמה וועט זיך ענדיקן...

— איך גלויב נישט, אַז די מלחמה וועט אָט, אָט זיך ענדיקן. און ווען יאָ — וועלן יידן פאָרן אין דער גרויסער אַמעריקע. ווער וועט זיך לאָזן אַהער? פאַרקערט... דאָס ביסל יידן אין די שטעט גייט אויס פון בענקשאַפט נאָך דער אַלטער היים...

— אָבער מיר זענען אַראָפּ פון וועג — צי מיינסטו, אז אַלץ וואָס דו האָסט מיר געזאָגט וועגן מאירן האָט אַ שייכות צו אונדזער זיין דאָ אָפּגעריסן פון אַ ישוב?

און ווען ניאָמע האָט נישט תיכף באַקומען קיין ענטפער, האָט ער ווייטער גערעדט:

— כ׳ווייס גענוי וואָס דו טראַכסט, איך ווייס וואָס דיין מאַמע

טראַכט וועגן מיר, אפילו ווען זי רעדט נישט קיין וואָרט און גיט צומאָל נישט קיין זיפץ. יעדער טראַגט מיט זיך אַ שטילע פאַרשווערונג, פונקט ווי איך וואָלט געווען דער איינציקער פאַרפייניקער פון דער משפחה. צי מיינסטו, אַז איך וועל אַזוי קאָנען ווייטער ציען איינער אַליין? איך וועל זוכן אַ וועג, אַן אויסוועג... אייגנטלעך — פאַרוואָס דווקא איך אַליין? צוזאַמען וועלן מיר ציען און געפינען אַן אויסוועג...

„צוזאַמען" — ער האָט געוווסט, אַז דער „צוזאַמען" איז אַ באַגרענעצטער: ער און הערשל...

— גוט — האָט ער נאָך אַ שטילשווייגן צוגעגעבן — אם ירצה השם, נאָכן דרעשן וועלן מיר צופאָרן אויף אַ באַזוך אין דער קאָלאָניע פון די ליטוואַקעס, ווי רופט מען זי אויף שפּאַניש? „נועווא, נועווא, עסמעראַלדא"... ווי ווייט איז עס פון דאַנעט?

— מיר דוכט זיך, אַז פינף און צוואַנציק „לעגוועס" (אַ לעגווע איז פינף קילאָמעטער), צי רעכנסטו פאָרן מיט דער פור, טאַטע?

— יאָ, און דו וועסט מיך באַגלייטן...

הערשל האָט געצעגערט:

— ס'איז אַ טעות, טאַטע. איך ווייס נישט וואָס איז דיר איינגעפאַלן איצט צו פאָרן אַהין. אָבער אויף אַזאַ באַזוך דאַרפסטו מיטנעמען אויך די מאַמע און אפילו מאירן. ער מוז פאָרן, בייטן די לופט. און אפשר וועט ער זיך באַרויקן. איך דאַרף בלייבן אין דער היים. ווער וועט אָפּהיטן דעם הויף, די קינדער?

— גערעכט, גערעכט — האָט ניאמע ממש באַוווּנדערט הערשלס אויספיר.

— באַלד נאָכן דרעשן וועלן מיר קאָווען די פערד פון דאָס ניי און פאָרן צו די ליטוואַקעס, נאָך איידער איך וועל באַזוכן דעם הער לעווענטאַל. איך וועל צו אים קומען מיט שטאַרקע דיבורים און אפשר — מיט אַ באַשלוס שוין... — וואָס פאַראַ באַשלוס? דעם אמת געזאָגט האָט ער אין דער מינוט אפילו נישט געהאַט קיין פאָרשטעלונג וועגן דעם.

הערשל האָט זיך אויפגעשטעלט און אָפּגעטרייסלט די טרוקענע גראָזן פון די קליידער.

— און דעם ברונעם? מיר וועלן פאַרזעצן נאָך היינט?

ניאָמע האָט דאָס געפילט ווי „אַ האַנט וואָס טאַפּט אין וואָגן”. ער האָט זיך נישט געלאָזן כאַפּן:

— זיכער, נאָך היינט — האָט ער אַנטשלאָסן געזאָגט — נאָך היינט, ווי נאָר די זון וועט אַראָפּגיין אַ ביסל.

דער שמועס האָט זיך מער נישט געקלעפּט. מיטאָג האָבן זיי געגעסן שטיל. מיט אַן איינגעהאַלטענעם ציטער האָבן זיי געוואַרט אַז אָט־אָט וועט מאיר זיך באַווייזן. ער איז אָבער געקומען פאַרנאַכט צו און געבראַכט צו פירן פון דער פערד און די איינציקע קו מיטן קעלבל. ער האָט נאָר באַוויזן אָפּצושווענקען די פיס און דאָס פּנים מיט אַ קענדל וואַסער, איבערגעכאַפּט אויף שנעל דעם נאכטמאָל און זיך געלייגט שלאָפן.

דעם זעלבן אָוונט האָט ניאָמע ביים טיש מודיע געווען מיט אַ שטילן אויסגעלאָשענעם טאָן:

— מיר האָבן געפונען וואַסער — פאַרנאַכט־צו האָבן מיר אָנגעשלאָגן צום קוואַל. ס'האָט אַ פליי געטאָן דאָס וואַסער. זיס וואַסער ווי פונעם רעגן אַרויס.

באַשקע האָט אים אָנגעקוקט אַ ביסל פאַרוווּנדערט: פאַרוואָס זאָגט ער אָן אַזאַ גרויסע בשורה ערשט אַ פּאָר שעה נאָכן צוריקקערן זיך פון פעלד און פאַרוואָס איז זיין שטים אזוי טרוקן, אָן יענער באַגייסטערונג וואָס ער ווייזט אַרויס ביי יעדער מינדסטער דערגרייכונג. זי האָט עס אויסגעטייטשט מיט זיין מידקייט, אויפרעגונג און ברענען זיך אויף דער זון.

אויך הערשל האָט געשוויגן. ער איז נאָך געווען אונטערן איינדרוק פון יענער איבערלעבונג וואָס ער האָט געהאַט בעת ער האָט אַרויסגעריסן דעם שווערן בלויען שטיין און ס'האָבן זיך באַוויזן די ערשטע פייכטע סימנים. דערנאָך האָבן זיינע נאַקעטע פיאַטעס געקוואַטשעט אין דער געלבלעכער בלאָטע, און ווען דאָס וואַסער איז אָפּגעשטאַנען, האָט ער עס מיט די פולע הויפנס צוגעטראָגן צום מויל, פאַרזוכט און אַרויסגעשריגן צום פאָטער: זיס וואַסער, טאַטע! און יענער האָט אים אַרונטערגעענטפערט ווי מיט אַ שטילער ברכה:

— גאָט זיי דאַנק! נישט זיין מער אויפן חסד פונעם דייטש, פון זיין פאַרשטונקען וואַסער! גאָט זיי דאַנק!...

איצט האָט ער, זיצנדיק ביים טיש, אויסגעטאָן די „אַלפּאַרגאַטן”

פון די פיס און געפילט די קילקייט פונעם באָדן. עס וועט נישט דויערן לאַנג און זיינע פיס וועלן שווימען אין געלבלעכן אָנקומענדיקן קוואַל. און ער האָט זיך דערמאָנט אין אַ ליד, וואָס עמעצער האָט אַמאָל געזונגען נאָך אין קליינעם שטעטל:

די וואָס גראָבן קוואַלן,
זייער חלום — זיס!
זייער ליד טוט שאַלן:
— וואַסער טו אַ פליס!

די וואָס זוכן קוואַלן
אין דער גייער ערד,
זייער ליד וועט שאַלן,
זיי איז פרייד באַשערט!

פערצנטער קאַפּיטל

## ברייט איז דער ים פון בענקעניש

סוף־סוף איז אויך געקומען די צייט פאַר דער דרעש־מאַשין. אין אַ פאַרנאַכט, נאָך איידער די זון האָט זיך געזעצט אויף דֶי זאַמדיקע האָריזאָנטן פון דער פאַמפּאַ און דער אַרום איז אָפּגעגאָסן געוואָרן מיט א רויט־פּורפּור פאַרב — האָט זיך באַוויזן דער קאַנוואַי, וואָס האָט זיך געצויגן אויף צענדליקער מעטער, דאַכט זיך אָן א סוף. פאַרויס האָט זיך געקייקלט אויף זיינע ברייטע און שווערע רעדער דער לאָקאָמאָטיוו און אַרויסגעלאָזן זיילן שוואַרצן רויך פונעם קוימען. דער אַ רויך האָט געהאַט אַזאַ מיאוּמדיקע קאַלעמוטנעקייט צוליבן שטרוי מיט וועלכן די מאַשין איז געהייצט געוואָרן. דאָס שטרוי איז געווען אָנגעלאָדן אויף אַ לאַנגן אָפענעם וואַגאָן וואָס האָט זיך נאָכגעשלעפּט דעם לאָקאָמאָטיוו. נאָך זיי איז געפאָרן די לאַנגע און קאָמפּליצירטע דרעש־מאַשין מיט אירע

אומצאָליקע פּאָסן און רעדער ווי אַ שיף אָן מאַסטן. אַ צענדליק מעטער הינטער איר איז געשלעפּט געוואָרן אַ גרויסע פּאַרמאַכטע בויד געשפּאַנט אין פיר גרויסע פערד מיט ברייטע ברוסטן און אַראָפּגעזעצטע פיס. די בויד האָט געדינט ווי אַ סקלאַד פון שפּייז און אַ קאַנצעלאַריע פון דעם הויפּט-מאַשיניסט. די קיך-מכשירים זענען געווען אַנגעהאַנגען אויף אַ קליין וועגעלע, צוגעטשעפּעט צו דער בויד, זענען אַנגעלאָדן געווען די צונויפגעלייגטע ביידלעך. געשלאָסן דעם קאַראַוואַן האָט דער וואַסער-טאַנק אויף נידעריקע אייזערנע רעדער, געשלעפּט דורך צוויי פערד. גערופן האָט מען אים „אַגואַטערא״ (וואַסער-ליפערער) — ער האָט גע-דאַרפט צושטעלן וואַסער פאַרן לאָקאָמאָטיוו, פאַר דער קיך און פאַר די איבער דרייסיק ארבעטער וואָס זענען געווען פאַרטאָן מיט דער ארבעט ארום דער מאשין: מאשיניסטן, הייצערס, שליידערער פון תבואה-סנאָ-פּעס אין ריזיקן צילינדער-מויל פון דער מאַשיק, זעק-נייער, די וואָס דערוויטערן די קופּעס שטרוי און די קיך-אַרבעטער. די אַרבעט אויף דער זון און די טרוקענע ווינטן האָבן אַרויסגערופן דורשט און די אַר-בעטער האָבן געגאָסן אין זיך אָן אָן אויפהער דאָס וואַסער פון די לייי-מענע קריגן.

די דרעש-מאַשין איז בעתן סעזאָן געווען די מיוחסדיקסטע צווישן אַלע מאַשינען. דער באַלעבאָס איז געזעסן אין דער קריין-שטאָט און זעלטן ווען האָט ער זיך באַוויזן אין פעלד מיט זיין לייכט-וועגעלע כדי אָפּצונעמען אַ באַריכט אָדער אויסצוגלייכן עפּעס אַ קאָנפליקט. אָנבאָטן זענען כסדר געקומען צו אים אין שטוב אַריין. באַלד ביים אָנהויב פונעם שניט קומען די ערשטע באַשטעלונגען און דער פּרייז שטייגט צוזאַמען מיט דער היץ. די ריי איז לאַנג ווי דער קאַראַוואַן. קאָנטראַקטן וועט ער נישט שרייבן, דער איטאַליענער גאַמביני, אָבער זיין וואָרט איז שטאַרקער ווי דער פעלז, נישט צום רירן פון אָרט.

ניאָמע איז געקומען צו אים כמעט דער לעצטער און דער באַ-לעבאָס האָט אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט: „פאַרפאַלן, אַמיגאָ, פאַרפאַלן״. און ווען ער האָט נאָך דערהערט וויפל עס איז מ׳שטיינס געזאָגט דאָ צום דרעשן ביי אים און וויפל שעה מ׳דאַרף אַהין פאָרן — האָט ער זיך אויפגעהויבן פון זיין פּלאַץ, שטייענדיקערהייט אריינגעגאָסן דעם כוס רויטן וויין און אויסגעשטעלט אַ פּאָר אויגן:

— אפילו דאָפּלט, דרייפאַך... איך וועל נישט פאָרן! — און ער האָט אַרויסגעלאָזן אַ געפּעפּערט זידלוואָרט.

אָבער ווען ער האָט געזען, אַז זיין קליענט רירט זיך נישט פון אָרט, ווי יענער וואָלט אפילו נישט צוגעהערט זיך צו די דברי־הבל פון זיין מויל, האָט ער ערשט, דער גוי מיט די גוטמוטיקע בלויע אויגן און רויט־בליענדיקע באַקן, זיך נענטער צוגעקוקט צו ניאָמען און אים באַטראַכט ווי ער וואָלט אקאָרשט אריינגעקומען. ווו האָט ער עס אמאָל געטראָפן אזא געשטאַלט, באַזוימט מיט אַ גרוי־קורץ בערדל און מיט טונקעלע אויגן? געזען ווי ניאָמע זיצט און וואַרט אויף אַ צוזאָג, האָט ער נישט געקאָנט ביישטיין דעם שטילן בליק. דער גוי האָט אַרויפגעלייגט זיין מגושמדיקע האַנט אויף ניאָמעס אַקסל און אים צוגעזאָגט אַז אין דעם און דעם טאָג וועט ער שיקן די מאַשין.

איצט מאַרשירט דער קאַראַוואַן און דערנענטערט זיך. די מאַשין וויסט נישט, אין איר שלענגלען זיך איבער די געדיכטע תבואה־געגנטן, פון קיין וועגן אָדער פאַרצוימונגען. צוליב איר געבוי און לענג קאָן זי זיך נישט איינפּאַסן צווישן די וועגן, ווו עס זאַמלען זיך בלאָטעס פון די זומער־רעגנס און אין די אויסבויגן איז אוממעגלעך איר אַדורכגאַנג. דערפאַר ציט זיך דער לאָקאָמאָטיוו און זיינע נאָכגעשלעפּטע מאַשינען אין אַ גלייכער ליניע, שניידט און פאַרקירצט מרחקים. ביי יעדער פאַרצוימונג האַקט מען איבער מיט צוואַנגען די דראָטן, רייסט מען אַרויס די שטאַנגען און עס העלפן נישט דאָ קיין תרעומות און קיין טענות. ווער וועט עס איינפּאַסן די אָ מאַשין אין איר גאווהדיקן שפּאַנען איבער די פעלדער אין די צווישנדראָטיקע וועגן אויף וועלכע זי קען נישט מאַנעווורירן? איצט שפּאַנט זי אינעם אָפענעם פעלד, אינעם ים פון ווילדע פּאַשע־גראָזן.

אָנגעקומען אויפן אָרט, האָט דער לאָקאָמאָטיוו אַ זעץ אַרויסגעטאָן די ווייסע פּאַרע און אַ היתּעריק רעווען האָט צעריסן די לופט פונעם שטילן פאַרנאַכט.

די קליינע סטויגן זענען איצט געוואָרן נעבעכדיק אין אָנבליק פון דער ריזיקער מאַשין. די אַרבעטער האָבן אָנגעהויבן צו שפּאַסן אויפן חשבון פון באַלעבאָס. דער הויפּט־מאַשיניסט האָט אָנגעהויבן כראַקען פאַר כעס און אויסגערעכנט דעם שאָדן וואָס אזא ארבעט וועט ברענגען. „וועל־

כער טייוול האָט אים געשיקט אַהער״ — האָט ער געשיפּעט.

דער באַפעל איז געפאַלן און מ׳האָט צוגערוקט די מאַשין צו די „פּאַרוועס״. פלינקע אַפּגעסמאַליעטע הענט האָבן אונטערגעגראָבן די ערד פון אונטער די רעדער — זיי איינצוזינקען, בכדי ביים דרעשן זאָלן זיי נישט ארויסשפּרינגען פונעם אָרט. דער לאָקאָמאָטיוו איז אָפּגעטשעפּעט געוואָרן און ער האָט אָנגעהויבן צו מאַנעווירן, געסאָפּעט און דערווייטערט זיך, געזוכט א פּאַסיק אָרט ארויפצוואַרפן דעם גרויסן לעדערנעם פּאַס, מיט וועלכן ער האָט געדאַרפט באַוועגן די רעדער פון דער דרעש־מאַשין. דער לאָקאָמאָטיוו האָט געדאַרפט שטיין אָפּגערוקט מיט זיין פייער־שפּייענדיקן מויל אויף עטלעכע צענדליק מעטער ווייט פון די סטויגן צוליב א שרפה־געפאַר. דער פּאַס איז געווען לאַנג און שווער און כמעט אַלע אַרבעטער פונעם לאַגער האָבן געדאַרפט צולייגן א האַנט אים ארויפצוציִען. מ׳האָט געשריגן מיט באַנומענע קולות, געשפּיגן, גע־שאָלטן מיט ווולגאַרע קללות אויף די פאַרשידנסטע שפּראַכן.

דער הויפּט מאַשיניסט איז צוגעגאַנגען צו ניאָמען און זיך גע־ווענדט צו אים מיט אַ פאַרכמורעט פּנים:

— נישט גוט, פריינד. מיר שטייען כמעט אָן הייצונג. דאָס שטרוי גייט אויס און מיר קאָנען נישט איבערלאָזן דעם לאָקאָמאָטיוו פאַרלאָשן. א האַלבן טאָג וועט דאָן נעמען ביז ער וועט אריין אין באַ־וועגונג...

— איז וואָזשע וויל ער? — האָט ניאָמע געפרעגט דורך הערשלס מויל.

— ער בעט אַ דערלויבעניש ארויסצורייסן די אָפּגעשוועכטע זאַנגען פון די סטויגן בכדי אָנצוהאַלטן דאָס פייער — האָט הערשל אי־בערגעזעצט דעם מאַשיניסטס רייד.

— וואָס?! — ניאָמע איז בלייך געוואָרן — פאַרברענען די פאַר־טיקע תבואה? וואָס פאַרא מענטשן זענען דאָס? אָן אַ נשמה...

אָבער דער מאַשיניסט איז באַשטאַנען אויף זיינס: ער וועט נישט פאַרלעשן די מאַשין, די מענטשן וועלן נישט זיצן ביי אים מיט פאַרלייגטע הענט. און נאָך אַלעמען: „וואָס איז דאָס פאַרא פּרעטענזיעס פון א „פּאַראָסטעראָ״ (אויסלענדער)? צוליב א זשמעניע פון זאַנגען אָראָפּ־געברענגט א גאַנצן קאַראַוואַן און ער וויל נאָך קאָמאַנדעווען! נו, גוט,

מיר קאָנען זיך שוין פּאַרנעמען, קיין פּראָבלעם... ניאָמע האָט זיך גע־בעטן: „איך וועל אַליין מיט מיינע הענט צונויפגראַבלען אַ גאַנצע נאַכט די טרוקענע גראָזן, איך וועל צוזאַמענפירן אַלץ וואָס קאָן ברענען... איר וועט זען...“

דער מאַשיניסט האָט זיך געהאַלטן ביים זייניקן: „נאַרישקייטן, אַן איינפאַל פון אַ „גרינגאָ“!

דערווייל האָבן זיך אָנגעהויבן דערנענטערן גרופּעס אַרבעטער, טייל פון זיי אין די לייוונטענע אונטערהויזן. די נאַקעטע אָפּגעברענטע קערפּערס האָבן אַרויסגעגעבן אַ שאַרפן גערוך פון שווייס און ביליקן פּאַרפום. אַנדערע האָבן זיך געקעמט די נאַסע האָר, אָפּגעגאָסענע ביים טאַנק וואַסער. זיי האָבן זיך אַריינגעמישט מיט געלעכטער און גראָבע וויצן. דער שמועס האָט זיי געוויילט.

אַ פעסט־געבויטער יונג, אין די טיפע דרייסיקער, האָט זיך דערנענטערט, אַ צי געטאָן דעם מאַשיניסט ביים אַרבל און אַ ווייז גע־טאָן צום וויטן האָריזאָנט:

— לואיס, עס בליצט דאָרט אין דער פּאַמפּאַ. פאַרטאָג וועט אויס־פאַלן אַ רעגן. נישט כדאי צו עפענען די פּאַרוועס. גלויב מיר אויפן וואָרט!

— מיינסטו אַזוי? נאַרישקייטן! דאָס פעלט אונדז נאָך: בלייבן שטעקן דאָ צוליב אַט די לייזיקע פּאַרוועלעך...

אָבער דער יונג האָט זיך געהאַלטן ביי זיינס און אַ טייל אַרבע־טער האָבן אים אונטערגעהאַלפן:

— גערעכט, איך האָב עס פאַרויסגעזען. די בליצן געפעלן מיר נישט...

— לאָז אָפּ לואיס, אַ שאָד אויפצורייסן דעם דאַך...

— מיר וועלן שפּאָרן דעם שטרוי, אפשר וועט סטייען ביז אין דער פרי.

דער מאַשיניסט האָט אַ האַסטיקן קוק געטאָן אויפן בחור, וואָס האָט אים אַרויסגעשלאָגן פון זיין תקיפות און בייז צוגעוואָרפן:

— אויף דייך אחריות, סאַלאָן. געדענק, דו שלעפסט מיך אַריין אין אַ צרה! — ער האָט זיך אַריינגערוקט אין בויד, שפּעטער אין עפּעס

זיך דערמאָנט און אַרויסגעשטעקט דעם קאָפּ: „העי, גרינגאָ, און זעק האָסטו אָנגעגרייט? מיינסט, אַז מיר וועלן שיטן אין דיינע זשמעניעס אריין?"...

די נאַכט איז דערוויילֹ צוגעפאַלן און די ארבעטער האָבן זיך צוגערוקט צו דער פעלד־קיך. דער גערוך פון געבראָטענעם פלייש איז אויפגעגאַנגען אין פעלד און לאמטערנעס האָבן זיך געצונדן. ביאַמע און הערשל האָבן געזוכט דעם בחור, וואָס האָט זיי אַזוי אומגעריכט ארויסגעפירט פון דער שווערער לאַגע, אָבער די פינצטערניש האָט אים איינגעשלונגען. וועט באמת אויספאַלן א רעגן? נישט גוט... זיי האָבן זיך אומגעקערט צו דער כאטע.

זיי האָבן נאָך נישט געענדיקט מיט דער וועטשערע — און א פלוצלינג קלאַפּן איך דער אָפענער טיר האָט אלעמען אויפגעטרייסלט. עס האָט געהערשט א שטילקייט, ווי א המשך פון יענעם שוויגן וואָס הערשט ביים טיש פון פארמאטערטע מענטשן.

אין טיר האָט זיך אריינגעשטעלט דער פעסט־געבויטער פולער קערפּער פונעם בחור, וואָס האָט ערשט מיט א שעה צוריק איבערצייגט דעם מאַשיניסט נישט צו שיקן אויפן פייער די אָפּגעשווענקטע שיכט פון די סנאָפּעס.

— דאָרט רופט מען מיך סאַלאַנאָ — האָט ער א ווייז געטאָן צום דרויסן — אָבער מיין ריכטיקער נאָמען איז זלמן, זשאמע קוריס — ער האָט גערעדט מיט אַן אָפּן־ברוסטיקן אוקראַאינער יידיש, נישט גע־בעטענערהייט האָט ער איינגעשלונגען מיט איין שפרונג די פּאָר ערדע־נע טרעפּלעך פון דער כאטע און אָט שטייט ער שוין ביים טיש.

ניאַמע האָט זיך א הייב געטאָן פונעם פּלאַץ. א ווארעמער שטראָם פון היימישע טענער האָט זיך אַ וויג געטאָן אינעם חלל פון חדר און אים איבערגעגאָסן... די ווארעמקייט פון אַן איבערגעפּולטער קלויז, ווו נאָר איין ייד געפינט זיך, אָבער עס פלאַטערט דער אָטעם פון צענ־דליקער. אָט וועלן זיי זיך באַווייזן אין דער טיר־ראם און איינער נאָכן אַנדערן אָנזאָגן די בשורה: „נישט קיין מלאכים, נישט קיין איינמאָליקער באַזוך אין דיין געצעלט — יידן פשוטע זענען מיר"...

— ניין, נישט זלמן איז אייער נאָמען, נאָר אליהו הנביא. אנדערש קאָן איך נישט באַשיידן אייער אָפּראטעווען מיין פּראַצע. זיצט ר' אליהו,

כ׳מיין ר׳ זלמן — אויך די אַנדערע שטוב־לייט זענען געזעסן ווי פֿאַרבלענדט פֿון אָט דער אומגעריכטער דערשיינונג. באַשקעס אויגן האָבן זיך מיטאָמאָל אָנגעפּילט מיט טרערן. זי האָט שנעל אויסגע־שנײַצט די נאָז, אַרײַנגעצויגן די טרערן אין דער פּאַטשיילע אַריין אויף צוגעגאַנגען צו דער פּליטקע. זי האָט צוגעשטעלט דעם טשייניק און אונטערגעוואָרפֿן א גרויסן קיזיק אין דער פּליטע. לאַנגזאַם האָט דאָס וואַסער געזאָטן מיט אַ נאָגנדיקן דינעם זשומען.

דער גאַסט האָט זיך צוגעזעצט אויף א הילצערנער טאַבורעט־קע און געאײַלט זיך צו פֿאַרלויפֿן דעם וועג:

— אויב איר שטעלט צו וואַסער, פּאַזשאַלוסטאַ, אָבער נאָר צו טרינקען אַ מאַטע, טיי טרינק איך נאָר פֿון א סאַמאָוואַר. איר פֿאַר־שטייט? כ׳בין אַן אַדעסער, אַן אַדעסער זשוליק... קענסט דאָס לידל, מיידעלע? האָט ער זיך פּלוצלינג א װענד געטאָן צו מירעלען און ווי צו־געשמידט געוואָרן פֿון איר בלאָנדער חנוודיקייט — אָט דאָס לידל: „אוי אַדעס, אוי, אַדעס, אויף דער מאַלדאַוואַנקע! דיינע טעג — איך נישט פֿאַרגעס, און אויך נישט די ציגאַנקע״. ער האָט געלאַכט און אַ קניפּ גע־טאָן אין אירע ווייכע בעקלעך.

זיין געלעכטער איז געווען ברוסטיק, אָפֿן און געוועקט צוטרוי. די גרויסע ווייסע ציין האָבן א בליאַסק געטאָן אין אַ קאָנטראַסט צום אָפּגע־ברענטן פּנים. די בלויע אויגן האָבן צוריקגעוואָרפֿן אַ פֿריילעכע שיין ווי צו פֿאַרלייגן אַ ווייסלעכע בריק ביז צו די ציין־שורות.

ציענדיק מיט הנאה די מאַטע ביז דעם פֿריילעכן אָנזאָג, אז דער לעצ־טער טראָפּן איז שוין אויסגענאָגט — האָט ער געפּונען פֿאַר נויטיק צו געבן דעם באַלדיקן באַשייד:

— איך בין, קאַטאָרי, אַ ייד פֿון א גאַנץ יאָר, וואָס אמת — נישט א ייד א גאַנץ יאָר. אויב איך וועל אַמאָל געפֿינען א פּיסאַטעל, א שרייי־בער אַזאַ, וואָס וועט וועלן פֿאַרצייכענען מיין געשיכטע ביז איצט, וועל איך אָט דעם קאַפּיטל אָנרופֿן אזוי: „א ייד א פּשוטער — צווישן צוויי באַראַנעס״ כאַ־כאַ־כאַ! א שיינער נאָמען? אזוי ווי איך די שפּאַנענדיקע ראָמאַנען: „דער וועג קיין בוענאָס־איירעס״, אָדער „דער אינדיאַנער פּרינץ און רייזעלע״... יאָ, איך האָב זיך געקאַטשעט צווישן די צוויי באַראַנעס: באַראָן ראָטשילד און באַראָן הירש אַזוי ווי אַ פֿערד צווישן די האָלצבלעס.

געווען אַמאָל אין די פּרדסים פון פתח־תקווה, און פאַרטראָגן געוואָרן אויף די פעלדער פון באַראָן הירש אין מאָזעסוויל. וואָס איז דער אונטערשייד? גאָרנישט. דאָרט האָב איך געשלאָגן אין דער מאָרדע פון די באַאַמטע און איך דאָ איז מיין האַנט נישט געלעגן אין קימפּעט.

— דערציילט, דערציילט! — האָבן ביאַמע און הערשל צוזאַמען אונטערגעהאַלטן — דערציילט אונדז וועגן דאָרט און וועגן דאָ...

— א לאַנגע מעשה, א מעשה אָן אַ עק — האָט ער זיך מיאש געווען און צוריקגעטראָטן — איך בין אַהער געקומען, צו אייך מיין איך, אין אַ שליחות פון דעם מאָשיניסט, כ׳דאַרף באַלד צוריקגיין. יאָ, האָט איר וואַסער? א ברונעם מיין איך?

— זיכער — האָט ביאַמע כמעט מיט טריומף אויסגערופן — און נאָך וואַסער! צוקער, רעגן־וואַסער!

— און אז נישט, וועלן די פּונדיקעס נישט פאַרדייען? — האָט ער געחוזקט. זייער שיין פון אייער זייט! אפילו וואַסער! איך געדענק דעם ברונעם וואָס מיר האָבן געבויערט אין עין־גנים, נעבן פתח־תקווה. איר הערט? געבויערט און געבויערט, דאָס האַרץ געבויערט, דעם מוח און די געהירן, און קיין וואסער — נישטאָ. ביז צו די הונדערט פּופּציק מעטער: ס׳איז דאָ! ס׳אַראַ פריידן! מיר זענען א טאָג און א נאַכט געווען ווי אין הינערפלעט! אָבער דאָ איז שיין ביי אייך. איך וועל נאָך אַמאָל קומען און בלייבן ביי אייך. דעמאָלט וועל איך אייך דערציילן וועגן מיין קיקלען זיך צווישן בײדע באַראָנען. היינט ווילט זיך ריידן וועגן פריילעכע זאַכן, אפילו זינגען...

— יאָ, זינגען — האָט ביאַמע ווי פאַרחלומט געצויגן די ווערטער — זינגט מיר עפּעס פון יענע לידער, פון די שירי ציון, זאָל כאָטש דאָס זיין...

— ס׳בענקט זיך, אַ, פעטער? — ער האָט זיך שנעל צוריקגעכאַפּט ווען ער האָט אויפגעכאַפּט דעם טרויער פון ביאַמעס אויגן.

דער גאַסט האָט זיך צוגעזעצט נעבן צום טיש און אָנגעלענט די האַנט צום קינבאַק, א ווילע נאָר, ווי אריינצודרינגען מיטן אָנגעשטרענגטן זכרון אין פלאָנטער פון די לידער. דאָס שטילע זשומען פונעם טשייניק איז איצט געווען ווי א קאַמערטאָן. אלע האָבן געוואַרט.

ער האָט אָנגעהויבן מיט ידישע לידער און נאָכדעם איבערגעגאַנ־

נען צו העברעישע מעלאָדיעס, דורכגעזאַפּטע מיט בענקשאַפט נאָך ציון. „דאָרט ווו די צעדער" — האָט ער געברומט מיט זיך ווייכן טענאָר און באַשקע האָט אים אונטערגעהאַלטן מיט א ווייגענדיקן רחמים־טאָן. ניאָמע האָט צוגעמאַכט די אויגן און געזעסן זיך שוועבן איבער די אראָפּ־נידערונגען פון לבנון. דער גאַסט האָט פאַרגעזעצט און געזונגען רוסישע דאָרפס־לידער און די שטוביקע האָבן אים אונטערגעהאלטן און צוגע־פּלעסקעט מיט די הענט. די קליינע כאַטע איז ווי אויסגעברייטערט גע־וואָרן און די ווענטלעך — צעצויגן.

זשאמע האָט זיך אויפגעשטעלט און געקליבן זיך אַוועקצוגיין. — איך מוז צוריקגיין אַהין און זאָגן דעם מאַשיניסט, אַז מ'קאָן אָנשעפּן וואַסער אין די פאַרטאָג־שעהן — צום סוף האָט ער צוגעגעבן: זיי דאַרפן דאָרט נישט וויסן, אַז איך בין א ייד. זיי מיינען, אז איך בין אן ארמענער. א ייד אן איינציקער צווישן אָט די זשלאָבעס: ווי א שעפּס צווישן וועלף... און איידער ער האָט ארויפגעשטעלט זיין פוס אויפן טרעפל, האָט שלום, דער פופצן־יעריקער בחור זיך אויפגע־שטעלט און אומגעריכט געפרעגט:

— זאָגט מיר, איז עס אמת, אַז אין ארץ־ישראל איז דאָ די מערת־המכפלה? און דער קבר פון דער מוטער רחלן און ירושלים שטייט טאַקע אויף דער ערד?

דער גאַסט האָט געשמייכלט און פאַרוואונדערט געפרעגט: און פאַרוואָס גלויבסטו נישט, בחורל מיינער? ווו דען זאָלן זיי זיין? אוודאי זענען זיי דאָ.

— אזוי — האָט שלום געשטאמלט — שטענדיק האָב איך גע־שמועסט מיט מיינע חברים וועגן דעם. מיר האָבן געמיינט, אַז דאָס איז נאָר אין חומש פארשריבן און שוין...

— יאָ, בחורל מיינס. זיי שטייען אויף אונדזער ערד... אָבער ווייַ צו זייער שטיין און זייער אויסזען — גוט איז דיר, בחורל, וואָס דו שטעלסט זיך פאָר און זעסט זיי ווי אין אַ חלום.

— איך וואָלט געוואָלט כאָטש איין מאָל אין לעבן דאָס זען — האָט שלום ווי פאַרעקשנט זיך קעגנגעשטעלט — איין מאָל אָנקוקן, זיך איבערצייגן...

דער גאַסט האָט אים א ווײַלע באַטראַכט און מער נישט געחוזקט.

שלזמס גרויסע תמימותדיקע אויגן האָבן געפּאָדערט אײנזען, נישט צע־ שטערן די זײן אויספּאַנטאַזירטע וועלט.

הערשל האָט זשאַמען ארויסבאַגלייט און זיי האָבן ביידע גע־ שפּאַנט דורכן הויף צום לאַגער. די לאַמטערנע־פֿײערלעך האָבן גע־ פֿויזעט אין דער נאַכט ווי שטיפערישע ליכט־פֿליטערלעך און עמעץ האָט דאָרט געזונגען מיט א הייזעריק־געדעמפּט קול. די שפּראַך האָט גע־ קלונגען ווייט און פרעמד, אָבער געגנאַגט ביים האַרצן.

— דרייסיק מענטשן פאַרען זיך אַרום דער מאַשין — האָט זשאַ־ מע געאײלט זיך אויפצוקלערן — כמעט א צענדליק פעלקער זענען מיר דאָ. אָבער אַ גרויסער טייל זענען טערקן. הייסבלוטיקע זענען זיי אין פּוילע. זיי זיצן פאַרלייגט די פיס אונטער זיך און זינגען זייערע כאַר־ בלענדיקע לידער. זיי בענקען נאָך די משפחות, וואָס זענען ערגעץ גע־ בליבן, נאָך די ים־ברעגן און די בערג פון אַנאַטאַליע. זיי וואַלגערן זיך דאָ אויף דער פרייער לופט און אין שמוציקע גאַלפּאַנען, קלייבן אַ סענט צו א סענט און חלומען וועגן א קויש מיט גאַלאַנטעריע־סחורות און באַבלימטע לייוונטן אויפן אקסל. זיי וועלן עס טראָגן איבער די שטעטלעך און דערפער און ווידער לייגן אַ סענט צו אַ סענט; אַהיימ־ צופאָרן! גייט זיי אויס די נשמה און דערפאַר זענען זייערע לידער אַזעלכע טרויעריקע און נאַגנדיקע.

הערשל האָט אויך געהערט דאָס שאַקאַלן־געוויין, וואָס האָט זיך געטראָגן אַהער פון דער אנדערער זייט פעלד. און מאָדנע, הערשל האָט איצט אין דעם געיאָמער ארויסגעפילט דעם צער פון באַעוולטע און פאַרשטויסענע, און דאָס אומעטיקע געזאַנג פונעם לאַגער האָט ער באַ־ נומען ווי אַן איינמאָליקן צופעליקן אויסברוך, וואָס וועט פאַרגיין. זשאַמע האָט זיך אײַן עפּעס דערמאָנט און זיך צעלאַכט:

— איינער איז דאָ צווישן די טערקן, איז ער שלאָפנדיק דורך די נעכט אנטקעגן דער לבנה, געוואָרן א לונאַטיקער. ער איז דער הייצער פונעם פאַראַכאַד... שטייט ער אויף ביינאַכט פונעם געלעגער און שטופט דאָס קישן און די קאָלדרע גלייך אינעם לאַקאַמאָטיוו... ער האָט שוין נישט איין מאָל פאַרברענט זיין געלעגער — אַ מינוט איז ער געוואָרן ערנסט און צוגעגעבן — יאָ, איך האָב אייך געוואָלט וואָרענען: היט זיך פאַרן וואַסער־פּירער. דאָס איז אַ מין סוואָלאָטש.

ער טשעפּעט זיך צו יונגע מיידלעך. אַ געזונטער שגץ און אַן אמתער „פונדיק" (אזוי האָבן די יידן גערופן די איינגעבוירענע). מיר האָבן אַמאָל געדראָשן אין דער קאָלאָניע פון די „ליטוואַקעס". געברענטע צרות האָבן מיר געהאַט פון אים. ער האָט זיך געקלאַפּט אין האַרצן און געשוווירן זיך, אַז ער איז א ייד, א געמל'טער... געבעטן אפילו אז מ'זאָל אים בודק זיין... גיי ווייס וואָסער שוואַרץ יאָר דאָס איז. ס'איז כדאי, אז איר זאָלט שפּעטער אויסשיסן א פּאָר פּוליעס אין דער נאַכט אַריין... צוויי קנאַלן זענען גענוג אָנצוזאָגן אַז איר האָט געווער... ווער קאָן וויסן וואָס עס באַמבלט זיך אין קאָפּ פון אַזעלכע טיפּן? איר פאַרשטייט?

פאַרטאָג צו איז פאַרוואָלקנט געוואָרן. שאַרפע בליצן און ווייטע דונערן האָבן געשניטן דעם הימל פון דער פּאַמפּאַ־זייט. שטויבזיילן האָבן זיך געטראָגן נידעריק איבערן קאָפּ און פאַרפּולט די לופט מיט ריחות פון צעברענטער ערד בעת די ערשטע טראָפּנס קייקלען זיך אַריין אין איר. נאָר געציילטע גראָבע טראָפּנס האָט די ערד באַוויזן איינצוזאַפּן. קעגן זון־אויפגאַנג איז געוואָרן אויסגעלייטערט און א לייכטע פּאַרע איז אויפגעגאַנגען איבער די פעלדער.

נאָכן פרישטיק האָט מען געלאָזט אין גאַנג די מאַשין. דער לאָקאָמאָטיוו האָט אָנגעזאָגט מיט אַ שאַרפן פייף, אַז דער גרויסער פּאַס וועט באַלד זיך אָנהייבן צו רירן. אַלע ארבעטער האָבן פאַרנומען זייערע פּאָזיציעס. ווען דער וואָל האָט פּאַטשנדיק אָנגעהויבן צו דרייען די רעדער פון דער מאַשין, האָבן די ווילעס געשליידערט די סנאָפּעס אינעם צילינדער־מויל פון דער דרעש־מאַשין. באַלד האָט אַ שטראָם פון גאָלד־קאָלירטן ווייץ זיך אַ גאָס געטאָן אין די זעק אַריין. דער זאַק־נייער, אַן אלטער איטאַליענער, האָט נישט באַוויזן זיך אַן עצה צו געבן מיט די אָנגעלאָפענע פולע זעק און איבערבייטן די פולע אויף ליידיקע — האָט ער געשפּיגן און געשאָלטן. דאָ איז אים הערשל אונטערגעקומען און צוגעהאָלפן נייען און אויסלייגן אין אַ דריי־עקיקער „פּילע" (קופּע) די זעק, וואָס זענען אויסגעפּאַרטיקט געוואָרן.

ניאָמע האָט פון צייט צו צייט אַריינגערוקט די האַנט אין דער ערד און געלאָזן שטראָמען דעם ווייץ איבער זיינע דלאָניעס. די וואַרעמע זערנעס האָבן געצופּט די הויט און אינעווייניק האָט עס אים

וויך געגאַנגט. ער איז געשטאַנען צוגעשמידט ביי דער מאַשין און עט־
וואָס אָפּגעטראָטן בלויז ווען דער צעיאַכמעטער איטאַליענער האָט איבּ
העפלעך אַ שטופּ געטאָן בכדי צו טוישן דעם זאַק. עס איז קיין ספק
נישט געווען, אַז די „קאַסעטשע" (גערעטעניש) איז געראָטן, דער
מאַשיניסט האָט באַטראַכט די זעק און באַזאַכט בודק געווען די פולע
קערנער וואָס ער האָט אויסגעלייגט אויף זיין פאַרבוימלטער האַנט. ער
האָט געוואָרפן אין מויל און געקייט מיט גרויסע שוואַרצע ציין. ער
האָט צוגעשאָקלט מיטן גרויען קאָפּ און טראָץ דעם מאַשינען־רעש, איז
קלאָר געווען, אַז ער לויבט די תבואה.

דער וואַסער־פירער איז מיט זיין טאַנק און די גרויסע פערד
געפלויגן אַהין און צוריק, פונעם ברונעם ביזן לאָקאָמאָטיוו, און די
אָנגעהאַנגענע גלעקלעך אויף די פערד האָבן ווייט אָנגעזאָגט זייער
אָנקומען. די שווערע איינערנע רעדער האָבן שויך באַוויזן אויסצוטרעטן
אינעם גרויען גראָז טיפע קאַליעס.

דער צעפירער איז געווען אַ ברוינער שגץ מיט אַ צעפלאַמט
געזיכט. זיינע שוואַרצע וואָנצעס האָבן, ווי צוזאַמענגעדריקטע דראָטן,
צעטיילט זיין קיילעכיק געזיכט אויף צוויי. די אויגן האָבן געברענט
מיט פייערדיקער הנאה פון יעדער געשעעניש. זיין קערפּער האָט זיך
גרינג באַוועגט און יעדער שפּרונג פונעם וואָגן איז געווען אויסגערעכנט
ווי איינצונעמען הערצער אויף פאַנגען דאָס אויג וואָס באַטראַכט אים.

ביים דערנענטערן זיך צום ברונעם האָט ער תמיד אַ קנאַל
געטאָן מיטן שפּיץ פון דער בייטש. די פערד האָבן פאַרשטאַנען דעם
אָנווונק און געבליבן שטיין. שלום האָט זיך דערנענטערט מיטן עמער
אָנצושעפּן וואַסער. אַ פּאָר שריט ווייטער איז געשטאַנען מירעלע און
איר בלאָנדער צאָפּ האָט געלויכטן קעגן די זון־שטראַלן. דער וואַסער־
פירער איז אַריינגעפאַלן אין התפעלות, אַ כאַפּ געטאָן דעם עמער פון
שלומס האַנט און אַרויפגעצויגן אויגנבליקלעך אויפן רעדל דעם וויגנ־
דיקן עמער איבערפולט מיט וואַסער.

— וואַסער ווי גוטער ווין — האָט ער זיך ממש פאַרכלינעט,
געזופּט גלייך פונעם עמער און דאָס קיילעכיקע היטל איז אים אַראָפּ־
געפאַלן הינטערוויילעכס — ווייסט, יינגל, איך בין פון אייערע, ווי רופט
מען עס... פון די רוסאָס... נישט ריכטיק? גיב מיר דיין שוועסטערל פאַר

אַ ווייב. או, או! זי איז ווי א שטיק פלאַם... איך בין אויך ווי איר... אַ באשניטענער... ווילסטו זען?...

פון זיינע אויגן האָבן זיך געשאָטן גליענדיקע פונקען, שלומען האָט זיך אויסגעדוכט, אז די ערד הייבט אָן צו ברענען אונטער די פיס. האָט ער א כאַפּ געטאָן דעם עמער פון וועלכן א העלפט האָט זיך אויסגעגאָסן, א צי געטאָן דאָס שוועסטערל פאר דער האנט און זיך אָפּגעטראָגן מיט איר.

דער שגץ האָט זיי א ווײַלע נאָכגעיאָגט און ווען ער האָט זיי געזען פאַרשווינדן אין דער כאָטע, האָט ער זיך ווילד צעלאַכט און זיך צוריקגעקערט צו זיין ארבעט, ביים אַרויסציען עמער נאָך עמער. די גלעקלעך אויף די פערדס העלדזער האָבן געקלונגען און פאַרטריבן די שלווה פון דער געגנט. פון דער ווייטנס האָבן די שווארצע זיילן רויך פונעם לאָקאָמאָטיוו זיך געצויגן צום הימל. די דרעש־מאַשין האָט געשלונגען די סנאָפּעס...

פאַרנאכט־צו, שוין נאָכן טרינקען די „מאָטע קאָסידאָ" (געקאָכטע מאָטע ווי טיי), האָט דער קאַראַוואַן געריכט פון אָרט צוריקוועגס, און דאָס פעלד איז געבליבן ווי נאָך אַ שלאַכט: דאָס שטרוי — צעשאָטן אין צוואָרפענע קופּעס, דאָס אַש, וואָס מ׳האָט ערשט אָפּגעגאָסן מיט וואַסער כדי עס זאָל זיך נישט פונאַנדערפלאַקערן, האָט ארויסגעגעבן א חורבן־ריח. דער ארום איז געווען צעגראָבן מיט קאַנאַוועס און צעטראָטענע שטעגן איבער די פאַשע־פעלדער. די „פילע"־זעק זענען אָנגעהויפט געווען אין א דריי־עק און אָפּגעשאָטן מיט דינער פּאַלאַווע. דער שאַרפער ריח פון צעדראָשענעם שטרוי און אייל איז נאָך געשטאַנען אין דער לופט.

זשאַמע קוריס איז אין לעצטן מאָמענט געקומען זיך געזעגענען און כסדר איבערגעחזרט:

— איך וועל קומען צו אייך, אוודאי וועל איך קומען. איך וועל קומען און דאָ בלייבן...

ער האָט נאָך נישט באַוויזן צו ענדיקן די לעצטע ווערטער — און ס׳איז פאַרבייגעלאָפן דער וואסער־וואָגן מיט די צעהיצטע און ווילד־צעבריקעטע פערד, וואָס האָבן אונטערן געפּיף פון דער בייטש און צעקלונגענע גלעקלעך איצט אויסגעזען אויף בילדער פון ריטערישע

שלאַכטן. דער יונגער און צעוואָרעמטער אָנטרייבער האָט פּאַכענדיק מיט דער בייטש אין דער לופט אַרויסגעגעבן אומפאַרשטענדלעכע קולות, וואָס זיי זענען פאַרשלונגען געוואָרן אינעם קלימפּערן פון די רעדער און גלעקלעך.

זשאַמע האָט זיך געלאָזן לויפן אין דער ריכטונג פון דעם אָפּגייענדיקן קאַראַוואַן.

* * *

ניאָמע האָט אָפּגעפּירט די תבואה צו דער באַן־סטאַנציע, אָפּגעלייגט א טוץ זעקלעך ווייץ פאַרן אייגענעם געברויך און צערעכנט זיך מיטן פּאַרוואַלטער. יענער האָט איצט אויסגעזען מער פאַרטראַגן ווי שטענדיק, וויניקער זעלבסטזיכער. נאָך א ביסל וואַקלען זיך, האָט ער ניאָמען אָנגעדייט, אַז ער וועט דאָס ערשטע יאָר נישט נעמען פון אים קיין אַרענדע־געלט און געבעטן צו באַזוכן אים אין דער נאָענטסטער צייט.

ניאָמע האָט נישט געקאָנט פאַרשטיין פון וואַנען עס נעמט זיך איצט די ווייכקייט אין די רייד פון הער לעוועטאַל. ער האָט אויך נישט געהאַט דעם מוט אָנצודייטן אפילו מיט א רמז, אַז ער קלייבט זיך אויף א באַזוך אין דער קאָלאָניע פון די „ליטוואַקעס״ וואָס האָבן ווען עס איז מורד געווען קעגן די האַרן פון דער „געזעלשאַפט״. זיי האָבן אַראָפּגעוואָרפן פון זיך דעם עול און די אַפּוטראָפּסות פון דער „מומע״ — ווי זיי האָבן גערופן די געזעלשאַפט — און ווי א געשלאָסענע גרופּע זיך באַזעצט ערגעץ פון יענער זייט „הרי־חושך״, וואָס קיין בערג זענען דאָרט אפילו אויף קיין רפואה נישטאָ. זייער דאָרף האָבן זיי צוזאַמענגעשטעלט פון גרופּקעס,ביים ראַנד פון די „פּאַמפּאַ״־סטעפּעס.

האָט ער אָפּגעבונדן די לייצעס פון סלופּ, זיך פאַרקירעוועט אין א זייטיק געסל פון דער קרייז־שטאָט און צוגעפאָרן צו איינער פון די קוזשניעס נעבן שטעטל. די שמידער שאַרפן און קלאַפּן די אַקער־מעסערס, פאַרריכטן די שינעס פון די רעדער, לייגן אַריין נייע שפּיצן, בייגן די פּאָדקאָווע־אייזנס און ברענגען אין אָרדענונג אַלע פעלד־מכשירים. דער אָפּקלאַנג פון די האַמערס אויף דער קאָוואַדלע וועקט

אויף פון גאַר פרי דאָס שטעטל און טראָגט זיך ווייט־ווייט איבער די וועגן.

ביים עק פון יעדער אריינפאַר־געסל שטייט אזא מין שמידעריי און פרנסה איז פאַראַן פאַר אלעמען. די שטיינער אויף די פעלדער, די טריקענישן און די צעוואלגערטע וועגן האָבן שנעל א תל געמאַכט פון די לאַנדווירטשאפטלעכע כלים און זיי זענען געווען אין שטענדיקן פאַרריכטן. אין די שמידעריי־הויפן זענען תמיד געווען אָנגעשטעלט די פערד און וועגענער פון די קליענטן ווי אין א מין אריינפאַר־אכסניה. אין די טעג ווען די פויערים קומען זיך צוזאמען אויף איינקויף אין שטעטל, זענען די הויפן פון די קוזשניעס אָנגעפראפט. די אויסגעשפּאַנטע פערד קייען די זשמעניעס היי אָדער דעם ווייסן האָבער פון די „מאַראַלן" וואָס מ'הענגט זיי אָן איבער די אויערן. פאַרנאַכט צו לאָזן זיך די באלאָדענע וועגלעך צוריק אהיים. יעדער וויל דערגרייכן זיין איינזאם שטיבל פאַר זון־אונטערגאַנג, כדי נישט צו בלייבן שטעקן ערגעץ אין די בלאָטיקע גריבער אויף די וועגן, אָדער צעברעכן די האלאבליעס ביים באַרג־אראָפּ אין די טיפע גריבער, וואָס די רעגנס האָבן אויסגעריסן.

ניאָמע האָט זיך געקליבן אויף א ווייטער רייזע און דורך נישט באַקאַנטע וועגן האָט ער געדאַרפט בודק זיין דעם וואָגן, איינציען די שינעס און די שפּיצעס. דערציילט האָט אים דער דייטש פון „סאַן מיגעל", אַז אויף דרום־זייט פון דער שטאָט איז פאַראַן אַ קוזשניע פון אַ רוסישן געניטן בעל־מלאכה. ער האָט פאַרשטאַנען, אַז מיט יענעם וועט אים לייכט זיין זיך צונויפצורעדן.

געטראָפן האָט ער דעם פעסט־געבויטן שמיד ביי דער קאָוואַדלע בעת יענער האָט געהאַמערט אַן אויסגעגליטן פלוג־מעסער, וואָס דער געהילף האָט צוגעהאַלטן מיט גרויסע צוואַנגען. אונטערן בלאָזזאַק האָט געגליט דאָס בלוילעכע פייער פון שטיינקוילן און דער פעטער גערוך פון זיינע גאזן האָט זיך צעלייגט איבער דער שווארצער קוזשניע. דער שמיד האָט אויסגעגלעט און אָפּגעצויגן די שאַרף פונעם מעסער און אַוועקגעשליידערט מיט א צופרידענער מינע. דערנאָך האָט ער אָפּגעווישט מיטן שוואַרצן פאַרטעך דעם שוויס פון פּנים און אריינגעשטעקט א ברייטע דלאָניע אין ניאָמעס האַנט אריין:

— דו, ברודערל, דאָס ביסטו דער יעוורעי פון „די זיבן פיילן״? זאָג, האָב איך נישט קיין טעות?

ניאָמע האָט געגאַפט. הייבט ער אָן באַוווסט צו ווערן אין דער געגנט? ער האָט וואָס אָן אמת זיך געפילט געשמייכלט, וואָס מ׳רעכנט אים צו ווי אַ בירגער פון דער סביבה. פון דער אנדער זייט האָט אים א טאָטשע געטאָן א פחד־געפיל, ווי מ׳וואָלט אים געכאַפּט אומגעריכט אין א פלאָץ, וואָס איז באַשטימט פאר אַנדערע...

דער גוי האָט געזען די פארלוירנקייט אויף ניאָמעס געזיכט, און געאײלט זיך אים אויפצוקלערן:

— מ׳האָט מיר דערציילט אזא מין אויסטערלישע געשיכטע: זיצט זיך א יעווריטשיק אין א פארוואָרפן ווינקעלע, אָן א ראבין און אָן אַ סינאַגאָגע און באַאַרבעט דאָס צעלענע פעלד. געהערט א מעשה? האָב איך אפילו מיין באַבושקע נישט איין מאָל געזאָגט: „כדאי צופאָרן און זען מיט די אייגענע אויגן״... און ווער מיינסטו האָט מיר די מעשה דערציילט? אַנו טרעף! זיכער דער דיאדקע ניקאָלא אַוואַר־טשענקאָ, דער וואָס האלט די שענק ביים וואקזאל...

איצט איז דאָס בלוט אויסגערונען פון ניאָמעס אָדערן. „דאָס פעלט מיר נאָך — ווידער אריינצופאלן אין דער חברותא פון דעם כוליגאַן״.

—שרעק זיך נישט, טייערינקער — האָט דער שמיד ארויפגע־לייגט זיין גרויסע לאַפּע אויף ניאָמעס אָפּגעצויגענעם אקסל — איך פיר נישט קיין געשעפטן מיט דעם מערזאַוויעץ. נאָר א טרונק בראָנפן כאַפּ איך אריין ווען איך קום צו דער סטאַנציע און נישט מער. דאָס איז א „סוקין־סין״, א גנב און אָן אָפּגעמער פון גנבים״...

די גראָבע זידל־ווערטער פונעם גויאישן שמיד זענען איצט גע־ווען פאר אים אָנגענעם. ער האָט געאײלט צו באַשטעטיקן:

— יאָ, דאָס בין איך דער יעוורעי פון „די זיבן פיילן״...

דער שמיד האָט א באַפעל געטאָן זיין געהילף און ביידע האָבן זיך אריינגעטאָן אין דער ארבעט: אראָפּגעצויגן די רעדער, אָנ־געשמירט די אַקסן מיט שווארצן קלעפיקן דזשעגעכץ, צוגעשרויפט די באַכגעלאָזענע שינעס און איינגעפעסטיקט די אויסגעטריקנטע שפּיצעס. דערביי האָט ער מדריך געווען זיין קליענט ווי אזוי זיך נוהג זיין מיטן

וואָגן און דערציילט ווי אַזוי ער האָט זיך דערשלאָגן ביז אַהער. צו־זאַמען מיט אַ גרופּע פּויערים און בעלי־מלאָכות איז ער אָנגעקומען ווי־א פּליט נאָך דער דורכגעפאַלענער רעוואָלוציע אין פינפטן יאָר. ער האָט זיך אָבער באַלד פאַרכאַפּט:

— אונדזער האַנט איז נישט געווען מיט די „בעזבאָזשניקעס“ וואָס האָבן געוואָלט אַן עק מאַכן מיטן צאַר באַטיושקאַ. מ'האָט אונדז געקאַטעוועט ווייל מיר זענען נישט קיין פולע פּראַוואָסלאַוונע. מיר זע־נען „סובאָטניקעס“. האָסטו געהערט פון אַזאַ זאַך?

— יאָ, זיכער — האָט ביאָמע געענטפערט האַסטיק און נישט פאַרבאָרגן זיין פרייד — געהערט...

— נו, מיר וועלן וועגן דעם נאָך כאַפּן א שמועס — האָט דער שמיד געשמייכלט מיט אַלע זיינע טיפע קאַרבן פון געזיכט — פאַרהאַלטן דיך מער וויל איך נישט. מיטן טאָג־ליכט דאַרפסטו נאָך פאָרן אַהיים... אָבער א גלעזל טיי וועסטו נישט אָפּזאָגן. אויך א זעקס און ביינציקער פון ריינעם סאָרט קאָן דיר דיין ברודערל יעפימקאַ ראַדזין מכבד זיין. אָבער איך זע דאָך, אַז דו ביסט נישט פון די גרויסע פּיאַניצעס, און אונטערוועגנס... אָבער א גלעזעלע טיי סערדצע. ווי נאָר דו קומסט אין שטאָט — פאַרפאָר צו מיר...

אויך זיך פרוי, די נידעריקע מאַלושקאַ מיטן פאַרריסענעם נעזל און עטוואָס געשטופּלטן געזיכט, האָט זיך געפרייט מיטן אומגעריכטן גאַסט. גערעדט גיך, מיט א קוויטשל און צוגערוקט די גרויסע אייער־קיכל צום פאַרבייסן.

— נישט געבאַקן אויף חזיר־שמאַלץ, דיאַדקאַ. אויף ריינעם סאָ־נעשניק אייל... ווען ער האָט אים געוואָלט באַצאָלן, האָט דער גוי אפילו קיין סענט נישט געוואָלט נעמען: „נישט איצט, ברודערל, ס'וועט נישט אַנטלויפן, כ'וועל זיך נאָך צוכאַפּן צו דיר. ס'איז דאָ צייט“...

ווען ביאָמע איז שוין געזעסן אויפן וואָגן און ביים געזעגענען זיך דערציילט וועגן זיין געפּלאַנטער רייזע און דערמאָנט דעם נאָמען פון דער קאָלאָניע — האָט דער שמיד פאַר גרויס איבעראַשונג א פּאַטש געטאָן ביאָמען אין די קניען. דער גוי האָט אים ממש פאַר־וואָרפן מיט זיין געשריי:

— האַ, האַ! פּונקט דעם האַלבן וועג, פאַרנאַכט־צו, וועסטו אָנקו־

מען פאַר א קליין וועלדל. דאָס איז דאָס איינציקע וואָס דו וועסט גע־
פינען ביי דעם וועג; קיין אנדערע וועלדער זענען נישטאָ. איידער די
פאַרסט אריין אין וועלדל וועסטו זיך אָנשלאָגן ביים וועג אין א ווייס־
געקאַלכטער כאלופקע. פרעג, ברודערל, אויף וואנקאַן, פשוט — וואנ־
קאַ. דאָס איז מיין שוואָגער. מיין שוועסטערס מאַן. זיי פּלאַדיען דאָרטן
שאָף און זיי פאַרקויפן אויך עפּעס איבערצוכאפּן פאַר די דוו׳כפּאָרער. ער
איז א מאַלאַדיעץ, מיין בראַטקאָ! אפילו ריסעווען קען ער און ער איז
אפילו אַ פיסאַטעל אויך... זיין באָרד איז ווי ביי טאָלסטאָיען...

און נישט געבנדיק אפילו צייט ניאָמען אויסצורעדן א וואָרט,
האָט ער אים אָנגעכאַפּט פאַר די הענט און פאַרגעזעגנט:

— זע, ברודערל, דיין וואָגן איז געשפּאַנט מיט צוויי פערד.
מיט אזעלכע וועסטו אהין נישט דערגרייכן, זיי וועלן פאַלן אין וועג. טו
ווי אלע: בינד צו צו די שלעפּנדיקע פערד נאָך צוויי, וואָס זאָלן לויפן
אזוי, ביי דער זייט. אין האַלבן וועג שפּאַן איבער און די אויסגעמאַטערטע
פערד לאָז איבער ביי מיין שוואָגער, צוריקוועגס וועסטו זיי אָפּנעמען...
אזוי פירן זיך די היגע...

ניאָמע האָט צוגעזאָגט אויסצופאָלגן און זיך צעזעגנט. עס האָט
אים געיאָגט אין וועג אריין. די לושעס און געבראָכענע וועגן האָבן
אויף אים אָנגעטריבן אַן אימה. ער האָט א פּאַכע געטאָן מיט דער בייטש
און די אייזערנע רעדער האָבן אויפגעהויבן זיילן פון טרוקענעם שטויב,
וואָס איז צעמאָלן געווען אויף די קאָלעס פון די וועגן.

• • •

זאלבעדריט האָבן זיי באַגינען זיך געלאָזן אין וועג אריין. ווי
נאָר די זון האָט זיך באַוויזן, האָבן זיי זיך שוין געפונען העט־העט אויף
די ברייטע פליינען וואָס פאַרלירן זיך אינעם געלבלעכן האָריזאָנט. דער
וועג האָט זיך געשלענגלט איבערן זאַמדיקן באָדן און קליינע בלאָטיקע
זומפּן נאָך די זומערדיקע שלאַקס־רעגנס. יעדע לוזשע האָט געבליאַס־
קעט ווי אַן איינציק פאַרגלייזט אויג פון א בעטלער און אָנגעיאָגט א
פּחד אין די הערצער. די שטילע פאַרצויגענע וואַסערן האָבן פאַר־
באַהאַלטן אונטער זייערע פלאַך פאַררעטערישע גריבער, ווו די רעדער

זענען געזונקען ביז דער אַקס. נישט איין מאָל האָבן די פּאַסאַזשירן פאַרקאַשערט די פּאָלעס ביז די קניען און באַרוועסע זענען זיי אַריבער די שיטערע בלאָטע.

ביסלעכווייז זענען אָפּגעטראָטן פונעם אויג די גרוי־צעכלויטע בערגלעך, און מיטן דערנענטערן זיך צו דער „פּאַמפּאַ"־גרענעץ איז דער באָדן אויסגעגלעט געוואָרן ווי פון א פרעס־אייזן. יעדעס הויז אי־בער די שליאַכן, יעדע וואַסער־מיל האָט זיך אַנגעזען קלאָר און דורכ־זיכטיק פון ווייטע שטרעקעס.

זאַלבעדריט זענען זיי געזעסן אויפן וואָגן פון פאַרטאָג אָן און כמעט נישט גערעדט צווישן זיך. דער אַרויספאָר איבער אומבאַקאַנטע ברייטקייטן האָט אַרויסגערופן אין אַנגעשטרענגטקייט. דערפאַר האָט זיך בולטער געהערט דאָס קלאַפּן פון די פערדישע קיאָפּיטעס און דאָס גע־רויש פון די רעדער. דאָס אויג האָט זיך געטונקען אין גרויען קאָליר פון די פליינען.

די ערשטע שעהן האָט ניאָמע אַנגעטריבן. ער האָט גע־צויגן די לייצעס, געצמאָקעט מיט די ליפּן און זעלטן ווען א שמיר געטאָן מיט דער בייטש איבער די פערדישע רוקנס. זייער טראָט איז געווען איינטאָניק, געמאָסטן און איינגעוויגט די פאָרער. ער האָט געשפּירט ווי איבער זיינע אויגן פאַרציט זיך א קלעפּיקער וועפל און די אויגן־לעפּלעך פאַלן אַרונטער... ער האָט איבערגעגעבן מאירן די לייצעס:

— נאַ, טרייב אויך דו אַ ביסל, נאָר נישט געאיילט...

ער האָט געמיינט צו כאַפּן א דרימל זיצנדיק, אָבער מיטאַמאָל איז ער וואַך געוואָרן און דאָס רויכל איז פאַרשוווּנדן פון זיינע אויגן. ער האָט איינגעריבן די הענט וואָס זענען ווי פאַרטערפּעט געוואָרן פון ציען די לייצעס און ער האָט פאַרצויגן אַ ניגון אָן ווערטער. דערביי האָט ער זייטיק באַטראַכט זיין באַשקען וואָס איז געזעסן אויפן ברעט, אָן א רוקן־אָנלען, און איר בליק איז געווען אַריינגעקלינעט פאָרויס — ווי זי וואָלט אַלץ אַרומגענומען און גאַרטישט געזען. איר זיצן איינגעהויי־קערט און געמאַטערט פון דער לאַנגער רייזע האָבן זי צערייצט; האָט זי אויפגענומען דעם מאַנס אונטערזינגען ווי דאָס זשומען פון א זלידנער פליג:

— אפשר װאָלטן מיר אַמאָל קלאָר געװוּסט, ניאָמע, װוּהין דו פירסט אונדז הײַנט? זאָג!

אַ ביסל געטראָפן פון איר אַרויספאָר, און נאָך מער — פאַר־װוּנדערט, האָט ער איר צוריקגעװאָרפן:

— זע נאָר, פונקט װי עס װאָלט געװען אַ סוד!... מיר פאָרן אין דער קאָלאָניע פון די „ליטװאַקעס" אויף אַ באַזוך. פאַרװאָס נישט? איז עס אַן עװלה צו זען װי אַנדערע ייִדן לעבן אויף ערד? װי שטייט דאָרט? „מכל מלמדי השכלתי"...

— און דערבײַ אַ טאָפּ טאָן אין װאָגן, נײַן? אפשר בלײַבן דאָרט, האָ?...

דאָס מאָל האָט אויך מאיר זיך אַ טרייסל געטאָן פון איר געװאָגט־קייט. ער האָט געזען װי דאָס געזיכט פונעם פאַרכמורעט זיך.

— װאָס עפּעס? װאָס מײנסטו?

— ביז איצט, ניאָמע, האָסטו געפירט און אויסגעפירט לויט דײַן אייגענעם װילן. איז עפּעס פאַרטיק געװאָרן בײַ דיר אין מוח, ביס־טו געקומען און געמאָלדן... מער נישט... האָסטו זיך מיט אונדז ערנסט באַראָטן? האָסטו געפרעגט אונדזער דעה און זיך גערעכנט מיט איר? ס'איז דיר אײַנגעפאַלן צו פאַרלאָזן די אַלטע היים און גײן דאָ אין מדבר אַליין — געגאַנגען! איצט באַמבלען זיך דיר אין מוח װער װײסט װעלכע פּלענער. האָסטו זיך באַראָטן מיט עמעצן פון אונדז?

— אָבער — האָט ער זיך געפּרוּװט פאַרענטפערן — מיט הער־שלען האָב איך דװקא גערעדט װעגן אָט דער רײַזע... אפילו לאַנג גערעדט...

— יאָ, מיט הערשלען... זײַט איר די אײנציקע אויפן ירידן? װילסטו בויען אַ קלויסטער אויף זײַנע רייד? ער װעט אָװעקפליען װי שטענדיק װי אַ פרײַ פײגעלע...

דער בײזער טאָן אין אירע טענות איז געשטיגן און פאַרשאַרפט געװאָרן. דאָס װאָס האָט געדריקט איר געמיט זינט לאַנגע חדשים און זי האָט נישט געקאָנט אַרויסברענגען אין דער כאַאָס צוליב די קינ־דער, האָט איצט פרײַ אַרויסגעפּראַלט.

ניאָמע האָט אין תוך געמוזט צוגעבן, אַז זײַן באַשקע האָט רעכט. ביז איצט האָט ער, הגם אויף אַן אײדעלן אופן, אַלץ באַשטימט און

דורכגעפירט אויף זיין אייגענעם איינזען און אפילו נישט געטראַכט, אַז דאָס קאָן עמעצן באַרירן. אָבער ווען ער האָט געמאַכט א שנעלן חשבון, אַרויסגעפירט זיינע חטאים און אָפּגעציילט זיי, האָט ער דאָך נישט געוואָלט זיך אונטערגעבן און געפּרווט אָפּשלאָגן זיין ווייבס פאַרוואורפן. זיי האָבן, ווי שוין לאַנג נישט, זיך דורכגעוועוועטלט אויף אַן אמת. זיי האָבן אָפּגעלאָזן ערשט ווען זיי האָבן געזען ווי מאיר האָט אַן איינגעבויגענער געהאַלטן די לייצעס, און די הענט האָבן זיך אים געטרייסלט. זיין דינע לענגלעכע גאָמבע, באַשאָטן מיט שוואַרץ־שפּראָצנדיקע האָר, האָט זיך באַוועגט אַרויף און אַראָפּ. ער איז גע־ווען בלייך און אויף די באַקן האָבן זיך באַוויזן פאַרדעכטיקטע בליענ־דיקע פלעקן.

שעהן זענען פאַרביי און זעלטן האָט מען געזען א רייטער אָדער א פור. אייך מאָל איז קעגן זיי דורכגעפאָרן א לייכט וועגעלע און אויף אים — אַן עלטערע פרוי מיט א יונג מיידל, פויערטעס פון א געמיש־טער ראַסע. ביים דורכפאָרן נעבן זיי, און זעענדיק ווי מ׳קוקט זיי נאָך שווייגנדיק, האָט די פרוי אַרויסגעפּלאַצט ביין:

— נישט געווינט צו באַגריסן? פון וועלכן ווילדן לאַנד?

ניאָמע האָט זיך פאַרשעמט און פאַרשטאַנען, אַז אויב מ׳פאָרט אויף די וועגן, מוז מען לערנען די געוווינהייטן פון די בירגער. א שאָד... עס האָט אים געקרענקט.

זיי זענען צוגעקומען צו די קרייצוועגן, און נישט זעענדיק קיין סימן — האָבן זיי זיך אָפּגעשטעלט. וווּ פאַרקירעוועט מען? זיי האָבן באַשלאָסן אָפּצוואַרטן ביז א צופעליקער דורכפאָרער וועט זיי ווייזן דעם ריכטיקן וועג. ניאָמע האָט אַרויסגעצויגן פונעם אָפּגעריבענעם קאַמזויל דעם שווערן זילבערנעם זייגער און איילנדיק אים צוריק אַריינגעשטעקט. מיטאָג־צייט. זיי האָבן געמאַכט אַ פּויזע און אויס־געשפּאַנט די פערד. קיין בוים האָט זיך אין דער געגנט נישט אָנגעזען און די נאַקעטקייט פון די פעלדער האָט אָנגעווייעט אַן אומעט אויפן געמיט. זיי האָבן זיך אַרונטערגערוקט אונטערן שמאָלן וואגן מיט זיין קאָרגן שאָטן און אונטערגעלענט דאָס האַרץ מיט די אויסגעפּאַקטע שפּייזן.

פלוצלינג האָבן זיי דערזען פון דערווייטנס אויפהייבן זיך

געדיכטן זייל שטויב, וואָס איז געוואקסן און פאַרשטעלט די זון. נאָך א רגע און מ׳האָט דורך דעם שטויב־פאָרהאַנג געקאָנט אויסטיילן שפאַנענדיקע נישט געוויינטלעכע ברואים. דאָס איז געווען א „טראָ־פּיזשאַ״ (סטאַדע) פון ווילדע פערד, וואָס זענען געטריבן געוואָרן פון די דרום־וועלדער כדי זיי איינאיבן. הונדערטער, הונדערטער האָבן זיי געהויבן שנאָרכענדיק די קעפּ, פאַרריסן די ווידלען און איבער־געשראָקענע אונטערגעטאַנצט. פון ביידע זייטן סטאַדע זענען נאָכגע־לאָפן א צענדליק דין־בייכיקע הינט מיט ארויסגעצויגענע רויטע צינגער און קוקנדיק אויפן וואָגן, אַרויסגעלאָזן וואָרנדיקע קולות. צום סוף האָבן זיך פון שטויב ארויסגעשיילט די נאָכטרייבנדיקע רייטערס, וואָס זענען געריטן אין אַ גלייכער ליניע און האָבן ארויסגע־וואָרפן קוויטשענדיקע קולות. די „גאַוטשאָס״, אין די ברייטע פּאַנטשאָס און שוואַרצע פילצענע היט, וואָס די ראנדן זענען פון פאָרנט פאַרריסן אַרויפצו, האָבן געקלאַפּט מיט די זילבערנע שפּאָרן און בלאַנקענדיקע צוים־רינגען. זיי האָבן צוגעשאָקלט מיט די קעפּ צו דער משפחה, וואָס איז ארויסגעקראָכן פון אונטערן וואָגן און ס׳איז שווער געווען צו פאַרשטיין צי איז דאָס א באַגריסונג אָדער א באַדויערונג. דער מאַרש פון דער ריזן־סטאַדע נישט געאיבטע פערד האָט איבערגעלאָזן אין דער לופט דאָס קאָלערן פון זייערע קאָפּיטעס און געמאכט ציטערן די ערד. ניאָמע האָט זיך אַ ריס געטאָן פונעם אָרט און פאָכענדיק מיט דער האַנט נאָכגעלאָפן די רייטער א פּאָר צענדליק שריט.

איינער פון די רייטער האָט זיך אומגעקערט. דער גאַוטש האָט ניאָמען באַטראַכט מיט שווארץ־טיפע אויגן און געוואַרט.

ניאָמע האָט געזוכט די פּאַסיקע ווערטער און ארויסגעבראַכט נאָר אַן איינציקע פראַגע:

— ווו איז דער וועג פון נועוואַ עסמעראַלדאַ?..

— פון די רוסאָס? — האָט דער גאַוטש אים מיט פאַרוואונדערונג באַטראַכט, ווי ער זאָל זיך האָבן אָנגעשטויסן אויף א זעלטענעם עקזעמפּלאַר.

געוווסט האָט ניאָמע, אַז די היגע באַצייכענען די יידישע אימי־גראַנטן מיטן נאָמען רוסאָס. דאָס נעמט זיך דערפון, וואָס די ערשטע איינוואַנדערער האָבן זיך געשעמט אויסצוגעבן זייער יידישע אָפּשטאַ־

מונג און זיך אָנגעגעבן בלויז אלס רוסישע בירגער...

נישט ענטפערנדיק קיין וואָרט מער האָט ניאָמע צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ. דער רייטער האָט זיך אַ יאָג געטאָן צוריקוועגס אין דערגרייכט דעם וואָגן. נישט אראָפּגייענדיק פונעם פערד, האָט ער, צו דער שרעק פון באַשקעס און מאירן, געמאַכט אַ פּאָר אומקרייזן, זיך דערנענטערט צום וואָגן און מיט אויסגעשטאַרצטע אויגן באַטראַכט אַלץ וואָס איז געווען דאָרט אָנגעלאָדן. אַנטוישט פון דעם וואָס ער האָט דאָרט נישט געפונען האָט ער מיט דער לעדערנער „רעווענקע" (קורצע רוט) אַ וווּנק געטאָן אין דער ריכטונג פון איינעם פון די וועגן, וואָס האָט זיך געצויגן צו דרום־זייט.

דערפילט זייער פליכט, וואָס יעדער וועג־מענטש איז מחויב צו טאָן — האָט ער זיך אַ לאָז געטאָן מיט אימפּעט און אויסגעשטיי צו אַניאָגן זיין חברותא. דערביי האָט דער „פּאַנטשאָ" זיך אַ וויג געטאָן אין אַ זייט און פונעם גאַרטל, אויסגעאַרבעט פון זילבערנע מטבעות, האָט זיך אַרויסגערוקט די אימהדיקע שייד פון אַ ריזיקן מעסער. די צוזאַמענגעלייגטע לאַסאָ איז געווען צוגעהעפט צום זאָטל און פון דער אנדער זייט איז געהאנגען דאָס מאַטע־זעקעלע און די טרינק־מכשירים. ניאָמע האָט זיך אומגעקערט צום וואָגן און זיינע אויגן איינגעקלינעט אין דער ריכטונג וווּ דער גאַוטש האָט ערשט אָנגעוויזן, ווי גוט צו פאַרגעדענקען די אָנווייזונג, און צו זיינע מיטפאָרער האָט ער צוגעגעבן:

— האָט איר געזען אַ פלינקייט?

— ווילדע חיות, פוי! ווי צעווילדעוועטע קאָזאַקן — האָט באַשקע צוגעגעבן.

— אָבער אָן צארסקע אָפיצירן — האָט אויך מאיר זיך אריינגעמישט.

די פערד זענען שוין ווידער געשפּאַנט געווען און דער זאמד־זייל איז פארשוווּנדן.

פאַרנאַכט־צו האָט דער פּיזאַזש אָנגעהויבן זיך צו בייטן. דאָ און דאָרט האָבן זיך באַוויזן נידעריקע דערנער־קוסטן און באַלד אויך אַן איינצלנער יוסטער „אָמבו"־בוים. סטאַדעס פיי האָבן זיך געפּאַשעט נישט ווייט פונעם וועג און די וואַסער־מילן האָבן זיך געדרייט איבער די נידעריקע דעכער פון די ראַנטשאָס. עס האָט אַ ווייע געטאָן מיט

הימלעכקייט, מיט באַזעצטער געגנט, ווו עס איז נישט מעגלעך מער צו בלאָנדזשען און פאַרלירן זיך.

אין וויטן האָריזאָנט האָט זיך געטונקלט דער ראַנד פון אַ וואַלד, דער ערשטער וואלד וואָס ס׳איז ניאָמען אויסגעקומען צו זען אין אַט דעם לאנד וואָס האָט געשמט אלס דזשונגל. ביז איצט האָט אים די וועלט אויסגעזען אַן אויסגעשטעלטע צום חסד פון די הימלען און פון דער זון.

א בוים איז געשטאַנען ביים וועג און געוויגט זיינע צווייגן. פון הינטער אים האָט זיך פלוצלינג א ריס געטאָן א קודלאַטער הונט און זיך צעבילט. א שריט ווייטער איז געשטאַנען אַ קליינע הילצערנע בודקע און נעבן איר א ווייסבלוילעך־געקאַלכטע כאטע פון „לאמפאטש״ (נישט געברענטע ציגל פון בלאָטע און שטרוי). היגער האָבן זיך ארומגעדרייט איבערן הויף און זיך צעפלויגן אין שרעק פאר דער בילעריי און רעש פון די רעדער.

זיי האָבן זיך אָפּגעשטעלט און געוואָלט זיך דערוויסן וועגן דער מעגלעכקייט פון איבערנעכטיקן. אַ גרויסע טשערעדע שאָף האָט זיך אומגעקערט פון פעלד צו די קאַריטעס וואסער.

דאָס בילן פונעם קודלאַטן הונט האָט ארויסגערופן א יונגע ני־דעריקע פרוי מיט א בלאָנד־פארצויגענעם קובליק אויף אהינטער. אָפּ־געיאָגט בייז דעם הונט, האָט זי ארייגעשריגן אין דער אָפענער טיר אריין:

— וואַנקאָ! וואַנקאָ! האָשצי, האָשצי (געסט)... קום ארויס!

ניאָמע האָט אויפגעשיינט: וואַנקאָ! דער הויך־געוויקסיקער שמיד פון דער קרייז־שטאָט האָט אים דאָך דערציילט וועגן זיין שוואָגער, וואָס זיצט ביים וועג און האָדעוועט שאָף... דאָס איז דאָך זייער נאַכט־אכסניה!

וואנקא איז איצט געווען פאר אים דער קוואל פון אויסגע־בענקטער הימלעכקייט. נישט די חזיר־ריחות זענען אויפגעגאַנגען פאר זיינע נאָז לעכער, נאָר דער געזונטער אראָמאַט פון ראַזעווען שווארצן קאָרן־ברויט. ניאָמע האָט אפילו נישט געוואַרט אז וואנקא זאָל זיך באַ־ווייזן און אים איינלאַדן אויסצושטייגן — צוזאמען מיט זיינע באַגלייטער איז ער אַראָפּ פונעם וואָגן און געגאַנגען אַנטקעגן דער בלאָנדער פרוי, ווי

די מלאכים זענען איבערגעשטיגן די שוועל פון אברהמ׳ס אוהל אין דער מדבר.

מיט אַ דאָפּלטער פרייד האָבן געפינקלט די בלויע אויגן פונעם סובאָטניק: א באַזוך פון רוסיש־ריידנדיקע און א גרוס פון דער משפחה אין דער קרייז־שטאָט! ער האָט געאיילט אויסצושפּאַנען די פערד און אָנפּאָיען זיי ביי די נידעריקע קאָריטעס. ער האָט צוגעוואָרפן ביים דראָטענעם צוים פונעם „קאָראַל" א פּעקל היי, פון וועלכן ס׳האָט א שלאָג געטאָן דער ריח פון געשניטענעם פעלד. דערנאָך האָט ער זיך א וואָרף געטאָן צו באַדינען זיינע געסט — אונטערגעלייגט א פּאָר האָלץ־געברענטע קוילן אינעם איינגעדרימלטן זשאַר פון סאַמאָוואַר און די פּאַרע פונעם שמעקנדיקן טיי איז זיך דערגאַנגען איבערן צימער.

זיין קאָפּ איז געווען אָפּגעשאָטן מיט אַ רויטלעכער בלאָנדקייט; די ערשטע זילבערנע האָר האָבן דורכגעפּעדעמט די שפּיצן פון זיין רויטלעכער באָרד. די לאַנג־פאַרוואָרפענע האָר ארונטער צום נאַקן און די קנאַכיקע קינבאַקן האָבן אים צוגעגעבן א לייכטע ענלעכקייט צו גאָרקין. די בלויע אויגן האָבן אַפּערגעקוקט מיט ווייכקייט פון די טיפע איינגעפאַלענע אויגן־לעכער. זיין גאַנצער געשטעל איז געווען פון א מאַן, וואָס שוועבט מיט זיין קאָפּ אין די הימלען און בלויז מיט די שפּיצפינגער באַרירט ער די דאָזיקע ערד.

וואַנקאַ האָט מיט זיין טיף רוסישער אויסשפּראַך דערציילט וועגן דער גרופּע סובאָטניקעס, ווי אַזוי זיי האָבן זיך ארויסגעלאָזן צו די ברעגן פון דער נייער וועלט, געמיט זיך צו האַלטן צוזאמען און בויען אינעם ווייטן דרום א געמיינזאַם דאָרף. נאָך יאָרן פון ביטערן געראַנגל מיט דער נאַטור איז די חברותא צעפאַלן און צעשאָטן זיך איבער אַלע פיר זייטן. אים האָט געצויגן צום איינזאַמען שטילן סטעפּ און מיט פינף יאָר צוריק האָט ער זיך אַליין אָט די כאַטע און די פאַרם פון שאָף־צוכט אויסגעבויט.

די קליינגעוואַקסענע נאַדיאַ גיסט ווידער אָן טיי אין די גלעזער און אין אירע אויגן הייבן אָן צו פינקלען טרערן. דער מאַן באַמערקט עס און פאַרענטפערט זיך:

— געשטראָפט פון גאָט זענען מיר — שוין איבער צוואַנציק יאָר צוזאמען און די פרוכטבאַרקייט האָט זיך אָפּגעטאָן פון אונדז —

קיין קינד און צו וואָס איז אונדזער זיצן דאָ אין דער מדבר? — יאָ, צו וואָס? — האָט אויך זי צוגעגעבן און באַשקע האָט מיטן שפּיץ פֿונעם קאָפּ־טיכל א וויש געטאָן איר אָנגעלאָפֿן אויג.

אויף די ווענטלעך זענען געהאָנגען אייל־בילדער: וועלדער, ווילדע פערד און שטוב־חיות. אַ באָרוועסער פּאַסטעך, מיט גרויסע גרויע אויגן און א דיקן שטריק ארום דער רובאשקע האָט געפירט א טשערעדע — אָבער נישט איבער גרינע לאָנקעס, נאָר צווישן די קרייזן פון וואָלקן־שטויב.

פון דער אַנדערער זייט הילצערנעם ווענטל האָט זיך שווער א ריר געטאָן עפּעס און א קרעכצן האָט אָנגעפילט דעם צימער. באלד האָט זיך דערהערט א הייזעריק זעגנדיק געזאנג, א מעלאנכאָלישע תפילה צום סטעפּ און צו דער וואָלגע, און נאָך דעם — אַן אויסרוף:

— נאָדיאַ! נאָדושקאַ! טאָכטער, ווער איז עס דאָרטן? ווער זענען די וואָס זענען געקומען איבערנעכטיקן? ווידער מיך אַרויסטרייבן פון מיין געלעגער?...

— מייַן אלטער פאָטער — האָט נאָדיאַ צוגעוווּנקען צו באַשקען — ער איז בלינד און זייער אַלט. ער ווייַנט נאָך דער מאַטושקאַ ראָסיאַ. דאָרט האָט ער דאָס ליכט פון די אויגן פאַרלאָרן. ער טראָגט נאָך אין זיך די פעלדער פון דאָרטן. דאָ איז ער אינגאנצן בלינד און אַלץ איז פאַר אים א פינצטערע אָפּקומעניש...

אינעם שמאָלן טירל האָט זיך אריינגעשטעלט די הויכע פיגור פונעם זקן. ער איז געווען אויסגעצויגן ווי א גלייכע סטרונע און די ווייסע באָרד האָט צוגעדעקט די ברייטע ברוסט. די צווי אויגן־לעכער האָבן געשראָקן ווי קליינע קברים.

— האָשצי... האָשצי... געהערט די רוסישע שפּראַך אין אייער מויל... איר ווייסט דאָך זיכער נייעס פון דער וועלט! געהערט? דער צאַר באַטיושקאַ איז אין מלחמה ארויס! ווידעראמאָל? גאָט זאָל אונדז באַהיטן, קינדערלעך. איי... וואָס ווייסט איר? נישט גענוג וואָס אין דער קרימער מלחמה האָבן מיינע אויגן אָנגעהויבן צו לעשן זיך, געשאָנקען אַ מתנה דער מאַטושקע ראָסיאַ, נישט גענוג?...

ער האָט געקראַמפּט די האָריקע הענט און זיך צוריקגעקערט

צו זיין געלעגער. פון יענער זייט וועגטל האָט זיך געהערט דער אָפּ־קלאַנג פון ציילנדיקע זילבער־מטבעות.

— דאָס שפּילט ער זיך מיט די מעדאַלן וואָס די מאַטושקאַ ראַ־סיא האָט אים געגעבן פאר די אויגן — האָט נאַדיאַ אויפגעקלערט די געסט — יעדן אָוונט מוז ער זיך מיט זיי א שפּיל טאָן.

דאָס הייזעריקע געזאַנג פונעם בלינדן זקן האָט זיך ווידער געטראָגן איבער דער נידעריקער ציכטיקער כאַלופּקע.

שפּעט אין אָוונט האָט די משפּחה זיך געלייגט שלאָפן אויף שאָפּענע פעלן אויסגעשפּרייטע אויפן באָדן. פון דער ערדענער פּאָ־דלאָגע האָט זיך געטראָגן דער שאַרפער און געזונטער ריח פון קו־קי־זיק, מיט וועלכן מ'האָט אויסגעגלעט די ערד פאר ריינקייט וועגן. דער ריח האָט לאַנג געקיצלט אין די נאָזלעכער און דערמאַנט די שאַרפע לופט פון שטאַל, שטרוי און מעלה־גירהדיקער סלינע.

מיטן אויפרייסן זיך פונעם שפּעט־זומערדיקן טאָג האָט ניאָמע געשפּאַנט די פערד, וואָס זענען געווען צוגעבונדן ווי א רעזערוו, און איבערגעלאָזן די צוויי מידע אויף אָפּרו: „אויף צוריקוועגס וועסטו זיי צוריקבעמען אויסגעפּאַשעטע און אויסגערוטע, זיי זיכער, בראַטעץ" — די בלויע אויגן פונעם סובאָטניק האָבן געמאָנט צוטרוי.

זיי האָבן שנעל דערגרייכט צום וועלדל. די דערנערדיקע בוי־מער האָבן מיט צעקרימטע שטעכיקע צווייגן זיך געפלאָכטן איבערן וועג. פון זיי האָט געטריפט די זון־גאָלדיקייט, געלאָפן איבערן אויס־געטראָטענעם זאמדיקן שליאַך.

וואַנקאַ האָט זיי דערציילט וועגן דעם וועלדל. דאָס איז דאָס איינציקע אויף א שטח פון צענדליקער קילאָמעטער אין אָט דער פּאַמפּאַ־סביבה. אהערצו קומען איין מאָל אין יאָר פּויערים פון די מרחקים און קויפן זיך איין האָלץ אויף א גאַנץ יאָר — א וואָגן געזעגט האָלץ אויפן קוביק־מעטער און א וואָגן פון געדרייטע שטעכיקע צווייגן. אין די נעכט צעלייגן זיי די פייערן אויף די אָפּגערייניקטע שטרעקעס און אזוי אַרום פאַרטרייבן זיי די פוקסן און ווילדע קעץ. אפילו וועלף באַוויזן זיך דאָ אין די ווינטער־נעכט.

דאָס וועלדל איז געבליבן הינטערשטעליק און ווידער האָט זיך דער וועג געצויגן איבער נאַקעטע סטעפּעס. בלויז דער זיבן־דראָטי־

קער צויםביים וועג האָט דערציילט, אז די מענטשלעכע האנט האָט גע־לייגט איר שליטה אויף דער ערד. גרויסע גרויע פעלד־מייז זענען אַרומגעלאָפן איבער די זאמדן ביים וועג און בהלהדיק זיך פארשטעקט אין די נאָרעס. צייטנווייז האָט אן איינזאמער רייטער זיך דורכגעטראָגן און צעשטערט די דריקנדיקע מאָנאָטאָנקייט פון דער סביבה. די קור־צע סלופעס פון די דראָט־פארצוימונגען זענען געווען האַלב איינגע־זונקען אין געלבלעכן זאמד, וואָס די ווינטן האָבן אָנגעטריבן און פאַר־מירט פון זיי באַוווסטע „מעדאַנאָס״ (זאמדיקע דוינעס). די פערד האָבן שווער געסאפעט און זיך אָפּגעגאָסן מיט שווייס. זיי האָבן פארלאנגזאמט דעם טראָט. די שפּעט־זומער־היץ האָט געסמאַליעט די פעלדער.

ווען די זון האָט זיך א נייג געטאָן צו מערב־זייט זענען זיי גע־וואָרן אומרויק און אָנגעהויבן דורכצוווארפן זיך מיט אלערליי השערות. לויט דער דורכגעמאכטער שטרעקע האָבן זיי שוין באַדאַרפט זיין נאָ־ענט פון דער „ליטוואַקעס״־קאָלאָניע. אָבער קייך זכר פון קיין ישוב האָט זיך נישט געוויזן. ערגעץ ווו בלויז האָט זיך דורכגעוואָרפן א קליינע ראנטשאָ פון א פועסטערא, אָבער נישט מער.

— טאטע, און צו ווען וועלן מיר פארפאָרן ווען מיר וועלן שוין אהין אָנקומען? — האָט מאיר געפרעגט.

— צו ווען? טאַקע, מ׳דאַרף א קלער טאָן. מ׳האָט מיר אי־בערגעגעבן, דאכט זיך דער זעלבער ישראל פרידלאַנד, אַז צווישן די „ליטווישע״ געפינט זיך דער באַקאַנטער סוחר פון סלאָבים ר׳ חיים רוכ־קעס. דאָ רופט מען אים „דער פעטער״. ער איז אַ שטיקל קרוב פון מיין מאַ־מעס צד. לאָמיר זיך נאָר היינט דערשלאָגן אַהין.

— און מיר האָט מען דערציילט עפּעס אנדערש, אַז ער איז שוין נישט מער אין „אַגערטינע״ (אזוי איז ארגענטינע גערופן געוואָרן דורך די נייע אימיגראַנטן)...

— נאַרישקייטן! ווען מיר זאָלן וועלן צולייגן אן אויער צו אלע זאָגעכצער — האָט ניאָמע אָפּגעטריבן די נישט גוטע פאַרויסזאָגונג — ווער ווייס וואָס מ׳דערציילט וועגן אונדז אין אונדזער שטעטל? אָדער אַז די אינדיאַנער האָבן אונדז אויפגעפרעסן לעבעדיקערהייט, אָדער אַז מיר האָבן זיך דערשלאָגן צו די גאָלד־אוצרות פון די שווארצע פרינצן... געדענקסט, באַשקע, וואָס מ׳האָט דערציילט וועגן דער רויטער מינקען

פונעם קצבים־געסל, נאָכדעם ווי זי איז מיט לייבל דעם באַסיאַק אוועק־
געפֿאָרן אהער? מען האָט דערציילט, אַז א שווארצער פּרינץ האָט
זי אפּגעקויפט פאר א מטמון. זיי שטאַרבן פאר די רויטלעכע האָר —
האָט מען דערציילט. און דער סוף? מ׳זאָגט, אז זי איז פארקויפט גע־
וואָרן אין אַ שאַנד־הויז און מ׳ווייסט נישט פון איר געביין. אָבער
ווער ווייס? צו יעדער שמועה שטעלט מען צו פֿליגל... מער באַ־
דארף מען נישט.

— נו, נו, וואָס איז ווידער דאָס ווערטלען זיך? די אלע זאכן זע־
נען דאָך ווי א ווינט דורך דער רעשעטע — האָט זיך מאיר אריינגע־
מישט — אַט וועלן מיר אָנקומען — וועלן מיר געוואָר ווערן...

— גערעכט, גערעכט. נאָך א ווײַלע, און מיר וועלן זען אַן
אמתן יידישן ישוב! יאָ, מאיר, פארוואָס האָסטו נישט מיטגענומען דיין
פידל?

— וואָס עפּעס די פידל אינמיטן? צי ווילסטו אים אין נדן אריינ־
געבן, אָדער אפשר מיין שפילן? איך בין נישט גענוג? — מאיר האָט
זיך געוויצלט און ניאָמע האָט אפילו מיט הנאה געשמייכלט. ער איז
אָבער אויך געוואָרן צעמישט. אייגנטלעך האָט ער עס דאָך אזוי גע־
מיינט. די גאנצע רייזע איבער נישט באַקאַנטע וועגן איז דאָך געווען
מיט דער אויסרעכענונג, אז אפשר וועט זיך דאָך אויסשיילן א פּאַ־
סיקער זיווג פֿאַרן זון און אים ארויספירן פון דער קלעמעניש.

דער וואָגן איז ארויפגעשטיגן אויף א לייכט בערגל און דער־
נאָך אראָפּגענידערט. פון יענער זייט האָט זיך אנטפּלעקט פֿאַרן אויג
דער קאָנטור פון א ישוב: צוויי רייען נידעריקע שטיבלעך, טייל אויס־
געווייסטע און טייל גרוי־אויסגעגלעטע; ביי עטלעכע האָבן זיך געגרינט
יונגע ביימלעך און אַנדערע זענען געשטאַנען באַקעטע קעגן דער
ברענענדיקער זון. אין דער ווייט האָט א שפּיגל געטאָן א קלײנע לאַ־
גונא, וואָס האָט איינגעזאמלט די ווינטער־שלאַקס־רעגנס.

זיי האָבן א טרייב געטאָן די מידע פערד אנטקעגן די הייזלעך.
ביי דער זייט פון דאָרף האָט זיך געוואָרפן אין אויג א גרויסער הויף
איינגעטונקען אין סעדער און גרויסע אייקאַליפּטוס־ביימער. די איינ־
ציקע וואסער־מיל אין דער קאָלאָניע איז געשטאַנען אין אָט דעם
הויף און געדרייט זיך אין דעם פאַרנאַכטיקן ווינטל. די געביידעס,

איינגעטונקענע אין גרינסן, זענען אויך געווען די איינציקע באדעקטע מיט רויטע שינדלעך. די אנדערע האָבן געבליאַסקעט מיט זייערע צינקענע בלעכן, אָדער זייער שיפּועדיקייט איז געווען באַדעקט מיט שטרוי און ערד־זעק. אויף א צוגעשלאָסענער געביידע ביים אריינ־פאָר פונעם דאָרף איז געווען א הילצערנער געפּאַרבטער מגן־דוד. דאָס איז געווען די שיל. ניאָמע האָט אַ צי געטאָן די לייצעס און די פערד האָבן אָפּגעהאַלטן די פור פונקט אנטקעגן דער שיל.

ווי א יונג יינגל איז ער אראָפּגעשפּרונגען, זיך א לאָז געטאָן צו דער צוגעשפּאַרטער טיר און אַ פּרוּוו געטאָן די קליאַמקע.

דער הונגער נאָך יידיש לעבן און נאָך א יידישן פּנים האָט אין זיינע אויגן אויפגעהויבן אָט דעם קליינעם בנין מיט די פּאָר ער־דענע טרעפּלעך צו א היכל פון גאָט אין די טויערן פון ציון. אונטערן נישט סימעטרישן הילצערנעם מגן־דוד האָט ער זיך געשפּירט ווי הינטער א באַפּעסטיקטער וואַנט. ער איז א לאנגע ווײַלע נישט אָפּ־געטראָטן, אריינגעבליקט, געזען דעם קליינעם באלעמער ביי דער מזרח־וואַנט. פון אַ צעבראָכן שייבל האָט זיך געטראָגן דער פּריקרער היימישער ריח פון פאַרשוויצטע טליתים און אויסגעטריפטע ליכט. דער א גערוך איז פאַר אים אָנגענעם געווען ווי דער פיינסטער ריח־ניחוח וואָס צופט די דינסטע געווענן פון דער צעבענקטער נשמה.

ער האָט אָפּגעווענדט אויף א רגע זיין פּנים, כדי צו באַ־טראַכטן די משפּחה אויפן וואָגן. אויפן וועג, צווישן אויסגעטריקנטע גראָזן, האָבן געשפּאַנט צוויי אַלטע לייט אָנגעלענט אויף סעקוואטע שטעקנס.

די אויגן זענען אים פאַרגאָסן געוואָרן פון די שטראַלן פון דער אונטערגייענדיקער זון, און אין די קניען און אקסל־קנאכן האָט ער־דערפילט א ווייכע מידקייט ווי נאָך א שווערן יום כיפור־תענית. די בין־השמשותדיקייט האָט ארויפגעבראַכט די שוין אָפּגעשוואכטע ביל־דער פונעם עבר. זיי האָבן אָנגעהויבן אויפצוטויכן פאר זיינע אויגן און איינפלעכטן זיך אָן צוזאמענבונד פון קאָליר און געשעעניש. ער האָט איצט געזען פאר זיך די ווייסקייט פון צוויי לאנגע אויסגעקעמטע בערד, וואָס האָבן געבלישטשעט ווי שניי אנטקעגן לבנה־שיין — און דאָ איז גאָר א רויטע זון. ער האָט געשטעלט א טראָט און זיינע פיס

זענען איינגעזונקען ביז די קנעכלעך אין ווייס־פּוכיקן זאמד. אָבער דאָס איז נישט קיין זאמד מער, נאָר ווייסע פעדערן, וואָס באַשקע האָט אין די לאַנגע ווינטער־נעכט אויסגעשליסט פון די גענדזענע פעדערן, אויסשטייער־פעדערן אויף פּערענעס פאר יונגע פּאָרלעך... פאר־וואָס איז דער וועג אַזוי ווייך? ער האָט איצט אַזוי גערן נאָכגעלאָזן די מידע פיס און די ציענדיקע קנאָכנס. די אויגן האָבן פון צופיל בליאַנקענדיקייט זיך צוגעמאַכט און ער האָט נאָר באַוויזן צו הערן ווי אַנלויפנדיקע טריט און פיס צעטרעטן די ווייסע פּוכיקייט...

ווען ער האָט זיך אויפגעכאַפּט און צעעפנט די אויגן, האָט ער זיך דערזען אין א ווייס־אויסגעקאַלכטן צימער אויף א הילצערנער סאָפקע. פון אונטער דער סאָפקע האָט ער קלאָר געהערט דאָס נעבעכדיקע פּישטשען פון קליינע הינדעלעך און דעם אומצופרידנלעכן געבייזער פון א קוואָקע. ער האָט נישט געוווּסט א רגע אויף וועלכער וועלט ער געפינט זיך — ביז ער האָט אויסגעטיילט די בלייך־פאַרזאָרגטע פּנימער פון זיין משפּחה און אין באַשקעס אויגן — די צייכנס פון אויסגע־וויינטע טרערן. א מיטל־יעריקע פרוי האָט אים דערלאַנגט א גלאָז שאַר־פע טיי, אין וועלכן עס איז געשווומען א רעפטל נישט אָפּגעשיילטע לימענע.

ער האָט געפינטלט מיט די אויפגעריסענע אויגן און דערזען אַז דאָס צימער איז פול מיט באַזוכער, ביי זיין צופוסנס איז געזעסן אַן אַלטער מאַן מיט א ווייסער באָרד און בלויע אויגן וואָס האָבן אים ווייך באַטראַכט. דער לעדערנער דאַשיק פונעם הויכן האַרטן היטל האָט געוואָרפן א שאָטן אויף זיין שמייכלענדיק געזיכט.

— איר? דער „פעטער"?... — ביאָמע האָט זיך ממש א וואָרף געטאָן אין דער זייט פונעם זקן — איר, ר' חיים פון סלאָנים?...

דער אַלטער איז געזעסן איינגענורעט אין דער לאַנגער אַטלאַ־סענער קאַפּאָטע, ווי ס'וואָלט נישט געווען קיין שפּעט־זומער אין דרויסן און די אָנגעזאַמלטע טאָג־וואַרעמקייט זאָל נישט האָבן געשטיקט דעם אָנגעפילטן צימער. ער האָט ווייטער געקוקט אויף אים און געשמייכלט.

— טרינק, מיין זון, דאָס גלאָז טיי און קום צו זיך — האָט ער מיט א שטים ווי פון א מגיד זיך אָפּגערופן — קום צו זיך און נאָך דעם וועלן מיר שמועסן... האָסטו געהערט א מעשה? לעבט זיך א ייִד

אליין צווישן גויים, פירט ער זיך אויף ווי אַ העלד. קומט ער נאָך אַריין אין אַ דאָרף צווישן יידן און דערזעט די ערשטע ווייסע באָרד, פאַלט ער אוועק אין חלשות...

א רויטקייט האָט אָפּגעגאָסן ניאָמעס אויסגעבלייכט פּנים ביז די ווייסע וואָרצלען פון קורצן בערדל. ער האָט פארשעמט א בליק געטאָן אין דער זייט ווו באַשקע און מאיר זענען געזעסן און האָסטיק זיך אויפגעזעצט. ער האָט א פּאָר שלוק געטאָן פון דער טיי וואָס איז אָפּגעזיסט געוואָרן מיט רויטן קלעפּיקן צוקער און זיך דערפילט ווי א גלייכער צווישן די צוזאמענגעקומענע.

קודם כל האָט ער אויסגעדריקט זיין פארוווּנדערונג. מ׳האָט אים ערגעץ ווו דערציילט, אז ער, דער „פעטער״, האָט נאָך אלע זיי־נע ראַנגלעניש באַשלאָסן צו פאָרן קיין ארץ־ישראל.

די אויגן פונעם אַלטן האָבן אויפגעהערט צו שמייכלען. ער האָט א צי געטאָן אומרויק דעם דאשעק און ווידער א שאר געטאָן; דאָס היטל היגטערוויילעכץ.

— א מענטש טראכט און ער, געלויבט זיין נאָמען, ער לאַכט. פון מיר האָט ער מסתמא געלאַכט נאָך איידער איך האָב באַוויזן צו פאר־טראכטן עפּעס ר׳עכטס, זיך ארויפגעזעצט, ווי יונה הנביא, אויף א שיף, צוריק מיט א קאַרגן יאָר. געלויבט זיין נאָמען, אריבער אַלע שטורעמס, דערגרייכט צום פּאָרט פון יפו, אָבער אראָפּגיין לאָזט מען נישט. כאַטש נעם און צערייס זיך. עס האָט, זאָגט מען אונדז, אויס־געבראָכן די מלחמה און דער טערק האָט זיך צוגעלאָנטשעט צום דייטש קעגן פּאָניען, ימח שמו, און מ׳קאָן נישט אַריינלאָזן בירגער פון א פיינטלעכן לאַנד. וואָס האָב איך, קאַטארי, צו טאָן מיט דער מלחמה און מיט פּאָניען — ווייסט דער טערק, אוודאי פּונקט ווי איך. אָבער רשעות איז רשעות. נו, איז מיין מזל געווען צו שטיין אויף דער שיף, אַזוי ווי משה רבנו אויפן הר נבו, קוקן מיט אויפגעריסענע אויגן אויף דער שטאָט מיט אירע גערטנער און מדבריות. כ׳האָב נישט איינמאָל געטענהט מיט די טערקן וואָס זענען ארויף אויף רעוויזיע; נאָר צו שטאַרבן בין איך אהער געקומען, נאָר א קוש טאָן דעם כותל המערבי, נאָר א בליק טאָן אויף דער מוטער רחלס קבר, א גלעט טאָן דעם שטיין פון דער מערת־המכפלה, א בליק וואַרפן אויפן טורעם פון

דוד המלך — איך בין זיכער, אז קיין סך וועל איך נישט אָנציען. ס׳האָט גאָרנישט געהאָלפן. ישמעאל בלייבט ישמעאל. עטלעכע וואָכן זענען מיר געשטאַנען אין פּאַרט — און מ׳האָט אונדז אומגעקערט. אָט בין איך ווידער דאָ. באַשערט, זעט אויס, צו שטאַרבן אויף פרעמדער ערד, בלויז מיט אַ זעקעלע ארץ־ישראל־זאמד צוקאָפּנס — נאָר דאָס האָב איך באַוויזן איינצוהאַנדלען. אַזוי איז דער רצון פונעם איי־בערשטן...

אין שמועס זענען אריינגעצויגן געוואָרן אויך די אַנדערע, וואָס האָבן זיך געפונען אינעם צימער. די נייעס וועגן די אורחים האָט זיך פאַרשפּרייט און די נאָענטע שכנים האָבן געשטראָמט אַהער. די ווייבער האָבן אריינגענומען באַשקען צווישן זיך און זייער שמועס האָט זיך געצויגן אָן איבעררייס. יעדעס מאָל איז עמעץ אַנדערש פון די ווייבער אריינגעפאַלן אין די רייד און אראָפּגעפירט דאָס געשפּרעך אויף אַ זייטיקן וועג. ס׳איז דערשינען דאָס שטעטל פון יענער זייט ים, געמיינזאַמע באַקאַנטע זענען אויסגעגראָבלט געוואָרן און מיט פרומע מינעס פון פאַרווונדערונג האָבן זיך פאַרצויגן די פּנימער פון יונגע און אַלטע.

ניאָמע האָט געהערט די דערציילונגען וועגן אָט דער עדה וואָס זיצט אין הארץ פון דער פּאַמפּאַ. די עפּיזאָדן פון זייער אויפשטאַנד קעגן דער שטרענגער באַציונג פון דער „געזעלשאַפט“ און וועגן זייער איינשאַפן זיך באַדן אויף אַ פּריוואַטן אופן אין אָט דער געגנט. די געגאַרטע פרייהייט איז טאַקע דערגרייכט געוואָרן, אָבער דאָס לעבן גייט שווער. די ערד איז זאַמדיק און מאָגערלעך, קרעדיט צו באַ־קומען איז שווער, דער רעמאַנענט איז באַגרענעצט און די אחדות צווישן די זיצנדיקע איז היפּש צעטרייסלט. מיט די ליטוואַקעס איז גוט צו עסן קוגל, אָבער פירן אַ מלוכה? — האָט ווער געשפּאַסט. יעדער פּרווו צו שאַפן געמיינזאַמע אַנשטאַלטן פירט צו לאַנגע וויכוחים. פאַראַן אַזעלכע, וואָס בענקען סיי נאָך דעם האַניק און בלאָטע פונעם שטעטל, און אַנדערע — נאָך דער תקופה ווען מ׳איז געזעסן אויף קעסט ביי דער „געזעלשאַפט“ און אפילו די שטוב וואָס מ׳האָט געבויט אויף איר חשבון איז דורך איר אויסגעצאָלט געוואָרן.

— איצט זעט אַלץ אויס ווי אַן אויסגעוועפּטער חלום — האָט

ווער צוגעגעבן — אָבער מיר זענען דעמאָלט געווען צערייצט און נאָכ־געביק צו יעדער פאַנטאַזיע און בבא־מעשה...

— אָבער איר האָט שוין פאַרגעסן די טעג ווען מיר זענען גע־שטאַנען ביי דער שוועל פון דער אדמיניסטראַציע מיט אראָפּגעלאָזענע קעפּ, אָן ווירדע. און די קיצבה האָט צוגענומען יעדעס ביסל פון איי־גענעם כבוד — האָט דער „פעטער" זיך א וואָרף געטאָן צו פאַר־טרייבן די אויפגעלעבטע בענקענישן נאָך די גליקן פון מצרים.

— אָבער מ'האָט אונדז דעמאָלט געוואָרנט: „לאָזט זיך נישט אָריינגאַרן אין זאַק! געלט נעמען? ניחא! אָבער אונטערשרייבן? אַ פייג: גיט איר נאָר א חתימה — ווערט איר אייביקע שקלאַפן פונעם באַראָן. מ'וועט ברענגען אַן אייזערנע מאַרקע און אויסברענען אויף אייער לייב א שטעמפּל.

— דער באַראָן! זיינע כוונות זענען זיכער געווען גוטע...

— אָבער ער האָט זיי קלאָר נישט ארויסגעבראַכט. ווען זיין איינציקער זון לוסיען איז געשטאָרבן האָט ער געזאָגט: „כ'האָב פאַר־לוירן מיין זון, אָבער נישט מיין יורש. די מענטשהייט — זי וועט מיין ירושה באַקומען". דאָ ליגט דער פעלער. וואָס עפּעס די מענטש־הייט? ווער איז דאָס די מענטשהייט? א קלויסטער? די באַאַמטע פון זיין געזעלשאַפט? די קאָלאָניסטן? די צרה איז, וואָס יעדער קאָן אויסטייטשן זיינע רייד ווי ער וויל און ווי עס לוינט אים...

הערנדיק די לעצטע ווערטער האָט ניאָמע זיך דערמאָנט אין דעם הער לעוועטאַל. אויך ער האָט געגעבן זיין אייגענע אויסטייטשונג דעם ווילן פונעם באַראָן. ער וויל באַזעצן אויף דעם באָדן פון „די זיבן פיילן" די גאַנצע מענטשהייט. ער האָט א רגע געצעגערט צי ער זאָל דערציילן וועגן זיין וויטיק פאַר אָט די פרעמדע מענטשן. אָבער ער האָט זיך נישט געקאָנט איינהאַלטן.

— נו, ווער איז גערעכט, קינדערלעך? — דער „פעטער" האָט איצט געברויזט מיטן אימפּעט פון די פאַרגאַנגענע קאַמפס־יאָרן — און ווער עס האָט געהערט די געשיכטע פון דער קאָלאָניע „מאָוריציע" ווערט דען נישט איבערצייגט? און כאַזאַנאָוויטש — האָט ער דען נישט אויפגעטרייסלט די וועלט קעגן די עוולות?

— און אברהם ווערמאַנטס צייטונג — אויך זי מאַכט אַש און

פֿאַרעך פֿון דער „מומע“ (די איקאַ); און דער „המליץ“ אין רוסלאַנד? א וועלט איז נישט משוגע!...

— און די „הצפֿירה“? כ׳האָב אַליין געלייענט א מאמר פֿון נחום סאָקאָלאָוו... ער לויבט די ארבעט פֿונעם „באַראָן“. נאָך מער, ער האָט אין דער „הצפֿירה“ זיך פֿיין געבייזערט אויף אחד־העם׳ן דערפֿאַר, ווייל ער האָט זיך געפֿרייט מיט די דורכגעפֿאַלענע קאָסטעשעס ביי אונדז און מיט די פֿלאַגענישן פֿונעם היישעריק...

די געמיטער האָבן זיך נאָך מער צעהיצט און די קולות האָבן זיך געהויבן ביז דער סטעליע. די קוואָקע האָט זיך איבערגעשראָקן און ארויסגעשפּרונגען פֿון אונטער דער סאָפֿקע. „אקיש, אקיש“ — האָט מען זי צוריקגעטריבן און די הינדעלעך האָבן זיך צעשאָטן איבער דער ערדענער פּאָדלאָגע.

אויך די ווייבער האָבן איבערגעריסן זייער שמועס איבער וואַ־כעדיקע זאַכן און געפּרוווט זיך אריינמישן אינעם וויכוח:

— און די פּונדיקעס האָט איר פֿארגעסן?

— די שווארצע פּונדיקעס...

— יאָסלס צען־יעריקע בחורל אין שלאָף צעשניטן אויף שטיקער, אין אפֿילו דעם מערדער נישט אנטדעקט...

— נאַר דאָס? און די מעשה מיט רייזקע צאַלעלס? מ׳האָט זי אויפֿן וועג פֿון דער סולקי אראָפּגעשלעפּט און, ווי איז אונדז, צו שאַנד געמאַכט...

— געמזוט פֿאַר חרפּה פֿון דער קאָלאָניע איז שטאָט אוועק...

— לית דין ולית דיין — האָט דער „פּעטער“ צוגעגעבן — און ווער פֿון אייך געדענקט נישט די שפֿיכת דמים ווען מ׳האָט דעם מטו־פּלדיקן רעזניק ארויסגעצויגן מיט פּאָליציי פֿון זיין כאַטע, צוזאַמען מיט די קינדער און די בעבעכעס, אונטערן ווינטער־רעגן ארויסגעשטעלט אויף דער גאַס?

— ווייל ער האָט נישט געקאָנט נאָכקומען די צאָלונגען? ניין, נישט ריכטיק אָפּגעציילט די געדראָשענע זעק. אזוי האָט דער פֿארוואַל־טער געטענהט...

— און פֿאַרן איינשטעלן זיך האָבן מיר פֿון די פּאָליציאַנטן באַ־קומען צעהאַקטע קעפּ.

— אויך מיר האָבן זייערע קעפּ געשפּאָלטן און אין ערעסט געזעסן חדשים.

— אַלץ איז נאָמען פונעם באַראָן... פאַר זיין מענטשהייט.

עס האָט זיך געגאָסן אַן א שיער פאַרביטערטקייט, ווי צו וועלן אָפּשווענקען יעדן צווייפל פאַר דער גערעכטיקייט פון זייער שריט, צו זיצן אָן אַפּטרופּסים אויף אייגענעם באָדן. די צווייפלער זענען פאַרשוווּנדן פון דער אויבערפלאַך און מער קיין פּיפּס נישט געטאָן.

זיך אַ ביסל באַרויִקט, האָט הינדע, דעם „פּעטערס" טאָכטער, געשטעלט כיבוד: אייער־קיכלעך און טייגעכץ געפּילט מיט שאַרפע ציי־מערינג. מענדל, דער איידעם, האָט אָנגעהויבן צו סערווירן די מאַטע און די וואָס האָבן נאָך נישט געקאָנט זיך צוגעוווינען צו אָט דער משקה, האָבן געשעפּן א ניי באַזונדער רעדל און געטרונקען „טיי־באָמביזשע" (טיי געצויגן דורך דעם בלעכענעם רערל, אַזוי ווי מאַטע). פון דעם אָנגעצאַפּטן גלאָז שאַרפע טיי האָט יעדער בלויז צוויי זופּ געטאָן, אָפּגעווישט דאָס פּיסקל פון רערל מיט די פינגער און איבערגעגעבן דעם שכן. אַזוי האָט דאָס פולע גלאָז געסטייעט אויף א רונד־קרייז און מ'האָט אים ווידער באַנייט. מ'האָט אויך אריינגעצויגן באַשקען אינעם ראָד, און אַזוי ווי אַזאַ סאָרט טרינקען איז ניי פאַר איר, האָט מען אויף קאַטאָוועס איר געגעבן דעם ערשטן שלוק. זי האָט אָנגענומען דעם אָנבאָט און אַלעמענס אויגן האָבן זיך אַ קער געטאָן צו איר. יעדער האָט געוואָלט וויסן ווי זי וועט האַנדלען. „וועט זי אריינציִען ביזן סוף?" — האָבן די ווייבער געטראַכט. ווי נאָר באַשקע האָט צוגעטראָגן דאָס גלאָז צו די ליפּן, א צי געטאָן פון רערל און דערשפּירט די הייסע טיי אין האַלדז, האָט זי באַמערקט דעם שמייכל אויף די ליפּן פון די שטוּביקע. זי האָט זיך א ביסל צעטומלט און איילנדיק איבערגעגעבן דאָס גלאָז דעם נאָענטן שכן. מ'האָט פריילעך געפּאַטשט מיט די הענט און געלאַכט.

— צוגעטראָפן, האַ?

— זי לאָזט זיך נישט אריינכאַפּן, די „גרינע", וואָס?

— גיי פאַרנעם זיך מיט א ליטוואַטשקע, זי פאַרשטעקט אונדז אין אַרבל!

— א נאַש בראַט, בראַוואָ!

מאיר איז געזעסן דורך דער גאנצער צייט צונויפגעקנוילט אין די אייגענע מחשבות. א פארלעגנהייט האָט נאָך מער אויסגעצויגן זיין דאַר פּנים און זיין פאַרשפּיצטער קין האָט ווילדווייז געציטערט. ער האָט געפילט אויף זיך די בליקן פון די נייגעריקע ווייבער בעת זיי האָבן זיך געשושקעט מיט דער מוטער. ער האָט פאַרשטאַנען, אז מען נעמט אים פונאַנדער מיט זיינע אייגנשאַפטן און ווער ווייס וואָס מען פאַר־טראַכט דאָרט אויף זיין חשבון...

די רייזע איז אים געווען דערווידער. לכתחילה האָט ער זיך קעגנגעשטעלט צו באַגלייטן די עלטערן. אָבער ער האָט נאָכגעגעבן ווען מ'האָט אים געגעבן צו פאַרשטיין, אַז די רייזע איז א צו לאַנגע און געפערלעכע אויף צו לאָזן די עלטערן אַליין אין וועג. הערשל מוז בלייבן אין דער היים אָפּצוהיטן די קלענערע קינדער און די באַ־לעבאַטישקייט. אָבער פריקרע זענען איצט די בליקן מיט וועלכע מען מעסט אים אָפּ, ווי א זעלטענע סחורה אויפן מאַרק. ער האָט זיך אויפ־געהויבן און אַרויס אין דרויסן. די אויפגעגאַנגענע רויטלעכע לבנה האָט אים אַ לאַך געטאָן אין פּנים. פון זיין אומזיסטיקן אַנטלויפן, אָדער פון זיין אומבאַהאָלפנקייט? ער איז אַרויס אויף דער ברייטער גאַס און אָנ־געהויבן שפּאַנען איבערן זאַמדיקן באָדן. ווו נישט ווו האָט אַ פינקל געטאָן א שוואך פלעמל פון א נאפט־לאַמטערנע און אַ נידעריק וויס שטיבעלע האָט אַ שעמעריר געטאָן קעגן דעם לבנה־ליכט. געציילטע בוימער־שאָטנס האָבן געפויזעט איבערן וועג. דאָס בילד פון הינט און א פאַרבענקטער מרוקען פון אַן אָקס האָבן פאַרפולט דעם אָוונט מיט דאָרפס־שטימונגען. ער האָט א רגע אָפּגעמאָסטן די אָפּגעגאַנגענע שטרעקע, און כדי נישט צו פאַרקריכן אַן א טאלק, האָט ער זיך אויס־געדרייט און געגאַנגען אין דער פאַרקערטער ריכטונג. דאָס טרוקע־נע זאמד האָט איינגעשלונגען זיינע טריט און די הינט האָבן פאַרגע־זעצט צו בילן אין דער נאכט אריין.

איצט האָט אים דער וועג אריינגעפירט אין אַ געפלעכט פון גע־דיכטע שאָטנס. אַ הויף ארומגעצוימט מיט צעוואַקסענע טאַמאַריסקן־ביימער און זיך וויגנדיקע אייקאַליפּטוסן האָבן באַקראַנצט אַן איבער־לעבכע סטעזשקע. אראָפּצו האָט זיך געדרייט און געקלאַפּט די וואסער־מיל. אַ געמויערט הויז געדעקט מיט רויטע דאַכלקעס האָט פאַרנומען

דעם גאַנצן פּראַנט. פון איינעם פון די זאַלן האָט אַרויסגעשלאָגן דאָס פּארגרעסערטע ליכט פון עטלעכע לאָמפּן. מאיר איז געבליבן שטיין און זיין בליק האָט דורכגעדרונגען די שווערע געשטריקטע גאַרדינען. לייכט־ווינקליקע שאָטנס האָבן געפּויזעט און צעלייגט זיך אויף די ווענט. ער האָט איינגעהאַלטן דעם אָטעם און צוגעשמידט געשטאַנען ביים פּאַרקן אין דערוואַרטונג. די יוסטע ווירטשאַפט מיט אירע אַלטע ביימער און די מיל האָבן אויסגעזען פרעמדלעך אין דער צעוואָרפענער קאָלאָניע מיט אירע נידעריקע שטיבעלעך און מאָגערע בוימער־אַלייען.

ביי איינער פון די הענגענדיקע נאַפט־לאָמפּן אויף דער וואַנט איז געווען צוגעפּעסטיקט א ברייטער שפּיגל. מאיר האָט פּלוצלינג דערזען אויפטויכן דאָרט דאָס געזיכט פון אַ יונגער פרוי. אויף איר נאַקן איז געווען אַ לאַנגער שוואַרצער צאָפּ. אירע ווייסע פינגער האָבן אָנגעהויבן צו קלעטערן און צו שפּילן זיך מיטן האָר־געפלעכט און לאַנגזאַם אים אויפגעליזט. צווישן די ציינער האָט זי געהאַלטן די ווייסע לענטעס וואָס האָבן פריער באַקראַנצט די שפּיצן פונעם צאָפּ. ווייסע פינגער, נישט אָפּגעברענטע פון דאָרפישער אַרבעט. פון וועלכער אויסגעפיינטער וועלט זענען זיי אַהער אַראָפּגעפאַלן? זיי האָבן שנעל־שנעל אויפגעליזט די שוואַרצע צעפּ. א צעשויבערטקייט האָט זיך א שאָט געטאָן אויף אירע אַקסלען און פאַרדעקט א האַלב געזיכט.

ער האָט מיט א ווילד־קלאַפּנדיק האַרץ און צעפּראַלטע אויגן געוואָרט פון דער זייט פאַרקן און געבעטן זיך, ווי אין א שטילער תּפילה, אַז די סצענע זאָל זיך לאַנג, לאַנג נאָך ציען. דאָס מיידל האָט מיט אַ קיילעכיקן קרומען האָר־קעמל געקעמט אירע לאַנגע האָר, נישט אַרויסלאָזנדיק די לענטעס פון צווישן די ציין. לאַנג און געדולדיק האָט זי געצויגן די אַרפּאָפּאַלנדיקע צעוויגטע לאָקן, ווי דער אָוונט זאָל שטיין אַ גאַנצער בלויז צו איר דינסט און פאַר איר אייגענער באַקוועמלעכקייט. דער שפּיגל איז געהאַנגען עטוואָס אָנגעבויגן פאָרויס און האָט אַריינגעכאַפּט אין זיין ראַם איר האַלבן קערפּער ביז די לענדן. נאָכן צוזאַמענלייגן די אויסגעקעמטע האָר אין אַ קיילעכיקן קובליק, האָט זיך אויסגעשיילט איר ווייס געזיכט און די גרויסע שוואַרצע אויגן האָבן עפּעס געזוכט אין דער טיפקייט פונעם בליאַסקענדיקן קרישטאַל. די שפּיץ־פינגער האָבן אָנגעהויבן אומגיין איבער די געדיכטע רייען קנעפּ

און לאנגזאם אויפלייזן די פארשנורטקייט. דאָס געבלימטע קלײדל איז אַראָפּגעפאלן. מיט איינצלנע פינגער האָט זי אונטערגעשפּאַרט דעם ברוסט־האַלטער און באַטראַכט אירע אַנטבלויזטע טײלן.. זי האָט, זעט אויס, געוואַקלט זיך צו פארענדיקן איר אויסטאָן זיך ביים שײן פונעם לאמטערנע־ליכט.

מאיר האָט וואָס אמאָל שווערער געאָטעמט. צום ערשטן מאָל האָט ער איצט אַזוי צופעליק געזען די אַנטבלויזטע טיילן פון אַ פרויען־קערפּער. ביז היינט האָבן דאָס שווערע טיולן פארהוילט פון זיין בליק. נאָר צייטנווייז האָט זיין פאנטאזיע צעריסן די פאָרהאַנ־גען און געפאלן איז ער דעמאָלט אין פוסטן און חוזקדיקן חלל.

א רגע איז דער שפיגל ליידיק געבליבן און מאיר האָט זיך אַ בייג געטאָן אין אַ זייט ווי צו נאָכגיין אירע באַוועגונגען. דערביי האָט ער א האַסטיקן טראָט געטאָן נענטער צום פלאנצן־פּארק און זיך אָנ־געלענט אויף אים מיטן גאַנצן גוף. ער האָט פארלאָרן דאָס גלייכגעוויכט און אריינגעפאַלן דורך א שמאָלער עפענונג כמעט ביז צום פענצטער. ווען ער האָט זיך אויפגעהויבן און ווידער אריינגעקוקט דורכן שפּאַלט צווישן די צוויי גארדינען, האָט ער דערזען אירע רונד־נאַקעטע פּלייצעס כמעט ביז דער טאַליע און די נאָכגעלאָזטע בריסטן האָבן שטייף אריינ־געקוקט גלייך אין דער טיף פון קרישטאָל אריין. פארציטערט איז ער געוואָרן ווען ער האָט זיך אַליין געזען הינטער איר גוף און זיין נישט ראַזירטע גאָמבע מיטן פאַרשפּיצטן אויסבייג פאָרויס האָט כמעט באַרירט איר ווייס לייב. פּלוצלינג האָט זי דערזען אין שפּיגל זיינע אויסגעשטאַרצטע אויגן און פארקרימטע ליפּן. זי האָט זיך ווילד אַ וואָרף געטאָן הינטערוויילעכץ, פארשוווּנדן און ארויסגעלאָזט אַ פארלוירענעם קוויטש.

טירן האָבן זיך צעפּראַלט אין בהלה און א הייזעריק בילן פון אַן אַלטן הונט האָט זיך צעקאַלערט אין דער נאַכט אריין. מאיר האָט אין שרעק זיך אַ וואָרף געטאָן און דורכגעריסן דעם פארקן, אומגעפאלן און זיך צעדראַפּעט די פּיס. ער איז אויפגעשטאַנען און שנעל אַוועק איבערן זאַמדיקן וועג. ער האָט מורא געהאט, אַז זיין לויפן זאָל אויפ־וועקן עמעצן אין די שטילע שטיבלעך — האָט ער פאַרלאַנגזאַמט דעם גאַנג און ווײלנווייז זיך אומגעקוקט צי מען פארפאָלגט אים נישט. ווען

ער האָט זיך איבערצייגט, אַז בלויז דאָס געביל פון אויפגעוועקטע הינט באַגלייט אים, האָט ער ערשט דערפילט אינעם גאַנג ווי זיינע קניען ציטערן פון אויפרעגונג. אַ רגע האָט ער זיך אָפּגעשטעלט און צוגע־מאַכט מיט פעסטקייט די אויגן ווי צו פאַרחתמענען אין זכרון דאָס אָקאָרשט געזעענע בילד.

ווען ער איז איבערגעטראָטן די שוועל פונעם פעטערס הויז האָט ער געפילט, אַז דאָרט האָט מען נישט געלייגט קיין אַכט אויף זיין אַנטרונען ווערן. די שטוב איז איצט שוין געווען ליידיקלעך און נאָר די בני משפּחה זענען געזעסן אַרום טיש. די נאַפּט־לאָמפּן האָט מען אויפגעהאַנגען אויף די ווענט און הונדערטער פליטערלעך האָבן זיך געדרייט אַרום פייער און געפאַלן פאַרחלשט אינעם אָנגעהיצטן גלעזל. מ׳האָט זיך געזעצט עסן וועטשערע און נאָך דעם ווי דער פעטער האָט איינגעטונקען די „המוציא״ אין גראָבן טונקעלן זאַלץ, האָט מען ווייניק גערעדט. נאָכן בענטשן האָט דער פעטער אָנגעטאָן די סאַמעטענע יאַרמלקע, צעקעמט די לאָקן פון דער לאַנגער ווייסער באָרד און זיך אָפּגערופן:

— מיין אײדעם וועט זיך אָפּגעבן מיט די פערד. ס׳וועט זיין אין אָרדענונג. איר וועט זיין אונדזערע געסט און וויפל אייער האַרץ גלוסט קאָנט איר ביי אונדז פאַרברענגען. און אפשר גאָר קלייבט איר זיך אין גאַנצן אַריבער צו אונדז?...

זיין האַסטיקע אָפענע פראַגע האָט ניאָמען צעמישט. ער האָט אָבער אָפּגעמאַכט ביי זיך נישט אַרויסצוברענגען באַלד ביים אָנהייב די כוונה פון זיין באַזוך צווישן די ליטווישע לאַנדסלייט.

— אַ דאַנק, פעטער. צוויי טעג האָבן מיר זיך געשלעפּט איבער די זאַמדן כדי אָנצוקוקן אַ היימישן יידישן ישוב. דאָס איז אונדזער שכר פאַרן זיצן לאַנגע מאָנאַטן צווישן גוים. איז דאָס נישט קיין סך?

— יעדער האָט זיך זיין דיבוק און דורך אים רעדט ער אַראָפּ אַלץ וואָס אויף זיין נשמה — האָט דער פעטער צוזאַמענגעלייגט די ציצית פונעם אַרבע־כנפות און זיך געשפּילט מיט די שפּיצן — איך ווייס, אַז איר לעקט דאָרט נישט קיין האָניק. אָבער קיינער צווינגט אייך נישט צו זיצן דאָרט אַליין, אָן אַ יידישן שכן און אָן אַ שבתדיקן מנין... עפּעס האַלט אייך דאָרט צוגעבונדן, האַ?

דאָ האָט זיך אַריינגעמישט דער שוואַרץ־חנעוודיקער אידעם:

— שווער, זייט מיר מוחל, זיי האָבן זיכער זייער אויסרעכענונג ביים אויסקלייבן דווקא אַזאַ פאַרוואָרפן אָרט צווישן גויים. עס זענען דאָך פאַראַן דריי ברירות: אָדער עס וועלן צוקומען נאָך יידן, אָדער זיי וועלן פאַרגויישט ווערן און די דריטע ברירה — זי האָט אויך דריי ברירות...

— גיי, לץ מיינער, ווילסט מ׳זאָל דיך שוין דערקענען? א שאָד וואָס די טעג איז נישטאָ קיין חתונה ביי אונדז און מ׳זעט דיך נישט טאַנצן מיט דער אלטער ראזנישטקע; ניינציק יאָר קיין עין הרע! — האָט דער פעטער אַנגענומען א היימישן טאָן.

אַלע האָבן געלאַכט און מענדל האָט ביים צוגרייטן די לעצטע מאַטע פונעם אָוונט זיך צעזונגען:

מאַטע איז א געטראַנק
אַלאַמברע* איז אַ וואַנט
אלפּאַרגאַטן** איז א גאַנג,
און אַרגענטינטשקע איז אַ לאַנד...

— האָסט דערלייגט דער באָבעס ירושה דאָ? נישט? — האָט דער פעטער זיך ליבלעך צעבייזערט — האָסט שוין געמאַכט דעם ביי־לאַנס, וויפל די „אגערטינער” נאַטשאַלסטווע דאַרף דיר ארויסצאָלן פאַר דייך פאַרלאָזענעם ראזקאָש אין מיכאַלאָווקע? פאַר דער פאַרלוירענער פּעזע ביים אָפּשטייגן אין פּאָרט? כדאי צו הערן אָט די מעשה: נאָך זייענדיק אין וועג האָט מען אונדז דערציילט וועגן געלט, וואָס וואַלגערט זיך אין די גאַסן פון בוענאָס איירעס. מען דאַרף זיך נאָר מטריח זיין, אייַנ־בייגן די קניען און צונויפשאַרן גלייך אין די קעשענעס. ווען מיר זענען אויסגעשטיגן און ארויס פון אימיגראַנטן־הויז אויף דער גאַס, האָט מיך געניידעמל, אָט דער מענדעלע, דערזען בלישטשען אויף דער גאַס צווי מטבעות, כ׳וויס? צוואַנציק אָדער פערציק סענט. איך וויל זיך איינבויגן, לאָזט ער מיך נישט, מיין תנא: „שווער לעבן, צוואָס? אָט וועלן מיר נאָר אַ טראָט טאָן און מיר וועלן אָנשאַרן פולע קעשענעס”.

* דראָט

** לאַטשן פון שטריק

מיר גייען אין גאס, א צווייטע — א פוסטער חלום! עמעצער האָט אונדז שוין מקדים געווען. קערן מיר זיך אום צוריק, כדי זיך צו טרייסטן מיט ערשטן פּאָטשאָנטעק, וואָס מיר האָבן איבערגעלאָזן ביים פּאָרט. אָבער עמעצער האָט זיך אויך אויף דעם מרחם געווען. אויס! צוליב אָט די צוויי מטבעות איז זיין פּארדרוס.

— ווייסיך וואָס — האָט די טאָכטער זיך אריינגעמישט — מ׳דאַרפן דאַנקען גאָט צוליב צוויי זאַכן: וואָס מיר האָבן זיך אַרויסגע־כאַפּט פון דאָרט פאַר דער שריפה און וואָס מיר זענען געזונט. וואָס איז רייכקייט? א קיילעכיק ראָד, וואָס מ׳ווייסט נישט צו וועמען עס וועט זיך לסוף אַריינקייקלען. נעמט נאָפּרימער, אונדזער שכן, דער מילנער פון שטעטל. איר האָט געזען ס׳אַרא ראָזקאָשנע דירה מיט בוי־מער און סעדער באַלד ביים אריינפאָר? ס׳פעלט אים דען געלט? איז ער אָבער געשטראָפט געוואָרן פון אויבערשטן: קינדער שיין ווי די זון, נאָר וואָס? נישט דאָ געדאַכט — שטומע צינגער!

— שטומע? אַלע? — האָט מאיר זיך האַסטיק אויפגעשטעלט באַלד אָבער צוריקגעקערט צו אַ געמאַכטער רויקייט — אַלע קינדער?...

— שטומע און טויבע נעבעך. נאָר איין זון איז אַרויס א רע־דעוודיקער. פאַר גרויס צער איז ער אוועק ערגעץ ווייט. קומט זעלטן אַהיים ...

מאיר האָט דערשטיקט אַ משוגהדיק קול, וואָס האָט אַ שפּאַר געטאָן אין קעל. דאָס איז געווען ספק זיפץ ספק קרעכץ.

מען איז געשפּרונגען פון טעמע צו טעמע. עס זענען אויפגע־שטאַנען פון פאַרגעסנקייט געשטאַלטן פון שטעטל, עפּיזאָדן פון קאָ־לאָניע־לעבן, פון די ערשטע אימיגראַנטן־יאָרן און פון די קאַמפן מיט דער „געזעלשאפט“

אָבער טיפער אין דער נאַכט האָט דער שמועס אויפגעהערט צו קלעפּן זיך. די שפורן פון לאַנגן אונטערוועגס האָבן זיך געלאָזט פילן. פאַר די געסט האָט מען צוגעגרייט די הויכע בעטן, מיט פרוזשינעס און ווייכע פוך־פערענעס. די ווייס־בלוילעכע ווענט פון דער „ספּאַלניע“ האָבן אַ הימישן פינקל געטאָן מיט זייער ציכטי־קייט. אינעם מיטלסטן גרויסן גאַסט־צימער האָט מען צוזאַמענגערוקט סאָפקעס און אין דער גערוימער קיך האָט דער פעטער אויסגעלעגט

זיך געלעגער אויף דער האַרטער סאָפּקע. דערביי האָט ער אונטער־געברומט.

— אַזוי, אַזוי, אַסור אויב מ׳קאָן וויסן וואָס דער מאָרגן וועט ברענגען. דעריבער, איידער איך גיי שלאָפן און גיב איבער די נשמה אין די הענט פונעם בורא, פאַרגעס איך נישט, למען השם, זיך אויס־צובעטן, פּונקט ווי כ׳זאָל זיך לאָזן, חלילה, אויף מיין לעצטער נסיעה. אָט אַזוי, דעם צוקאָפּנס אין מזרח זייט, אויב מ׳וועט מיך, חס ושלום, אַרויסטראָגן, זאָל מען קיין הקפות מיט מיין גוף נישט מאַכן... גלייך צו מזרח זייט, מיטן קאָפּ צו מזרח זייט...

נאָכן אַריינדרייען די נאַפט־לאָמפּ, האָבן דורך די שפּאַרונעס זיך אַריינגעריסן פּאַסן לבנה־שיין. שווערע זיפצן האָבן זיך געטראָגן אי־בער די צימערן. מאיר איז נאָך לאַנג געלעגן מיט אויפגעפּראַלטע אויגן און געזיונקען אינעם חלל פונעם צימער. ווען ער איז באַהערשט געוואָרן פון שלאָף האָט ער נישט אויפגעהערט צו טראָגן זיך איבער אָפּגעשלאָסענע בריקן, איבער געדיכטע בלאָטעס און זיין ציל איז גע־ווען צו דערגרייכן אַן אנטלויפנדיקע געשטאַלט וואָס טראָגט זיך ווי־בעריש פאָרויס און רייצט זיך מיט אים. ער וויל זי אָניאָגן — דינגען אים נישט די פיס, און ווען ער באַרירט מיט זיינע אויפגעציטערטע פינגער איר אנטבלויזטע פּלייצע, פאַלט אים אין פּנים אַריין, ווי אַ צעוויגטע רוט, דער צעפלאָכטענער צאָפּ און פאַרטושט אים ביז בלינד־קייט...

זיי זענען געבליבן דאָ אַ וואָך צייט. די קאָלאָניע האָט מען גע־רופן לויט דעם נאָמען פון דער באַן־סטאַנציע „לאַ נועווא עסמעראַלדאַ", אָבער די יידישע פּויערים האָבן איר צוגעקלעפּט, פאַרן אייגענעם גע־ברויך, אַ זאַפּטיקן יידישן נאָמען, אַן אַרויסגעוואַקסענעם פון זייערע טיפסטע בענקענישן. זיי האָבן געריפן דאָס ווינקעלע: ראש־פּינה.

דער פעטער האָט דערציילט:

— דו שטייסט, ניאַמע סערדצע, ביים אָנהייב, און ס׳קאָן גריילעך געמאָלט זיך — אויף פרשת־הדרכים, ביים בויען אייער נייעם פּונקט, וועט ווייסטו? די מלחמה וועט זיך בעזרת־השם ענדיקן, יידן וועלן אויף זיכער קומען. ווי דען? דאַרפסטו אויך לערנען פון אונדזערע פעלערן. ווען מיר זענען אַריבער אַהערצו, איך האַרץ פון דער „פּאַמפּאַ", נאָך

די פאַרביטעטע קאַמפּן מיט דער „מומען" (חוזק־באַצייכענונג פאַר דער קאָלאָניזאַציע־געזעלשאַפט), האָבן מיר, אויסערן צוגעוויינען זיך צו דער ווילדער געגנט, געדאַרפט לערנען ווי אַזוי צו בויען די נייע קאָלאָניע.

עס זענען פאַראַן דריי וועגן אויף וועלכע מען בויט דאָ אין לאַנד די יידישע דערפער. איין וועג איז: צו לאָזן יעדן קאָלאָניסט אויפ־צושטעלן זיין הויז ווו נאָר זיין האַרץ גלוסט. דעמאָלט קומט אויס דער מרחק צווישן שכן און שכן אויף גאַנצע קילאָמעטערס און די הייזער זענען צעוואָרפן. דער צווייטער וועג איז, אַז יעדער קאָלאָניסט זאָל אויסבויען די שטוב אין עק פון זיין נחלה און אַזוי ווי די פעלדער זע־נען שמאָלע און לאַנגע, זענען פיר הייזער אַזאַ געשלאָסענע גרופּקע. די דריטע פאָרם — ווי די גוישע דערפער אין רוסלאַנד, די הייזער שטייען אויף איין גאַס אָדער צוויי, וואָס שנײַדן דורך דעם דאָרף. נעבן יעדן הויז איז דאָ אַ קליין גערטל און פרוכט־ביימער; די ברייטע תבואה־פעלדער ליגן ערגעץ ווייט פון דער שטוב. מיר האָבן אויס־געקליבן דעם מיטלסטן וועג. די פעלדער זאָלן נישט זיין צו ווייט פון אויג און די שכנהשאַפט — נישט צעוואָרפן. מ׳קען האַלטן אַן אויג אויף די פאַרזייטע פעלדער און אויך זיך אָפּט צונויפטרעפן.

נו, און מ׳האָט געדאַרפט געבן דעם ישוב אַ נאָמען. בעתן אײַ־נערגיין אויף אײגענער קעסט, באַפרייטע פון די פאַרזאָרגער, האָבן מיר זיך אויך באַפרייט פון דער פליכט וואָס די „מומע" האָט אַרויפגע־צווינגען אויף יעדן ישוב. — מילא ווען ס׳וואָלט זיך געהאַנדלט וועגן אָנדענק פונעם באַראָן, די באַראָנעסע אָדער זייער זון — האָבן מיר עס נאָך געקאָנט ווי עס איז פאַרשטיין. אָבער פאַראייביקן דעם נאָמען פון יעדן באַאַמטן פון דער געזעלשאַפט, דערצו נאָך פון אַסימילאַנטן, האַלבע גויים און שמדניקעס? פאַר וועלכע מעשים טובים?

אין איינעם אַ טאָג זענען מיר געפאָרן באַזוכן די געגנט ווו עס האָבן זיך קאָלאָניזירט די יעקאַטערינאָסלאַווער קאָלאָניסטן. מיר האָבן געוואָלט זיך לערנען ביי יידן וואָס זענען פּויערים נאָך פון דאָרט, פון רוסלאַנד. נו, נו. ווי, וואָס אונדזערע אויגן האָבן געזען! יעדע גרופּע האָט זיך צעלייגט אויף אַ הויפּט־גאַס און גע־טראָגן אַ רוסישן נאָמען: פּערוואַיאַ, וטאָראַיאַ, טריעטיאַיאַ און אַזוי

ווייטער. די זינדלעך און טעכטערלעך זענען אַרומגעפֿאָרן איבערן נאָענטן שטעטל אין לאַקירטע פֿאַעטאָנדלעך, געקנאַקט רוסיש און אָפּ־געהיט די פֿינגער זאָלן חס־ושלום נישט איינגענאָרעט ווערן אין ערד אָרער רעדער־דזשעגעכץ. די פֿעלדער זענען באַאַרבעט געוואָרן דורך אוקראַינער איוואַנעס און סטעפּאַנעס וואָס מ׳האָט אַראָפּגע־בראַכט פֿון דאָרטן. מען האָט געשיקט די זין לערנען אין שטאָט, און ווער עס האָט זיך נישט געקאָנט דאָס פֿאַרגינען, האָט זיי אַוועקגעגע־געבן אַלס פּריקאַזטשיקעס אין שטעטל. די טעכטער האָבן געחלומט פֿון שטאָטישע חתנים און זיך צו די קורניקעס אָדער קי נישט צוגערירט. זיי האָבן גוט אָפּגעהיט די ווייסקייט פֿון פּנימל און אפֿילו אין קלאָזעט אַריין איז מען געלאָפֿן מיט אַ האַנטעך איבערן פּניב פֿאַרדעקט...

— דאָס זענען פּויערים, זענען דאָס? פֿון זיי ווילן מיר לערנען בויען אַ נייע קאָלאָניע?

האָבן מיר באַשלאָסן אַליין צו באַשטיין אונדזער שטעטל. אונדזער לערער און בעל־קריאה, יחיאל זאַפּראַן, האָט אויסגעזוכט אַ יידישלעך־העברעישן נאָמען. פֿאַר די גויים זאָל עס הייסן ווי זייער האַרץ גלוסט. פֿאַר אונדז — ראש־פּינה. עמעצער האָט געקרימט די נאָז, אויסגע־גראַבלט פֿון ערגעץ אַ קעגן־נאָמען, ווי עס איז דער שטייגער ביי עם־ישראל. אָבער עס איז געבליבן ביים פֿאַרגעלייגטן. ווער קאָן אונדז עפּעס אַ דעה זאָגן?...

ס׳האָט אַראָפּגענידערט דער שבת איבערן דאָרף און ניאָמע איז פֿון דאָס ניי, נאָך לאַנגע חדשים פֿון אָפּגעזונדערטקייט, אַרומגענומען געוואָרן פֿון אַ נשמה יתרהדיק געפֿיל. וואָס קומט ווי אַ קילע כוואַליע נאָך אַ שטיקנדיקן טאָג — די שאַרפֿע ענדערונג צווישן קודש לחול.

די שטיבלעך זענען אויסגעפּוצט געוואָרן און אויפֿגעשיינט מיט פֿאַרגרעסערט ליכט. די פֿאָדלאָגעס זענען געווען אויסגעגלעט מיט פֿרישן קו־קיזיק געמישט מיט זאַמד. פֿון די איינגעהייצטע אויוונס איז געגאַנגען דער ריח פֿונעם פֿאַרוקטן טשאָלנט אין די קופּערנע פֿאַנען, און די גרוי׳סע ליאַקן האָבן געזאָטן מיט וואַסער. שבת, נאָכן זיס־קלע־פּיקן דרימל, וועט מען זופּן הייסע טיי בעתן לייענען די גאַזעטן, וואָס האָבן זיך אָנגעזאַמלט איבער דער וואָך. דאָס ווייב אָדער די עלטערע טאָכטער לייענען פֿאַר די פֿאַרזעצונגען פֿון די שפּאַנענדיקע ראָמאַ־

יען און די מענער שמועסן וועגן דער צעפלאקערטער מלחמה. צווישן מנחה און מעריב, אין די ביך השמשותדיקע פארנאַכטן, ווען די ברייטע פעלדער ווערן פאַרגאָסן מיט דער פורפור־שקיעה, קומט דער עלטערער דור זיך צוזאמען אין שילכל. דאָרט פילפולט מען זיך וועגן היימישע ענינים, פון פערד און קי, און מען וויקט אַרויס בקיאות אין אַלץ וואָס עס קומט פאָר אין דער ווייטער וועלט. אין א דערנעבנדיקער פון בלעך געבויטע געביידע, וווּ עס געפינט זיך די קליינע ביבליאָטעק, נעמען זיך צונויף די יונגע פון דאָרף און פארברענגען אויף זייער שטייגער, זיי זינגען ידישע לידער און העברעישע מיט אן אשכנזישער הברה. מען שפילט אין פאנטן און מען פארבינדט ליבעס צווישן זיך. דאָ לייענט מען די נייע ביכער, זיצנדיק אין א קרייז און טרינקענדיק די מאַטע. שבת איז מען נישט געפאָרן אין ערגעץ און קיין שום ארבעט נישט געטאָן. אַלץ האָט גערוט און די שלווה איז געלעגן אויסגעגאָסן איבערן דאָרף. ביי א שמאָל טירל איז געזעסן די ניינציק־יעריקע ראזנישטקע און אירע דארע צעקרימטע פארמעט־הענט זענען געווען צו־זאמענגעלייגט אויף איר שויס. יעדן דורכגייער האָט זי צוגעוואָרפן: „אַ גוט שבת דיר! דו, ווער ביסטו, נחמנקע? נישט זיידל? איי, איי, וועסט שוין אמאָל צו דער חופה גיין?"...

* * *

נאָכן שבת איז געקומען דער וואָכן טאָג, און ניאָמע האָט אָפּ־געשטאט וויזיטן ביי די ליטווישע קאָלאָניסטן. ער האָט געוואָלט לער־נען פון אלע זייערע דורכגעמאכטע וועגן. יעדן אָנבאָט זיך אָנצושליסן אין דער קאָלאָניע האָט ער אויפגענומען שטילשווייגנדיק. ער האָט בלויז צוגעשאָקלט מיטן בערדל און טיילמאָל צוגעגעבן: נו, מירן זען, עס ברענט דאָך נישט!

א וואנדרונג איז געקומען דווקא פון דער זייט, פון וועלכער ער האָט זיך נישט גערעכט. אין אָנהייב האָט מען ביים פעטער אין הויז זיך געשושקעט צווישן די ווייבער. מענדל, דער איידעם מיט די שווארצע אייל־ציגיינערישע אויגן, האָט אָנגעהויבן וואָרפן אָנצוהערענישן, ביז ער האָט שוין נישט געצעגערט, א נעם געטאָן ניאָמען אין א זייט און ארויסגעפּראַלט:

— אייער זון, ר׳ ניאָמע, האָט זיך פאַרבליאָפּעט אין אַן אונדזע־ריקע, נישט אויף קיין קאַטאָוועס...

— אזוי? — האָט ניאָמע אויסגעשטעלט די אויגן — אין וועמען?

— נו, דאָס איז דאָך די צרה, אין דער שטומער...

א רגע האָט ער געפילט ווי א פארחלשטקייט וואָלט אים א נאָג געטאָן ביים האַרצן. פאר זיינע אויגן איז אויפגעוואָקסן זיין זון, א צו־זאמענגעדריקטער, פארשלאָסענער אין זיך, איינגענורעט אין די שטי־לע ווינקעלעך. פון זיינע לאנגע פינגער האָבן צייטנווייז ארויסגערונען די נאָגנדיקע ניגונים. ער האָט זיך דערמאָנט הערשלס בליק, וואָס האָט זיך געשניטן אין דער ריכטונג פון די ווייצן־סטויגן און ער האָט נאָך געהערט זיין עצה: — „אים דארפסטו מיטנעמען טאַטע, זאָל ער זיך צעשטרייען״ — צי איז מאיר דאָ פאַרכאַפּט געוואָרן פון דער ערשטער פרויען־געשטאַלט? וואָס טוט זיך דאָ? צי האָט ער אַליין געפירט זיין זון צו דער עקדה?

— איר ווייסט וואָס איר רעדט? א פּאָר טעג בלויז ווי מיר זענען דאָ. האָט איר נישט קיין טעות? ווערליק איך קען מיין מאירן איז ער נישט אזוי לייכט צום פלירטעווען.

ער האָט כמעט ווי א בייזער געטאָן זיך און דורך דעם געוואָלט איבערצייגן דעם פריילעכן מענדלען, אז ער האָט א טעות געהאט. יענער איז אָבער נישט געווען פון די נאָכגעבער און פאר קיין הויכן טאָן זיך נישט איבערגעשראָקן:

— שוין צוויי פארנאכטן, ווי אייער מאיר פארקלייבט זיך צווישן די ביימער, נישט ווייט פון איר פענצטער. און וואָס מיינט איר טוט ער דאָרט? ער זיצט צווישן די ביימער און שפּילט אויפן פידל...

— אויפן פידל? אויף וועמענס פידל? צי האָט ער אים דען מיטגענומען?

— וואָס מיינט איר, אין אַ וואַלד געפינט איר זיך? — כּלי־זמרים, ברוך השם, פעלן אונדז נישט. מיין אייגענער ברודער איז אַ קאַפּעלמייסטער און שפּילט אויף אַלע חתונות פון דער געגנט און ביי אים טאַקע האָט ער עס געקריגן. וואָס טוט מען נישט צוליב דער ליבע וואָס ברענט?...

— ליבע — שמיבע, אויסגעטראַכטע מעשיות — האָט ניאָמע

געחוזקט — וועמען וועט איר איינרעדן א ליבע אָן ווערטער? סתם רכילותן...

— אויגן נאַרן נישט אָפּ. און מער ווי איך פּאַר אויגן האָבן עס צוגעזען — האָט מענדל אַנגעהאַלטן זיין גלייכגעוויכט — געכטן פאַרנאַכט בין איך געגאַנגען אויפן וועג צו דער מיל. פלוצלינג האָב איך געהערט שפּילן אַ פידל. מאיר איז געזעסן אויף אראָפּגעפאלענע בלעטער הינטער אַ בוים און געפירט מיטן סמיטשיק. ער האָט אפילו נישט געקוקט צום הויז פונעם מילנער. דורכן פענצטער האָט ארויסגע־קוקט די שטומע רייזל, און כ'וואָלט געקאָנט שווערן, אַז זי באַנעמט זיין שפּילן. אירע גרויסע אויגן זענען געווען מער צעעפנט און טרערן זענען גערונען איבער אירע באַקן.

ניאָמע האָט זיך אראָפּגעזעצט אויפן בענקל און באַטראַכט די אַרומיקע. ער האָט געזען ווי באשקע ווישט אויס א טרער.

— נאָך אַלעמען — האָט ער זיך אָפּגערופן — אויב איז עס א באַשערטע זאַך, איז נישטאָ וואָס אָפּצושרייען. און אויב אַ שטומע — דארף זי נישט געפינען איר זיווג? צוויי מאָל געשטראָפט ווערן? גאָט זאָל נאָר העלפן און די צרה זאָל נישט איבערגיין ווייטער... מילא, אבי א טאטנס א קינד.

— און נאָך ווי! — האָט מענדל האָפערדיק אויסגערופן — גאָל־דענע הענט! א ליכטיק פנים און שווארצע קודלעס ביז די קנעכלעך...

צומאָרגנס האָט מענדל גענומען אויף זיך די מצווה און גע־כאַפּט א שמועס מיט זיידל דעם מילנער. אָנגעהויבן האָט ער מיט רמזים און שפּעטער איז ער צוגעטראָטן צום ענין. ער האָט אים דער־ציילט וועגן דעם תלמיד חכם און משכיל, וואָס וויל פארלייגן א נייעם ישוב און זיצט אָן פּחד אין א ים פון גוים. איינער פון זיינע זין האָט נאָר אַ בליק געטאָן אויף רייזלען, און צוגעזאָגט געוואָרן. ער שפּילט ביים פענצטער אויפן פידל, כאָטש ער ווייס, אז זי הערט נישט. הקיצור, מ'מוז א טראכט טאָן וועגן תכלית נאָך איידער די געסט טראָגן זיך אָפּ אַהיים.

דער פול לייביקער זיידל, וואָס זיין אָפּגעריבענער אָנצוג איז גע־ווען עטוואָס איינגעשמירט אין מעל, האָט א לייכטן גלעט געטאָן דאָס בערדל. ווי נישט צו ווערן נתפעל און ווי די טבע פון פארנומענע

מענטשן — האָט ער אַרויסגעצויגן דעם שווערן זילבערנעם דיגער פון קאמזויל־קעשענע און א קוק געטאָן אויפן ציפערבלאט ווי איינער זאָגט: וואָס איז די אײלעניש? צייט איז ביי גאָט! ער האָט אוועקגעשטעלט זיך פּאָפּעריק מיט אן אומגעריכטער פראגע:

— און ווען אפילו יאָ, ווו וועלן זיי וווינען, כ׳מיין די יונגע פּאָר? כ׳וועל זי אוועקשיקן, די טויב מיינע, אין מדבר?

א וואָרט פאר א וואָרט — און מ׳האָט זיך אויסגעגלייכט. אין אָונט זענען ביאַמע מיט זיין משפחה און דער פעטער מיט זיין הויז־געזינד איינגעלאַדן געוואָרן אין מילנערס הויז. די געסט האָבן זיך פארזאמלט אין געררוימען זאל און ביי די גלעזער טיי מיט זיס־פאר־צוקערטער ווארעניע איז ביסלעכווייז אריינגעטראָטן די היימישקייט. מ׳האָט אויסגעגראבלט געמיינזאמע באַקאַנטע און קרובים פון דער אַלטער היים, געהערט עפּיזאָדן וועגן מילנערס משפחה, וואָס איז שוין לאנגע יאָרן אין לאַנד. זי איז געווען דער פארמיטלער צווישן די ליטווישע מורדים און דעם שפּאַנישן גוט־באַזיצער ביים אָפּקויפן די נחלות פארן נייעם ישוב. באשקע האָט געוואָרפן זייטיקע בליק אויפן שטומען מיידל, וואָס איז געזעסן אין עק פון טיש. ווען זי האָט באַמערקט ווי מאיר, וואָס איז געזעסן נעבן פאָטער, ערנסט און אָנגע־צויגן, באַטראַכט צייטנווייז זיין אויסדערוויילטע מיט שנעלע הייסע בליקן און ווי זי ענטפערט אים שטום־שמייכלענדיק — האָט זי זיך נישט געקאָנט איינהאַלטן, צוגעשאַרט זיך צו איר, אריינגענומען איר שיינעם קאָפּ צווישן די אויסגעארבעטע הענט אירע און איר א קוש גע־טאָן אין דעם שטערן. זי האָט נישט אויסגעהאַלטן דעם קוק פונעם מיידל, וואָס האָט איך שטומקייט אזויפיל דערציילט. זי האָט אָפּגעווענדט איר פּנים, אז מען זאָל נישט באַמערקן ווי טרערן האָבן א פלייץ געטאָן איי־בער די אָפּגעצערטע באַקן.

מען איז אריבער צו ריידן וועגן שרייבן תנאים און וועגן דער פּאסיקער צייט אויף צו באַשטימען די חתונה.

די ניינציק־יעריקע ראָזנישטקע איז געזעסן ביים טירל פון איר הויף און ווער עס איז פאַרביי האָט זי מיטן שטעקן אים צוגערופן און אריינגעטענהט:

— אַ חתונקע רוקט זיך אָן, קינדערלעך — זי האָט זיך אַ שטעל

געטאָן, אָנגעשפּאַרט אינעם שטעקן און איר קליין פאַרמעט־פּנימל האָט זיך צחאַמענגעלייגט אין פאַלדן ווי די קנייטשן פון אירע לאַנגע קליי־דער. זי האָט זיך אַ דריי געטאָן אַרום שטעקן, געבויגן די קניען און ווי אונטערגעטריבן: „נו, מענדעלע ממזר, וואָס ביסטו אַזוי פּויל געוואָרן? הייב אַ פּיסל, מענדל"...

* * *

די פור איז שוין געווען געשפּאַנט און די משפּחה האָט זיך אויסגעזעצט אויפן האַרטן ברעטל. מ'האָט זיך געזעגנט מיטן פּע־טערס הויזגעזינד, מיט די שכנים. דער פעטער האָט אַ קראַץ גע־טאָן די קורץ געשוירענע פּאַטיליצע אויש דאָס הייכע היטל מיטן האַרטן דאַשעק האָט זיך אַ קער געטאָן איבערן צעאַקערטן שטערן. ער האָט זיך אָפּגערופן:

— איז וואָס בלייבט, ניאָמע, פון דיין באַזוך? איך ווייס דאָך וואָס עס מאַטערט דיך, זון מיינער! מיר וועלן זיך סטאַרען צו באַ־קומען פאַר אייך אַלעמען אַ בכבודיקע נחלה. ווי נאָר דו וועסט באַשליסן, וועלן מיר נאָכקומען...

ניאָמע האָט פאַרביסן די ליפּן. ער האָט דערזען זיין איינזאַמע כאַטע, די קינדער ביים שעפּן דאָס פרישע וואַסער פון ברונעם, וואָס ער אַליין האָט אויסגעגראָבן, דאָס בריקען פון די פערד, וואָס פּאַשען זיך אין דער אָפּגעצוימטער „פּאַטערראָ" (פּאַשע פעלד), ווי נאָך די זומער־רעגנס זענען אויפגעגאַנגען פון דאָס ניי די גרינע שפּיזלעך פון די פאַרלאָרענע ווייצן־זערנעס. ווי אַרומגענומען פון פּחד, אַז עמעצער שטופּט לאַנגזאַם אָפּ פון אים די היימישע בילדער, האָט ער פאַרדראָסיק זיך אָפּגערופן:

— וואָס מיינט איר, ס'איז עפּעס אַ קינדער־שפּיל? איך האָב דאָך עמעצן דאָרט איבערגעלאָזן. מיט מיין הערשלען דאַרף איך זיך נאָך מיען זיין!

דער וואָגן האָט גערירט און אויפגעהויבן דעם שטויב פון גאַס. די הינט, וואָס האָבן זיך שוין געהאַט צוגעוווינט צו די געסט, האָבן זיך איצט פרעמד און דראָענדיק אַ ריס געטאָן אין אַ ווילטער בילעריי. צווישן טאָפּאָליעס האָבן צוויי שוואַרצע אויגן נאָכגעקוקט דעם וואָגן, וואָס איז לאַנגזאַם פאַרשוווּנדן הינטער אַ פאָרהאַנג פון שטויב און שטרעקעס.

פופצנטער קאַפּיטל

# דאָס אוממעגלעכע איז די שפּייז פון די שוואַכע

הערשל איז געווען עטוואָס צעדרודערט ווען ער האָט, דורך איי־נעם פון די פּעאָנעס פון דער עסטאַנסיאַ, באַקומען דאָס קליינע צע־טעלע אונטערגעשריבן פון וויקטאָריאַן. אין דראָבנע קלאָרע אותיות האָט זי לאַקאָניש געבעטן תיכף צו באַזוכן די עסטאַנסיאַ. ער דאַרף זיך ווענדן אין רעכטן פליגל פונעם גוט און דאָרט וועט זי אויף אים וואַרטן.

טראָץ אָט די פלוצלינגדיקע ווענדונג, הגם תמיד פלעגט זי אַליין קומען אַהער און שמועסן מיט אים — האָט ער געצעגערט. לאָזן די ברידערלעך אַליין? ער איז דאָך געבליבן אין דער היים ווי אַן אויפ־זעער איבערן הויף און הויזגעזינד. ער האָט איר געענטפערט דורכן שליח, אַז ער קאָן די שטוב נישט פאַרלאָזן. זאָל זי אָפּלייגן די טרע־פונג אויף אַ צווייט מאָל. אָדער... ניין! בעסער אַזוי, אויף אַ צווייט מאָל. ער האָט זיך איצט געוואָקלט אויפצונעמען זי אין דער כאַטע.

אָבער נאָך דעם ווי דער רייטער האָט אוועקגאַלאָפּירט איבערן פעלד, איז הערשל שטיין געבליבן און זיין בליק האָט אַ פאַרלוירענער געבלאָנדזשעט איבערן האָריזאָנט. ער האָט אַ קוק געטאָן אויף דער זון: עס איז נאָך ווייט פאַר מיטאָג. אפילו מיטן פּאַמעלעכן גאַנג פון זיין רייט־פערד וועט ער ביז מיטאָג־שעה זיין אין דער עסטאַנסיאַ, און שפּעטסטנס פאַר זון־פאַרגאַנג — קומען צוריק. וואָס קאָן דאָ געשען אין מיטן העלן טאָג? נאַרישקייטן...

אָנגעפּאַיעט די געבליבענע פערד, צוגעשפּאַרט די קו מיטן קאַלב

אינעם קאַראַל און אָנגעזאָגט די קינדער וואָס צו טאָן אין דער ווירט־שאַפט — האָט ער אָנגעזאָטלט דעם ווייס־געשפּרענקלטן „מאַלאַקאַראַ" און זיך אָוועקגעהוידעט איבער די באַגראָזטע סטעזשקעס.

ביי דער איקאַליפּטוס־אַלייע האָט ער זי באַגעגנט. דאָרט האָט זי זיך געשפּילט מיט אַ קלייך הינטל. אים דערזען האָט זי זיך אויס־געגלייכט און די ברייט־אַראָפּפאַלנדיקע פאַלדן פונעם קלייד האָבן אַ לייכטן שאָרך געטאָן.

— איך האָב געוווּסט, אַז איר וועט קומען — האָט זי געזאָגט און אויסגעשטרעקט די האַנט.

— פון וואַנעט האָט איר געהאַט די זיכערקייט?

— שווער צו זאָגן. אַזאַ מין פאַרגעפיל. און אפשר — ווייל איך האָב באמת געוואָלט, אַז איר זאָלט באַלד קומען! — זי האָט אים איינ־געלאַדן איר נאָכצוגייען.

הערשל איז רויט געוואָרן און זיך האַסטיק אומגעקוקט צי עמי־צער האָט אירע רייד נישט געהערט. די אַלייע איז געווען פוסט פון מענטשן, בלויז ביים סוף האָט אַ גערטנער זיך געשלייכט.

— אַ גלאָז קאַפע? — האָט זי אים געפרעגט.

ער האָט איינגעשטימט און אויף דער וועראַנדע פון גרין־רויט געפאַרבטן פליגל פון גוט האָט אַ באַרוועסע שוואַרצינקע דינסט אריינ־געבראַכט אויף אַ געפלאָכטענער טאַץ געדיכטע קאַפע און סוכאַרעס.

אַ ווײַלע האָבן זיי געטרונקען און געשוויגן. בלויז דאָס קרישלען זיך פון די קרוכע סוכאַרעס צווישן די ציין האָט זיך געהערט אין דער שטילקייט. פון אָט דעם ווינקל איז, ווי אין אַ דינער ראַם, געלעגן אַ פאַרמאַטערנדיקער איינטאָניקער פּייזאַזש: אָן אָפן פעלד, וואָס ציט זיך ביז פאַרלוירנקייט, אָן איינזאַמער בוים און אַ זיך־דרייענדיקע וואַסער־מיל אין דער ווייט. די סטאַדעס אויף די פּאַשע פעלדער האָבן זיך גע־מיניעט ווי קליינע קוים באַוועגלעכע פּינטעלעך...

— איר אײַלט זיך? איר זענט אודאי נייגעריק צו וויסן, פאַר־וואָס פּלוצלינג מיין איינלאַדונג און מיט אַזא צודרינגלעכקייט, נישט אמת? — אירע גרויסע לאַנג־באַברעמטע אויגן האָבן געשמייכלט.

— איך האָב איבערגעלאָזן די קינדער אליין, איך מוז באַלד צו־ריקקערן זיך.

— דאָס אליין?

— אויך אַ ביסעלע נייגעריק.

— גוט — האָט זי זיך אויפגעשטעלט — מיר וועלן צוגיין צו דער אלטער פעסטונג. דאָרט וועלן מיר קאָנען רעדן אומגעשטערט. — דער אומקלאָרער טאָן אירער האָט אים באַאומרויקט און זיין האַרץ האָט אָנגעהויבן קלאַפּן האַסטיקער.

די זון האָט געבריט פון מיטן הימל מיט שפּעטזומער־פייער. דער באָדן האָט געפלאַמט און די ביימער האָבן נאָכגעלאָזן די פארחלשטע צווייגן. זיי האָבן זיך אוועקגעזעצט אויף א שטיינערנער באנק. איבערן קאָפּ האָבן די קאנאָנען־רערן פון דער אלטער פעסטונג פארריסן די צעעפנטע פאַרראָסטעטע פּיסקעס.

— שוין אַ צייט ווי איך האָב מיט איך געוואָלט רעדן וועגן דעם, און עס תמיד אָפּגעלייגט. דערווייל בין איך געווען אויף אַ באַזוך אין בוענאָס־איירעס.

— וואָס פאַראַ שייכות האָט עס צו מיר? — האָט ער איילנדיק אַ פרעג געטאָן.

— איר, גרעגאָר, דער מוטיקער רעוואָלוציאָנער — ווי קאָנט איר זיצן דאָ, ווי אויף אַ פארשיקונגס־אינדזל?

— וואָס, איר ווילט מיך צוריקשיקן צו די רעוואָלוציעס? איר פאַרגינט מיר נישט די רו? — ער האָט זיך לוסטיק געחוזקט איבער אירע רייד. זי איז אָבער געבליבן ערנסט.

— יאָ, איך וויל איך זאָגן אָט וואָס: איר האָט אין מיר אויפגע־וועקט א באַהאַלטענעם חשק צו אַקציע. איר האָט מיך אָנגערעגט, דורך רייד און אייער פאַרגאַנגענהייט, צו גיין אין דער וועלט פון אידעאַלן. צוליב זיי איז כדאי צו לעבן און קעמפן. איך האָב אָבער דעם איינדרוק, אז צוזאמען מיטן איבערגעבן מיר אייער רעוואָלוציאָנערן נעקטאַר זענט איר, ווי די בין, אליין אָפּגעטויט געוואָרן...

— אזוי? א רחמנות אויף מיר. ממש א לעבעדיקער מת. ווי ביי דאָסטאָיעווסקין.

— לאַכט נישט, גרעגאָר, און איך וויל אייער פּאַרגליווערונג אָפּ־האַלטן דורך באַגייטער אַרבעט. נישט דאָ איז אייער פּלאַץ, מיין פריינד. איך וויל פאָרלייגן, אז מיר זאָלן זיך באַגעגענען אלע דריי: ליפּאווין, איר און איך. דריי וועלן אַרויס אין וועג: איר, דער רע־רעוואָלוציאָנער, ער, דער אינטעלעקטואַל און טאַלאַנט און איך, מיט מיין אויפגעלעבטן חשק און ווילן. א פרוי צווישן די דריי — איז אויך עפּעס...

ער איז געבליבן געפּלעפט. אויף וועלכע וועגן וויל זיך אָט די אדעליקע דאַמע דערשלאָגן אין איר זוכן ווי אַזוי צעשטרייען איר צייט?

— דאָס איז דאָן־קיכאָטיזם, מאַדאַם. וואָס הייסט מיר וועלן זאַל־בעדריט זיך אַרויסלאָזן אין וועג. וועלכן וועג? וואלגערן זיך וועגן אויף די גאַסן? איך האָב נישט די מינדסטע שטרעבונג צו ענדערן א געזעלשאַפט וואָס איך קען נישט; איך האָב נישט דעם מינדסטן געפיל פון האָס קעגן עמעצן. און אָן האַס און צאָרן איז שווער צו קעמפן...

— און פאַרוואָס נישט ליבן? — האָט זי כמעט ווי אָנגעשריגן אויף אים מיט א טריאומף־מינע — אויך די ליבע צו עמעצן, צו ליידנ־דיקע, צו באַדאַרפנדיקע, איז גענוג אויפצושטעלן באַריקאַדן... עס וווּנ־דערט מיך, דאָס זענען דאָך אייערע רייד! אפילו די ליבע צו א מאַן, צו א פרוי. דאָס איז דאָך אַ ריזיקער כוח...

— די דאָזיקע ערד, דער ברייטער האָריזאָנט, די פרייע לופט וואָס מיר אָטעמען — זיי האָבן אויסגעקילט דעם פיבער פון די פאַרגאַנגענע טעג. איך זע דערוויל דאָ נישט קיין געשפענסט... מיין שלאָף איז דער־ווייל רויק.

— אָרעמער איינגעשלאָפענער טיגער! — האָט זי אים געגלעט.

ער איז רויט געוואָרן. א ציטער איז אים אדורך איבערן לייב.

— נאָך עפּעס, וויקטאָריאַ, מיר זענען געסט אין דאָזיקן לאַנד. נאָך נישט אויסגעגרינטע אימיגראַנטן. וואָס פאַרא רעכט האָבן מיר זיך אריינצומישן אין דער לאַנדס־פּאָליטיק און באַשטימען איר גורל? און

דערצו: מיר זענען יידן, און דאָס איז אונדז מחייב צו פּאַרזיכטיקייט.

— און דאָרט? דאָרטן זייט איר קיין יידן נישט געווען? און פאַר־וואָס רעכנט זיך נישט ליפּאווין מיט אַזעלכע פּאַראַורטיילן?

— ליפּאווין? ער איז דאָך אין לאַנד געבוירן. צווייטנס, ווער זאָגט דען, אַז איך מוז מיט אַלץ וואָס ער טוט מסכים זיין?

— איר קאָנט נישט, גרעגאַר, איר טאָרט נישט אוועק אויף אַזאַ וועג. איך פאַרשטיי אַז איך איז נויטיק א קורצע אָטעם־פּויזע בכדי פון דאָס ניי זיך אליין צוזאמענגעמען. אָבער איר דאַרפט עס טאָן מיט פולן באַוווסטזיין, נישט מיטגעשלעפּט ווערן. איך זאָג עס אייך אָפן נאָך אַ מאָל: נישט דאָ איז אייער פּלאַץ, מיין פריינד, עס לויערט אויף אייך א גייסטיקע איינגעשרומפּנקייט...

— און איר? פאַרוואָס האָט איר אויסגעקליבן אָט דעם וועג?

זי האָט טרויעריק געשאָקלט מיטן קאָפּ:

— איך האָב עס געטאָן פרייוויליק, מיטן קלאָרסטן באַוווסטזיין. איך בין אוועק פון שטאָט, אָבער עס איז מיר געווען גענוג קלאָר ווען זיך צוריקצוקערן. איצט האָט געשלאָגן די שעה. איר האָט מיר דעם צייכן געגעבן, און אליין בלייבט איר אין שאָטן?

— וואָס אייגנטלעך ווילט איר פון מיר? — ער האָט זיך אָפּגע־שטעלט און צענומען די הענט — איך האָב נישט דעם מינדסטן דראַנג צו באַנייען אין וועלכער עס איז פאָרם מיין רעוואָלוציאָנערע פאַרגאַנ־גענהייט. פשוט, ס'איז מיר גוט אזוי, וווּנדערבאַר גוט, אויסגעשפּאַנט און פריי. פאַרוואָס זיך פּלאָגן קעגן מיין ווילן? און דערצו — איך דאַרף העלפן מיין משפחה.

— און נאָך דעם? — האָט זי נישט נאָכגעלאָזן.

— וועלן מיר זען... אויף יעדן פאַל וועל איך נישט געצויגן ווערן אויטאָמאַטיש.

די שטילקייט און די היץ האָבן זיך אריינגעשניטן צווישן זיי און ווי אויסגעשעפּט די פרישקייט פונעם שמועס. זי האָט נערוועז און שנעל געפּויקט מיט די פינגער איבער דער שווערער שטיין־באַנק, אויף וועלכער זיי זענען געזעסן:

— איר זענט א יונגער קרעפטיקער מאַן, גרעגאַר, צי האָט איר

נישט די באַדערפעניש זיך אויסצולעבן ווי א מאַן אין דער געזעלשאַפט פון פרויען?

די אומגעריכטע ווענדונג אין אירע רייד האָט אים פאַרווירט. פאַר אים איז איצט נישט געזעסן מער די אדעליקע דאַמע וואָס פאָדערט דיסטאַנץ און פאַרזיכט. זי האָט א לייכטן שוידער געטאָן. ער האָט אים געפילט ווי א ציטערנדיקן בליק, וואָס פאַרלירט זיך אויף די בערג.

— מאַדאַם, אויך איר האָט אויף זיך גענומען אַפּגעזונדערטקייט.

— איך האָב געהאַט דערצו וויכטיקע מאָטיוון; איצט אָבער איז געקומען די שעה פון צוריקקער. מיין לעצטער באַזוך אין דער הויפּט־שטאָט האָט צוגעאיילט דעם באַשלוס. איך ווייס, אַז עס איז פאַר מיר א שווערער פרווו, אָבער איר דאַרפט וויסן, אַז אויך ליפּאָווין האָט דאָ געווירקט...

— ליפּאָווין? ער האָט אייך געעצהט זיך צוריקקערן אין שטאָט אריין?

— נישט דאָס, מיין פריינד. איך גיי נאָך מיין אייגענעם ווילן. איך ווייס אַז דאָס איז קאָמפּליצירט און געפערלעך, אָבער מינדעסטנס וועט די אקטיווקייט מיך אויסליזן...

זיין איבערראַשונג איז געשטיגן. נישט צוליב איר צובונד צום דאַרפס־שרייבער אָדער די יאָרן וואָס שיידט זיי פונאַנדער. ער האָט זיך דערמאָנט אינעם אינטימען געשפּרעך אויפן בוידעם־שטיבל ביים שרייבער נאָך האַלבער נאַכט. ס'איז פאַר אים קלאָר געווען, אַז טראָץ אַלע אומוואַנדלונגען איז ליפּאָווין פאַרפלאָנטערט אין דער נעץ פון דער אויסזיכטלאָזער ליבע פון דעם פאַרוואַלטערס פרוי.

— און ער ווייסט דערפון? — האָט ער געוואַגט צו פרעגן — און איר... יאָ, צי ווייסט איר וועגן זיינע פאַרפלאָנטערנישן?

— יאָ, — האָט זי שטיל צוגעגעבן — מיר ווייסן ביידע, און דאָך גייען מיר ביידע צו דעם אוממעגלעכסטן.

— באַוווסטזיניק?

— יאָ, באַוווסטזיניק, און דאָס וועט אונדז אָפּהיטן פון פייער.

— ווי אזוי?

— דאָס איז אייגנטלעך וואָס איך פארלאַנג פון אייך. אויך איך אונדזער לאַנד איז פאַראַן נויט, עקספּלאָאַטאַציע און אויף די גאַסן איך בוענאָס־איירעס קומען פאַר מאַניפעסטאַציעס פון שטרייקנדיקע. קלעפּ און ארעסטן שיטן זיך אויף די קעפּ פון די אַרבעטער־פירער. עס איז זיך צעוואַקסן אַ נעץ פון פאָרגעשריטענע קאַמפּס־באַוועגונגען. מיין ברודער שטייט בראש פונעם „קרייז פאַרן פרייען געדאַנק". ליפּאָווין הייבט אויך אָן צו ווערן אַקטיוו, פארוואָס זאָלט איר דווקא שטיין אין אַ זייט און מיר נישט העלפן אַריינפּלעכטן זיך אין זייערע רייען?

— און אייער ברודער? און ליפּאָווין? די קאַנען אייך אין דעם נישט העלפן? — האָט ער זיך געוווּנדערט און געוווּרט זיך.

— מיין ברודער וועט זיך אויסלאַכן פון מיינע פאַרלאַנגען. ער איז געוווינט צו זען אין מיר די קאַפּריזנע דאַמע. ביי דער זייט פון ליפּאָווין זעל איך שטיין אויב עמעצער א זייטיקער וועט מיר ארויסהייבן. איר, קאָנט עס טאָן...

— נישט איצט, וויקטאָריא. די פליכט צו מיין משפחה פאַרנעמט איצט ביי מיר דאָס ערשטע אָרט. די צייט וועט אפשר ענדערן מיין מיינונג.

זי האָט זיך אויפגעשטעלט און אויסגעצויגן איר עלעגאַנטן גוף.

— די צייט קאָן אויך ארבעטן קעגן אייך. איך וויס, צום ביישפּיל, אַז אָן אייער וויסן אפילו וועבט זיך אויס א שטילע טראַגעדיע ארום אייער פּערזאָן. איר וועט נישט גלויבן... איך וועל עס אייך זאָגן קלאָר — מירא. דאָן כואנס איניקל.

ער האָט אָנגעכאַפּט איר האַנט און פעסט זי א דריק געטאָן:

— מירא? מירא זאָגט איר? וואָס פאַראַ שייכות האָט זי צו מיר?...

— יעדעס מאָל ווען איך פאָר אייך באַזוכן, ווען איך קרייז דורך די פּאַשע־בערגלעך נעבן זייער ראַנטשאָ, באַגלייט זי מיך אויף איר ווייסן פערד. ווען איך שטייג אָפּ, טוט זי דאָס זעלבע אויף אַ דיסטאַנץ און פאַרשטעקט זיך הינטער אַ קוסט. ווען איך קום ארויס צוריק פארשווינדט זי אין דער ריכטונג צו דער „לאַגונאַ"... איר געדענקט יענע טרעפונג? זי טוט עס צוליב אייך... איך וויס עס אויף זיכער...

ער האָט זיך באַמיט נישט ארונטערצופאַלן אונטערן איינדרוק פון

איר מאָדנער אנטדעקונג. ער האָט זיך נישט געקאָנט דערמאנען צו האָבן ווען עס איז געזען די קליינע אינדיאנער־אָפּשטאַמיקע מירא אין דער נאָענטקייט פונעם הויף. אינעם ערשטן טאָג פונעם שניט איז זי אַראָפּ־געקומען רייטנדיק ביי דער זייט פון איר זיידן. האָט ער דעמאָלט גע־קאָנט באַמערקן עפּעס אינעם בליק פון אירע אויגן? צי איז דאָס נישט קיין אויסגעטראכטער מאַנעוור פון דער קאַפּריזנער דאמע ארויסצו־שלאָגן אים פון זיין גלייכגעוויכט?

— נאַרישקייטן! קינדערשע נארישקייטן! — האָט ער קאטעגאָריש געענטפערט — מיך וווּנדערט אויף אייך, וויקטאָריא. איר געפינט אויס שטענדיק דאָס אומפארשטענדלעכע פונקט ווי איר זוכט תמיד דאָס אוממעגלעכע...

זי האָט אים דערלאנגט די האַנט צום געזעגענען זיך. ער האָט א נעם געטאָן אויך איר צווייטע האַנט ווי א צייכן פון אינערלעכער סימ־פּאַטיע, וואָס איז אין אים אויפגעגאַנגען און ער האָט אַריינגעקוקט אין אירע גרויסע אויגן. אַרום די לעפלעך און אינעם שאָטן פון בלוילעכע רויכעלעך האָבן זיך אָנגעהויבן צוזאמענלייגן די ערשטע קליינע פאַל־דן פון דינער דורכזיכטיקער הויט. ער האָט דערזען די ערשטע סימנים פון א דענקענדיקער פרוי וואָס האָט פארביטן די צעבאלעוועטע קאַ־פּריזנע דאַמע פון דער אווענידא קינטאַנאַ.

און ווען זיי זענען ארויס פון הינטער די שמאָלע שאָטן־פּאסן פון די פארראָסטעטע קאנאָנען האָט זי נאָך א שטילשווייגן אים געזאָגט:

— איך וויל, אַז איר זאָלט מיך פארשטיין: אין א באַגרענעצטער וועלט איז דאָס אוממעגלעכע די שפּייז פון די שוואכע...

זעכצנטער קאַפּיטל

# אַ פרעמדע פּלאַנץ

יענע נאַכט האָט ניאָמע נישט געקאָנט צומאַכן קיין אויג. דער געזונטער דאָרפישער שלאָף, וואָס קומט ווי אַ פאַרגיטיקונג נאָך אַ טאָג פון שווערער האָרעוואַניע, איז פון אים אָפּגעטאָן געוואָרן. אַ יוגנטלעכע פרישקייט האָט געצאַפּלט דורך די נערוון, די דערוואַרטונג האָט אים געטרייסלט אויפן געלעגער.

אויך באַשקע איז פונעם בעט־סקריפּען וואַך געוואָרן און שטיל אַ פרעג געטאָן אין דער פינצטער:

— ווילסטו עפּעס, ניאָמע, דער קאָפּ טוט דיר ווי?

— גאָרנישט, מיין ווייב, לאָמיר שלאָפן. מאָרגן דאַרף מען פרי אויפשטיין. מיר פאָרן דאָך „זיי" אָפּנעמען... שוין שפּעט.

„מאָרגן". אָבער דער פאַרטאָג האָט שוין אָנגעהויבן צו שאַריען און באַרירט מיט לייכטע פליגל די פינצטערניש.

דער שלאָף האָט אויף אים קיין שליטה נישט געהאַט. מער ווי אַ יאָר ווי ער קוקט אויס אָט די פייערלעכע מינוט, און אַצינד קען ער זיך צווווינטשן: לאַנגע שווערע מאָנאַטן, אָבער כדאי געווען! ער איז געווען אַרומגערינגלט מיט גויאישע שכנים, וואָס קוקן מיט פאַרדאַכט, אָן אַ שיל און אָן אַ שבת און יום טוב. לאַנגע שווערע מאָנאַטן, און יעדעס מאָל ווערט נאָך ווי אויף צו להכעיס צוגעשיקט אַ נייער גוי זיך צו באַזעצן. אויף דערוויל, זאָגט מען אים...

דער הער לעווענטאַל רעדט תמיד וועגן די גוטע באַציונגען וואָס מ'דאַרף „פלעגן און אַנטוויקלען" מיט די גויאישע שכנים און אַז אָט־אָט די מלחמה וועט זיך ענדיקן, וועלן יידן אָנהייבן צו קומען! אין פּאַריז איז שוין באַשטעטיקט דער פּלאַן, אין לאָנדאָן וועט מען צוגרייטן די מיטלען און פון ב. איירעס וועט מען שיקן אַהער יידן...

בעת אײנעם פון די לעצטע שמועסן מיטן פּאַרוואַלטער, האָט ער שוין נישט ווי פריער געבעטן שטיל און הכנעהדיק, נאָר געפאָדערט אַ געמאַנט:

— אָדער עס ווערט אַ ישוב דאָ, אָדער, — מיר זענען נישט דאָ...

ער האָט אַליין נישט געגלייבט אין זיינע רייד, אָבער געהויבן דעם טאָן האָט ער דאָך, אפשר... און ס׳האָט טאַקע געהאָלפן, ווי אויף אַ ווונדער!

אַ וואָך שפּעטער האָט הער לעווענטאַל אים גערופן, און געמאָלדן: „אין אַ חודש אַרום קומט אַהער אַ נייע משפחה און, ווי מ׳זאָגט פון דער צענטראַלע, אפילו אַ פרום יידישלעכע.“

פאַר ניאָמען איז דאָס געווען ווי דער אָנזאָג פון משיחס טריט. מיט טויזנט דאַנקען האָט ער זיך צעזעגנט, געבעטן מחילה פאַרן שטענדיקן באַלעסטיקן און אָנגעהויבן ציילן די שעהן ביז ער וועט דאַרפן פאָרן צו דער באַן־סטאַנציע.

* * *

ס׳איז שוין ווייט נאָך „קאָסעטשע“ (שניט צייט). די פעלדער לויפן נאָך פאַרביי מיט גרוי־ווערנדיקן פּאשע־גראָז און ערגעץ וווּ שפּרייט זיך דער באָדן מיט בערשטיק־אָפּגעשניטענע שטרוי־טעפּיכער. די לעצטע קאַראַוואַנעס פורן אָנגעלאָדענע מיט זעק פאָרן צו דער באַן־סטאַנציע. דאָרט האָבן די האַלב־נאַקעטע טרעגער פלינק געיאָגט מיט די זעק אויף די אַקסלען צו די וואַגאָנען און אין די אינטערוואַלן געגאָסן אין זיך דעם ביליקן וויין פון די לעדערנע „באָטאס“ (לאָגלען).

אין דער אײנציקער שענק פונעם אוקראַינער רוישט ווי אין אַ בינשטאָק. פאַרמעגלעכע אַרענדאַטאָרס מיט ברייט־פאַלדיקע הויזן און געפּוצטע לאַקירטע שטיוועלעך זיצן אַרום די לאַנגע טישן, דרייען די וואָנצעס און זופן געלאָסן דעם קאַלטן ביר און רויטן וויין. די „פעאָנעס“ שטייען גרופּעסווייז אַרום דער סטויקע און צווישן איין גלאָז וויין און צווייטן ווערן די גוזמאַדיקע מעשיות צעצויגענער און די באַרימערייען שטייגן. אין דרויסן שפּילט די יינגערע חברה אין פוטבאָל און טשעפּען זיך צו די מיידלעך, וואָס גייען אום געאָרעמטע אַרום דער

שענק, לאָכן אויפֿן קול און זייערע שוואַרצע צעפּלעך צעשיטן זיך ביז די טאַליעס.

ביסלעכווייז איז די באַן־פּלאַטפֿאָרם פֿאַרפֿולט געוואָרן און ווען ניאָמע מיטן ווײַב זענען אַראָפּגעקראָכן פֿונעם וועגל, האָט דער שענקער זיך אַרײַנגעשטעלט אין דער אָפֿענער טיר און אים צוגעשריגן:

— העי, דו, יעווריטשיקו אויף וועמען וואַרטסטו דאָ? ס׳קומען נאָך דײַניקעס? כע, כע, כע... — זײַן שיטער הייזעריק געלעכטער האָט אויף פֿאַרקרימט זײַן ברייט־שמאַלציק געזיכט, אַז די קליינע שפּיציקע אויגן זענען אײַנגעגאַנגען אַרײַנגעשוווּמען ווי אַ פֿליג אין קאַכיקן שמאַלץ.

שוין אַ צײַט ווי דער אוקראַינער שענקער האָט אָנגעהויבן צו פֿרײַנדלען זיך צו דער ייִדישער קאָלאָניסטן־משפּחה. ער האָט זיך איי־בערגעצייגט, אַז קיין קאָנקורענץ פֿון זייער זײַט דראָט אים נישט, נאָך דעם ווי זיי זיצן פֿעסט אויפֿן באָדן און קלערן נישט פֿון קיין מסחר. אַ פּאָר מאָל האָט ער אַפֿילו באַזוכט די כאַטע און געפּרוווּט אָנטאַפּן דעם דופֿק, געוואָלט אַרויסקריגן, צי זיי האָבן עפּעס מזומן און פֿאַרגעלייגט ניאָמען אײַנצוהאַנדלען בשותּפֿות יונגע ביקלעך און זיי אויסהאָדעווען. די מלחמה וועט זיך ציִען און יעדער אָנשטענדיקער מענטש אין דאָזיקן לאַנד באַמיט זיך אײַנצוהאַנדלען פֿי, וואָס וועט זיכער שטײַגן. אַרגענ־טינע איז אַ נייטראַל לאַנד, און בײדע לאַגערן, סײַ די דײַטשן און סײַ די אַלאירטע קויפֿן אײַן גרויסע פּאַרטיעס פֿי. אָט, ווייסט ער, נאָפּרימער, אַ, די „יעווריסקע" קאָלאָניסטן פֿון די ווײַטערע געגנטן האָבן אַלץ אויסגעפּאַר־קויפֿט און אײַנגעהאַנדלט בלויז סקאָט, אויסגעצאַמט די „קוואַדראָס" (חל־קים) און זיי וועלן זיכער נתעשר ווערן. און פֿאַרוואָס נישט? ער פֿאַרגינט זיי. אָבער אויך ער דאַרף עס טאָן, צוזאַמען, נאָר אַ ביסעלע געלט און די פּאַשע־פֿעלדער...

אָבער דער שמאַלציקער פּרצוף און דאָס דריבנע געלעכטער האָט אים דערמאָנט אין דעם פּאָליציאַנט פֿון מיכאַלאָווקע וואָס האָט אין די פֿינפֿער יאָרן געפּילדערט קעגן די ייִדן פֿונעם שטעטל. אויסער דעם האָט מען געשמועסט, אַז ער האָט עסקים מיט אַ גנבֿים־באַנדע, וואָס פֿליג־דערט אין דער געגנט אונטער דער פֿאַרשטעלטער השגחה פֿון אַ קאָמיסאַר פֿון אַן אַנדערער באַן־סטאַנציע... האָט ניאָמע אים געגעבן אָנצוהערן, אַז ער איז אים מוחל די זאָרג.

זעענדיק, אַז ניאָמע שענקט אים אויך איצט נישט אפילו קיין בליק, האָט ער זיך צוריקגעקערט צו די ווייַן־פּאַליצעס, און ניאָמע איז זיך געגאַנגען זיין וועג.

יעדער האָט אים באַגריסט. זינט דער פייערונג פונעם 12טן אָקטאָבער, ווען ער איז מיט דבקות ארויס מיט זיין באַשקען טאַנצן א כשר־טאַנץ, האָט מען זיך אָנגעהויבן באַציען צו דער יידישער משפּחה מיט מער פריינדלעכקייט.

דערווייל איז אָנגעלאָפן דער פּאַרסאַפּעטער צוג און וואַגאָנען האָבן מיט אַ בריאזג זיך אָנגעשלאָגן. פון אלע זייטן זענען אויסגעוואַקסן און אָנגעלאָפן באַזוכער. די עלטערע האָבן סתם פון נייגעריקייט וועגן אריינגערוקט די גרויע קעפ דורך די אָפענע פענצטער און באַגריסט די רייזנדיקע. די יינגערע האָבן געקלעטערט אויף די טרעפ, געפילדערט און זיך איבערגעשריגן מיט אַ געפּונענעם באַקאַנטן.

אויף די טרעפּלעך פון לעצטן וואַגאָן האָט זיך ארויסגעשטעלט א מאַן מיט א שווארץ באַוואַקסן געזיכט און אומרויקע שווארצע אויגן. ניאָמע האָט אַ האַסטיקן שלעפּ געטאָן באַשקעס האַנט און זיך א לאָז געטאָן צום יידישן פּאַסאַזשיר, וואָס נעבן אים זענען דערווייל אויסגעוואַקסן די פרוי און קינדער. ער האָט אָנגעכאַפּט די האַנט זיינע און געמאַכט אַ שהחיינו אויפן הויכן קול.

גייענדיק נאָך דעם מיט די אָנקומענדיקע, צווישן אַ מאַסע נייגעריקע שקצים, האָט ניאָמע זייטיק באַטראַכט דעם אורח. מיטלגעוואַקסן, מיט א דורכזיכטיק מאַט געזיכט, אויף וועלכן ס'האָט געשפּראָצט א פּעך שווארצע באָרד. די קליינע אויגן האָבן צאַפּלדיק געקוקט אין אלע זייטן ווי נישט צו פאַרלירן קיין געלעגנהייט. ביים רעדן מיט א הייזעריקלעכן קול האָבן די ווערטער זיך געשאָטן גיך, גיך און באַגלייט געווען פון א צוקן פון די שטערן־קנייטשן.

און מיטן צוזאַמענגעמען דעם באַגאַזש האָט זיך צווישן זיי אריינגעשטעלט א פלאַקסענע קודלע און א ריטשע געטאָן:

— טאַקע געטראָפן! יאָ באָגא! א נייער יעוורעיטשיק. האָשצי. האשצי... יא באגא!... — און ווען ער האָט קיין ענטפער נישט באַקומען, האָט ער מיט כוח א נעם געטאָן ניאָמעס האַנט און אויסגערופן:

— וואָס האָסטו מורא, אַלטער? איך וועל זי נישט אָפּבייסן — ניאָמע

האָט באַטראַכט אַ רגע דאָס רויִע געזיכט פונעם אוקראַיִנער און זיך אַרויפּ־געצויגענעם שמייכל. ער האָט אַ צי געטאָן דעם גאַסט פאַרן אַרבל און זיך געלאָזט צו דער פור.

— ווער איז דער ערל? — האָט דער גאַסט געפרעגט.

— דאָס איז דער שענקער פון דער געגנט — האָט ער אים גע־ענטפערט — קומט, ר׳ ייד, לאָמיר גיין, וועלן מיר נאָך אָנקומען אויף מי־טאָג. ער איז געגאַנגען פאָרויס און געצויגן די גרופּע נאָך זיך.

דער גאַסט האָט נישט תופס געווען דעם זין פון דער סצענע, און גייענדיק צו דער פור האָט ער אַ פּאָר מאָל אָנגעטאַפּט דעם דופק. זעענדיק אָבער ניאָמעס פאַרשלאָסנקייט האָט ער זיך צוריקגעהאַלטן. אָבער ער האָט נישט געקאָנט פאַרמיידן אַרויסצוברענגען זיינע געדאַנקען אויפן קול:

— כ׳לעבן, ווי עס איז אַן עבירה פאַר גאָט! אַ נייע געגנט איז דאָך ווי אַ גאָלד־גרוב, טאָ פאַרוואָס זאָל עס דווקא אַ גוי הנאה האָבן?

ניאָמע האָט אים אָנגעקוקט:

— וואָס מיינט איר?

— כ׳מיין טאַקע אָט דעם ערל, דער אַ וואָס איז נאַרוואָס געווען. פאַר־וואָס קומט אים צו האַלטן די שענק און נישט קיין יידן? שווער צו פאַרשטיין!...

ניאָמע האָט ברייט צעעפנט די אויגן און דערשפּירט אַ קילן ציטער אין די קניען. ער האָט אין דער רגע נישט געקאָנט צוזאַמענעמען זיינע חושים צו ענטפערן זיין גאַסט. און ענטפערן אים האָט ער געמוזט מיט דער גאַנצער שאַרפקייט, ווי מיט אַ שנאָל איבער זיין קרעמערישער נאָז, וועמענס נאָז־לעכער האָבן זיך גיריק צעשפּרייט ביים דערפילן דעם ריח פון שאַכער־מאַכער.

— ר׳ ייד, איך קען אייך אַקאָרשט בלויז אַ פּאָר מינוט, נישט מער, מיר גייט נישט אָן וואָס איר האָט געטאָן אין דער פאַרגאַנגענהייט. עס גייט אייך און מיך מער נישט אָן, ווער עס איז דאָ דער קרעמער און שענקער. מיר דאַרפן בענטשן די מינוט וואָס מיר האָבן דערלעבט אַ קאַפּוירע וועלט: מיר, די שענקער און קרעמער, גייען אויף ערד און דער דער אוקראַיִנער גוי האַלט די שענק און נאַרט אָפּ די גויים...

דער גאַסט האָט אַ גלעט געטאָן זיין שוואַרץ־גלאַנציקע באָרד, אַ

קנייטש געטאָן מיט די אַקסלען און געוואָרפֿן א פֿרעגנדיקן בליק צו זײַן פּרוי. אַ שטילע, אַן אומבאַמערקטע איז זי נאָכגעגאַנגען ביי זיין זייט און מיט אַ לייכטן קרעכץ אָנגעהויבן ארויפצוקריכן אויף דער פֿור.

ניאָמע האָט געפּרוּווט א שפּרונג טאָן אויף אַן אנדער טעמע, אָבער עס איז נישט געגאַנגען. שוין פאַרנדיק אויפן זאמדיקן וועג האָט ער געוואָרפֿן א זייטיקן בליק אויפן גאַסט און געזען ווי ער נעמט נישט אראָפּ די אויגן פון דער שענק, וואָס איז לאַנגזאַם פאַר־שוואונדן אין א וואָלקן שטויב. דעמאָלט איז געבליבן אָנגעהאנגען אויף זיין אויסגעאיידלט געזיכט א מין פאַרדראָסיקע גרימאַסע.

* * *

גאָר שנעל האָט ניאָמע זיך אויסגעטשוכעט, זיך איבערצייגט, אז ביים ראַנד פון זיין נחלה איז אויפגעגאַנגען א פרעמדע פלאַנץ, א ווילד־גיפטיקע, וואָס דראָעט צו פאַרניכטן די געזונטע פּאַשע־פעלדער.

שעפסל פייערמאַן, דער אזוי אויסגעבענקטער יידישער שכן זיינער, האָט באַלד נאָכן באַזעצן זיך אויפן באָדן, אָנגעהויבן צו זוכן פעלד־ווינטעלעך. אַן אומרויִקער, אַ קוועקזילבערדיקער, מיט אַ דראַנג צו פאַרפלאָנטערטע געשעפטן — האָט ער דאָ אויסגעזען ווי א צו־פעליק־פאַרבלאָנדזשעטער פויגל, וואָס קיין בוידעם־לאָך און קיין צווייג ציען אים נישט אויסצוווארעמען א נעסט. ער האָט שטענדיק געהויבן די פליגל ווי פאַר א פלי־צוג אין די ווייטקייטן, נישט די אָנגעלאָפענע גאַוויאָטאָס, וואָס באַגלייטן דעם אַקעראייזן, נישט די בלוילעכע בערגלעך, נישט די ברייטקייט פון די נישט צעאַקער־טע פעלדער — קיין זאַך האָט אים נישט אזוי געצויגן, ווי די שטעט־טלעך, וואָס זענען אויפגעקומען ביי די באַן־סטאַנציעס און אין די ערשט־אנטוויקלטע גרופן פון תבואה־קולטיווירער. אין אָט די שטעט־טלעך קומען די „פּועסטעראָס" און „טשאַקאַ־עראָס" (לאַנדווירטן) אין די זונטיק־טעג אויף רייט־פערד און אויף וועגענער מיט הויכע רע־דער און פעלענע צודעקן, ברענגען זייערע פּי אויף פעריען־ליציטאַ־ציעס און באַטייליקן זיך אין די פאַרמעסטונגען פון „סאָרטיכאָס"־

געלויף. דאָרט האָט שעפּסל פּייערמאַן ארומגעפּאַדעט מיטן קעפּל און מיטן קויש שרייענדיק־קאָלירטע שטאָפן און בלישטשענדיקע פּאַ־שטערקעס, זיך געפּלאָנטערט צווישן די פּיס, אויסגעשריגן מיט זיי־נע געציילטע שפּאַנישע ווערטער די קוואַליטעט פון זיין סחורה און נישט געמאַכט זיך קיין וועזן ווען כאַפּטעס שקצים האָבן אים נאָכ־געשריגן: „טשיוואָ, טשיוואָ, (באָק) מע, מע," נישט איינער פון די יונגען זענען נישט בייגעשטאַנען דעם חשק א צי צו טאָן שעפּסלס באָרד.

עס האָט לאַנג נישט גענומען און שעפּסל האָט צוגענומען, צו ניאָמעס פאַרדרוס, אַ גויאישן לוין־אַרבעטער, אפילו אויסגעבויט א כאַטע אין אנדערן עק פון פעלד און אים דערלויבט צו גראָבן א ברונעם. אליין האָט ער זיך אוועקגעלאָזן איבער די וועגן ווי א סוחר־אמבולאַנס. ער האָט פאַרבראַכט טעג און נעכט אין די שטע־טלעך און אין די צענטראַלע געבײַדעס פון די עסטאַנסיעס און פלעגט קומען אהיים אויף אַ קורצער ווײַלע, איז ער געווען נערוועז און צע־רודערט, גערעדט צו זיך אַליין אויפן קול און באַגלייט זיין גאַנג מיט האַנט באַוועגונגען. דער האַנדלס־פּיבער האָט ביי אים צוגענומען דעם אַפּעטיט און גערויבט דעם שלאָף.

אין אָנהויב פלעגט אים ניאָמע באזוכן אין זיין כאַטע און געוואָלט זיך טיילן מיטן ביסל דערפאַרונג ביי פעלד־ארבעט. ער האָט זיך אָבער שנעל איבערצייגט, אַז זיינע עצות פאַלן ווי קערנער אויפן ווינט. זיין נייער שכן איז ווייט פון ערד־אַרבעט און דעריבער וועט ער דאָ קיין וואָרצלען נישט שלאָגן, האָט ער צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ, ביטערלעך צוגעשמייכלט און אראָפּגעפירט דעם שמועס אויף סתם יידישלעכע און וועלטלעכע טעמעס. פאָרט אַ ייד, און מ'איז אַזוי אויסגעהונגערט נאָך אַ יידיש וואָרט און אַ יידיש פּנים.

אין אַ קילן נאָך פּסח־פרימאָרגן, ווען ניאָמע האָט זיך גע־קליבן ווידער איינצופירן דעם פלוג אין דער צורקע אויפצורייסן אַ ניי שטיק רויערד ארום דער כאַטע און צוגרייטן עס פאַרן ווינטער־פּאַרזיי, איז שעפּסל צוגעפאָרן צו אים מיט זיין וועגעלע געלאָדן מיט סחורה אין פאַרשלאָסענע קאַסטנס. אויבנאָן, ווי אַ געניטער קוי־טשער ביי דער קעלניע, איז ער געזעסן און אָנגעטריבן די שקאַפּע. ווען

ער איז שוין גאָר נאָענט געווען פון ניאָמען, איז ער מיט יוגנטלעכער פרישקייט אַראָפּגעשפּרונגען פונעם וועגל און צוגעלאָפן צו אים:

— זייט מיר געזונט, ר׳ ניאָמע, כ׳פאָר אָפּ אויף אַ פּאָר וואָכן... כ׳וואָלט אייך נאָר געבעטן: וואַרפט אַן אויג אויף מיין הויף... אַ זייטיקן קוק...

— וווהין, ר׳ שעפסל? — האָט ניאָמע אויסגעשטעלט אַ פּאָר אויגן באַטראַכטנדיק דעם וואָגן אָנגעפּראַפּט מיט קאַסטנס.

מיט זיין הייזעריק קול און צעפלאַמטע אויגן האָט ער אים גיך־גיך דערציילט, אַז ער לאָזט זיך היינט אַוועק אין דער טיפער פּאַמפּאַ. דאָרט האָקט מען איצט אַלטע וועלדער, דאָרט זענען אָנגעשטעלט הונ־דערער אַרבעטער און ער האָפט, אַז מ׳וועט זיין סחורה פאַרצוקערן. מ׳דאַרף נאָר האָבן בטחון אין גאָט. — שעפסל וועט זיך שוין אַן עצה געבן — האָט ער פאַרענדיקט.

ניאָמע האָט געשטוינט. טיף אין האַרצן איז אים אויפגעגאַנגען אַ דרך־ארץ־געפיל פאַרן שכנס געוואַגטקייט. אָט דאָס אויסגעביינערטע באַ־בערדלטע יידל, אָן שפּראַך און וואָך — לאָזט זיך אַוועק צווישן האַלב־ווילדע פּונדיקעס. אָט דער ברען איז שטאַרקער ווי זיין, ניאָמעס, פאַר־לאַנג איינצונעמען די וויסטע. ער שטייט אָבער נאָך ביים אָנהויב און ראַנגלט זיך מיט אַלע שטרויכלונגען, און דער אַ שעפסל איז שוין אַרויף אויפן וועג צו דערפילן זיינע אייגענע ווונטשן.

— און מורא? ר׳ שעפסל, מורא האָט איר גאָרנישט?

— ווער, איך מורא? פאַר אַזעלכן קענט איר מיך? שעפסל איז נישט פון די גרינע און געשראָקענע. דאָרט, אין בעסאַראַביע, פלעגן אַלע מאַלדאוואַנעס פאַר מיר ציטערן און מיך מכבד זיין. כ׳האָב צווישן זיי פאַרבראַכט מער ווי ביי מיין ווייב. איר פאַרשטייט? — האָט ער זיך גע־נומען ווי פאַרענטפערן — נישט פאַר מיר איז אַ תכלית צו זיצן און קוקן אויפן הימל, ווען ס׳וועט קומען אַ כמאַרע. צי וועט רעגענען, צי ס׳וועט האָגלען... נישט פאַר מיר! דאָס לאָז איך איבער פאַר שוכערן. מיינע פּראָצענטער פאַרן באָדן און פאַרן רעמאַנענט וועל איך מירטשעם אָפּנעמען. וואָס נאָך?

שוכער איז געווען אַ יונגער דייטשער שגץ, וואָס איז געזעסן ביי אים אויפן באָדן און באַאַרבעט אויף שותפות. אפילו אַ פּאָר חזירים

האָט ער זיך געפּלאָדיעט נעבן דער כאַטע. זיי פלעגן נישט איין מאָל פאַרבלאָנדזשען צו ניאָמען אין הויף, אַריינברענגען אַ בהלה צווישן די עופות און באַשקען פלעגט ווידער באַפאַלן אַ חלשות.

איינמאָל, בעת ניאָמע האָט באַזוכט די אַדמיניסטראַציע און דער פאַרוואַלטער האָט אים אַ פרעג געטאָן וועגן נייעם שכן, האָט ער נישט געפונען קיין באַלדיקן ענטפער. אים פאַרדעקן? זיך באַקלאָגן און מאַכן זיך צו שאַנד? פאַרט דער איינציקער יידישער שכן... אפשר, אפשר וועט ער זיך ענדערן... אפשר די קינדער... האָט ער געצויגן די קורצע האָר פונעם בערדל, געקנייטשט און געצויגן די אַקסלען און אַרויס־געציילט אַ פּאָר אומקלאָרע ווערטער:

— נו, און צוויי שוואַלבן קאָנען דען ברענגען דעם ריכטיקן זומער?

האָט אים לעוועטאַל אַ לייכטן קלאַפּ געטאָן אין פּלייצע און צוגעזאָגט צו שרייבן אין דער צענטראַלע. דערווייל האָפט ער אין קורצן צו באַזוכן די קאָלאָניע. ער וויל זיך נאָענט באַקענען מיט דעם שכן. אָבער ער האָט עס פאַרגעסן. אַ לאַנגע צייט האָט מען פון אים נישט געהערט. ווי עס זעט אויס איז ער אָפּגעפאָרן אויף אַ לענגערע צייט קיין בוענאָס־איירעס.

* * *

דאָס איז געווען אין אַ שפּעטן ווינטער־אָוונט. די ווינטן האָבן געריסן די־בלעכענע דעכער. די משפחה איז געזעסן אין דער אָנגעוואַרעמטער כאַטע, געטרונקען די הייסע מאַטע און אויסגעהערט די נייעסן, וואָס הערשל האָט אַרויסגעלייענט פון די צפון־אַמעריקאַנער גאַזעטן. עס האָט זיך דערהערט אַ שטאַרקער קלאַפּ אין טיר, איין מאָל און נאָך אַ מאָל. איידער עמעצער האָט באַוויזן צו עפענען, האָט זיך די טיר האַסטיק אויפגע־פּראַלט און מיט אַ געוויין איז אַריינגעפאַלן שעפּסלס עלטער בחורל — בלאַס, מיט צעשויבערטע פאַרנעצטע האָר און איינגעהילט אין דער מוטערס דיקער פאַטשיילע אין קאָלירטע שטרייפן. זיין אָנוואַרטער־דיקער געיאָמער האָט אָנגעוואָרפן אַ גרויליקן ציטער.

— וואָס איז געשען? זאָג, וואָס האָט פּאַסירט? — האָט מען מיט צעשראָקענע אויגן זיך געפרעגט. באַשקע האָט אים צוגעפירט צו דער וואַרעמער פּליטע.

— זיי... זיי האָבן דעם טאַטן מיט מעסערס צעשניטן! — האָט ער דורך טרערן געהעשעט.

— וואָס? ווען? ווו? — האָבן זיך אַלע אַ ריס געטאָן צו דער טיר. דער בחור האָט נאָך געיאָמערט און געבליבן אויפן פּלאַץ נעבן דער פּליטע. פון זיינע קליידער האָט געזעצט אַ פּאַרע. ער האָט אַרויס־געבראַכט איינצלנע ווערטער פונעם האַלדז:

— כ׳ווייס נישט ווו, מ׳האָט אים אַהיימגעבראַכט אַ צעבלוטיקטן. דאָס מויל פאַרשטאָפּט מיט זאַמד און פאַרבונדן מיט אַ טיכל... צווישן די בערג האָט מען אים געפונען און געבראַכט אַהיים... קומט שנעל! — האָט ער זיך אָן עפּעס דערמאָנט און זיך אַ ריס געטאָן צו דער טיר — די מאַמע האָט געחלשט!...

אַלע זענען אַרויס אין דרויסן און די צעבושעוועטע נאַכט האָט אויף זיי אַ הויך געטאָן מיט נאַסן אָטעם. ניאָמע איז אַרויס דער לעצטער און ווען ער איז נאָכגעגאַנגען זיין משפחה אויפן שמאָלן גליי־טשיקן שטעגל און דער ווינט האָט מיט פאַרביסנקייט געפּאַטשט אים אין פּנים, האָט ער זיך נישט געקאָנט באַפרייען פון מאַכן אַ שטיקל חשבון פון דער דורכגעלאָפענער צייט. צי איז דאָס פאַר אים אַ מין פאַרשיקונגס־אינדזל פאַר אָפּגעקומענע זינד, אָדער וועט דאָ אין אַ טאָג פון די טעג אויפשטיין דאָס געבענטשטע און געגאַרטע יידישע דאָרף? וואָס איז דער זין און תכלית פון די צוזאַמענשטויסן מיט די שכנים, דאָס נאָכלויפן פאַרטייעט און צעיאַכמעט נאָכן פּלוג און ציען מיט פּלאָנטערניש די לייצעס פון די פערד, בעת דער הער לעוווענטאַל האָט מיט זיין קילן בליק אים עקזאַמינירט? בלוט איז פון זיין האַרץ גע־רונען, ווען ביים ערשטן צי האָבן די פערד געצויגן אויף זייער אייגע־נעם חשבון. די ערד, אַ באַדעקטע מיט „פּונא״־קוסטעס, האָט נישט געלאָזן דעם מעסער זיך איינבייסן און די פאַסטראָנקעס פונעם געשפּאַן האָבן זיך איבערגעריסן. און דאַך — געזייט, און סנאָפּעס געקליבן, און געדראָשן. און ווידער וועלן זאַנגען זיך וויגן קעגן דער זון. מיט דער ערד האָט ער זיך שוין צוזאַמענגערעדט. און מיט די מענטשן? — פאַרוואָס האָט ער נישט קיין שפּראַך זיך צוזאַמענצורײדן מיט אָט דעם יידישן שכן? ער שעמט זיך, אָבער עס זענען אים טײלמאָל בענטער די

אַרומיקע גויאישע שכנים, וואָס קלאַמערן זיך אינעם באָדן און ווי גאָטס ווערים ווילן זיי פון איר לעבן און אויסקומען...

איבערטרעטנדיק דעם שכנס שוועל האָט אים אויפגענומען אַ ים יללות. דער פאַרוווּנדעטער איז געלעגן אַ בלאַסער מיט אַ פאַר־בונדענעם קאָפּ און געשוואָלענע ליפּן און געאָטעמט שווער אין דער שוואַרצער באַרד אַריין. מיט איין האַלב אָפן אויג האָט ער באַטראַכט די אַריינקומענדיקע און זיינע נאַזלעכער האָבן דערביי געכריפּעט, גע־ציטערט און געטרייסלט די האָר פון די שוואַרצע וואָנצעס. ער האָט זיך עטוואָס באַרויקט ווען ער האָט דערזען, אַז די פרוי איז געקומען צו זיך און שטייט שוין פאַר אים אויף די אייגענע פיס.

ניאָמע האָט זיך באַגוגנט מיט פאַרעוועע טרייסט־ווערטער, וואָס ער האָט אַליין נישט געוווּסט צי דער פאַרוווּנדעטער באַנעמט זיי, ווייל ער איז געבליבן ליגן פּונקט ווי פריער סאָפּענדיק שווער מיט האַלב פאַרזשמורעטע אויגן. אָבער פאַרן פאַרלאָזן די טונקל באַלויכטענע חוי־נונג פונעם שכן, האָט ער אָנגענומען זיין האַנט און אים צוגעוואָרפן, מער ווי אַ געבעט ווי אַ פאַרזאָג:

— אָט, איר וועט געזונט ווערן — און זיכער וועט איר שנעל געזונט ווערן — דעמאָלט פאַרגעסט נישט צו פאַרברענגען דאָס פּעקל שמאַטעס. דאָס איז דער קוואַל פון אַלע צרות! הייבט אָן צו אַקערן נאָכן רעגן, איר הערט? די ערד ווערט פון דעם צעווייקט, ווי פרישע פּוטער!...

דער פאַרוווּנדערטער האָט, זעט אויס, אויפגעכאַפּט דעם זין פון ניאָמעס רייד. ער האָט אַ הייב געטאָן די אויסגעבלייכטע האַנט אין אַ פאַכע געטאָן ווי אָפּצוטרייבן אַ זלידנע פליג און דערנאָך פאַרדראָסיק צוגעמאַכט די אויגן.

און ס׳זענען אַריבער טעג און וואָכן פון שווערן פּאַמפּאַ־ווינטער. די פעלדער זענען פאַרגאָסן געוואָרן מיט קאַלוזשעס וואַסער. איינזאַמע אַרויסגעטריבענע פערד און קי זענען איינגעזונקען פון נעץ און קעלט אינעם באָדן און דאָרט געבליבן פאַרפרוירן. די וועגן זענען פאַרפלייצט געוואָרן מיט שטראָמען וואַסער און די פאַרבינדונג צווישן די ישובים מיט דער שטאָט איז איבערגעריסן געוואָרן. שפּייז, די „גאַליעטן", זשערווע און נאַפט האָט מען מיט שוועריקייט געבראַכט איין מאָל אין וואָך אויף אַ

פערד. ניאָמע איז כמעט יעדן טאָג געקומען מבקר חולה זיין דעם שכן און אגב אַ זייטיקן שמועס געטאָן וועגן „וואָס וועט ווייטער זיין" ? אָבער שעפסל פייערמאַן האָט, קעגן זיין אַמאָליקער ריידעוודיקייט, נישט מגלה געווען מיט קיין וואָרט זיינע כוונות. ער האָט דערווייל געבעסערט זיך און אָנגעהויבן אַראָפּצוקריכן פונעם געלעגער.

אַלץ האָט זיך אויפגעקלערט מיטן אָנקומען פונעם פרילינג. ווי נאָר ער האָט זיך געשטעלט אויף די פיס האָט ער איינגעשפּאַנט די שקאַפּע און איז ערגעץ אַפּגעפאָרן אויף עטלעכע טעג. צוריקגעקומען איז ער שווייגנדיק, נישט ווי זיין שטייגער, און אין אַ פּאָר טעג אַרום — ווידער אַפּגערייזט.

ניאָמע האָט פאַרויסגעזען דעם סוף פון אָט די רייזעס און ער האָט זיך נישט טועה געווען. אין איינעם אַ טאָג, ווען ער איז צוריקגעקומען פון פעלד, האָט ער פון דער ווייטנס געזען ווי די אָנגעלאָדענע פור פונעם שכן דערווייטערט זיך פונעם הויף, און דאָס מאָל — אויף שטענדיק, איבערלאָזנדיק הינטער זיך די פאַרלאָזענע כאַטע ווי אַ נעסט, וואָס די פייגל האָבן נישט באַוויזן אויסצוענדיקן און אָנוואַרעמען. די שקאַפּע האָט זיך געשלעפּט מיטן געמאָסטענעם גאַנג פון אַ לוויה און אויף די אָנגעהויפטע שטוב־כלים האָט זיך איינגענורעט די משפּחה.

ניאָמע האָט באַגלייט די פור מיט אַ שטאַרן בליק. ווען זי איז פאַרשוווּנדן אינעם אויסבייג פון די וועגן צווישן קליינע בערגלעך, האָבן זיינע אויגן, פאַרגליווערט מיט וואַסער רויכלעך זיך געווענדט צום אויסגעבלויטן הימל, און עס איז שווער געווען צו דערקענען אין זיי וואָס זיי דריקן אויס אַמשטאַרקסטן: דעם ווייטיק פאַרן אויסגעלאָזטן חלום אָדער די אויסלייזונג פון אַ שווערן קאָשמאַר...

די צייט איז זיך געגאַנגען איר גאַנג און דער זומער האָט צייטיק געמאַכט די תבואה. ווידער האָט מען געדאַרפט אָנהייבן זאָרגן פאַרן שניט. מ'האָט געדאַרפט אָנהייבן צוגרייטן די ליימענע „לאַמפּאַשטן"־ציגל פאַרן ערשטן געבוי, נאָכן זיצן די גאַנצע צייט אין דער טוכלער כאַטע. מ'האָט געדאַרפט זיך צוגרייטן צו דער חתונה פון מאירן, וועגן וועלכער מ'האָט אָנגעהויבן צו שרייבן אַפּטער פון די „ליטוואַקעס" — און דערווייל האָט ער אָנגעהויבן אַרויסשלאָגן זיך פון קאָפּ די ווייטיק־לעכע פּרשה פונעם שכן. ער איז דערווייל געפאָרן אין דער קריז־שטאָט

מעלדן דעם פארוואַלטער וועגן דעם, האָט ער געפונען זיין קאָנצעלאַריע געשלאָסן. ער האָט אָפּגענומען אין דער פּאָסט אַ בינטל צייטונגען, וואָס ער פלעגט באַקומען צוגעשיקט פון זיין יונגט־פריינד, וועלכער איז געווען דער רעדאַקטאָר פונעם בלעטל אין דער אַלטער היים. אויפן וועג, פאַרנ־דיק שוין אַהיים, האָט ער פאַר טשיקאַוועס וועגן אַנגעהויבן פונאַנדער־נעמען די בלעטער און ער האָט דאָרטן געפונען אַזאַ נאָטיץ: „אין אַ נייער קאָלאָניע אין דער ווייטער אַרגענטינע, ווו דער באַראָן האָט אָפּגע־קויפט מיליאָנען אַקער באָדן, איז פאַרגעקומען אַן איבערפאַל פון ווילדע אינדיאַנער. ס׳איז שווער פאַרוווּנדעט געוואָרן אַ ידישער קאָלאָניסט און אַ טייל האָבן אין שרעק פאַרלאָזן די געגנט און אַוועק אין די שטעט“...

ווען ער איז געקומען אַהיים האָט ער באַלד צוגעטראָגן די צייטונג צו באַשקען און אויפן קול פאַרגעלייענט די נאָטיץ.

הערשל האָט זיך צוגעהערט צום פאָטערס פאַרלייענען און שמייכ־לענדיק צוגעגעבן מעשה יודע־דבר:

— דער היגער זאָגט אַ קלוג גלייכוואָרט: „בעסער איז צו גייז אַליין אידער אין אַ שלעכטער באַגלייטונג“...

ניאָמע האָט קעגן זיין ווילן אַ שאַרפן זיפץ געטאָן:

— אַליין, אַליין... ביז ווען?...

זיבעצנטער קאַפּיטל

## צוויט און שטורעם

אינעם ים פון גרוילעכן פּאַשע־סטעפּ האָט זיך צום ערשטן מאָל אַ הייב געטאָן דאָס גרינע מאַיס־פעלד און אָנגעהויבן אויסצושיטן דאָ און דאָרט זיין ציינדלדיקן פערל־צוויט אַנטקעגן דער שפּעטפרילינג־זון. דאָס איז געווען דער ערשטער פּרווו צו זייען קוקורודזע אין דער געגנט. נישט איינער האָט אָפּגעשלאָגן דעם חשק און פאַרזיסגעזאָגט דורכפאַלן, אָבער הערשל האָט דאָס מאָל זיך איינגעשפּאַרט, אַ פּאָר געטאָן אויף עטלעכע טעג אינעם ווייטערן צפון, ווו עס איז געווען אַ

לאַנגע טראַדיציע פון קולטיווירן מאַיס. געקומען אַ היים, האָט ער מיט זיינע נישט שטאַרק צוגעפּאַסטע אַרבעטס־כלים באַוויזן צו באַאַרבעטן און פאַרזייען די ערשטע דרייסיק העקטאַר.

און איצט שטייען די מאַיעסטעטישע מאַיס־שטאַמען, עטוואָס געדיכטלעך, אין נישט סימעטרישע שורות. גרין צוזאַגנדיקע רוישן זיי אינעם ווינטל מיט דער פרישקייט פון אַניאָגנדיקע ים־כוואַליעס. ווי אַ גרינער שמיכל ליגט דאָס פעלד קעגן דער דאַנקבאַרער זון, וואָס וואַרעמט אויס דעם באָדן.

ביים ראַנד פונעם מאַיס־פעלד איז הערשל געריטן און באַמיט זיך איינצוצוימען דאָס אומגעדולדיקע פערד. דאָס איז שוין נישט געווען מער די אויסגעביינערטע שקאַפּע, וואָס האָט ביים לויפן געפּלאָנטערט מיט די פיס. אין איינעם אַ טאָג איז אָנגעריטן צו דער כאַטע איינער פון די עסטאַנסיע־פּעאָנעס און געפירט וויקטאָריאָס באַליבטן „אַלאַסאַן”. קיין צעטל האָט זי פאַר אים נישט איבערגעלאָזן, נאָר געבעטן אים איבערצוגעבן איר רייט־פערד און באַנוצן עס בלויז צום רייטן, נישט קאַליע מאַכן זיין טראָט און נישט אויסרייבן די רוקן־פעל.

אויף צומאָרגנס האָט הערשל צוגעפּאַסט אַן אייגן־אויסגעאַרבעט זאָטל. די „באַכעראַ” (אַ מין דעק) האָט ער צוזאַמענגענייט פון זעק און די זייט וואָס דאַרף ליגן צום גוף פונעם פערד האָט ער אויסגעבעט מיט אַן אַלטער דעק וואָס די מאַמע האָט אויסגעגראַבלט פונעם הילצערנעם גרויסן קאַסטן. די „באַסטאָס” (האַרטע קישעלעך) האָט ער ווי צוויי גרויסע וווּרשטן אָנגעשטאָפּט מיט לאַנגע פעלד־גראָזן. די „סינטשאַ” (פּאַסן וואָס פאַרציִען דעם בויך) האָט ער אויסגעאַרבעט פון צוזאַמענגעלייגטע זעק. אויבן האָט ער אויסגעבעט אַ גרויסע שעפּסן־פעל מיט לאַנגע וואָל־קאָלטענעס און די פעל פאַרצויגן מיט אַ דיינעם לעדערנעם פּאַס אונטערן בויך פונעם פערד. צוויי צוזאַמענגעפלעטשטע רינגען האָט ער אָנגעהאָנגען פון ביידע זייטן, אַ מין טרעפּל אַרויפצושטייגן און איינצופעסטיקן די פיס בעתן גאַלאָפּירן. דאָס איידעלע ראַסן־פערד, וואָס איז געוווינט געווען צום געפּאַסטן ענגלישן זאָטל, האָט זיך געווערט, געשפּרונגען און ווען הערשל האָט זיך אַרויפגעדראַפּעט, האָט עס געשטעלט זיך אויף די הינטערשטע פיס און אים אַ שליידער געטאָן פון זיך אויפן גראָזיקן באָדן. מיט שווערקייט איז

אים געלונגען צו פֿאַרהאַלטן דאָס פֿערד אינעם אָפּגעצוימטן הויף בעת די מאַמע האָט געבראָכן זיך די הענט און געשריגן.

אין דער עסטאַנסיאַ האָט דער פֿאַרוואַלטער אים דערציילט, אַז וויקטאָריאַ איז אָפּגעפֿאָרן אין דער הויפּטשטאָט און קיין וואָרט נישט דערמאָנט וועגן איר צוריקקער.

דאָס איז געווען מיט אַ וואָך צוריק און נאָך ביז היינט איז ביי אים געבליבן די פֿריקרע נאָגעניש פֿון אַ נישט פֿאַרשטענדלעכער בענקעניש. ער איז געבליבן שטיין אין אָט דער רחבותדיקער וועלט פֿון פֿעלדער און האָריזאָנטן וואָס קושן די בלוילעכע בערגלעך, ווי איינער וואָס האָט פֿאַרשפּעטיקט די אָפּגייענדיקע באַן, אין וועלכער ס'איז אָפּגעפֿאָרן אַ נאָענטער מענטש אָן צו געזעגענען זיך. אַ געפֿיל פֿון איינזאַמקייט האָט אים געגריזשעט, אָבער ער האָט נישט געקאָנט האָבן קיין טענות צו קיינעם.

דעמאָלט איז אויך מאיר אָפּגעפֿאָרן פֿון דער היים. אין אַ פֿאַרנאַכט זענען זיי אָנגעקומען צו דער קאָלאָניע פֿון די „ליטוואַקעס", ווו מ'האָט געגרייט זיך צו דער חתונה פֿון דער שטומער רייזל מיט איר באַשערטן. מאיר האָט געדאַרפֿט בלייבן וווינען אין הויז פֿונעם פֿאַרמעגלעכן מילנער. הערשל האָט קיינמאָל זיך נישט געקענט פֿאַרשטעלן, אַז ער זאָל ווען עס איז פֿילן, טראָגן אַ סימן פֿון קנאה אָדער נישט פֿאַרגינערישקייט לגבי זיין שטילן, אומבאַהאָלפֿענעם ברודער, וואָס זיין איינציק געווער קעגן דער איינזאַמקייט און פּחד פֿאַר דער וועלט איז געווען די פֿידל. אָבער עפּעס האָט זיך אין אים אַ ריר געטאָן ווען ער האָט געזען דעם טומל און די צערעמאָניע, ווו זיין ברודער איז געשטעלט געוואָרן אין צענטער פֿון אַלעמענס אויגן. און נישט נאָר דאָס אַליין...

דאָס אָנלויפֿן פֿון אַן עסקאַדראָן רייטערס מיט אויסגעפּוצטע פֿערד און באַצירטע יאַגד־ביקסן, דאָס לייכטע וועגעלע אויף וועלכן די כלי־זמר־קאַפּעליע האָט אויסגעשפּילט פֿריילעכס און מאַרשן, דאָס אַריינפֿאָרן מיט טראַסק אין דער הויפּט־גאַס פֿון דער קאָלאָניע ביזן הויף, ווו עס איז אויסגעשטעלט געוואָרן אַ בלעכענער גאַלפּאַן פֿאַר דער חתונה — דאָס אַלץ האָט הערשלען אַריינגעוואָרפֿן אין מרה־שחורהדיקע נאָכטראַכטענישן וועגן זיין אָפּגעריסנקייט פֿון דער וועלט.

דער פאַרזאַמלטער עולם האָט אין זיינע אויגן אויסגעזען אַ ביסל פאַיאַציש און נישט נאַטירלעך, נישט ווי דער שטייגער פון די שמחות צווישן גויים אין די דערפער פון דער אַלטער היים. די אָפּגעבערענטע פנימער, אָפּגעשיילטע נעז און צעשפּאָלטענע ליפּן פון ווינט און שאַרפע זון, די באַשפּרענקלטע פנימער און מאָזאָליעטע צעקאַרבטע הענט פון אַקעראייזן און מעלקן אויף דער פרייער לופט — ווי האָט זיך דאָס געקאָנט פּאַסן צו די טונקעלע אַנצוגן, ווייס־געקראָכמאַליעטע קראַגנס און שמעטערלינג־קראַוואַטן? זיי האָבן אויסגעזען קאָמיש, ווי פאַרשטעלטע אין פורים־מאַסקעס. אויך די פרויען האָבן זיך געשנורעוועט אין לאַנגע ענגע קליידער מיט אַרויסגעשטעקטע ווייסע שפּיצן פון דער אונטערוועש. זייערע באַקן זענען געווען צוגעפאַרבט מיט רויטלעכן קרייד און די שטערנס אָנגעפּודערט. אַ שאַרפער פאַרפום־ריח איז געשטאַנען אין דער לופט, געצויגן און פאַרשיכורט.

צענדליקער לאַמטערנעס און נאַפט־לאָמפּן האָבן באַלויכטן די שטראָמענדיקע געסט. די טישן, צונויפגעשטעלטע פון לאַנגע ברעטער, האָבן זיך געבויגן אונטער די שווערע טאַצן פון לעקעכער, שטרודלען און קאָמיש־ברויט, וואָס די שכנות האָבן דורך לאַנגע נעכט געבאַקן און די קיילעכיקע אויזונס. דער ווײַן און ווישניק האָט געפינקלט קעגן ליכט מיט אַ שמאַראַגדן־שיין און פון די צימערן האָט געזעצט דער קיצלדיקער גערוך פון געבאַקענע פיש און עוף־פּאַרציעס. אונטערן קלאַנג פון אַ וויינענדיק־נאָגנדיקן קלאַרנעט־ניגון האָט מען די כלה צוגעפירט אונטער דער חופּה. ביי איר דרייען זיך אַרום מאירן, האָט הערשל פון דער נאָענט באַטראַכט דעם ברודערס אויסדערוויילטע. איר אויסגעאיידלט ווייס לייב און איר פנים פון מאַטן אַלבאַסטער איז איצט באַקראַנצט געווען מיט די שיין־צוזאַמענגעלייגטע האָר וואָס זי האָט בנס ארויסגעראַטעוועט פון די כשרע ידענעס וואָס האָבן שוין געשאַרפט זייערע שערן און געמאָנט דעם קרבן פאַר צניעותדיקייט, אָבער דער פעסט־געבויטער מילנער, מיט זיין תקיפדיק קול האָט זיך האַסטיק אַ ריס געטאָן קעגן די פאַרכלינעטע ווייבער. רייזלס לאָקן האָבן איצט געטורעמט זיך ווי אַ טערקישער טורבאַן, אַ פּעכיק געדיכטער, פונעם שטערן ביז די קליינע אויערן. די אויגן האָבן שאַרף, עטוואָס קרומלעך געקוקט מיט אַ טונקל־סודותדיקן אָפּגלאַנץ און אָפּגעשלאָסן איר שטומע וועלט פון אַרומיקן

געקרויש. נאָר דער בולטער אויסשניט ביים מויל און די ציטערדיקע צעעפנטע נאָזלעכער האָבן דערציילט וועגן איר אָנשטרענגונג אַריבערצוּוואַרפן די חושים־אויסדרוקן פון די אָפּגעשטאָרבענע צו די מער אַנטוויקלטע. ער האָט געזען ווי מאיר האָט אָנגעטאָן דאָס רינגל אויף א״ד לאַנגן אויסגעבלייכטן פינגער און פון אונטער רייזלס לאַנגע פּוכיקע טיול־קליידער האָט ער געשפּירט אַן אויפציטער. אפילו די אַרויסגעשטעלטע קרויזן האָבן זיך שנעל באַוועגט און די אָנגעצויגענע בריסטן האָבן ווי צאַפּלדיקע פייגל זיך צעפלאַטערט. ער האָט זיך פאַרשעמט פאַר זיך אַליין, אָבער ניִשט געקאָנט באַפרייען זיך פון דער צעפלאַמטער פאָרשטעלונג אין זיין מוח וועגן די נאָענטע שעהן וואָס וועלן באַשענקען זיין ברודער מיט דער גענאָד, וועגן וועלכן ער אַליין האָט נאָך ביז איצט ניִשט געטראַכט. אַ היץ האָט אים געשלאָגן אין פּנים און אויסגעניכטערט האָט ער זיך ווען נאָכן צעבראַזגען דעם כּוס, האָט מען אָנגעהויבן אָפּצוגעבן זיך מזל־טוב און געקושט זיך, און אַנדערע האָבן זיך אויך מיט טרערן באַוואַשן. מענדל, דער געשווויִרענער בדחן, האָט דאָס מאָל אפילו מוותר געווען אויף זיין שוואַכקייט צו גראַמען און צוליב טאַקט ניִשט אַרויסגעוויזן זיין טאַלאַנט. נאָכדעם האָט מען הערשלען אַריינגעפירט אין שערעלע־טענץ. אין אָנהייב האָט ער זיך פאַרלוירן און אומבאַהאָלפן געפּליעסקעט מיט די פיס און צוגעטופּעט מיט אַלעמען גלייך אויפן ערדענעם באָדן, אָבער ביסלעכווייז האָט ער אָנגעהויבן ווייניקער צו טראַכטן און מער צו שמייכלען צו די אַרומיקע יונגע, און יעדע קרענקלעכע פאָרשטעלונג איז אויסגעוועפּט געוואָרן פון מוח. ווען דער צעהוליעטער מענדל האָט צוזאַמען מיט דער ניינציק־יעריקער ראַזנישטקע זיך אַ לאָז געטאָן אַ קאָזאַצקע, איז ער אויך מיטגעריסן געוואָרן און די זקנה איז געבליבן האָפּקען צווישן די צוויי מענער. זי האָט פאַרלייגט די אויסגעביינערטע הענט אויף אירע לענדן, געוואָרפן דאָס איינגעשרומפּענע פאַרמעט־פּנים אויף רעכטס און לינקס ווי זי וואָלט טאַנצן אויף איין אָרט און קוים זיך באַוועגט, אָבער אין די פאַלדן פון איר לאַנגן שבת־קלייד האָט מען דערקענט דאָס האָפּקען פון די שטעקל־פיס און פון ראָזשינקע־גוף. אין אירע באַנייטע קליידער האָט זי אויסגעזען ווי אַן אָפּגענוצטע ליאַלקע, פון וועלכער מ׳האָט אַרויסגעצויגן די אָנגעשטאָפּטע וואַטע.

מאיר איז געבליבן ביים שווער און הערשל האָט דערפילט ווי אַ ליידיקייט האָט אָנגעווייעט אין דער כאַטע. ער האָט איצט געשפּירט אַ נויטיקייט צו רעדן און פאַרברענגען מיט עמעצן, אפילו ווען דער עמעצער זאָל דערקוטשען, אפילו ווען ער זאָל זיך דאַרפן ווערן. נאָר נישט איינבייסן די זויערע טעג פון אַפּאַטיע וואָס פויזן ווי מוראַשקעס איבערן גרויען וועג. וויקטאָריא האָט אים געהאַט גערופן פאַרצוזעצן זיין איבערגעריסענעם רעוואָלוציאָנערן וועג. זי האָט דעמאָלט גערעדט צו זיין געוויסן און געוואָלט אים פאַרהיטן פון לעטאַרגישקייט. איצט איז זי אַוועק. זי וועט אים אויספעלן אויב אפילו נישט תמיד געפעלן אים אירע רייד און געננ. ער האָט זיך דערמאָנט איר שטים און די טרעפונגען פון נעכטן האָבן איבערגעלאָזן אין אים אַ ווייכן ציטער.

ער איז אַראָפּ פונעם פערד, צוגעבונדן עס צום דראָטענעם צוים, און אליין איז ער אַריין אין געפלעכט פון מאַיס־פעלד. דער לייכטער ווינט האָט דורכגעראָשט די ברייטע בלעטער און ס׳האָט אויסגעזען ווי עמעצער שלייכט זיך אַדורך צווישן די שטאַמען. ער האָט אָנגעשפּיזט דעם געהער, דורכגעדרונגען דעם וויגנדיקן מאַיס־ים און דערזען, אַז אויך דאָס פערד שטעלט אָן מיט פאַרדאַכט די קליינע באַהאָרטע אויערן. אָבער קיינער האָט זיך נישט באַוויזן. דאָס איז געווען דער געוויינטלעכער רעש אין פעלד.

ער איז אַרויס אין פרייען פעלד, זיך צוגעזעצט אין דער שאָטןהאַנט פון די מאַיס־פלאַנצן און באַטראַכט די ברייטע פעלדער ביז צום וויַיטן האָריזאָנט. זיין בליק האָט זיך איינגעשניטן אין איין פּונקט, צום פלעק פון אַ גרויסן „אמבו״־בוים, וואָס וואַלגערט זיך מיט די לאָקןצווייגן ביזן באָדן. דעם בליק האָט ער איינגעזויגן אינעם פלעק, אָבער אין הארצן האָט ער זיך פאַרשעמט. ער טראָגט אין זיך אַ סוד, וואָס בינדט אים צו יענעם בוים. וועט ער אים עמעצן מגלה זיין? זי, וויקטאָריא, האָט דאָך אים אינעם לעצטן שמועס געזאָגט: — „אין אַ באַגרענעצטער וועלט איז דאָס אוממעגלעכע די שפּיץ פון די שוואַכע״. וווּ ליגט אייגנטלעך די באַגרענעצטקייט? אינעם אויג־פאַרנעם, אין דער גלוסטונג פון דער נשמה, אָדער אין דער אייגענער אוממעגלעכקייט? אָבער די אוממעגלעכקייט איז דאָך ווי אַ רעדער־געלויף — פּאַראַלעל, אָבער אָן אַ האָפענונג צו דערגרייכן איינער דעם צווייטן: ליטאַניִין לויפט אין

זיין שליאַך, זי, וויקטאָריאַ, ציט איר טראַט אויף אוממעגלעכע גענג, און די קליינע מירא, אפשר אָן אויסרעכענונג, שפּרינגט אויך מיט באַר־וועסע פּיס אויף אַ דערנער־שטעג. צוויי מאָל האָט הערשל זיך געשלייכט מיט זיין רייט־פערד נישט ווייט פון דאָן־כאָנס כאַטע, אָבער צו איר איז ער נישט דערגאַנגען. איינמאָל האָט ער אפילו אַראָפּגענידערט אין פלאַכלאַנד ביז דער „לאגונא" און דאָרט קיינעם נישט געטראָפן אויסער די זיך פּאַשענדיקע קי. וואָס האָט אים דווקא איצט, אין אָט די נסיון־טעג, געצויגן צום זעכצן־יעריקן מולאַטן־מיידל, מיט וועלכער ער וועט נישט קאָנען אויסבייטן עטלעכע פראַזן, וואָס זאָל האָבן אַ לאָגישן זין? ער האָט דאָך זי שטענדיק באַטראַכט ווי אַ טײל פון דער ארומיקער נאַטור — אַ שפּילעוודיק אויסגעכאַוועט חיהלע, צעשויבערט, צעפלאַמט, צוגעוואַקסן צו דער גריווע פון איר פערד און מיט אַ שטים וואָס איז ענלעך צום ווידערקול פון די בערג. קיין מענטשלעך געצוימט לשון האָט ער פון איר נישט געהערט.

אָבער וויקטאָריאַס שטילער אַנדייט, אַז די קליינע מירא האָט אַן אומגעזעענע אים אַרומגערינגלט מיט איר פאַרשפּיצט אויג, האָט אים סוף כל סוף אַנגעהויבן אַנצורעגן און נאָך מער אין די שעהן, ווען זיין צעהיצטער מוח איז גרייט געווען צו אַרבעטן אין אַ פאַרקרימטער ריכ־טונג. דערפאַר האָט ער געררייצט און פאַרדראָסיק זיך געגריזשעט, וואָס דווקא אין זיין ציען זיך צו אירע פאַרשוווּנדענע שפּורן, האָט ער גע־בלאָנדזשעט ווי אַ פאַרלוירענער אין מדבר און מיראַן אין ערגעץ נישט געפונען. אירע שוואַרץ־ברענענדיקע, עטוואָס קרום־אויסגעשניטענע אויגן האָבן אים איצט פאַרפאָלגט. ער וואָלט זיך איצט באַנוגנט מיטן רייטן ביי איר זייט, אפילו אָן צו ריידן אַ וואָרט און צייטנווייז נאָר באַרירן אירע אָפּגעדעקטע באָרוועסע פיסלעך, אָדער זיצן ביינאַנד נעבן דער אָזיערע און פּלעסקען מיט די פּיס אינעם מוטנעם וואַסער. וואָלט זי געדולדעט זיינע פינגער צווישן אירע פּעכיקע האָר אָדער זיין גלעטן אירע טונקעלע אָרעמס? און ווייל די באַגערן זענען געווען אויסגעריסן פון דער ווירקלעכקייט, איז דאָס אַלץ געווען ווי דער צוויט געשאָטן אויפן ווינט, ווי די שפּיז פון די שוואַכע... און דאָך — זוכט זי אים. אַזוי האָט וויקטאָריאַ אים אַנגעדייט, און מ'קאָן זיך פאַרלאָזן אויף איר פּרויאישן חוש.

מיטן באַשלוס זיינעם צו בלייבן אויף אַן אומבאַשטימטער צייט צו הילף די עלטערן, האָט ער אין די לעצטע טעג באַשלאָסן נישט צו צעבּרעקלען זיין צייט. ער האָט געוווּסט, אַז ער מוז דורכשלאָגן אַ פענצ־טערל דורך אָט דער העק צו דער וועלט. אויב זיצן אויפן באָדן — מוז ער אויך לערנען די פּראָבלעמען וואָס זענען אַרויפגעשווומען אין דער מלחמה צווישן די יידישע פּויערים און דער קאָלאָניזאַציע־געזעלשאַפט. ערשט נעכטן האָט ער אָוועקגעשריבן עטלעכע בריוו צו די אַרויס־געבער פון די צייטשריפטן, צו די שרייבער וואָס זענען אַראָפּגעקומען פון אויסלאַנד, כדי צו דערגיין אַ טאָלק אין די אָנקלאַגעס און יללות, וואָס האָבן זיך געטראָגן אין דער יידישער וועלט וועגן די פּאַרפּירטע אינעם לאַנד פון די שווארצע פּרינצן. ער האָט עפּעס געהערט וועגן אָרגאַני־זירטע גרופּן פון קאָאָפּעראַטיוון און די עלטערע קאָלאָניעס, און זיין חוש האָט אים אונטערגעזאָגט, אַז זייער אויפקומען האָט זיכער אַ שייכות מיטן קאַמף קעגן דער שליטה פון דער „מומען“, ווי מ׳האָט באַצייכנט די געזעלשאַפט. אין זיין פאַרשטעלונגס־קראַפט האָט ער זיך אָוועקגעלאָזט אין דער פאַרנעפּלטער צוקונפט און געזען, אפשר נישט ווייט פון דאַנעט, זיך אויפהייבן אַ רחבותדיקן בנין מיט אַ סך טירן און פענצטער. דאָ וועט אויפקומען דער צענטער ווו די קאָלאָניסטן וועלן באַשטימען דעם אייגענעם גורל, דאָ וועלן זיי זיך באַפרייען פון דער אפּוטרופּסות פון פרעמדע און אומגעבעטענע.

אויך צו ליפּאָווינען האָט ער געשריבן און געוואַרט אויף דער פּאָסט אויף אַ תשובה. געוואַרט אַז ער זאָל אים ביסלעכווייז אַריינפירן אין די קרייזן פון די קעמפער פאַרן יושר — נישט כדי צו באַנייען זיינע איבער־געריסענע קאַמפּס־טעג, ווי וויקטאָריא האָט עס געפאָדערט. ער האָט זיך געוואָלט באַגרענעצן צו די אינטערעסן פון יידישן דאָרף. אָבער דער־ווייל ווערט ער געשלעפּט קעגן זיין ווילן. ער יאָגט זיך אַרום אָן צו וויסן דעם ציל פון זיינע טריט.

ער האָט נישט געקאָנט העלפן זיך. מיט אַ געפונענעם שטעקל האָט ער געגראַבלט אין ווייכער ערד, וואָס איז געווען צעאַקערט ביזן דראַ־טענעם צוים.

דאָרט ברענט און פלאַקערט די מלחמה, און ער, דער באַמבע־וואַרפער און די שרעק פאַר דער פּאָליציי אין זיין אַמאָליקער געגנט,

רוט זיך אויס אַן איינזאמער אין שאָטן פון די מאַיס־פעלדער אינעם ווייטסטן עק פון דער וועלט.

אַ וויכער איז געבוירן געוואָרן נישט ווייט פון דאַנעט, צווישן די קוסטן, און דרייענדיק זיך מיטגעשלעפּט די טרוקענע גראָזן און זיך אַריינגעריסן מיט געפּייף צווישן די מאַיס־פלאַנצן. אָט וועלן זיי אויסגעריסן ווערן מיט די וואָרצלען און געטראָגן ווערן ביז דער בלויקייט פונעם הימל. ער געדענקט, אַז ווען אין אַלטן שטעטל האָט זיך אויפגעהויבן דער זייל פון אַ וויכער, פלעגן די קינדער שליידערן אינעם ווינט גרויסע קיך־מעסערס. מען האָט דערציילט, אַז אינעם וויכער דרייען זיך מכשפות און שדים, און ווען מען טרעפט אינעם האַרץ פונעם וויכער בלייבן בלוט־שפּורן אויפן מעסער... איצט האָט זיך אים געדאַכט, אַז ער הערט אין דעם רוישנדיקן ים פון די מאַיס־פעלדער אַ פאַרשייט אויסגעשריי. אַ רגע — און דער ווינט איז איינגעשטילט געוואָרן צוזאַמען מיטן פעלד.

ער איז אויפגעשטיגן אויפן פערד און לאַנגזאַם געהוידעט זיך ביים דראָטענעם צוים. דאָס פערד האָט געדרייט זיך זייטיק און עטוואָס געשנאָרכט, אָנשטעלנדיק די אויערן ווי אויפצוכאַפּן אַ פאַרדעכטיקטן גאַנג ערגעצוווּ. האָט הערשל אַ טאָרע געטאָן מיטן פאַנטאָפל־שוך (אַל־פּאַרגאַטאַס) צווישן די ריפּן פונעם רייט־פערד און זיך אַ יאָג־געטאָן פאָרויס. נאָר פּלוצעם האָט ער דערפילט ווי דאָס פערד הייבט אָן צו וויגן זיך אין אַ זייט ווי די הינטערשטע פיס זיינע זאָלן איינזינקען און טוט באַלד ווידער זיך אַ הייב מיטן הינטער־חלק, ווי אַ קליין שיפל וואָס זינקט און ווערט געטריבן פון אַ שטאַרקן ווינט. אין אָנהייב האָט ער געהאַט אַ מין אנגענעם געפיל, ווי ער זאָל געשליידערט ווערן אויף אַ הוידלקע, באַלד אָבער האָט ער זיך געזען פליען זייטיק אין חלל אַריין. דאָס פערד האָט זיך געיאָגט מיט אָפענע פאָדערשטע פיס און די הינטערשטע האָבן זיך געשלענגלט און געוואַקלט אין די רימענס פון אַ געשיקטער „באַלעאַדאָראַ" (געפלאָכטענער רימען וואָס ביי די עקן זענען איינגעאַרבעט צוויי שווערע קנוילן, צו וואַרפן אויף אַ חיה אָדער פערד, וואָס ביים לויפן פאַרפלאָנטערט עס זיך ווי אין אַ פענטע). די באַלן האָבן אין אָנהייב געשמיסן זיך אין דער לופט, אָבער בעתן יאָגן זיך האָבן די רימענס זיך ענגער צוזאַמענגעדריקט און איינגעפלאָכטן די

פיס פון לויפנדיקן פערד, וואָס איז אומגעפאַלן און זיך איבערגעקולייעט מיט די פיס אין דער הייך.

הערשל האָט בלויז דערשפּירט דעם שאַרפן גערוך פון צעפּוילטן גראָז, וואָס האָט אַ רייב געטאָן די נאָז ביים פאַלן צום באָדן. קיין ווייטיק האָט ער נישט געפילט, נאָר אַ מישונג אין קאָפּ און ווי נאָר ער האָט געוואָלט זיך אָנשטרענגען און אויפשטעלן, האָט ער הינטער זיך דערזען אָנלויפן אַ לייכטן שאָטן און אַ רימענע לאַסאָ איז געפאַלן אויף זיין גוף, צוגעדריקט די אָרעמס און איינגערייפט די פיס. די רימענס האָבן געשניטן דאָס לייב און ער איז ווידער אומגעפאַלן אויפן באָדן.

ער איז געלעגן מיטן פּנים צום ווייטן בלויען הימל. אַנטקעגן אים איז געשטאַנען אַ באָרוועסע די קליינע מירא, געהאַלטן אין אירע לאַנגע הענטלעך דעם עק פונעם צוזאַמענגעלייגטן לאַסאָ און געצויגן זיין קערפּער. זי איז געווען אין אַ לאַנג אָפּגענוצט קליידל מיט צעפּאַליעטע פאַלדן און אָפּגעקראָכענע פאַרבן. אירע שוואַרצע אויגן האָבן אָפּגעגאָסן מיט אַן אומהיימלעכן קופּער־גלאַנץ דאָס טונקעלע פּנים. די בולטע קינבאַקן האָבן אַרויסגעשטאַרצט און די פאַרשפּיצטע אויסשניטן ביים מויל און אויגן האָבן זיך באַוועגט פון אויפרעגונג.

ווען הערשל איז אַ ביסל געקומען צו זיך האָט ער געפילט אַ מין הנאה וואָס ער איז אַריינגעפאַלן אַ געבונדענער אין די הענט פונעם האַלב־אינדיאַנער מיידל. זי האָט עס דורכגעטראַכט און אויסגעפּלאַנירט איר גבורה־טאַט. עס האָט אים געשמייכלט, וואָס זי באַטראַכט אים, דעם געפּענטעטן, מיטן בליק פון אַ יעגער, וואָס האָט ענדלעך גובר געווען אַ געפערלעכע חיה אָדער איינגענומען אַ קעגנער אין אַ דועל־קאַמף.

— רוסאַ, רוסיטאַ! — האָט זי געשעפּטשעט מיט פייערדיקע ווערטער — איצט ביסטו אין מיינע הענט, אין גאַנצן אין מיינע הענט... כ׳וועל דיך אַוועקפירן, וויט, וויט, ווי מיין זיידע האָט עס אַמאָל געטאָן צו זיין „טשינאַ״ (קריאָושע מיידל). אויך זי איז אַ ווייסע געווען... פון יענער זייט לאַגונאַ... דאָרט איז פאַראַן אַ שפּאַלט צווישן די פעלדזן...

— דיין זיידנס „טשינאַ״ איז מיט איר ווילן נאָכגעגאַנגען, דערפאַר האָבן זיי אין דער נאַכט אַוועקגאַלאָפּירט. איך קען שוין לאַנג אָט די

געשיכטע, מירא... — האָט הערשל געשפּאָסט און געקוקט גלייך אין אירע אויגן אַריין.

— דו וועסט אויך גיין, רוסאו! איך וועל דיך אַ געבונדענעם אין דער לאַגונא אַריינוואַרפן. אויף דער „סינטשאַ" וועל איך דיך שלעפּן...

— און אויב איך וועל מיט מיין איגענעם ווילן דיר נאָכגיין? וווהין ווילסטו, אַז מיר זאָלן פאָרן?

— ביי דער לאַגונא וועל איך פאַר דיר אַ ראַנטשאָ אויפשטעלן. דאָרט וועסטו נאָר צו מיר געהערן... און דער דאַניא מיט די ווייסע הענטלעך, פון דער עסטאַנסיא, וועל איך צובינדן צו אַ „פּאָסטע" (שטאַנג) און אַנרייצן אויף איר די הינט, וויס לייב זאָלן זיי פאַרזוכן...

אירע גרויזאַמע רייד האָבן אים אויפגעטרייסלט. אים איז שווער געווען צו באַנעמען, אַז אין אַזאַ אויסגעטאָקט קערפּערל זאָל זיך אָנזאַמלען אַזויפיל שטורעם און אין אירע אויפגעוואַכטע בלוטן זאָלן קאָכן ליבע און האַס צוזאַמען. וועט זי באמת פעיק זיין אויסצופירן אירע דראָונגען?

— דו ביסט אַ „קאַבאַרדע" (פּחדן) מירא... — פּאַרוואָס האָסטו אויף מיר פאַרוואָרפן די לאַסאָ פון הינטן אַרום? צי בין איך דען אַ חיה, אָדער אַ ווילד פערד? אַזוי האַנדלט אַ גאַוטשאָ־טאָכטער?...

זי איז געבליבן ווי געטראָפן פון אַ נישט דערוואַרטן קלאַפּ. אַן לשון האָט זי אַ רגע באַטראַכט פון דער וויטנס דאָס רייט־פערד פון וועלכן ער איז אַראָפּגעפאַלן. דאָס פערד האָט זיך לאַנגזאַם אַרויסגעמאַכט פון „באָלעאַדאָראַס" געפלעכט, געשטעלט זיך אויף די פיס און אָנגעהויבן צו לויפן מיט אַ טאַנצענדיקן טראָט און פאַרריסענעם עק, ווי חוזק צו מאַכן פון איר פאַרטראַכטן פּלאַן, צום סוף געבליבן שטיין און געגריזשעט די ווייכע גראָזן.

זי האָט אַ וואָרף געטאָן אַ בליק אויפן ליגנדיקן מאַן און זיך פאַרטראַכט. זי האָט צוזאַמענגעלייגט די לאַסאָ און זיך דערנענטערט צו אים, זי האָט אויף איין קני זיך אַראָפּגעלאָזן נעבן אים און אַרויסגעשעפּטשעט:

— ביסט גערעכט, רוסיטאַ! איך וועל דיך פריי לאָזן און דו וועסט גיין מיט מיר, אויב דו וועסט וועלן...

זי האָט אָנגעהויבן פונאַנדערוויקלען די רימענס און דערביי פאַר־

געזעצט צו מורמלען ווי אַ תפילה גלייך אים איז זיך פּנים אַריין:

— דו וועסט גיין נאָך מיר... אויב דו וועסט וועלן...

די באַפרייטע גלידער האָבן אַריינגעאָטעמט די לופט און ער האָט געפילט אַ וואַרעמקייט ביים באַריר פון אירע פלינקע פינגער. זי האָט פריער אויפגעבונדן זיינע הענט און נישט געוואַרט אַז ער זאָל אַליין באַפרייען די פאַרצויגענע פיס. שוין אינגאַנצן אַ באַפרייטער פון די קלאַמערן איז ער נאָך געבליבן ליגן אויפן באָדן אין צוגעשמידט זיין בליק צו אירע בריסטלעך, וואָס האָבן זיך נאָך באַוועגן פון איר פריערדיקער אָנשטרענגונג. איבערגעשראָקן פאַר וואָס ער שטייט נישט אויף — האָט זי אויסגעצויגן די פלינקע הענטלעך און זייענדיק אָנגעשפּאַרט אויף איך קני האָט זי אים אַ האַסטיקן צי געטאָן און אויפגעזעצט.

פון אירע אָפּגעבליאַקעוועטע קליידער און פון די שוואַרץ־אָפּגעצויגענע האָר האָט אַ שלאַג געטאָן מיטן ריח פון האַלב־אויסגעוועפּטן פּאַרפום, פון דעם מיך, וואָס די דאָרפסלייט נוצן קעגן שווייס־ריח און כדי צו פאַרשפּאָרן דאָס וואַשן זיך. אירע הענט האָבן אַ צי געטאָן זיינע אָרעמס און איך די איינגעשלאָפענע גלידער זיינע האָט דורכגעשלאָגן אַ הייס־צאַפּלדיקער שטראָם. נישט פילנדיק ווי אַזוי איז זי געלעגן אַ צחאָמענגעקורטשעטע אין זיינע באַפרייטע אָרעמס.

זי איז געלעגן אויף זיין שויס, ווי אַ קליין זויגקינד וואָס מ׳האָט דערוויטערט די ברוסט פונעם מויל. די אויגן האָבן שוין נישט געברענט מיטן פרעמדן געמישטן פייערל פון האַס און תאווה. דאָס אומגעריכטע בייטן זיך פון די ראָלן האָט אָפּגעשוואַכט אירע חושים און זי האָט אפילו נישט געמאַכט די מינדסטע אָנשטרענגונג זיך אַרויסצומאַכן פון זיינע רייפן־הענט. איר פאַרלוירענער בליק, איר קאָרטשען זיך ווי אַ קעצל און די שטראָמיקע וואַרעמקייט פון איר גוף האָבן דערוועקט איך אים אַ וויכער. זיינע ליפּן האָט ער צוגעטראָגן צו אירע באַקן, און געשעפּטשעט און באַרויקט:

— איך וועל דיר קיין שלעכטס נישט טאָן... איך וועל גיין צו דיר... צו דיין לאגונא... ליג רויק, כ׳וועל דיר קיין שלעכטס נישט טאָן... מירא, מירא... מירעלע...

דאָס לעצטע אַרויסגעזאָגטע וואָרט האָט ער אויפגעכאַפּט ווי אין הינערפלעט און דאָס אייגענע קול האָט אים אויפגעוועקט פון זיין שיכרות.

אַ ציטער האָט דורכגענומען זיין גוף מיט אַזאַ שטאַרקייט, אַז אויך זי האָט עס באַלד געשפּירט.

מירעלע? פאַרוואָס האָט ער דווקא איצט זיין שוועסטערס נאָמען אַרויסגעשעפּטשעט מיט דער יידישער פאַרצערטלטקייט?... יאָ, זי איז דאָך אין זעלבן עלטער מיט אָט דעם באַשעפעניש, וואָס צאַפּלט אין זיינע אָרעמס. פאַר זיינע אויגן איז מירעלע אויפגעשטאַנען מיט איר לייכטנדיקער בלאָנדקייט, ווייצן־קאָלירטן צאָפּ און בלויע קלאָרע אויגן. זי האָט זיך אַריינגעשטעלט צווישן אים און אָט דעם מיידל. ער האָט איינגעגראָבן זיין פּנים אין אירע שוואַרצע האָר און צוגעמאַכט די אויגן. איצט האָט ער דערזען ווי דורך אַ שטויב־רויך לויפט מירעלע איבערן וועג און נאָך איר יאָגט זיך דער אויסגעפּאַשעטער אוקראַאינער שענקער. זיינע פעטע הענט זענען אויסגעשטרעקט פאָרויס, ער שרייט צו איר, ער שטרענגט אָן זיינע קורצע דיקע פיס, ער פאַלט און לויפט וויטער און רעוועט ווי אַן אָקס. אָט דערלאַנגט ער שויך צום צעפלאָטערטן בלאָנדן צאָפּ.

ער האָט זיך אַ ריס געטאָן פון אָרט און אַן עפן געטאָן די צוגע־שלאָסענע אויגן. ביים אויפהייבן זיך האָט ער זיך איבערגעקוליעט און אומגעריסן אַ שטויס געטאָן דער ליגנדיקער מירא. זי איז איצט געלעגן מיט האַלב אויפגעדעקטע פיס און געציטערט ווי אַן אָנגעטראָטענע שטוב־חיהלע. אַ רחמנות־געפיל איז אים אָנגעלאָפן אין קעל. ער האָט זיך אַראָפגעלאָזן נעבן איר און זי ווי געבעטן:

— איך מוז גיין אַהיים, מירא, מיינע קליינע שוועסטער זענען אַליין אין שטוב. שוין אַ פאָר שעה ווי זיי זענען אַליין... איך וועל קומען, מירא, צו דער לאגונא...

איר מויל האָט געציטערט און די אויגן האָבן זיך געוואָרפן אַהין און צוריק. זי האָט זיך פלינק ווי אַ קאַץ אויפגעשטעלט און מיטן לאָסאָ וואָס איז נאָך געווען צוזאַמענגעלייגט ווי אַ פעטליע העפטיק אַ שמיר געטאָן איבער זיין גוף, אַ שפרונג געטאָן הינטערווייַלעכץ מיט אַ קווי־טשיקן אויסגעשריי:

— גיי, גיי, רוסא, צו דיינע פאַרליזיקטע שוועסטערלעך, צו דער דאַניא פון דער עסטאַנסיאַ... גיי, גיי צו איר... זי האָט גרויסע בריסטן... אַזעלכע אַ!...

און זי האָט אַ ווייז געטאָן אין אַ האַלבן קרייז איבער אירע קליינע אויפגעשפּראָצטע בריסטן. זי האָט צוזאַמענגעלייגט די לאַסאָ און אַריינגעלאָפן צווישן די מאַיס־פלאַנצן. אין דעם מאָמענט איז אָנגעקומען אַ נייער זוויכער, געשטיגן איבער די מאַיס־שפּיצן, אַ ריס געטאָן דעם געלבלעך־ווייכן צוויט און אים צעשאָטן איבער די באַגראָזטע פעלדער.

מיט אונטערגעהאַקטע קניען, ווי אויפגעוואַכט פון אַ נישט געזונטן שלאָף, האָט הערשל זיך געלאָזט צום רייט־פערד. אין די שלייפן האָט אים געשלאָגן.

אין גאַלאָפּ האָט ער דערגרייכט דעם הויף אין געציילטע מינוטן. שלום איז אים אַנטקעגנגעקומען און געאיילט אים אָנצוזאָגן:

— מיר האָבן דאָ געהאַט אַ בכבודיקן גאַסט! דער אוקראַינער האָט דיך געזוכט, עפּעס וועגן אַ נייעם געשעפט... וועגן קי און ביקלעך... ער איז געווען טויט־שיכור, געטשעפּעט זיך צו מירעלען. נאָך דעם איז ער אַוועקגעפאַלן און איינגעשלאָפן. מיר האָבן אים אַרויפגעלייגט ווי אַ חזיר אויפן וואָגן און אַרויסגעפירט אויפן וועג... ער האָט זיך אפילו נישט אויפגעכאַפּט ווען מיר האָבי אַ שמיץ געטאָן זיין פערד און דער וואָגן האָט אָנגעהויבן יאָגן...

הערשל האָט אים אויסגעהערט און זיך געחידושט: דערציילט ער עס אים צום ערשטן מאָל, אָדער האָט ער די געשיכטע שוין ווען עס איז געהערט?...

אכצנטער קאַפּיטל

# צווישן אייגענע און פרעמדע

— — — — „אין די לעצטע טעג בין איך געוואָרן אַ היים־זיצער, אויב דאָס פאַרעיפּושטע צימערל קאָן אָנגערופן ווערן „היים"... איך האָב זיך פאָרגענומען צו שרייבן עטלעכע זאַכן צוזאַמען, און ווי אין אַלעלכע פאַלן איז די רפואה צו דעם: אָפּגעזונדערטקייט. דאָס צימערל מיט זיינע טוכלע ריחות איז איצט מיין מקלט דווקא ווען דער דימיון צע־שפּילט זיך, אָבער דאָס איז פאַרט דאָס אייגענע אָפּגעשלאָסענע ווינקל ווו איך קאָן ווייניקסטנס ליגן אויסגעצויגן, ווי דאָס האַרץ גלוסט מיך און ווענדן מיינע אויגן צום פאַררויכערטן סופיט. טיילמאָל איז מיין בעסטער פאַרגעניגן צוקוקן זיך ווי די לאַנגפיסיקע שפּין אין ווינקל ביי דער סטעליע פאַרפּלאָנטערט זיך אין די אייגענע געוועבן. דאָ, ביים שוואַכן ליכט פונעם נאַפט־לאָמפּ, קאָן איך אומגעשטערט זיך מטפל זיין מיט מיין אייגענער וועלט, ווי איך אַליין וויל און פאַרשטיי, אָן שום איינפלוס פון דער „סביבה".

איך האָב זיך געזעגנט מיטן קאַפע־הויז אויף עטלעכע טעג. און מאָדנע, איך פיל נישט קיין בענקעניש נאָכן בית־הקברות פון צייט. צי קאָן איך אין אָט דעם רינשטאָק אויפנעמען מיינע פריינד? אונדזער טרעפפונקט איז מערסטנטייל צווישן די טישלעך פון די צענטראַלע באַרן. איך האָב איצט נישט קיין נויטווענדיקייט איבערצולייגן מיין ווייסן קראַגן אויף דער דריטער זייט... אַ שאָד די פּאָר סענט אָוועק־צוגעבן דער יאַפּאַנישער וועשעריי. אונטערן שיין פון דער גאַז־לאָמ־טערנע אינעם פּארק איז שווער זיך צוזאַמענעמען... די לופט איז צו רייך־שמעקנדיק, די פּאָרלעך גייען אויף און אָפּ און ציען דיין אויג, יעדער שאָרך פון הינטער די קוסטן צעטרייסלט דיין גלייכגעוויכט.

שוין גלייכער דער צימער, וואָס האָט אַן אַרויסגאַנג צום דאַך און מ׳קאָן זיך צייטנווייז צוזאַמענריידן מיט די זעלבע שטערן וואָס שיינען אין ווייטן דאָרף. איך האָף נאָך צו געפינען זיך אַ צימערל מיט עלעקטרישן ליכט — אַ דריק, טאָן אַ קנעפּל און ויהי אור, אָן צו רייבן אַ האַלב טוץ שוועבעלעך און אָן צו צעשמירן די סאַזשע פונעם לאָמפּגלעזל, און אויך די אויגן זיך נישט אַרויסנעמען. איר וועט מיר, ליבער פריינד, שטעלן אַ שאלה: — און וואָס איז געווען אין דאָרף? און ביי וועלכן ליכט האָט גאָרקי געשריבן? און דאָסטאָיעווסקי? — איך האָב נישט זייערע פּרעטענזיעס און נישט זייער טאַלאַנט. איך אַ צייט און אין אַ וועלט ווו די גאַסן זענען אָפּגעבאָדן מיט עלעקטרישן ליכט, פילט זיך דער וואָס זיצט ביים נאַפט־לאָמפּ פאַרשטויסן. אויך די גאַסן־באַלייכטונג און די פאַרקן ווערן איצט פאַרביטן מיטן עדיסאָן־לאָמפּ און די גאַז־לאַמטערנעס מיט זייער ווייס־בלוילעכן אָפּשייַן זענען פאַרבליבן נאָר אינעם פּאָרט־פערטל — איר געדענקט יענעם פערטל ווו עס געפינט זיך די יידישע אַרבעטער־ביבליאָטעק? דאָרטן באַוויזט זיך מיט זון־אונטערגאַנג דער לאַמטערנע־צינדער און ווי מיט אַ וווּנדער שטעקל לייכטן אויף די סלופּעס... די אַ סצענע דערוועקט אין מיר אַ נאָסטאַלגיע נאָכן סדר העולם וואָס אויך ער לעשט זיך אויס.

זינט אַ צייט קלייב איך זיך צו באַזוכן אייער געגנט, אָבער אַלץ גייט אַזוי, אז איך מוז יעדעס מאָל אָפּלייגן, „אָפּלייגן קעז“ זאָגט מיין מאַמע אויף אַזעלכע פאַלן. דערווייל איז וויקטאָריא אַהערגעקומען און האָט זיך מיט אַ דערשטויגענדיקער פרישקייט אַריינגעוואָרפן אין דער אויפקלערונגס־אַרבעט פון איר ברודערס סאָציאַליסטישער באַוועגונג. זי האָט אָן שום זשעניר זיך אויסגעזאָגט איר סוד: איר, הערשל, האָט אין איר אַריינגעאָטעמט דעם אומרו פאַר וועלט־באַנייאונג, כאָטש איר אַליין זענט געבליבן אַפּאַטיש און אָפּגעקילט. איז דאָס ריכטיק אָפּגעשאַצט? אָט די וויקטאָריא, וואָס פאַרמאָגט אַריסטאָקראַטישן חן, איז אָבער וואָס שייך אידעאַלן באַנאַל, נישט אָריגינעל, דווקא ווען זי רייסט זיך צו דאָס אוממעגלעכע — דערפאַר ווייל עס איז צו שווער. אין איר אָנוועזנהייט פיל איך זיך נישט פריי, און זי דווקא איז צודרינגלעך און ביי איר ברודער, רוענעס מאַריך, קנעלט זי די תורה אַזוי נאָרמאַל, אָרגאַניש, סימפּאַטיש...

ווען אין דרויסן איז אַ שטורעם אָדער אַ שלאַקס רעגן, זוכן מיר בהלהדיק אַ שטיקל טרוקענעם באָדן, מעג עס זיין אפילו אַ טונקל טוכלע ווינקל. אַזאַ לופט האָב איך געאָטעמט אין די ערשטע יאָרן פון מיין פאַרלאָזן די קאָלאָניע. איך אַליין בין איצט געגליכן צו אַ שפּענדל וואָס דער שלאַקס רעגן שלעפּט ווו ער וויל נאָר. אָבער צופיל רעטונגס־בריקלעך אויף איין מאָל צעמישן די חושים. די צרה איז נאָך גרעסער וואָס איין וועג אָדער אויסוועג איז סותר דעם צווייטן און קיין צוזאַמענפלעכט פון זיי איז נישט פאַראַן.ביים פאַרלאָזן דאָס דאָרף האָב איך, איך האָב אייך שוין דערציילט, זיך פאָרגענומען צו לערנען אַדוואָקאַטור ווי אַ מיטל צו פאַרטיידיקן די אינטערעסן פון מיינע קאָלאָניסטן־שכנים קעגן ווילקיר. איך קאָן און וועל אָבער אויך נישט מוותר זיין צו שרייבן נאָוועלן אויף יידיש. יידיש האָב איך איינגעזאפּט מיט דער לופט און מיטן וואַקסן. ביזן אָנהייבן גיין אין דער שפּאַנישער שול, האָבן מיר די קאָלאָניע־קינדער נישט געקאָנט אפילו קיין פראַזע צוזאַמענשטעלן אויף שפּאַניש. גוט צו שלעכט — אַזוי איז די ווירקלעכקייט געווען. אין דער היים, אין פעלד, אויף די פּאַשע־פעלדער און ביי אונדזערע שפּילעריען האָבן מיר זיך אויסגעלעבט נאָר אויף יידיש. יידישע לידער, יידישע מעשהלעך. און אפילו מיט יידישע זאַפטיקע קללות האָבן מיר זיך איבערגעוואָרפן... זאָל איך עס איצטער אָפּווישן, ווייל עס ווייזט זיך מיר אַ שפּאַרונע צו דער גרויסער וועלט? איך ווייס אַז דער וועג צו דער לאַנד־ליטעראַטור וועט פאַר מיר פאַרשפאַרן דעם צובונד צו די יידיש־יאָרן. קיין מיטל־וועג איז אויך דאָ נישט פאַראַן!ביידע וועלן דאָ נישט ווינען צוזאַמען. דאָס האָט די קורצע דערפאַרונג אונדז באַוויזן: אַ טאַלאַנטירטער פּאָעט אונדזערער, פון די קאָלאָניעס טאַקע, האָט אָנגעהויבן שרייבן אויף יידיש. זיינע לידער זענען געלייענט געוואָרן אויף אַלע ליטעראַרישע אָוונטן אין די קאָלאָניעס. איז ער אַוועק אין שטאָט און זיך פאַרבונדן מיט אַ שפּאַנישער אויסגאַבע — און אויס מיט דעם פּראָווינציעלן דינסט־מידל, אויס מיט יידיש! דאָס זעלבע איז געשען מיט אונדזער גוט באַקאַנטן אַרבעטער־פירער ערנעסטאָ זיגערמאַן. אָנגעהויבן האָט ער אין דער קאָלאָניע מיט יידישע קורסן וועגן פּאָליטישע פראַגן, אַריבער צו לערנען אין שטאָט אין די אַלגעמיינע נישט־יידישע

צרבעטער־קרייזן. ווען יידישע לעקציעס איז שוין נישטאָ מער וואָס צו רעדן. ווען עס געלינגט שוין עמעצן מיטשלעפּן אים אויף אַ יידישן מאַסן־מיטינג, אויף אַ יידישער פאַרזאַמלונג, בכדי צו באַשיינען זיי מיט דער „פּרעמדער" פּערזענלעכקייט, הערט זיך אַרויס פון זיינע רייד דער אייז־קאַלטער טאָן פון אַן אַסימילאַנט: „אוסטעדעס לאָס כודיאָס" (איר די יידן).

אויך דאָס לערנען אַ פּראָפּעסיע טראָגט אין זיך אַ געפאַר פון אָפּפרעמדונג. אויך דאָ פעלן נישט קיין ביישפּילן פון אונדזערע דאָרפס־קינדער, וועלכע זענען געפאָרן אין שטאָט לערנען און מער נישט גע־פונען דעם וועג אַהיים. אין בעסטן פאַל איז עס אַ באַזוך אין דער קאָלאָניע, אריינצוכאַפּן אַ מפטיר אין שיל. דער פאָטער פרעגלט זיך פון נחת, די הערצער פון די קאָלאָניע־מיידלעך גייען אויס נאָכן „גרויס־שטאָטישן" און די בחורים זידן פון כעס און קנאה. אָבער ווי זאָל זיך אַזאַ בחורל אויסלעבן אין דער גרויסער שטאָט, ווו ער איז אָפּגעריסן פון זיין פריערדיקער סביבה? דער מצב פון אונדזער שטאָטישער גע־זעלשאַפט איז קלאָגעדיק. דער גוטער נאָמען פון די יידן איז געשלאָגן פון די „טמאים" (פרויען־הענדלער). דער יידישער ישוב אין ב. איירעס איז געוואָרן דער סינאָנים פון העסלעכן האַנדל מיט אָפּגעזונדערטע יידישע טעכטער פון דער אַלטער היים. יידישע סטודענטן־גרופּן עקזיסטירן נישט, און די עקזיסטירנדיקע קלובן טראָגן אויף זיך דעם חותם פון פּאַרטייאישקייט אָדער פון שער־און אייזן־פאַראיינען.

אונדזער יידיש לעבן אין דער שטאָט איז נישט מער ווי אַן אַריבערגעטראָגענער באַגאַזש פון יענער זייט ים. אפילו דער זעלבער טוכלער היימישער ריח שלאָגט נאָך פון אים. טראָץ דעם וואָס זינט יאָרצענדליקער וואָרצלט זיך שוין דער ישוב, איז ער נישט דערגאַנגען צו אַן אייגענעם פּרצוף. דערפאַר זענען מיר אויס פּראָווינציעל, קליינ־שטעטלדיק און טיילמאָל לעכערלעך אין די אויגן פון די גויים וואָס פאַרשטייען נישט דעם זין פון אונדזער אָפּגעזונדערטקייט, פון וועלכן מיר מאַכן אַ קולט.

——— דאָס אַלץ וועט זיך ענדערן. זיכער וועט זיך עס ענדערן. די צייט וועט דערביי בייטראָגן איר חלק. מיר וועלן אויסוואַקסן. די מלחמה וועט זיך ענדיקן און צו אונדזערע ברעגן וועלן שטראָמען נייע

כוואַליעס יידן. זיי וועלן צוגעבן נייע פאַרבן. אויפן באָדן פון אַ וואַקסנדיקן ישוב זענען די אַמביציעס ווי דער פעטער גנוי פאַר דער פלאַנץ. דערפאַר ווילט זיך נישט אַוועק פון דער אייגענער סביבה. עס מוז דאָך קומען אַן ענדערונג...

— — — מיין בריוו צו אייך איז לאַנג און כאַאָטיש, ווי ער זאָל בכלל נישט זיין באַשטימט ווען עס איז געשיקט צו ווערן. איך ווייס, אַז איר דערוואַרט מיין ענטפער אויף אַ ריי פראַגן, פשוטע פראַגן וואָס אינטערעסירן אייך. אָבער היינט פיל איך מער באַדערפעניש צו שרייבן, ווי איר צו לייענען דאָס וואָס אייך אינטערעסירט. איך האָב הנאה צו באַגנוגענען זיך מיטן בויגן פּאַפּיר, וואָס איז גוטוויליק אויפצונעמען אַלץ, אַלץ. זיין גורל איז ווי פון דעם וואָס שרייבט אויף אים. ביידע ווייסן נישט צי זייער סוף איז דער אַזיל אין שופלאָדן, אָדער געטראָגן צו ווערן ווי אַן אָפּגעריסענער געלער בלאַט אין ווינט. איך פאַרשטיי אייער לאַגע און ווייס, אַז איר ווערט צעפּרעסן פון לאַנגווייליקייט אין דער העק פון דער פּאַמפּאַ. דערפאַר טאַקע ברעקל איך פונאנדער מיינע איינדרוקן נישט ווי אין אַ געוויינטלעכן בריוו. אפילו אויב איר וועט מיט מיר נישט מסכים זיין, וועט עס אייך אפשר אָנרעגן, ווי אינסטרוקציע־מאַטעריאַל פאַר אַ „גרינעם"...

צוריק מיט אַ פּאָר טעג האָב איך געהאַט אַ גאַסט. אין ערשטן מאָמענט בין איך ווי דערשלאָגן געווען אין מיין דערשטוינונג. דאָס איז געווען די שוואַרץ־חנעוודיקע פרוי פון הער לעווענטאַל, וואָס האָט זיך דערשלאָגן צו מיין בוידעם־שטיבל. די שכנים פונעם הויף האָבן איר נאָכגעקוקט פאַרדעכטיקט ווי זי שטייגט אויף די געדרייטע אייזערנע טרעפּ און קלאַפּט אָן אין מיין טיר. שפּעטער האָבן זיי אויך אויף מיר געווענדט די נייגעריקע אויגן. איך האָב זיך געאיילט אויפ־צוקלערן דעם הויז־פאַרוואַלטער, אַז זי איז מיינס אַ שוועסטער, וואָס איז געקומען פונעם „קעמפּ" אויף אַ באַזוך אין שטאָט. כ'האָב עס גע־טאָן פאַרשעמט און די אויגן פאַרבאַהאַלטן ווי פאַר אַ ריכטער. קיין ברירה האָב איך נישט געהאַט. דער נישט דורכגעטראַכטער ליגן האָט מיך וויניקסטנס אויף אַ ווייל געראַטעוועט. ווייל אויב זי איז געקומען אין שטאָט אַריין צום ברודער — פאַרוואָס נאָר איין און איינציקער באַזוך און געענדיקט? ווער טראַכט אָבער אויף ווייטער? מער האָט

מיר נישט געפעלט, נאָר מ׳זאָל מיך אַרויסשטויסן פון מיק נאָרע צוליבן אויפנעמען „פאַרדעכטיקטע״ פרויען. ס׳וואָלט דאָ קיין פאַרענטפערונג נישט געהאָלפן. די מאָראַל האָט דאָ ביי אונז געטרייע שומרים. מער ווי איר אייגנטלעכער באַזוך, האָט די סיבה פון איר קומען אויפגעברויזט און צעטרייסלט מיין גלייכגעוויכט. זי, די פרוי פונעם פריי־זישן אָפיציר, דעם פאַרוואַלטער לעוועטאַל, איז איצט געקומען געזעגענען זיך מיט מיר.

— אייגנטלעך... איך בין געקומען זיך געזעגענען... דאָס איז געווען דער מיין פון מיין באַזוך. מיר פאָרן אָפּ אין געציילטע טעג אַרום... קיין אייראָפּע...

— קיין אייראָפּע?! — האָב איך אַרויסגעשטעלט אַ פּאָר אויגן — אין אייראָפּע איז דאָך מלחמה!

— דערפאַר טאַקע פאָרן מיר אַהין. מיר האָבן צווישן זיך אָפּ־געמאַכט צו פאָרן צו הילף אונדזערע פאטערלענדער...

— פאָטערלענדער?! — האָב איך נאָך מער געשטוינט.

— יאָ. — האָט זי עטוואָס פאַרטרויערט צוגעגעבן — לעוועטאַל איז אַ פראַנצויזישער אָפיציר. ער קאָן מער נישט זיצן אין דער פרעמד ווי אַ דעזערטיר. ער קערט זיך אום קיין דייטשלאַנד כדי צו קעמפן אין די רייען פונעם קייזערס אַרמיי...

— און איר? איר וועט אים באַגלייטן? — האָב איך אייגגע־האַלטן דעם אָטעם.

— יאָ, אָבער נאָר ביז דאַקאַר. אויף אַ נייטראַלער שיף. איך וועל זיך אָנשליסן אין דער פראַנצויזישער אַרמיי אַלס קראַנקן־שוועסטער...

— און ער, דער הער לעוועטאַל, איז מסכים?

דאָס איז נישט קיין פראַגע פון מסכים זיין, דאָס איז אַן אָפּמאַך: דיין אַרמיי גייט אויף דער מאַזשינאָ־ליניע, מיין פאָטערלאַנד איז אין געפאַר — פאַרוואָס זאָלן מיר נישט העלפן?...

נעכטן זענען זיי אָפּגעפאָרן. בײדע אויף דער זעלבער שיף אונ־טער אַ נייטראַלער פאָן. איך בין זיי געפאָרן באַגלייטן... און איצט האָט איר אויסזיכטן צו באַקומען אַ נייעם פאַרוואַלטער. ווער ווייסט? אפשר וועט עס פירן צו אַן ענדערונג לטובת אייער אַנטוויקלונג. אויך אינעם פאַרוואַלטער איז עס געווענדט...

נאָך איר אַוועקפֿאָרן האָב איך נאָך מער געפֿילט די איינזאַמקייט. איצטער האָב איך אָנגעהויבן צוזאַמענבינדן איר וועזן מיט די פֿאַרגאַנגענע טעג אין אונדזער דאָרף — די קעסטל־אָוונטן אין די שבתים, וואָס די קאָלאָניע־יוגנט האָט איינגעאָרדנט אין שול־זאַל. דאָרט האָב איך פֿאַרגעלייענט מיינע ערשטע פֿעליעטאָנען און אויך די ערשטע דערציילונג, וואָס איז אָפּגעדרוקט געוואָרן אין שטאָטישן וואָכנבלאַט. דעמאָלט בין איך דערהויבן געוואָרן אין זיינע אויגן. אויך אין הויז פֿון פֿרוי לעוווענטאַל האָב איך צייטנווייז געוואַגט פֿאָרצולייענען פֿון מיינע זאַכן.

איך שרייב איצט און באַטראַכט דעם דיקן ווורשט וואָס ליגט אויף דער פּאָליצע. דער פֿעפֿערדיקער ריח דערמאָנט מיך אין יענע טעג ווען מיר פֿלעגן אין אונדזער הויז אַראָפּברענגען דעם שוחט פֿונעם שטעטל צו שעכטן אַ ביקל און מיר האָבן עוסק געווען, צוזאַמען מיטן מומחה, גרישקא דעם קאָלבאַסניק, אָנצושטאָפּן דאָס צעמאָלענע פֿלייש באַווירצט מיט פֿעפֿער און קנאָבל. דאָס האָבן מיר צוגעגרייט אויפֿן ווינטער ווען אין די גרויסע רעגנס זענען אונדזערע הייזער אָפּגעשניטן געוואָרן פֿונעם שטעטל. מיטן היימיש־אויסגעבאַקענעם ברויט אָדער הייסע לאַטקעס האָט דער צוגערויכערטער פֿאַרטריקנטער קאָלבאַס געשטאַרקט אונדזערע כוחות אוןביים צוטרינקען די הייסע מאַטע געגעבן אונדז דאָס געפֿיל פֿון זיכערקייט און זאַטקייט. דאָס איז געווען שוין די תקופֿה פֿון ווילשטאַנד. דעמאָלט האָבן מיר שוין נישט געוווסט פֿון קיין נויט.

אָבער איך געדענק גוט יענע צייטן ווען מיר זענען נאָך קליינינקע געווען. דעמאָלט האָט מען אונדזער דאַר פֿעניצל ברויט באַשאָטן מיטן ברוינעם צוקער. פֿון קיין פּוטער האָבן מיר נישט געוווּסט דורך לאַנגע יאָרן. די מאַמע פֿלעגט ביינאַכט, נאָך אונדזער שלאָפֿנגיין, אויסקלאַפּן דאָס קריגל סמעטענע מיט דער הילצערנער סטופּקע און דאָס פֿאַרוויקלטע בלעכל אויף ביינאַכט אַריינשטעלן אינעם קעסטל פֿון דער סולקי (וועגל אויף צוויי רעדער). דער טאַטע פֿלעגט עס אַוועקפֿירן אין שטעטל צוזאַמען מיט אַ פּאָר טוץ אייער און מיט די הינער וואָס האָבן אויפֿגעהערט זיך לייגן. פֿאַר דעם פֿלעגט דער קלייטניק געבן אַ קילאָ זשערוואַ פֿאַר דער מאַטע, גרויפּן, אַ קעסטל צוקער און אַ

בלעך נאפט. אַמאָל, אין אַ מאַנטיק, פלעגט טאַטע־מאַמע זיך צוכאַפּן אין שטעטל און דעמאָלט פלעגן מיר, די קליינע קינדער, אויסקוקן זיך די אויגן ביזן זון־פאַרגאַנג. מיר האָבן געוווּסט אַז זיי וועלן איינהאַנדלען פאַר אונדז אַ נייעם בגד, פאַר דער מאַמען אַ ציצן קליידל, פאַרן טאַטן אַ ניי היטל מיט אַ קורצן דאַשעק. עס האָט אויך נישט געפעלט אַ שקאַרמיצל מיט אַ שמעקנדיקער פּרוכט פון סעזאָן, און אַמאָל — עפּעס אַ נאַשעריי. דאָס בעסטע פאַרגעניגן אונדזערס איז געווען אויפצובינדן די פּעקלעך און פונאַנדערצולייגן די איינגעהאַנדלטע סחורה. די פּרוכטן האָבן פאַרשמעקט די צימערן, אָבער מער פון אַלץ איז אונדז געפעלן דער ריח פון די נייע געוואַנטן. מיר פלעגן צולייגן די סחורה צו דער נאָז און גלעטן מיט די בלימלדיקע פאַרבן אונדזערע באַקן...

דערווייל האָט ביסלעכווייז באַוויזן זיך איינצונעסטיקן אַ שטיקל טראַדיציע צווישן אונדזערע יידישע פּויערים. פון קליינערהייט אָן פלעג איך ליב האָבן צו באַזוכן אום שבת די שיל אין דער קאָלאָניע. דאָרטן פלעגן מיר זיך אַרומיאָגן אין הויף נאָך די רויטבייכיקע פייגעלעך, פאַרקניפּן די ציצות פון די טליתים ביי די וואָס פלעגן עולה־לתורה זיין און ביים אַוועקגיין פלעגט ער מיטשלעפּן דעם בעל־קריאה. מיר פלעגן אויסקוקן אַריינצוכאַפּן אַ גלעזל היימישע משקה מיט אַ פּענעצל לעקעך, וואָס מ׳פלעגט ברהענגען אין שיל אַריין אויף קידוש. ביי אונדז אין קאָלאָניע איז דער שבת געווען אָפּגעהיט מיט אַלע פּיטשעווקעס און אפילו אין ברען פון דער „קאָסעטשע" (שניט) רוען די מאַשינען און די שטוב־חיות באַגלייך מיט די בני־אדם. האָט ווער אויפגעהויבן אַ רידל אָדער אַ גראַבלע, האָט ער געליטן אַ פּראַסק פונעם טאַטנס פאַרמאַזאָליעטער דלאָניע. אָבער שפּעטער, ווען איך בין אויסגעוואַקסן, פלעג איך ליב האָבן צוצולייגן אַן אויער צו די שמועסן פון די קאָלאָניסטן אין שיל ביים אויסנעמען. דער שמועס פלעג זיך דאָרטן דרייען אַרום זאַכן פון קאָלאָניע־לעבן. אין פלוג האָט דאָס פאַרשטערט די קדושה פון שבת — דאָך האָט מען געמעגט זיך בענטשן מיט אַזאַ מין דערגרייכונג: ווייל ווו נאָך האָט מען עס געקאָנט הערן אַזאַ מין שמועס — ניין, אַזאַ מין תפילה, אַזאַ מין דאַווענען?! — וועגן קי און פערד, וועגן האָבער און גערשטן, וועגן זעק און וועגענער, וועגן

הינער און סמעטענע, וועגן תבואה־קראַנקייטן און רעשעטעניקעס — דאָס איז דאָך געווען אַ מין שיר מיוחד פון אונדזער צייט — דאַרף מען דען אויף אַזעלכעס נישט מאַכן קייק שהחיינו? איינער פון אונ־דזערע יידישע קלאַסיקער האָט אַמאָל געזאָגט: „ווען מיר וועלן דער־גרייכן צו אַזאַ לאַגע, אַז אין די סאַלאָנען וועלן יידישע יונגע אינטע־ליגענטן זיך דערקלערן אין ליבע אויף יידיש. דעמאָלט וועט די יידישע שפּראַך זיך איינקויפן איר עקזיסטענץ"... אויב מיר האָבן דערגרייכט צו אַזאַ מעמד, אַז יידן דיסקוטירן אין שיל, פאַר דער אַריינגעכאַפּ־טער עליה, איבער רעמאַנענט און „סעמיזשע" (זריעה), ווי דאָס טוען איינגעזעסענע יוסטע פּויערים — איז קאָן מען זיך באַציען צו אַזאַ דערשיינונג ווי צו אַ צופעליקן עפּיזאָד?

מיר אַרבעטן אויס „לאַמפּאַטש" (נישט געברענטע ציגל) אויף צו בויען דאָס ערשטע שטיבל נאָכן זיצן עטלעכע יאָר אין דער קליי־נער כאַלופּע. די גאַנצע משפּחה איז אויף די פיס און די פיס — אינ־גאַנצן איינגעקלעפּטע אין בלאָטע. אין אַ גרויסן קיילעכיקן גרוב האָבן מיר אָנגעצאָפּט וואַסער פון דער גרויסער קאַריטע. דאָס וואַסער האָבן מיר אַרויסגעצויגן מיט אַ גרויסער קייט, מיט אַ שלעפּ־פערד און אי־בערקערט מיט אַ גרויסן אייזערנעם עמער אין דער קאַריטע אַריין... דאָס איז אַ גאַנצער דורכגעטראַכטער מעכאַניזם! די גרודעס אין גרוב זענען דערווייל צעווייקט געוואָרן און מיר האָבן צוגעשאָטן שטרוי און פערד־גנוי. דער טאַטע האָט מיט פאַרקאַטשעטע הויזן און באָרוועסע פיס געטריבן צוויי פערד וואָס האָבן אין הקפות געקנאָטן דאָס ליים, צעברעקלט די גרודעס, אויפגעמישט דאָס שטרוי און ווען דאָס ליים איז געוואָרן ווייך, האָבן מיר עס אַרויסגעצויגן אויף אַ שליטן איי־סער דעם גרוב, איבערגעקערט און אויסגעגלעט מיט אַ הילצערנער קעלניע. אין די צוגעפּראַוועטע פאָרמעס האָט זיך דאָס ליים גע־טריקנט קעגן דער זון און געוואָרן פאַרהאַרטעוועט ווי אמתע ציגל. מייז טאַטע האָט געטאָן די אַ שווערע אַרבעט מיט אַ מין הייליקער באַגייסטערונג. נישט געקנאָטן פרעמד ליים אין קנעכטשאַפט, נאָר פאַר זיך אַליין. ער האָט לוסטיק געשפּאַנט מיט די פיס אין בלאָטע, זיין קיילעכיקע באָרד איז געוואָרן באַשפּריצט מיט ליים דורך די פערדישע קאָפּיטעס און דערביי האָט ער געזונגען חזנישע שטיקלעך...

ער איז אַ חבדניק פֿון דער היים, מיין טאַטע, און ווען ער פֿלעגט איז די קילע האַרבסט־טעג אָדער אין די זוניקע פֿרילינגס־פֿאַרנאַכטן נאָכ־גייך דעם פּלוג אָדער באָרענע, געקנאַלט מיט דער בייטש פֿון פֿאַר־געניגן וועגן און איבער זיין קאָפּ האָבן זיך געהוידעט מחנות „גאַוויאַ־טאַס" (פֿייגל וואָס שלינגען איין די אויפֿגעאַקערטע ערד־ווערים) — האָט ער געזונגען חסידישע ניגונים. די שכנים האָבן שוין געוווּסט, אַז ר' שכנא ליפּאַווין פֿירט דעם אַקעראייזן פּונקט ווי דער בעש"ט פֿלעגט פֿירן די וועגעלעך זאַמד אין די בערג אַריין...

——— קיין קלאָרע תשובה אויף איירע פֿראַגן קאָן איך אייך איצט נישט געבן. דאָס פֿאָדערט אַ לאַנגע אויספֿאָרשונג און אַ טיף אַריינדרינגען אין די קאָנפֿליקטן צווישן דער „געזעלשאַפֿט" און די קאָלאָניסטן. ווער איז דאָ דער שולדיקער און ווער דער ניגזל? קיין שופֿט קאָן איך דאָ נישט זיין. וויל איך בין דאָך אויך אַ צד שכנגד. אָבער אַז די באַאַמטע, גרויסע און קליינע, לאָקאַלע און צענטראַלע, האָבן געפּעלשט דעם פֿאַרזאַג פּונעם באַראָן — וועגן דעם איז נישטאָ קיין צווייפֿל. זיי האָבן קודם־כּל דערניהערט און פֿאַרשעמט דעם כּבוד פֿון ייִדישן פּויער וואָס נייטיקט זיך אין אַ פֿירנדיקער, אָבער נישט דערדריקנדיקער האַנט. די מערסטע באַאַמטע, גרויסע און קליינע, האָבן וועגן אַגריקולטור אַ קליינע אַנונג געהאַט, און אַנשטאַט מדריך צו זיין די נישט געניטע ייִדישע פּויערים, האָבן זיי זיך פֿאַרנומען מיט פֿרעדיקן אַסימילאַציע. בעת דער קלענסטער פּעטיציע האָט דער קאָלאָניסט געדאַרפֿט שטיין מיט אַן אַנטבלויזטן קאָפּ און אַרונטערגעלאָזענע אויגן און בייגן טיף דעם רוקן ביז מ'האָט באַוויליקט אים אויפֿצונעמען. האָט אַזוי געחלומט דער באַראָן? און וואָס פֿאַרא פּנים האָבן מיר געהאַט אין די אויגן פֿון די גויים, ווען די פּאָליציי האָט אויפֿן באַפֿעל פֿון פֿאַרוואַלטער אַראָפּגעטריבן פֿון באָדן אַ ייִדישן קאָלאָניסט מיט ווייב און קינד דערפֿאַר, וויל ער האָט נישט ריכטיק אָפּגעצאָלט דעם פּראָצענט תּבואה־זעק און עטלעכע פֿון זיי פֿאַרלייקנט? און ווען אונזערע קינדער אין דער קאָלאָניע זענען אונ־טערגעוואַקסן, חתונה געהאַט און געוואָלט זיך קאָלאָניזירן — און דאָס זענען דאָך געווען די ערשטע זין פֿון דאָרף — האָט מען אַנשטאָט זיי איינצואָרדענען אויף די רעזערוו־פֿעלדער ביי דער קאָלאָניע, פֿאַר־

געלייגט צו באַזעצן זיך ערגעץ אויף צענדליקער קילאָמעטער ווייט פון דער היים און די רעזערוו־נחלות האָט מען באַזעצט מיט דייטשן און רוסישע גויים.

זיכער, נישט איין צד איז כולו זכאי און דער צווייטער כולו חייב. איך האָב געהאַט די מעגלעכקייט אויך צו זען די נעגאַטיווע זייטן פון אונדזערע קאָלאָניסטן. דאָס איז אַ קאַפּיטל פאַר זיך, אַ שווער קאַפּיטל, אָבער מיר דאַרפן צוגיין מיט דעליקאַטע מיטלען אויב מיר ווילן דאָס בייזע אויסקאָרטשען.

צו אונדזער גליק זענען אויפגעקומען אינסטרומענטן, געשאַפענע פון די אייגענע קאָלאָניסטן, צו פאַרטיידיקן זיך קעגן די אומגערעכטיקייטן. די געשאַפענע קאָאָפּעראַטיוון אין די קאָלאָניעס דאַרפן נישט נאָר דינען פאַרן קאָנסום און פאַרקויף פון קאָלאָניסט. זיי דאַרפן פאַרוואנדלט ווערן אין אַ כוח, וואָס זאָל אָפּשלאָגן אַלע רשעותדיקע פלענער און אויך שאַפן אַן אייגענעם גייסטיקן צענטער. אויך די ערשטע יידישע אויסגאַבע פון די לאַנדווירטן וועט זיכער דערפילן אַ קעמפערישע און קאָנסטרוקטיווע ראָל...

— — — דער אָוונט האָט זיך פאַרצויגן און דערווייל בין איך געוואָרן הונגעריק. די ברויטקראָם איז שוין זיכער פאַרמאַכט. אַ וועטשערע אין רעסטאָראַן, איז היינט, סוף חודש, נישט פאַר מיין קעשענע. וועל איך זיך באַנוגענען מיטן היימישן קאָלבאַס און דער מאַטע. אַ שאָד נאָר וואָס איך בין איצט אַליין. וואָלט איר איצט דאָ געווען! איר געדענקט אייער ערשטן באַזוך אין מיין בוידעם־שטיבל? ווען רעכנט איר ווידער אַראָפּצוקומען אין שטאָט אַריין? וויקטאָריא האָט שטענדיק אַ פּול מויל מיט לויב פאַר אייך. מאָרגן וועל איך באַזוכן איר ברודער און זיכער זי דאָרט באַגעגענען. זי וועט, ווי איר שטייגער, אַ שפּרונג טאָן קעגן מיר און צעפּענען אירע אויסגעאיידלטע לאַנגע הענט:

— ליפּאקא! ווען וועלן מיר שוין עפענען דעם קלוב אינעם פּערטל פון די „פּריגאַריפּיקאָס”? (פּלייש־פּראָדוקציע).

— ווען וועט איר שוין אָנשרייבן די צוגעזאָגטע גרויסע דערציילונג אין קאַסטעליאַניש?

— ליפאקא, האַלט איר נישט, אַז מיר מוזן פאַרשטאַרקן אונ־
דזער נייטראַליטעט לגבי די מלחמה־פירנדיקע פעלקער ?...

אַזוי באַשיט זי מיך מיט פראַגן ווי איך וואָלט געווען דער אויס־
פירער און באַשטימער פון דער לאַנדס־פּאָליטיק.

אויב איר באַשטימט ווען עס איז באַזוכן די שטאָט,
וועל איך אייך פאַרשטעלן פאַר איר ברודער. רוענעס מארין פאַרקער־
פערט אין זיך דעם אידעאַל פון סאָציאַלער גערעכטיקייט. ער איז
פּשוט אין זיין באַציונג צו מענטשן. ער האָט אפילו לעצטנס זיך אָנגע־
הויבן צו פאַראינטערעסירן מיט די פראַגן פון אונדזער יידישער קאָ־
לאָניזאַציע. ער האָט מיך געבעטן, אַז איך זאָל אים צושטעלן מאַטע־
ריאלן וועגן דעם. ס'איז כדאי, אַז איר זאָלט זיך מיט אים באַגעגענען.
אַן אמתער פריינד! און איך וועל אייך אויסזאָגן אַ סוד: ער ציט
צו זיך, דורך אים ווילט זיך זען, ווי דורך אַ פּריזמע, די גרויסע
וועלט...

נײַנצנטער קאַפּיטל

# שלום און ווײַן

הערשל איז אָנגעקומען אויף דער באַן־סטאַציע און זיין וואָגן
איז געווען אָנגעלאָדן מיט זעקלעך ווייץ. דער טאָג איז געווען שוין
פון די שפּעט־זומערדיקע און די היץ האָט געקלעמט ווי מיט גליענ־
דיקע רייפן. די פערד זענען אָפּגעגאָסן געוואָרן מיט שווייס און שוים
און האָבן קוים געצויגן דעם וואָגן נאָך אַ שווערער רייזע איבער זאַמדן
און זומפּן.

ער האָט אַ קנאַל געטאָן מיט דער בייטש איבער די פערדישע
רוקנס און דער וואָגן האָט זיך אַריינגעטרייסלט אין דער ריי פון דער
שורה וועגענער וואָס האָבן געוואַרט אָפּצולאָדן די תבואה. נעבן דער
פּלאַטפאָרם זענען געשטאַנען צעעפנטע לאַסט־וואַגאָנעס און אין זיי האָט

מען עס געלאָדן די הונדערטער זעק. נאָך יעדן וואָגן האָבן די טרעגער זיך אַ קער געטאָן צום גרויסן „דאמאכואן" (גרויסע פלאַש באַדעקט מיט שטרוי) און געזופּט דעם בילקן רויטן ווײַן. זיי האָבן פאַרדרייט פּאַפּיראָסן פון שוואַרצן טאַבאַק און געשפּיגן פון צווישן די ציין ארויס. אָנגעטאָן בלויז אין ווייס־לייוונטענע אונטערהויזן, האָבן די בראָנדז־קאָלירטע לײַבער זייערע געגלאַנצט קעגן דער זון ווי אָנגעשמירט מיט פעטס.

געוואַרט האָט ער אָפּצולאָדן די דרייסיק זעק ווייץ. זיי וועלן אין געציילטע מינוטן אַרויפטאַנצן איבער די רוקנס פון די טרעגער, וואָס מאַכן קונצן מיט די זעק, ווי זיי וואָלטן זיך געשפּילט מיט קינדער. נאָך דעם וועט דער וואָגן בלײַבן ליידיק און זײַנע צעפּאָרענע ברעטער וועלן טרייסלען און נישט דערלאָזן צו א שטילן נאָכטראַכטן. אָבער דעמאָלט וועט שוין זײַן שפּעטלעך און די זון וועט זיך אָפּקערן אין די שפּורן פונעם טאָג.

די רײַ פאַר אים איז אַ גרויסע. ווער פון די אָנטרייבער ס'איז אַריין צום אוקראַאינישן שענקער אויסשווענקען פון האַלדז דעם שטויב פון וועג; ווער עס האָט זיך צוגעטוליעט צו אַ גרופּע פּויערים אויף דער פּלאַטפאָרם און זיך צוגעקוקט ווי מ'וועגט אָפּ די זעק איידער מען לאָדט זיי אָן אין די וואַגאָנען. דער „רעסטיווידאַר" (אָפּנעמער) פון דער מאָנאָפּאָל־פירמע שטעכט מיטן פּראָבע־שטעכער אין יעדן זאַק און איז בודק אויף דער דלאָניע די זשמעניע קערנער. די קערנער וואָס פאַלן אויפן באָדן קאָכן אויף דאָס בלוט פון די פּויערים. צייטנווייז טוט דער אַגענט אַ טריאומף־געשריי: „רעטשאסא"! (בראַק), און דער טרעגער גיט דעם זאַק אַ שליידער אויפן שטיינערנעם באָדן. ס'ברעכן אויס שאַרפע דיסקוסיעס, אָבער דער קאָלאָניסט גיט זיך באַלד אונטער. ד'ער אומגעדולד און דרוק פון די וואַרטנדיקע ברעכן זײַן קאַמפּסלוסט און דער אָפּנעמער פירט אויס דאָס זייניקע. אַנטקעגנאיבער ליגט די פּאַסאַזשיר־סטאַנציע רויק און פאַרלאָזן. בלויז דער סטאַציע־שעף דרייט זיך דאָרט ארום און דאָס קלאַפּן פון די טעלעגראַפן־צייכנס זענען ווי די אָנזאָגערס פון אַ סוד, וואָס וויקלט זיך אין אַ ווײַטער וועלט.

די לאַסט־וואַגאָנען זענען געשטאַנען נאָכגיביקע און צוגענומען

אַלץ וואָס מ׳האָט אין זיי אַריינגעדריקט. קיין געוויש און סאַפּען פון לאָקאָמאָטיוו האָט נישט אָנגעוויעט קיין רייזע־שפּאַנונג. די שטילקייט איז צייטנווייז איבערגעריסן געוואָרן דורך די מונטערונגס־געשרייען פון די טרעגער און דעם פאַרבענקטן הירזשען פון די פערד.

אַ הויכער דייטשער שגץ מיט אַן אָפּגעשיילטער נאָז האָט זיך צוגערוקט צו הערשלען:

— פון וואַנעט קומט איר? אַ היגער?...

— פון וואַנעט? פון די „זיבן פיילן״ — האָט ער אָן חשק געענטפערט.

— האָ, האָ, באַקאַנט, באַקאַנט! מיק פאַרוואַנדטער, האַנס נאַגעל, איז אין דער נאַכבאַרשאַפט...

הערשל האָט געזוכט זיך אַרויסצודרייען פון שמועס. אָבער דער דייטשער בחור האָט זעט אויס געדאַרפט האָבן פאַר וועמען זיך אויסצולאָדן:

— נעכטן האָבן זיי, די בלוטזויגער, אויסבראַקירט גאַנצע צען זעק. „שטוסאַ״ (איינגעדאַרטע) אָדער „קאַרבאַן״ (פאַרקוילטע). אַזוי האָבן זיי געפּסקנט, און ווער וועט זיי אָפּהאַלטן? קיין ווונדער! מ׳זאָגט אַז סיי „דרייפוס״ און סיי „בונבע־בארן״ (תבואה־קאַנצערן) זענען יידן...

די רייד פונעם שגץ האָבן אים געטראָפן ווי שטיינער געוואָרפענע פון הינטער אַ פּאַרקן אַפער. אָבער ברוגז זיין האָט ער נישט געקאָנט

— צי מוז מען דווקא זיי פאַרקויפן די תבואה? דאָס איז דאָך נישט קיין געזעץ — האָט ער אים געצויגן פאַר דער צונג.

— מען מוז! זיכער מוז מען! זייערע אַגענטן גיבן דאָך אונדז קרעדיטן דורכן גאַנצן יאָר. עסן מוז מען דאָך... און פאַרן שניט גיבן זיי אונדז לײדיקע זעק און „פּיעסאָס״ (מאַשין־חלקים). מיר שרייבן נאָר אונטער, ווער עס קען, און ווער נישט — טונקט איין דעם פינגער אין טינט און מ׳שמירט איין דאָס פּאַפּיר. וואָס האָבן זיי פון דעם? — ווייס איך נישט. זיי זאָגן נאָר, אַז מיר האָבן אונטערגעשריבן און מיר דאַרפן זיי און נאָר זיי אַריינפירן די גערעטעניש... נאָך דעם טוען זיי וואָס זיי ווילן.

גערעדט האָט ער מיט אָפענער צוטרויליכקייט. הערשל האָט ווייטער זיך געוואָלט אַרויסמאַכן פון לאַנגע שמועסן, ער האָט אָבער

אויך געוואָלט דערגיין יענעמס געדאַנקען־גאַנג. דאָס זענען דאָך די מחשבות פון אַ סך אַזעלכע ווי ער.

— און ווען איר אָרגאַניזירט זיך אין אַ מין פּאַראיין, לאָמיר זאָגן, אַלע שכנים צוזאַמען, אַ קאָאָפּעראַטיוו. איר וועט איינקויפן אַלדאָס נויטיקע דורך דעם פּאַראיין און פאַרקויפן דורך אים אייערע פּראָדוקטן.

דער דייטש האָט געהויבן די אַקסלען און געצויגן די שפּיצן פון די פאַרדרייטע וואָנצעס. צום סוף האָט ער אָפּגעענטפערט:

— איך גלייב נישט אין אַזעלכע זאַכן, סעניאָר, נישט מיט אונדזערע לייט וועט איר עס מאַכן. ווער עס וועט זיך צו דעם צורירן וועט פאַרשריגן ווערן אַלס גנב... פּשוט, מיר זענען שטענדיק די אָפּ־געגנאַרטע. מיר זענען דאָ געבוירן און קענען נישט די לאַנד־שפּראַך, ווייניק רעדן און גאָרנישט שרייבן. מיר וועלן פירן פּאָליטיק? דער היגער זאָגט אַ קלוג וואָרט: „דער קלוגער לעבט פונעם נאַר, און דער נאַר — פון זיין אַרבעט“... נישט פאַר אונדז... אפשר ווילט איר אַ גלאָז ביר? קומט...

זיי האָבן קוים באַוויזן איבערצוקרייצן די ערשטע באַן־שינעס און געווענדט זיך צו דער שענק פונעם אוקראַינער — און פון דער באַן־סטאַציע איז אָנגעלאָפן דער יונגער טעלעגראַפיסט, אַ פאַרסאָפּע־טער און אַ פאַרשוויצטער און געפּאָכעט מיט אַ וויס פּאַפּירל. ווען ער האָט אָנגעיאָגט נאָענט צו דער פּלאַטפאָרם פון די אָפּלאָדער, האָט ער אַ רעווע געטאָן:

— הוראַ! אַ סוף צו דער מלחמה! היפּ. היפּ. הוראַ! די דייטשן האָבן זיך אונטערגעגעבן... אָט איז די מעלדונג... קוקט נאָר... לייענט!!

— ער האָט געפּאָכעט מיטן שטיקל פּאַפּיר און אומגעלאָפן צווישן די פאַרזאַמלטע טרעגער און קאָלאָניסטן.

מ'האָט אָפּגעשטעלט די אַרבעט. די טרעגער האָבן זיך ראַפּ־טעם אַ לאָז געטאָן צום איבערגעבליבענעם ווין אין די גרויסע צוגע־דעקטע פלעשער. די קאָלאָניסטן האָבן זיך אַרויסגערוקט פון אונטער די וועגענער ווו זיי האָבן זיך באַהאַלטן אין שאָטן. איצט האָבן גע־מישטע קולות זיך געריסן אין דער לופט אַריין:

— ענדלעך... ענדלעך! זאָל לעבן דער שלום... וויוואַ לאַ פּאַז!

— ווייץ וועט פאַלן... פלייש וועט פאַרפוילט ווערן...

— די פעל פון די ביקלעך וועט טייערער זיין פון זייער פליש...

— דו לאַכסט? מיר האָבן שוין געזען אַזעלכעס... ביינאַכט פלעג מען צורייבן די קי, אָפּשינדן זייער פעל און דאָס פליש איבערלאָזן פאַר די „בואיטרעס" (רויב־פייגל)...

— מאולא! (פּחדן), מענטשן־בלוט וועט זיך נישט גיסן מער

— און איר ציטערט פאַרן טאָפּ פליש, וואָס וועט פאַרפוילט ווערן... כודאס איסקאַריאָט!

— אומזיסט דאַרפן מיר שיקן אונדזער „גאנאַדא" (פי) און אונ־דזער ווייץ פאַר די הונגעריקע קינדער פון אייראָפּע. אַנשטאָט דעם דזשעגעכץ און קלייען וואָס זיי האָבן געגעסן.

— יאָ, יאָ! איך האָב וועגן דעם געלייענט. אפילו מיט האָבן זיי געגעסן, די אומגליקלעכע, אפילו פגרים!

— כאַ־כאַ־כאַ! — האָט ווער אַרויסגעפּלאַצט — איך מוז נאָך היינט זען דעם בייכיקן פראַנצויז גאַריעט. זיינע בעקלעך זענען היינט רויטער פון „גאררא־פריכיא" (דער רויטער הוט אין אַרגענטינער עמ־בלעם). היינט וועט ער זיכער לאַכן און וויינען צוזאַמען. לאַכן וועט ער צוליבן זיג פון די פראַנצויזן און וויינען — צוליבן געפּאַלענעם פרייז פון דער פי...

אויך הערשל איז מיטגעגאַנגען מיט די טרעגער און פּויערים. זיי האָבן געצויגן צו דער שענק און ער איז געטראָגן געוואָרן אין רויש פון זייערע געשרייען. געגאַנגען איז ער און דער דמיון האָט אים פאַר־טראָגן איבער די ווייטקייטן פון יענער זייט ים. וואָס טוט זיך עס אָפּ דאָרטן? דאָרט קלינגט עס און רוישט מיט צעבראָכענע שווערדן. די וועלט וועט זיך טונקען אין ברידערלעכקייט! און לעווענטאַל? ווי דאָס האַרץ פרייט זיך אויף זיין מפּלה... וועט זי, זיין שוואַרצהנעוודיק ווייבל זיך צוריקקערן? צו וועמען? צו זיינע פרייסישע אָרעמס אָדער צו איר שפּיל מיטן קאָלאָניע־שרייבער? די געשרייען אַרום אים ווערן שטאַרקער,

— שלום! זאָל לעבן דער שלום! ווין! וויך ווילן מיר! די „אַליאַדאָס" (אַלאירטע) וועלן צאָלן! וויך!...

דער דייטש איז איצט נעלם געוואָרן. ער האָט נישט געקאָנט, זעט אויס, באַנעמען די טריומף־געשרייען אויפן חשבון פון די געשלאָ־גענע דייטשן.

די ליימענע הויזקע פון דער שענק איז געשטאַנען קרום אויף אירע אָפּגעשיילטע ווענט. נאָר אַן איינציקע ווערבע מיט אַראָפּגעהאָנגענע צווייגן האָט געוואָרפן פאַסן־שאָטנס אויף דער כאַטע. אַרום איז איצט געווען שטיל. די געסט, וואָס האָבן פריער געקילט זיך מיט ביר, זענען אַרויס אין הויף, געצויגן פון די געשרייען. דער שענקער האָט דער־ווייל צוגעשפּאַרט די טיר און זי פאַרריגלט פון אינעווייניק. ער האָט געפּלאַטערט אין שרעק און אָפּערגעקוקט דורך דער שפּאַרונע.

די אָנקומענדיקע האָבן געזונגען מיט אומגלייכע טענער און הייזעריקע קולות. עמעצער האָט געפּרוּווט זיך צו פאַרנעמען אויף אַ מאַרש־געזאַנג, אָבער אַ פּאָר צענדליק העלדזער האָבן איבערגעשריגן:

— גיב אונדז וויין! גיב אונדז וויין! פאַרן שלום!...

געטראָפן די טיר פאַרריגלט — האָט זייער צאָרן זיך צעפּלאַ־קערט. די טרעגער אין די אונטערהויזן, מיט די רויטע טיכלעך אויף די קעפּ, האָבן מיט די פויסטן און פיס געקלאַפּט אין דער טיר:

— וויין, גיב אונדז וויין! מיר וועלן פון דיר, ניקאָלאַ, אַ צע־קוועטשטע וואַנץ מאַכן... עפן, ניקאָלאַ!

די טיר האָט נאָכגעגעבן און איז אַרויסגעריסן געוואָרן פון אירע זאַוויעסעס. ס'האָט ווער זי אַ שליידער געטאָן אין אַ זייט ווי אַן אָפּ־גענוצטן חפץ און עטלעכע צעהיצטע קערפּערס האָבן זיך אַ שפּאַר געטאָן אינעווייניק. די עטלעכע פעסער זענען מאָמענטאַל איבערגעק־קערט געוואָרן און די קראַנען — צעעפנט. דער דיל איז רויט און קלעפּיק געוואָרן פון שאַרפן וויין. הענט האָבן זיך געפּלאָכטן און אונ־טערגעטראָגן גלעזער און בלעכענע קאַנען. אַנדערע האָבן זייערע היט־לען אונטערגעשטעלט און אָנגעצאַפּט מיטן פליסנדיקן וויין...

דער שענקער איז אַ ציטערנדיקער אַרויסגעקראָכן אויף אַלע פיר פון הינטער דער סטויקע. זיינע שיטערע אָפּגעצויגענע האָר האָבן זיך געקלעפּט צום פאַרשוויצטן שטערן און די קליינע קרומע אויגן האָבן פון שרעק אין גאַנצן זיך איבערגעקערט. דערזעענדיק פון דער ווייטנס הערשלען, ווי ער שטייט פון יענער זייט אויפגעריסענער טיר, איז ער אַ שפּרונג געטאָן צו אים:

— זאָג זיי, בראַטיעץ, זאָלן זיי רחמנות האָבן... אויף טרוקן ברויט אַזוי שווער געפּראַצעוועט... גענוג געהאַט צוליבן בראָך פון געפּאַלע־

נע פי... זאָג זיי. סערדצע, איך בעט דיך... — און ער האָט אָנגעהויבן צו רייסן זיך די שיטערע האָר פונעם קאָפּ. צעיאַכמערט פון אייגענעם געשריי האָט ער זיך אַ לאָז געטאָן פאָרויס און געוואָלט פאַרשטעקן דעם אָפענעם קראַן, פון וואַנעט דער ווייַן האָט געשטראָמט אויפן ערדע־נעם באָדן.

עמעצער האָט אים אונטערגעשטעלט אַ פוס און ער האָט זיך אַ וואַלגער געטאָן אויפן דיל גלייך מיט דער נאָז אין דער קאַלוזשע פון רויטן ווייַן.

אַ הילכיק לאַכן. אַ טרעגער האָט אים אַ נעם געטאָן פאַרן דיקן קאַרק און אייַנגעראָבן זייַן פּנים אינעם אויסגערונענעם ווייַן.

— טרינק, אַמיגאָ, טרינק... קיינמאָל האָסטו זיך נישט פאַרגונען אַזויפיל מיט איין מאָל... טרינק אָן געלט, אמיגא... מיר וועלן באַצאָלן...

אַ קוויטשיק געלעכטער האָט באַגלייט די ווערטער. פון די קאַנען און גלעזער האָט מען געכליאַפּעט דעם ווייַן איבערן קאָפּ און נאַקן פונעם שענקער.

— אוי, מאַטושקאָ — האָט דער אוקראַינער גערעוועט — מייַן סקאָט איז געפאַלן... אויך מיך ווילט איר באַגראָבן?... גנבים, באַנדיטן!!!

אַ קנאַל פון אַ פלאַש פון פאַליצע אַראָפּ דורך אַ געשיקטער האַנט האָט אָפּגעהאַקט זייַן וואָיען. דער נאַקן איז אָנגעלאָפן געוואָרן מיט אַ בלויען צייכן.

— גיי, קאַנאַליע, די פּי איז סיי ווי געגנבעט, און פאַרן ווייַן האָבן מיר שוין לאַנג באַצאָלט... זייט יאָרן...

הערשל האָט געזען ווי דער שענקער וואַלגערט זיך אין צעפלאָ־סענעם ווייַן און אייגענעם בלוט. ער האָט אינסטינקטיוו זיך אַ נייג געטאָן פאָרויס און געזען זיך איבערן מגושמדיקן גוף פונעם גוי. אַזוי ווי ער איז געשטאַנען צווישן אים און דער צעווילדעוועטער מאַסע, האָבן אויך אויף אים אָנגעהויבן צו האָגלען קלעפּ. מיט שוועריקייט האָט ער זיך אַרויסגעמאַכט פון שענק און זיך אָפּגעטראָגן צו דער אָפּלאָד־פּלאַטפאָרם, ווו די פערד האָבן רויק געקייט דעם האָבער פון די „מאראלן" (טאָרבעס) אַרויס. צום וואָקזאַל איז אָנגעפאָרן אַ פּיין לאָקירטע בריטשקע. אַ דיקער הער איז אַרויסגעשפּרונגען פון דאָרט

און אַריינגעלאָפן אין זאַל פון דער סטאַציע. אין עטלעכע מינוט אַרום האָט ער זיך ווידער באַוויזן און מיט וואַקלדיקע טריט געקייקלט זיך צו דער פור. מיט די גרויסע דיקע קולאַקעס האָט ער זיך געקלאַפט צום טאַקט איבערן קאָפ, פאַרצווייפלט און דערשלאָגן. ער האָט אפילו גישט באַמערקט ווי זיין פילצענער הוט איז אַראָפגעפאַלן אויף דער ערד.

הערשל האָט דערקענט אין אים דעם פראַנצויזישן פי־הענדלער, וואָס האָט אים אַמאָל אין מיטן וועג אויפגענומען אויף זיין פורל...

# אינהאַלט:

## אין פאַרלאַג י. ל. פרץ
## זענען ביז היינט דערשינען פאָלגנדיקע ביכער:

| | |
|---|---|
| י. זרבבל | בלעטער פון אַ לעבן (באַנד 1) — אויספאַרקויפט |
| י. זרבבל | בלעטער פון אַ לעבן (באַנד 2) |
| מענדל מאַן | נאַכט איבער גלושינאַ |
| אברהם סוצקעווער | אין מדבר סיני |
| ישראל טאַבאַקמאַן | מיינע איבערלעבונגען |
| ש. בערלינסקי | בילדער און דערציילונגען |
| י. פאַפּיערניקאָוו | היימישע און נאָענטע |
| מענדל מאַן | ביי דער ווייסל |
| ק. צעטניק | דאָס הויז פון די ליאַלקעס |
| יוסף בירשטיין | אויף שמאָלע טראָטואַרן (ראָמאַן פון קיבוץ־לעבן) |
| יוסף ראָזען | געקליבענע שריפטן (העברעיש) |
| מלך נוי (ניישטאַט) | דאָס ערשטע און צענטע יאָר מדינת ישראל |
| מאַטעס דייטש | צום נאָענטסטן שטערן — יידיש |
| אפרים שרייער | קונסט און טעאַטער (העברעיש) |
| יצחק לעוו | אין געראַנגל (געקליבענע שריפטן) |
| מרדכי יפה | צען ישראל־דיכטער |
| יצחק פאַנער | שלום אַש אין זיין לעצטער היים |
| פרץ גראַנאַטשטיין | מענטשן פון נעכטן |
| יחיאל האָפּער | אַ הויף אויף פּאָקאָרנע (באַנד 1) |
| יחיאל האָפּער | אַ הויף אויף פּאָקאָרנע (באַנד 2) |
| ה. לייוויק | אויף צאַרישער קאַטאָרגע |
| נחמן דרוזדוב | אחד העם |
| עזרא קאָרמאַן | צייכנס און צירופים |

